# ЕВРЕИ в СССР

СБОРНИК

# JEWS IN U.S.S.R.

SYMPOSIUM

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# יידן אין פססר

## זאמלבוך

אונטער דער רעדאקציע פון ש. דימאנשטיין

ארויסגעגעבן פון „מעזשדונאראָדנאיא קניגא"
און פארלאג „עמעס"
מאָסקווע, 1935

געווידמעט דעם אָנדענק פונעם אלטן באָלשעוויק, דעם לאנג־יאָריקן פאָרזיצער פון „קאָמערד״ —

**כ׳ פיאָטער גערמאָגענאָוויטש סמידאָוויטש**

## פונ די ארויסגעבער



ער זאמלבוך ווערט ארויסגעגעבנ לויט דער אינ־ציִאטיוו פונ דעמ אלפארבאנדישנ געזערר אינ צוזאמענהאנג מיט דער היסטאָרישער באשטימונג פונ דער סאָוועטנ-רעגירונג וועגנ פאר-וואנדלענ בירעבידזשאנ אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, אונ אויכ צומ 10-יאָריקנ יובילײ פונ קאָמערד אונ געזערד, וואָס זײער טעטיקײַט אינ די לעצטע 7 יאָר איז אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיטנ סאָציִאליסטישנ אופבוי פונ בירעבידזשאנ.

אכוצ די ארטיקלענ פונ א רײ פירנדיקע סאָוועטישע טוער גיט דער זאמלבוך אויכ אלגעמײנע איבערזיכטנ פונ די קאָנקרעטע דערגרײכונגענ, וואָס די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ האָבנ זיכ דער-שלאָגנ אינ סאָוועטנפארבאנד פאר די 17 יאָר פראָלעטארישע רעוואָליוציע אפ אלע גרונט-געביטנ פונ עקאָנאָמישנ, פאָליטיש־געזעלשאפטלעכנ אונ קולטורעלנ לעבנ.

די דאָזיקע איבערזיכטנ זײַנענ אינ גרונט געבויט אפ סטאטיסט־שע אונ פאקטישע מאטעריאלנ, שוינ פארעפנטלעכטע אינ סאָוועטנפארבאנד. טײלווײַז אָבער זײַנענ אינ זײ אויסגענוצט געוואָרנ אויכ נײַע סטאטיסטישע אָנגאבנ, וועלכע ווערנ דורכנ זאמלבוכ צומ ערשטנ מאָל געבראכט אינ דער עפנטלעכקײַט. דאָס איז די סטאטיסטיק פונ די סאמע לעצטע יאָרנ וועגנ די ייִדישע ארבעטער אינ דער אינדוסטריע, ייִדישע ארבעטנדיקע אינ דער קאָאָפערירטער קלײנ-אינדוסטריע, טײלווײַז אויכ וועגנ דער קולטור־בויונג צווישנ די ייִדישע מאסנ אינ דער אוקראַינישער אונ דער ווײַסרוסלענדישער סאָוועטישער רעפובליק.

„איצט, ווען די נאציאָנאלע פריווילעגיעס זײַנען פאַרניכטעט, ווען די גלײַכהײַט פון נאציאָנאליטעטן איז דורכגעפירט אין לעבן און דאָס רעכט פון די נאציאָנאלע מינדערהײַטן אף א פרײַער נאציאָנאלער אנטוויקלונג איז געזיכערט שוין דורך דעם כאראקטער גופע פון דער סאָוועטישער אָרדע-נונג, באשטייט די אופגאבע פון דער פארטיי בענעגייע די ארבעטנדיקע מאסן פון די דאָזיקע נאציאָנאלע גרופעס אין מיטהעלפן זיי פולשטענדיק אויסצוניצן דאָס דאָזיקע רעכט אף א פרײַער אנטוויקלונג, וואָס איז פאר זיי געזיכערט".

פון דער רעזאָליוציע פונעם X צוזאמענפאָר פון רקפ(ב).

„דער שנעלער וווּקס פון דער סאָציאַליסטישערווירטשאַפט אין פּע־ריאָד פון צווייטן פינפיאָר אין די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן און געגנטן באַדינגט די אויסלעבונג פון דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט פון די נאַציאָנאַליטעטן, וואָס איז געבליבן בעירושה פון דעם צאַרישן קאָלאָניאַל־קאַפּיטאַליסטישן רעזשים“.

פון דער רעזאָליוציע פון דער XVII קאָנפערענץ פון אלקפּ(ב).

ש. דימאנשטיין

פאָרזיצער פון אלפארבאנדישן געזערד

# פון צארישן „טכום" ביז סאָוועטישער אווטאָנאָמיע



ער קאָמערד און געזערד פּײַערן האיאָר דעם 10-יאָריקן יובילײ פון זײער טעטיקײַט, פון דער ארבעט, וואָס האָט זיך אזוי באשײדן אָנגעהויבן און איז זיך אזוי ברייט צעוואקסן.

אלס אײנער פון די ערשטע ייִדישע סאָוועטישע טוער, פון דער אָקטיאבער-רעוואָ־ליוציע ביז הײַנט, וויל איך באלײַכטן די פּאָרגעשיכטע פון דער איבערבוי-ארבעט צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן אין ראטנפארבאנד, דערציילן, וויִאזוי עס איז צוגעגרייט געוואָרן טראָט בא טראָט די אנטשטײונג פון קאָמערד און געזערד, וויִאזוי עס האָט זיך אנטוויקלט די ארבעט, וואָס האָט אונדז געבראכט צו דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט און וועט ווײַטער פירן — צו דער קומענדיקער ייִדישער סאָוועטישער סאָציִאליסטישער רעפּובליק.

די לענינישע פּארטײ האָט שוין בא די ערשטע טריט אירע ריכטיק אָפּגעשאצט די גרויסע באַ־דײַטונג פון דער נאציִאָנאלער פראגע פאר דער אלגעמײנער זאך פונעם ארבעטער-קלאס, די וויכטיקײַט פון א ריכטיקער נאציִאָנאַלער פּאָליטיק אין אזא לאנד, ווו די פריִער הערשנדיקע נאציע, די גרויס-רוסן, באטרעפן בלויז 43 פּראָצענט פון דער אלגעמײנער באפעלקערונג, אין דער צײַט, ווען די אי-בעריקע פעלקער באטרעפן 57 פּראָצענט.

אלס אויסגעהאלטענע רעוואָליוציִאָנערן, וואָס שטרעבן אויסצוּוואָרצלען ענדגילטיק די עקספּלוא-טאציע און אומגלײַכקײַט, האָבן מיר גוט געדענקט מארקס ווערטער, אז „ס'קאָן ניט זײַן פרײַ א פאָלק, וואָס אונטערדריקט אנדערע פעלקער". אלע פריִער אונטערדריקטע פעלקער דארפן ווערן גלײַכבא־רעכטיקט!

אין 1917 יאָר, ווי נאָר דער פּראָלעטאריִאט איז געקומען צו דער מאכט, איז געגרינדעט געוואָרן



ס. מ. דימאנשטיין — פּרעזידענט פון צענטראַל-ראַט פון דער אַלפאַרבאַנדישער געזעלשאַפט פאַר איינאָרדענען אויף ערד די אָרעמע יידן אין פססר (געזערד).

דער פאָלקס-קאָמיסאריאט פאַר נאציאָנאלע ענינים אין דער שפּיץ מיטן כ׳ סטאלין. באם צענטראלן קאָמיסאריאט זיינען געשאפן געוואָרן באזונדערע קאָמיסאריאטן פאר די פּילצאָליקע פעלקער פון ראטן-פארבאנד, צווישן זיי אויך א יידישער. די אויפגאבעס, וואָס עס האָבן זיך געשטעלט פארן יידישן קאָמיסאריאט, זיינען געווען ביז גאָר קאָמפּליצירטע. ער איז געווען בארופן צו באפרידיקן די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע נויטן פון די יידישע מאסן. די קאָמפּליצירטקייט פון דער פראגע איז באשטאנען דערין, וואָס די ספּעציפישע היסטאָרישע באדינגונגען האָבן אין משך פון לאנגע דורעס שטארק אָפּגעזונדערט די יידישע באפעלקערונג פון אנדערע פעלקער, צעשפּליטערט זי און באשטימט איר אייגנארטיקן סאָציאלן באשטאנד.

די פּאָליטישע לאגע פון די יידישע מאסן איז געלייזט געוואָרן דערמיט, וואָס אלע באגרענעצונגען, פון וועלכע זיי האָבן געליטן אין דער צייט פון צאריזם, זיינען ליקווידירט געוואָרן און זיי האָבן באקומען אלע רעכט צוגלייך מיט די איבעריקע נאציאָנאלע מינדערהייטן.

לענין און סטאלין ווייזן אָבער אָן, אז ס׳איז נאָך ווייניק צו באקומען רעכט. וויכטיקער איז צו שאפן גינסטיקע באדינגונגען, די דאָזיקע רעכט צו פארווירקלעכן. דאָס האָט געפאָדערט פיל אָנשטרענגונגען.

אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע, ווען גרויסע טיילן פון די פריערדיקע הערשנדיקע קלאסן האָבן נאָך געהאָפט, אז די פּראָלעטארישע מלוכה וועט איינגיכן פאלן, האָט זיך אנטוויקלט א שטארקע אנטיסעמיטישע העצע קעגן דער יידישער באפעלקערונג. די ראטנמאכט איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אלס א יידישע, בייזע אויסטראכטעניש. עס איז געפירט געוואָרן א דעמאָראליזירנדיקע ארבעט אין דער ארמיי. די סאָנים פון דער ראטנמאכט האָבן געשטרעבט צו באווירקן די מער אָפּגעשטא-



דער שמיד כ׳ קאזשדאנ באמ רעמאָנטירנ א בונקער (קאָל־ווירט „אפיקוירעס״, סטאלינדאָרפער ראיאָנ)

נענע עלעמענטנ פונ דער באפעלקערונג, אונ אינ איינצלנע פאלנ האָט זיכ זיי אפילע דאָס איינ־געגעבנ.

דער ייִדישער קאָמיסאריִאט האָט גענומענ ענערגיש קעמפנ קעגנ דעמ אנטיסעמיטיזמ. ער האָט אָרגאניזירט בא זיכ א ספעציעלנ אָפטייל צו העלפנ דעמ אלגעמיינעמ קאמפ, וואָס די קאָמוניסטישע פארטיי אונ די ראטנמאכט האָבנ געפירט קעגנ דעמ אנטיסעמיטיזמ. עס איז געפירט געוואָרנ א ברייטע אופקלער-ארבעט צווישנ די מאסנ, די פראגע פלעגט באלויכטנ ווערנ אינ דער פרעסע, אינ פלוג-בלעטלעכ, אינ ספעציִעלע אויסגאבעס. דער בארימטער פּובליציסטישער שרייבער מאקסימ גאָרקי האָט ארויסגעלאָזנ א ספעציִעלנ אופרופ קעגנ די אנטיסעמיטנ.

פונ גרויסער וויכטיקייט איז געווענ דער דעקרעט וועגנ קאמפ קעגנ אנטיסעמיטיזמ, וואָס עס האָט ארויסגעגעבנ דער ראט פונ די פאָלקס-קאָמיסארנ. איכ האָב אָנגעשריבנ דעמ טעקסט פונעמ דעקרעט, לענינ האָט אימ ערנסט דורכגעדאגירט אונ צומ שלוס צוגעגעבנ אלייננ דעמ זאצ: „דער ראטנפאָלקאָמ לייגט פאָר אלע סאָוועטנ אָנצונעמענ אנטשיידענע מיטלענ, קעדיי אויסצוּוואָרצלענ די אנטיסעמיטישע באוועגונג. עס ווערט פאָרגעלייגט שטעלנ אויסערנ געזעצ די לייט, וועלכע פירנ א פאָגראָמ-אגיטאציע״. דער דעקרעט האָט באטאָנט דעמ קלאסנ-כאראקטער פונ דער אנטיסעמיטישער באוועגונג אונ איר קאָנטררעוואָליוציאָנערע ראָליע.

ס׳איז גוט באוווּסט דער סאָפ פונ אזעלכע אנטיסעמיטנ, ווי דער צארישער יוסטיצ-מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו אונ זיינ אגענט ווערא טשעבעריאק, וואָס זייערע נעמענ זיינענ פארבונדנ מיטנ שענד־לעכנ ביילים-פראָצעס, ווי דער פראָקוראָר טשאפלינסקי, וואָס האָט זיכ באטייליקט אינ דעמ זעלביקנ פראָ-צעס, דער פאָרזיצער פונ האָמלער „פאריינ פונ רוסישנ פאָלק״ דאווידאָוו, וואָס האָט אָרגאניזירט דעמ



מע כאָרט אפ די נײַע ערטער

באוווסטן האָמלער פּאָגראָם. ניט איין אנטיסעמיט פון די צארישע צײַטן, וואָס האָט ניט באוויזן אָפּצוטראָגן זיך פון ראטנפארבאנד, איז כאר זײַנע פארברעכערישע מײַסים געשטעלט געוואָרן פארן מישפּעט פון דער סאָוועטישער מאכט.

די פּאָליטישע לאגע פון די ייִדישע מאסן איז פולשטענדיק געזיכערט געוואָרן. יעדער ייִדישער האָרעפּאשניק האָט דערפילט, אז ער געפינט זיך אונטער דער שטארקער שוץ פון דער פּראָלעטארישער מעלוכע. די צײַטן, ווען ער האָט זיך געפונען אויסערן געזעץ, זײַנען פארשווונדן אפ אייביק.

פיל שווערער איז אָנגעקומען דער ראטנמאכט צו פארווירקלעכן אין לעבן דעם הויפּט-פּרינציפּ פון איר נאציאָנאלער פּאָליטיק — אז די נאציאָנאלע פראגע דארף געלייזט ווערן ניט נאָר יורידיש, נאָר אויך פאקטיש. די אנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון צאריזם, די שרעקלעכע כורבונעס און גיירושים, וואָס זײַנען פאָרגעקומען בייס דער וועלט-מילכאָמע אין די גרענעץ-געביטן, ווו עס זײַנען געווען קאָנצענטרירט ייִדישע מאסן, די שווריקײַטן, מיט וועלכע עס איז געווען פארבונדן דאָס צופּאסן זייערע שרעקלעך אָפּגעשטאנענע און אומנאָרמאלע עקאָנאָמישע באדינגונגען צו די נײַע פאָרמען פון געזעלשאפטלעכן לעבן בא דער ראטנמאכט, — דאָס אלץ האָט געפאָדערט מיצאד די מעלוכע-אָרגאנען א ספּעציעלע אויפמערקזאמקײַט צו די לעבנ-באַדינגונגען פון דער ייִדישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג.

אויסער דער גרופּע ייִדישע קאפּיטאליסטן, וואָס האָט געמאכט גוטע געשעפטן ארום דער בלוטיקער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, האָבן די איבעריקע שיכטן פון דער ייִדישער באפעלקערונג פון איר אומגעהייער געליטן. א באדײַטנדיקער טייל פון דער ייִדישער מיטל-בורזשואזיע איז פאראָרעמט געוואָרן, באזונדערס פאופּעריזירט געוואָרן איז די ייִדישע קליינבורזשואזיע. דער ייִדישער קאָמיסאריאט, וועלכער האָט זיך דאן געפונען אין פּעטראָגראד, האָט געהאט פאר זיך א גרויסע מאסע ייִדישע היימלאָזע, פולשטענדיק דעקלאסירטע און רויִנירטע.

אלס קאָמיסאר פאר ייִדישע אָנגעלעגנהײַטן איז כיר אויסגעקומען אָנצונעמען דורך די צענטראלע סאָוועטישע אָרגאניזאציעס א ריי מאָסמיטלען, קעדיי צו נאָרמאליזירן די עקאָנאָמישע לאגע פון די ייִדישע מאסן. עס דארף דערמאָנט ווערן, אז דאן זײַנען פאָרגעקומען א ריי אינטערווענציעס קעגן ראטנפארבאנד מיצאד די אויסלענדישע קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, וועלכע האָבן בייס דעם בירגערקריג געשטיצט די צארישע גענעראלן. דער אלגעמיינער לאָזונג אין אונדזער לאנד איז דאן געווען: „אלץ פארן פראָנט!“ עס האָט געהערשט א גרויסער מאנגל אין די סאמע נייטיקע זאכן, און דאָך האָט זיך די ראטנמאכט גענומען — אפ וויפל דאָס איז נאָר דעמלט געווען מעגלעך — צו העלפן דער ייִדישער אָרעמשאפט.

בייס דעם בירגערקריג האָבן די ווײַסע ארמייען ברייט אויסגענוצט דעם אנטיסעמיטיזם. זייער העצע האָט אריבערגעשטיגן אלץ, וואָס מיר האָבן געהאט אפ דעם געביט אין די פריִערדיקע יאָרן. פאר דער בורזשואזיע איז געשטאנען די פראגע וועגן אומקערן איר פארלאָרענע מאכט פאר יעדן פרײַז, און זי האָט גערעכנט, אז אויב דער צאריזם האָט מיט דער הילף פון ייִדישע פּאָגראָמען געקאָנט כאר-

לענגערנ זײַנ עקזיסטענצ, וועט זיכ איר, עפּשער, מיט נאָכ גרעסערע פּאָגראָמענ אויכ אײַנ־עבנ צו פארכאפּנ צוריק די פארלאָרענע מאכט. אָט זײַנענ א פּאָר ציפער. פאר דער צײַט פונ בירגערקריג האָבנ די ווײַסע גענעראלנ, אלערליי אטאמאנענ אונ באנדעס, ווי פּעטליורע, בולאק-באלאכאָוויטש אונ אנדערע אָרגאניזירט 1520 פּאָגראָמענ אינ 911 פּונקטנ. אינ פיל פּונקטנ האָבנ זיכ די פּאָגראָמענ איבערגעכאזערט עטלעכע מאָל. בא 200 טויזנט דערמאָרדעטע אונ איבער 700 טויזנט געליטענע — דאָס איז געווענ דער סאכאקל פונ די פּאָגראָמענ אינ אוקראַינע אונ ווײַסרוסלאנד, אכוצ 300 טויזנט קינדער, וואָס האָבנ פארלאָרנ זייערע עלטערנ. אָט די דאָזיקע שוידערלעכע ציפער איליוסטרירנ קלאָר אונ דײַטלעכ די שרעקלעכע לאגע פונ די ייִדישע מאסנ אינ יענער צײַט.

אכוצ די היימלאָזע, אכוצ דער ייִדישער אָרעמשאפט, האָט זיכ אלצ מער פארגרעסערט די צאָל פונ די, וואָס האָבנ זיכ גענייטיקט אינ פּראָדוקטיווער ארבעט. דער ייִדישער קאָמיסאריאט מיט זײַנע אָפּטיילונגענ אפ די ערטער האָט ארויסגעוויזנ פיל איניציאטיוו אונ זיכ באמיט צו שאפנ גינסטיקע מעגלעכקײַטנ פאר דער אײַנאָרדענונג פונ דער ייִדישער אָרעמשאפט, פונ די דעקלאסירטע מאסנ אונ ארבעטלאָזע.

די פאָלגנדיקע הויפּט-קאנאלנ פאר פּראָדוקטיווער ארבעט זײַנענ דעמלט געווענ צוגענגלעכ פאר די ייִדישע מאסנ: ערשטנס, ארטעלנ פאר באלמעלאָכעס דאָרטנ, ווו עס איז געווענ מעגלעכ צו באקומענ רויסטאָפּ, אונ, צווייטנס, ערדארבעט פאר די, וואָס זײַנענ פארטריבנ געוואָרנ פונ די אלטע לאנדווירטשאפטלעכע ייִשוווימ, פאר קוסטארנ אונ ארבעטער, וועלכע האָבנ זיכ ביז דאנ ניט געקאָנט אײַנאָרדענענ, אונ אויכ פאר א באדײַטנדיקער צאָל געוועזענע קליינהענדלער. עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ א גאנצ גרויסער צאָל מענטשנ, וועלכע האָבנ געפאָדערט דרינגענדיקע הילפ.

די ייִדישע סעקציעס פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי האָבנ געפירט א גאנצ ברייטע פּראָפּאגאנדע אונ אויכ א וויכטיקע אָרגאניזאציאָנעלע ארבעט, וואָס האָט געדארפט סטימולירנ די איניציאטיוו פונ די פארינטערעסירטע מאסנ, זיי אָרגאניזירנ אונ געפינענ פאר זיי די נייטיקע פרײַע ערד־פלעצער. די סעקציעס האָבנ זיכ באמיט צו אָרגאניזירנ די דעקלאסירטע אָרעמשאפט אינ פרײַוויליקע לאנדווירטשאפטלעכע קאָלעקטיוונ.

פונ זײַנע ערשטע טריט אָנ האָט דער ייִדישער קאָמיסאריאט אָנגענומענ א ריי פּראקטישע מאָסמיטלענ, קעדיי צו פארלײַכטערנ די שווערע לאגע פונ דער ייִדישער אָרעמשאפט. די געהעריקע צענטראלע אָרגאנענ האָבנ אסיגנירט די נייטיקע געלט־מיטלענ, באזאָרגט די קוסטארנ מיט רויווארג אונ אינווענטאר אונ די ייִדישע לאנדווירטשאפטלעכע קאָלעקטיוונ — מיט זוימענ. דער ייִדישער קאָמיסאריאט האָט אינ פרילינג 1918 באקומענ באמ מאָסקווער ראט א באדײַטנדיקנ שטעטכ ערד לעבנ מאָסקווע, דער דאָזיקער ערדפלאצ איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א קאָלעקטיוו גאָרטנ אונ האָט געשפּײַזט א גרויסע גרופּע געקומענע פּאָליט־עמיגראנטנ, וואָס זײַנענ מיט זייער ארבעט געווענ פארבונדנ מיטנ ייִדישנ קאָמיסאריאט.

באמ קאָמיסאריאט איז געשאפנ געוואָרנ א ספּעציעלע אָרגאניזאציע פונ ייִדישע קליינבירגערלעכע עלעמענטנ מיטנ נאָמענ „פארבאנד פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ" („סעטמאס"). דער פארבאנד האָט ארויסגעגעבנ א פּעריאָדישנ אָרגאנ אינ ייִדיש — „האָרעוואניע". דער פארבאנד האָט זיכ הויפּטזאכלעכ פארנומענ מיט אָרגאניזירנ ייִדישע קוסטארישע ארטעלנ.

די ספּעציעלע סטאטיסטיש־עקאָנאָמישע אָפּטיילונג באמ ייִדישנ קאָמיסאריאט האָט זיכ געשטעלט פאר א ציל מיטהעלפנ דער ערד־אײַנאָרדענונג פונ די ייִדישע מאסנ.

אפ וויפל די פראגע איז געשטאנענ פּראקטיש, באווײַזט דער פאקט, אז די אָנגעוויזענע אָפּטיילונג פונ קאָמיסאריאט האָט זיכ מערסטנטייל געפונענ ניט אינ מאָסקווע, נאָר אינ מינסק, ווײַל פונ דאָרטנ איז געווענ לײַכטער צו אָרגאניזירנ די בײַשטעטלדיקע ייִדישע קאָלעקטיוונ. אוקראַינע איז צו יענער צײַט געווענ אָקופּירט. דאָס האָט זיכ שטארק אָפּגערופנ אפ דער טעטיקײַט פונ די ייִדישע פּארטיי-סעקציעס אונ פונ ייִדישנ קאָמיסאריאט. מיר האָבנ געהאט פארבינדונגענ מיט די ייִדישע מאסנ אינ די אָקופּירטע געגנטנ, מיר האָבנ געהאט אפ זיי א געוויסע ווירקונג, מיר האָבנ אָבער דאָכ ניט געקאָנט אָנפירנ דאָרטנ מיט דער גאנצער ארבעט אונ דעריבער געמוזט זיכ באגרענעצנ הויפּטזאכלעכ מיטנ מײַרעוו-קאנט אונ ווײַסרוסלאנד.

אפ רער דאָזיקער שטארק באגרענעצטער טעריטאָריע האָבנ מיר באוויזנ צו אָרגאניזירנ אינ די יאָרנ 1918—1919 איבער הונדערט ייִדישע ארטעלנ אונ קאָמונעס. מע האָט אָפּגעגעבנ די ייִדישע האָרעפּאשניקעס גרויסע ערד-פּלעצער, אונ פיל פונ די נייַע ייִדישע קאָלאָניסטנ האָבנ ניט שלעכט באהערשט די ערדארבעט. אונדז איז אויסגעקומענ אָנצווענדנ ניט ווייניק ענערגיע אונ מי, קעדיי איבערדערציִענ די קלייַנבירגערלעכע עלעמענטנ, וואָס בא זייער גאנצער שרעקלעכער אָרעמקייַט האָבנ זיי דאָך ניט געקאָנט באפרייַענ זיך פונ דער בורזשואזער וועלט-אָנשויונג אונ באגרייַפנ די גרויסע ענדערונגענ, וואָס די רעוואָליוציע האָט ארייַנגעטראָגנ אינ לעבנ.

געדולדיק אונ אופמערקזאמ האָבנ מיר זיך באצויגנ צו די דאָזיקע וואקלדיקע אונ ניט־אויס־געהאלטענע עלעמענטנ. מיר זייַנענ געווענ איבערצייַגט, אז דאָס לעבנ וועט טאָנ זייַנס אונ די אָרעמשאפט וועט סאָפּקאָלסאָפּ פארשטייִנ, ווער עס פארטיידיקט אירע אינטערעסנ.

נאָכ אפ דער ערשטער קאָנפערענצ פונ די ייִדישע קאָמיסאריאטנ אינ 1918 י. איז מיר אויסגעקומענ אָנצווייַזנ אפ דער נייטיקייַט צו אָרגאניזירנ ייִדישע לאנדווירטשאפטלעכע ארטעלנ אונ קאָמונעס. די פּלענער זייַנענ געווענ אויסגעארבעט גאנצ ברייט אונ האָבנ אפילע פאָרויסגעזענ, אז בא א העלפט פונ דער ייִדישער באפעלקערונג וועט אריבערגייִנ אפ ערדארבעט. פרייַע ערד איז געווענ גענוג, אונ אפ אנדערע עקאָנאָמישע געביטנ איז דאנ געווענ שווער אייַנצואָרדענענ זיך. אפ דער צווייטער קאָנפערענצ פונ די ייִדישע סעקציעס אינ 1919 יאָר האָב איך זיך שוינ פיל ברייטער אָפּגעשטעלט אפ אונדזער עקאָנאָמישער ארבעט. עס איז דאנ אָנגענומענ געוואָרנ א באשלוס וועגנ אָפּגעבנ באזונדערע אופמערקזאמקייַט צו ארייַנציִענ די ייִדישע מאסע אינ דער לאנד-ווירטשאפט.

מיר איז אויסגעקומענ צו שטעלנ די פראגע וועגנ דער ייִדישער ערדארבעט פאר לענינענ. לענינ האָט זיך שטארק פארינטערעסירט מיט דער פראגע, זענענדיק אינ דעמ א גיכנ אונ ראדי־קאלנ אויסוועג פונ דער שווערער עקאָנאָמישער לאגע פונ די ייִדישע מאסנ. ער האָט די פראגע אוועקגעשטעלט אינעמ צענטראל-קאָמיטעט פונ דער פארטיי, אונ ס'איז אָנגענומענ געוואָרנ א בא-שטימונג פאָרצולייגנ די אנטשפּרעכיקע צענטראלע אָרגאנענ פונ דער סאָוועטישער רעגירונג, זיי זאָלנ העלפנ דעמ אריבערגאנג פונ די ייִדישע מאסנ צו ערדארבעט. אינ איינקלאנג מיט דער דאָ-זיקער באשטימונג האָט דער פאָלקס-קאָמיסאריאט פאר ערד־אייַנאָנימ אינגיכנ גענומענ אויסטיילנ פרייַע ערד-מאסיוונ פאר דער ייִדישער ערד־אייַנאָרדענונג.

דאָס איז געווענ זומער 1919. פאר דער אָרטיקער מאכט איז דער איניענ געווענ אינגאנצנ א נייַער, אונ מע האָט געמוזט פירנ אנ אופקלער־ארבעט וועגנ דער ייִדישער ערד־אייַנאָרדענונג ניט נאָר צווישנ דער ייִדישער מאסע, נאָר אויכ צווישנ דער ניט־ייִדישער. מע האָט געדארפט אופקלערנ, פארוואָס מע דארפ געבנ דער ייִדישער אָרעמשאפט ניט נאָר ערד, נאָר אויכ העלפנ איר מיט אינווענטאר ארג., ביז די איבערוואנדערישע מאסע וועט זיכ פארפעסטיקנ אפ דער ערד.

ווענ ווייַסרוסלאנד אונ ליטע זייַנענ באפרייַט געוואָרנ פונ דער אָקופּאציע, האָט דער אָרטי-קער פאָלקאָמערד אויכ אויסגעארבעט פּלענער אונ מאָסמיטלענ, וויאזוי אריבערצופירנ די ייִדישע באָדנלאָזע באפעלקערונג אפ ערד.

ווי מיר זעענ, איז שוינ מיט 15 יאָר צוריק געווענ אנ ערנסטע באוועגונג אונ א גאנצ קענטיקע ארבעט צו באשאפנ א שיכט ייִדישע ערד-ארבעטער. דאָס האָט געטאָנ די קאָמוניסטישע פארטיי אונ די סאָוועטנ-רעגירונג. צומ באדויערנ, איז יענער פעריאָד געווענ איינער פונ די שווערסטע פאר דער ראטנמאכט. מיר האָבנ פארלאָרנ ליטע, ווייַסרוסלאנד אונ אוקראִינע. דער גרעסטער טייל פונ די אָרגאני-זירטע ייִדישע קאָלאָניעס איז צעגראָמירט געוואָרנ. די, וואָס זייַנענ געבליבנ פונ דער זייַט גרענעצ, זייַ-נענ אויכ ארייַנגעפאלנ אינעמ פאס פונ בירגערקריג.

די שוידערלעכע ייִדישע פּאָגראָמענ אונ דער בירגערקריג האָבנ זיך שטארק אָפּגערופנ אפ די אלטע ייִדישע קאָלאָניעס. פונ די 52 טויזנט קאָלאָניסטנ, וואָס האָבנ זיך אינ זיי געפונענ, איז געבליבנ אנ אפ אָרט נאָר א קליינער טייל, פיל פונ די קאָלאָניסטנ זייַנענ דערמאָרדעט געוואָרנ. א סאכ אנדערע האָבנ געוואָרפנ די קאָלאָניעס אונ געלאָפנ אינ די שטעט. דאָכ, ווענ דער סאָוועטישער „אָרט" האָט אינ פרילינג 1923 דורכ-



דער שלאָגלער־קאָמבײַנער, כ׳ מ ע ל א מ ע ד

געפירט אין די ייִדישע לאנדווירטשאפטלעכע ייִשוּווים א סטאטיסטישע ציילונג, האָבן זיך דאָרטן שוין געפונען בא 76 טויזנט נעפאשעס. דאָס איז געווען א רעזולטאט פונעם סטיכישן דראנג פון די ייִדישע האָרעפּאשניקעס צו ערדארבעט. פאר יענער צײַט איז דאָס געווען א גרויסער דערפאָלג. די ייִדישע ייִשוּווים האָבן פארנומען אן ערד־שעטעך פון איבער 140 טויזנט העקטאר. די נײַע איבערוואנדערער זײַנען געווען אָרגאניזירט אין 270 קאָלעקטיוון.

די דערגרייכונגען פון דער ייִדישער ערדארבעט צו יענער צײַט האָבן באקומען זייער אָפּשפּיגלונג אף דער מאָסקווער אלפארבאנדישער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג אין 1923 יאָר, ווו ס׳איז געווען אָרגאניזירט א ספּעציעלער ייִדישער פּאווילִיאָן.

דער פּאווילִיאָן איז געווען א וויכטיקער אופטו, וואָס האָט דעמאָנסטרירט פארן גאנצן לאנד, אז די ייִדישע דעקלאסירטע אָרעמשאפט, אפילע די געוועזענע קליינהענדלער, זײַנען פײַיק צו ווערן גוטע ערדארבעטער.

אף דער דערעפענונג פונעם ייִדישן פּאווילִיאָן איז ארויסגעטראָטן דער דעמלטיקער פאָלקס־קאָמי־סאר פאר אויסערן־איניאָנים כ׳ טשיטשערין. ער האָט באגריסט די ייִדישע האָרעפּאשניקעס און דערמאָנט די קאָרבאָנעס, וואָס די ייִדישע מאסן האָבן געבראכט אין דער צײַט פון צאריזם און קאָנטררעוואָליוציע. דער פאָלקס־קאָמיסאר פאר אויסערן־האנדל קראסין האָט אין זײַן רעדע אָנגעוויזן אפן אונטערשייד צווישן דער ייִדישער ערד־ארבעט אין ראטנפארבאנד און אין פאלעסטינע. עס זײַנען אויך ארויסגע־טראָטן מיט באגריסונגען פאָרשטייער פון רעפּובליקן און פאָלקס־קאָמיסאריאטן. מע האָט אָנגעוויזן, אז די ייִדישע מאסן שטייען פאר א גרויסן קער אין זייער געשיכטע, די ערדארבעט, די קאָנצענטראציע פון די ייִדישע האָרעפּאשניקעס עפנט א נײַ בלעטל אין דער לאנגיאָריקער ייִדישער געשיכטע און דאָס איז מעגלעך געוואָרן נאָר אין די סאָוועטישע באדינגונגען.

דאָס איז אין אלגעמיינע שטריכן די לאגע פון דער ייִדישער איבערבוי־ארבעט צום 1924 יאָר.

אין דעם זעלביקן יאָר איז קלאָר געוואָרן, אז אזא וויכטיקע באוועגונג, ווי דער מאסן־איבער־גאנג פון די ייִדישע האָרעפּאשניקעס צו ערד־ארבעט, קאָן נים געפירט ווערן קוסטאריש, דער פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר נאציאָנאלע איניאָנים (פאָלקאָמנאצ) און דער ייִדישער קאָמיסאריאט האָבן דאן שוין ניט עקזיסטירט. מע האָט באדארפט שאפן א ספּעציעלן מעלוכע־אָרגאן, וואָס זאָל זיך פארנעמען מיט דער ערד־אײַנאָרדענונג, און א געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע, וואָס זאָל איר מיטווירקן. פריִער האָט זיך יעדע געגנט דערמיט פארנומען ווי מיט אירן אן אינערלעכן איניען, איצט האָט זיך געשטעלט די פראגע וועגן אן איבערוואנדערונג־פּראָצעס אין א גרויסן מאסשטאב, קעדיי צו שאפן גרויסע מאסיוון מיט קאָמפּאקטע ייִדישע מאסן.

זומער 1924 האָט דער צענטראל־קאָמיטעט פון דער פארטיי דעם איניען באוויליקט. גלײַך נאָכ־דעם איז געשאפן געוואָרן דער נײַער אָרגאן, דער ק אָ מ ע ר ד. פאָרמעל איז דער ערשטער קאָמערד

געגרינדעט געוואָרן אין ווײַסרוסלאנד, נאָכדעם אפ אוקראיִנע און ערשט שפּעטער אין צענטער, אין מאָסקווע. דאָס אלץ איז געטאָן געוואָרן לויט דער אלגעמיינער פּארטיי־דירעקטיוו. עס האָט זיך אָנגעהויבן א נײַער עטאפּ אין דער ייִדישער ארבעט אין ראטנפארבאנד.

די גרויסע באדײַטונג פון קאָמערד קאָן מען זען דערפון, וואָס אין זײַן שפּיץ האָט די רעגירונג אוועקגעשטעלט דעם וויצע־פּאָרזיצער פון אלרוסלענדישן צענטראלן־אויספיר־קאָמיטעט פּ. ג. סמידאָוויטש. דער קאָמערד איז ארײַנגענומען געוואָרן אין באשטאנד פון אלפארבאנדישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט — דעם העכסטן סאָוועטישן מאכט־אָרגאן. אלס זײַנע מיטגלידער זײַנען באשטעטיקט געוואָרן די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע מעלוכישע טוער: ליטווינאָוו, קראסין און א ריי אנדערע.

די גרינדונג פון קאָמערד האָט ארויסגערופן א גרויסן געזעלשאפטלעכן אופשוווּנג. מע האָט דערזען, ווי ערנסט און ברייט די רעגירונג שטעלט די פראגע וועגן פארבעסערן דעם סאָציאַלן באשטאנד פון דער ייִדישער באפעלקערונג, אז זי אסיגנירט אפ דעם די נייטיקע מיטלען סײַ אין צענטער סײַ אפ די ערטער. די ייִדישע מאסע איז געוואָרן פיל מונטערער און האָט גענומען קומען צו זיך נאָך אלע אירע איבערלעבונגען אין פעריאָד פון דער קאָנטררעוואָלוציע.

אין נאָיאבער 1924 איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער ערשטער אלפארבאנדישער צוזאמענפאָר פון די ייִדישע קולטור־טוער. נאָכן פאָרטראָג פון כ׳ סמידאָוויטש איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָליוציע, אז דער איינציקער אויסוועג פאר די רויִנירטע ייִדישע מאסן איז דער אריבערגאנג צו פּראָדוקטיווער ארבעט, באזונדערס צו לאנדווירטשאפט. די ייִדישע לערער און קולטור־טוער האָבן זיך פארפליכטעט מאקסימאל מיטצוהעלפן דעם קאָמערד אין זײַן טעטיקײַט.

דער אלווײַסרוסלענדישער צוזאמענפאָר פון די ייִדישע פויערים, וואָס איז צו יענער צײַט פאָרגעקומען אין מינסק, האָט הייס באגריסט די גרינדונג פון קאָמערד. דער צוזאמענפאָר האָט זיך געווענדט צו די ייִדישע ארבעטנדיקע אין אויסלאנד, וואָס פילן מיט דער פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט בענעגייע די ייִדישע מאסן, זיי זאָלן קומען צוהילף דער דאָזיקער ארבעט מיט געלט, מאשינעס אדג. די ייִדישע ערד־אײַנאָרדענונג האָט געפאָדערט גרויסע מיטלען, און די סאָוועטישע מעלוכע האָט דעמלט געקאָנט נעמען אפ זיך נאָר א טייל פון די הויצאָעס.

פאר אונדז האָט זיך געשטעלט די פראגע וועגן שאפן א ספּעציעלע ברייטע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע, וואָס זאָל מאָביליזירן די מאסן צוהילף דער ייִדישער פּראָדוקטיוויזירונג און ערד־אײַנאָרדענונג. מיר האָבן געהאט פאר זיך זייער א וויכטיקע אופגאבע: אויסצוגעפינען די נייטיקע געלט־מיטלען און מאטעריאלן פאר דער ייִדישער איבערוואנדערונג. די מיטלען האָט מען געדארפט זאמלען געזעלשאפטלעך, פרײַוויליק, אין לאנד און אין א געוויסער מאָס אויך אין אויסלאנד. זייער וויכטיק זײַנען אויך געווען די איבעריקע אופגאבן: דאָס אָרגאניזירן די איבערוואנדערער, זייער אָפּקלײַב, די אופקלערונג־ארבעט צווישן די ברייטע מאסן וועגן דער באדײַטונג פון דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג, די אינטערנאציאָנאלע דערציִונג. צוליב די דאָזיקע אופגאבן איז געשאפן געוואָרן די „געזעלשאפט פאר אײַנאָרדענען אפ ערד ארבעטנדיקע ייִדן אין פססר״ — געזערד.

דער געזערד איז אנטשטאנען גלײַכצײַטיק מיטן קאָמערד, פאָרמעל אָבער איז די צײַטווײַליקע פארוואלטונג פון געזערד באשאפן געוואָרן אין יאנוואר 1925, און אלס ערשטער פאָרזיצער פון געזערד ביז דעם ערשטן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר איז אויסגעוויילט געוואָרן דער פארשטאָרבענער כ׳ לארין.

אין יענעם מאָמענט, ווען עס זײַנען געגרינדעט געוואָרן דער קאָמערד און געזערד, האָט זיך דער ראטנפארבאנד געפונען אין אופשטעלונג־פעריאָד. די מעגלעכקײַטן פאר די ייִדישע מאסן ארײַנצודרינגען ברייט אין דער אינדוסטריע האָבן ערשט געהאלטן אין אָנגעמערקט ווערן. וויאַזוי און מיט וועלכע טעמפּן דאָס וועט גיין, האָבן מיר נאָך דאן קלאָר ניט געוווּסט. מע האָט זיך שטארק פארנומען מיטן ייִדישן לופטמענטש, מיטן קוסטאר און וויניקער געטאָרגט וועגן ייִדישן ארבעטער, וועלכער פלעגט באדינט ווערן אפ אלגעמיינע יעסוידעס. מיר האָבן אויסגעארבעט א פּלאן אריבערצופירן אפ ערד 100 טויזנט ייִדישע פאמיליעס, דה. בא. א האלבן מיליאָן ייִדן. אין 1926 יאָר, ווען ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן א טיילווײַזע רעגיסטראציע צווישן די, וועלכע ווילן אריבערגיין אפ ערד־ארבעט, האָבן זיך פארשריבן איבער 40 טויזנט מישפּאָכעס. דאָס איז א גרויסער צײַגער.



בירעבידזשאנ. אינ מעבל־צעכ בא דער ארבעט

אינ אונדזער יידישער ארבעט האָבנ מיר געשטרעבט צו ליקווידירנ די אומגלייכקייט אינ דער מאטעריעלער לאגע פונ די יידישע מאסנ, מיר האָבנ געשטרעבט צו דער פאקטישער נאציאָנאלער גלייכבארעכטיקונג אינ דער עקאָנאָמישער לאגע פונ דער יידישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. אינטערעסאנט איז אָנצווייזנ, אז שוינ אפ דעמ ערשטנ געזערד־צוזאמענפאָר אינ 1926 יאָר האָט כ׳ קאלינינ אונטערגעשטראָכנ די ספעציפישע נאציאָנאלע מאָמענטנ פונ אונדזער ארבעט. ער האָט געזאָגט: „פארנ יידישנ פאָלק שטייט א גרויסע אופגאבע — איינצוהיטנ זיינ נאציאָנאליטעט. צוליב דעמ דארפ מענ פארוואנדלענ א באדייטנדיקנ טייל פונ דער יידישער באפעלקערונג אינ א פעסט־באזעצטער פויערשער, לאנדווירטשאפטלעכער קאָמפאקטער באפעלקערונג, וועלכע זאָל ציילנ לעכאָלאפאָכעס הונדערטער טויזנטער“. וואָס פאר א שלאָגלערישער צוגאנג בא אונדז איז געווענ צו דער ארבעט, מיט וואָס פאר א ברענ זי איז געפירט געוואָרנ, קאָנ מענ זענ פונ דעמ, וואָס עס האָט געשריבנ דער כ׳ סמידאָוויטש צומ ערשטנ יאָרטאָג פונ קאָמערד: „יעדערער, וואָס גייט צו צו דער דאָזיקער ארבעט, שטעקט זיכ אָנ מיט דער באגייסטערונג אונ זיכערקייט, וועלכע זיינענ כאראקטעריסטיש פאר אלע אירע אָנטיילנעמער. דאָס דינט אלס זיכערע גאראנטיע, אז אויכ אפ וייטער וועט די ארבעט זיכ שטארקנ אונ ברייטערנ“.

די ערשטע יאָרנ האָט מענ געמוזט איינשליסנ אינ די אופגאבעס פונ קאָמערד אונ געזערד אויכ דאָס איינאָרדענענ די יידישע מאסנ אינ דער אינדוסטריע, באזונדערס אינ דער שווערער. דאָס איז א ספעציעל בלעטל אינ אונדזער געשיכטע, וואָס האָט געהאט פאר אונדז א

גרויסע באדײַטונג. די פּראָלעטאריזאציע פון די ייִדישע מאסן איז אוועק מיט זייער שנעלע טעמפּן.

אין דעם רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד אין אָנפאנג פון ערשטן פינפיאָר האָט די איבערבוי־ארבעט צווישן די ייִדישע מאסן געקאָנט פארצייכענען א ריי באדײַטנדיקע דערגרייכונגען. דאָך דארף מען זאָגן, אז די אומנאָרמאלע לאגע, אין וועלכער א פאָלק האָט זיך געפונען הונדערטער יאָרן, ווערט ניט פארשוווּנדן מיטאמאָל, אפילע ווען די סיבעס, וואָס האָבן זי ארויסגערופן, זײַנען שוין מער ניטאָ. געוויסע רעשטלעך, און אָפט גאנצ קענטיקע, בלײַבן נאָך לאנג און הערן ניט אויף צוווירקן, זיי ענדערן זיך מיט א געוויסער געשיכטלעכער געזעצמעסיקײַט. ווען די פראגע פון ארבעטלאָזיקײַט האָט בא אונדז אָנגעוואָרן איר שארפקײַט, איז זי נאָך אָבער פארבליבן בענעגייע צו געוויסע שיכטן פון דער ייִדישער קליינשטעטלדיקער באפעלקערונג. מיר האָבן געמוזט אָנווענדן ספּעציעלע מאָסמיטלען, קעדיי צו פארגיכערן דעם איבערבוי־פּראָצעס.

איצט, ווען די ארבעטלאָזיקײַט איז שוין אינגאנצן פארשוווּנדן בא אונדז אין לאנד, שטייט נאָך אלץ שטארק די פראגע, וויאזוי צו פארטיילן ריכטיק די ארבעטקראפט צווישן די ראיאָנען, אין פארשיידענע אינדוסטריע־צווײַגן אדג. אין דעם זין איז נאָך פאראן א ברייט אָרט פאר דער טעטיקײַט פון קאָמערד און געזערד, וועלכע העלפן אויסניצן ראציאָנעל די ארבעטקראפט פון די ייִדישע מאסן אין די אינטערעסן פון דער מעלוכע און אין די אינטערעסן, פארשטייט זיך, פון די דאָזיקע מאסן גופע.

אפילע איצט זײַנען נאָך פאראן אין די ייִדישע שטעטלעך עלעמענטן, וועלכע נייטיקן זיך אין א ספּעציעלער אָרגאניזאציאָנעלער הילף, קעדיי אויסגענוצט צו ווערן בעסער אין די נײַע סאָוועטישע באדינגונגען. פארשטייט זיך, אז אונדזער הויפּט-אויפגאבע איז באפרידיקן די באדערפענישן אין ארבעטקראפט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט און פון די אנדערע ראיאָנען, וווּהין עס גייט אן אָרגאניזירטע איבערוואנדערונג.

די אומנאָרמאלע לאגע פון די ייִדישע מאסן — די ירושע פון די צארישע צײַטן — איז שוין פארשוווּנדן. אין דעם זין האָבן מיר אונדזער ציל אין גרונט דערגרייכט. דער פּראָצענט זעלבסטעטיקע עלעמענטן צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג איז געוואלדיק אויסגעוואָקסן, אזוי אז ייִדן פארנעמען איצט, לויט דעם דאָזיקן צײַגער, איינס פון די ערשטע ערטער צווישן די צאָלרײַכע סאָוועטישע פעלקער. די עקאָנאָמישע לאגע פון די ייִדישע מאסן האָט זיך שטארק פארבעסערט, די פּאָליטישע מאָמענטן אין זעם לעבן פון די ייִדישע מאסן האָבן מיר שוין דערמאָנט, די גרינדונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז א גענוגנדיקער באווײַז.

מיר וועלן אויך דערמאָנען דאָס אָרט, וואָס עס פארנעמען די ייִדישע פּראָלעטאריער אין דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי און אין אלפארבאנדישן לענינישן קאָמוניסטישן יוגנט־פארבאנד. לויט דער ציילונג פון 1927 יאָר זײַנען ייִדן געשטאנען אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אפן דריטן אָרט — 45.342 קאָמוניסטן. אין דעם קאָמוניסטישן יוגנט־פארבאנד געפינט זיך די ייִדישע יוגנט אויך אפן דריטן אָרט — 98 323 מיטגלידער. פאר די לעצטע יאָרן איז די צאָל קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן — ייִדן געוואָקסן פּראָפּאָרציאָנעל מיט זייער געוויכט אינעם אלגעמיינעם פּאָליטישן אוןווירטשאפטלעכן לעבן פון לאנד. די גרויסע צאָל ייִדן קאָמוניסטן, וואָס פארנעמען פאראנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, איז אלעמען באוווּסט. מיר וועלן זיך אפ דעם ניט אָפּשטעלן.

זעלבסטפארשטענדלעך, אז דער פארשארפטער קלאסנקאמף אין לאנד האָט זיך אויך אָפּגערופן אפ דער טעטיקײַט פון קאָמערד און געזערד. עס זײַנען געווען ניט ווייניק פאלן, ווען איבערוואנדערער, געוועזענע הענדלער, האָבן זיך געפּרוּווט ווידער א ספּעקוליר טאָן און האָבן דערמיט דיסקרעדיטירט אונדזער ארבעט. מיר האָבן זיך געמוזט באפרײַען פון אזעלכע עלעמענטן מיט זייערע באלעגופישע אײַנשטעלונגען.

עס זײַנען אויך געווען פאלן, ווען אונדז איז אויסגעקומען אין די איבערוואנדערישע ראיאָנען צו קעמפן קעגן דעם גרויסמעכטישן נאציאָנאליזם און קעגן אנטיסעמיטיזם. אין דער זעלביקער צײַט האָבן מיר אויך געדארפט באקעמפן די אנטפּלעקונגען פון ייִדישן שאָוויניזם, וועלכער האָט געפירט צו רײַבונגען צווישן די ייִדישע איבערוואנדערער און די ניט־ייִדן, איז ארויסגעטראָטן קעגן

דער אינטערנאציאָנאלער דערציִונג פונ דער יוגנט, קעגנ דער אלגעמיינער ליניע פונ דער סאָוועַ־טישער נאציאָנאלער פאָליטיק. דער קאמפ קעגנ די דאָזיקע עלעמענטנ האָט זיכ געפירט הויפטזאכ־לעכ מיט דערציִערישע מעטאָדנ. ווענ דאָס פלעגט ניט העלפנ, פלעגט אויסקומענ צו דערוויַיטערנ די שערלעכע עלעמענטנ פונ די קאָלווירטנ. מע דארפ אָבער אונטערשטריַיכנ, אז די צאָל פונ אזעלכע איבערוואנדערער איז גאנצ קליינ אונ שפילט ניט קיינ ראָליע אינ דעמ אלגעמיינעמ גאנג פונ דער איבערוואנדערונג.

די בויונג פונ א מעכטיקער יִדישער נאציאָנאלער געגנט אפנ וויַיטנ מיזרעכ איז פונ אזא פארנעמ, אז זי פאָדערט נאָכ אפ א לאנגע ציַיט די עקזיסטענצ אונ אויכ די פארשטארקונג פונ דער קאָמערדישער אונ געזערדישער ארבעט. לויט כ׳ קאלינינס אויסדרוק, האָט די באשטימונג פו-נעמ אלפארבאנדישנ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט פונ 7־טנ מיַי 1934 וועגנ שאפנ א יִדישע אווטאָ־נאָמע געגנט „אונטערגעפירט א סאָוועטישנ פונדאמענט אונטער דער יִדישער נאציאָנאליטעט”. מע קאָנ זיכ אָבער ניט באנוגענע מיט א פונדאמענט, מע מוז אויסבויענ דעמ גאנצנ ביניענ, אונ אויס-בויענ אימ אזוי, אז ער זאָל זיַינ א מוסטערהאפטער.

דאָס בילד, וואָס ווערט פאנאנדערגעוויקלט אינ דעמ דאָזיקנ זאמלבוכ, איבערציַיגט אונדז, אז די אופגאבנ, וואָס מיר שטעלנ פאר זיכ, וועלנ מיר מיט דער הילפ פונ אונדזערע אָנפירנדיקע אָרגאנענ אונ פונ דער גאנצער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקיַיט אויספילנ, ווי עס באדארפ צו זיַינ.

אונדזער ארבעט וועט דינענ אלס גלענצנדיקער ביַישפיל, וויִאזוי עס ווערט געלייזט די זייער קאָמפליצירטע נאציאָנאלע פראגע אינ די אינטערעסנ פונ די פריִער אונטערגעדריקטע מאסנ, וועלכע בויענ איצט אינ אנ ענגער ברידערלעכער געזינד זייער סאָציאליסטיש פאָטערלאנד.



די געביַידע פונ בירעבידזשאנער פעדטעכניקומ

מ. אי. קאלינינ

פאָרזיצער פונ אלפארבאנדישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמ יטעט


# וועגנ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

פונ דער רעדע באמ אופנעמ פונ די ארבעטער פונ די מאָסקווער פאבריקנ אונ זאוואָדנ, דעמ 28־טנ מײַ 1934 יאָר.



כ׳ מ. אי. קאלינין

פֿאָרזיצער פון צאק פססר און ערן־פֿאָרזיצער פון צענטראל־ראט פון געזערד



יר פרעגט: וואָס דארפנ די ארבעטער טאָנ צו העלפנ בירעבידזשאנ?

מע דארפ די דאָזיקע פראגע באטראכטנ אונ ארומריידנ. איכ האלט, אז מע קאָנ א סאכ אופטאָנ. די ארבעטער קאָנענ העלפנ אינ אָרדענונג פונ שעפטומ, שיקנדיק אהינ אווינע מאטעריאלנ, וואָס האָבנ פאר בירעבידזשאנ א באזונדערנ ווערט, מע דארפ אויכ שיקנ אהינ פאָליטישע טוער אונ איינשטעלנ א שטענדיקנ לעבעדיקנ קאָנטאקט צווישנ די מאָסקווער ארבעטער אונ די יידישע ארבעטער אינ בירעבידזשאנ. לויט די יעדיעס פונ קאָמערד, איז אינ מאָסקווע פאראנ בא 40 טויזנט יידישע ארבעטער. פונ דער צאָל קאָנ מענ אויסטיילנ פעסטע קאדרענ פאר דער געגנט. מיט קאדרענ האלט עס בא אונדז שמאָל. פארשטייט זיכ, ס'איז ניט אזוי איינפאכ צו איבערצייגנ א שטאָטישנ ארבעטער, ער זאָל אוועקפאָרנ פונ דער הויפט-שטאָט קיינ בירעבידזשאנ. נאָר ס'וועלנ זיכ געפינענ אזוינע, וואָס וועלנ וועלנ, אונ דאָס איז זייער גוט. מאָסקווע אָבער וועט קיינ סאכ קאדרענ ניט געבנ, עס וועלנ עפשער פאָרנ דערווייל א מענטשנ 40, מיט אזא צאָל קענ מענ קיינ סאכ ניט אופטאָנ. די גרונט-קאדרענ וועלנ פאָרנ ניט פונ מאָסקווע, נאָר פונ די יידישע שטעט אונ שטעטלעכ אונ עפשער אויכ א טייל פונ אויסלאנד. מאָזקיוע, לענינגראד, — דאָס זיינענ אזעלכע שטעט, צו וועלכע די פראָלעטאריער זיינענ זייער צוגעבונדנ. בלויז א קאָמאנדירונג, א באשטימונג לויט דער פארטיייִשער אָדער קאָמיוגישער ליניע, א צייטווייליקע ארבעט קאָנענ אָפרייסנ פונ מאָסקווע. מאָסקווע ציט ארייַנ, אונ דאָס איז ניט קיינ ווונדער. פאר די פראָלעטאריער פונ די ערשטקלאסיקע זאוואָדנ איז שווער צו ארבעטנ אינ אנ אנדער אָרט.

אָט-דער אידרייִשער קולטורעלער צוזאמענבונד, וואָס וועט זיכ איינשטעלנ צווישנ אייכ אונ די



מע בויט א נײַעמ גאראזש אינ דער מטס (אוססר, נײַזלאטאָפּאָ־ לער ייִדישער נאצראיאָנ)

בירעבידזשאנער ייִדישע ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס—דאָס איז א נייטיקער איניענ. ס׳וועט אוודע אויסקומענ זיכ צו פארבינדנ מיטנ ייִדישנ טעאטער, מיט די צײַטונגענ, פראָפּ־רייִענ, אונטערנעמונגענ, קאָלווירטנ; אָבער דער דאָזיקער צוזאמענבונד וועט טראָגנ א פּאָליטישנ אונ קולטורעלנ כאראקטער.

איר זאָגט, אז די ארבעטער ווילנ שיקנ קיינ בירעבידזשאנ פרײַע אינסטרומענטנ, וואָס מ׳האָט צונויפגעזאמלט אינ די אונטערנעמונגענ. דאָס איז גוט. דאָרטנ וועלנ, צומבײַשפּיל, שלאָסער-אינסטרו- מענטנ שטארק צוניצקומענ.

איר פרעגט, פארוואָס האָט מענ אָרגאניזירט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט? איכ בינ איינער פונ די, וואָס האָבנ מיטגעפילט דער אָרגאניזירונג פונ דער געגנט. די הויפּט־סיבע איז די, וואָס ייִדנ איז בא אונדז פאראנ זייער פיל, אונ קיינ מעלוכישע אויסבילדונג האָבנ זיי ניט. דאָס איז די איינציקע נאציִאָנאליטעט אינ פססר, וואָס פארמאָגט א דרײַמיליאָניקע באפעלקערונג אונ האָט ניט קיינ מעלוכישע אויסבילדונג. איכ האלט, אז דאָס שאפנ אזא געגנט איז אינ אונדזערע באדינגונגענ דער איינציקער מיטל פאר א נאָרמאלער מעלוכישער אנטוויקלונג פונ דער נאציִאָנאליטעט. איכ רעכנ, אז אינ א יאָר צענ ארום וועט בירעבידזשאנ זײַנ דער וויכטיקסטער, אויב ניט דער איינציקער אופהיטער פונ דער ייִדישער סאָציִא- ליסטישער נאציִאָנאלער קולטור. מאָסקווע, צב. קאָנ ניט אופהיטנ קיינ נאציִאָנאלע אייגנשאפטנ. זי מאָלט איבער, אויב מע קאָנ זיכ אזוי אויסדריקנ, אָביעקטיוו, אלע נאציִאָנאליטעטנ אינעמ גרויסנ הויפּט-שטאָ- טישנ קאָלעקטיוו, אָט פּונקט ווי דאָס קומט פאָר, צומבײַשפּיל, אינ ניו-יאָרק, ווו עס ניוועלירט זיכ א גוואלדיקע צאָל נאציִאָנאליטעטנ. וואָס איז פארבליבנ פונ זײַנ נאציִאָנאליטעט באמ ייִדישנ ארבעטער, וועלכער האָט אָפּגעלעבט אינ מאָסקווע צענ יאָר? קימאט גאָרנישט. אויב ער לעבט קולטורעל, אויב ער לעבט מיט די פּראָלעטארישע אינטערעסנ, איז קלאָר, אז די ייִדישע אינטערעסנ טרעטנ אָפּ אפנ צווייטנ פּלאנ. ער מוז פארגעסנ אָנ זיי. די אלגעמיינע פּראָלעטארישע אינטערעסנ זײַנענ צו גרויס. מאָסקווע לעבט מיט אנ אינטערנאציִאָנאלנ לעבנ אונ די נאציִאָנאלע אייגנשאפטנ ווערנ אינ איר ביס- לעכווײַז פארווישט. ווענ די ייִדישע יוגנט פאָרט פונ דער פּראָווינצ קיינ מאָסקווע, טראכט זי וועגנ הילפ דער אייגענער שטעטלדיקער אָרעמשאפט. אינ מאָסקווע אָבער פארגעסט זי וועגנ דעמ. פאר איר שטעלנ זיכ אנדערע, ברייטערע פּראָבלעמעס, אפילו וועלט-פּראָבלעמעס, עס שטעלט זיכ די פראגע, וויאזוי דער פּראָלעטאריאט זאָל אויסקעמפנ די גאנצע וועלט, אונ די אינטערעסנ פונ די שטעטלדיקע, דערצו נאָכ אָפּט פונ די סאמע אָפּגעשטאנענסטע, וואָס זײַנענ דאָרט פארבליבנ, טרעטנ אָפּ אינ הינטערגרונט.

דאָס זעלביקע קומט פאָר באמ פויער. אויב ער ארבעט אָפּ א יאָר 10—15 אינ מאָסקווע, הערט



די ע־שטע צוויי צעכן פונעם
בירער חיַזער־קאָמבינאַט

ער שוין אוף צו זײַן א פויער, ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַן אַרבעטער, מיט גאָר נײַע שטייגערישע שטריכן.

אין דער בירעבידזשאַנער אווטאָנאָמער געגנט וועט זיך אַנטוויקלען א גרויסע סאָציאַליסטישע בויונג און גלײַכצײַטיק אויך אַן עמעסע סאָציאַליסטישע ייִדישע קולטור, און די, וועמען דאָס איז טײַער, וועמען ס׳איז טײַער אויך אַזאַ ייִדישע נאַציאָנאַלע קולטור, וועלכע ווילן צולייגן זייער האַנט צו דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער געגנט און פון איר סאָציאַליסטישער נאַציאָנאַלער קולטור, דאַרפן זיך פאַרבינדן מיט בירעבידזשאַן און אים העלפן. איך האַלט, אַז בא אונדז וועלן ייִדן לענגער ווי ערגעץ־ווו זיך אײַנהיטן אין זייער אייגענער ייִדישער געגנט.

באַם צאַריזם פלעגט מען קיין ייִדן אין די רוסישע שטעט ניט לאָזן, מע האָט זיי פאַרטריבן אין די שטעטלעך, ווו מיליאָנען ייִדן האָבן געלעבט אין שרעקלעכער דאַכקעס. אָט די דאָזיקע איבערגוואַלטיקע איזאָלירטקײַט האָט גלײַכצײַטיק קאָנצענטרירט די ייִדישע אייגנשאַפטן. איצט איז דאָס שוין פאַרשוווּנדן, איצט עפענען זיך פאַר דער ייִדישער יוגנט ברייטע פּערספּעקטיוון.

די ייִדישע איבערוואַנדערונג איז בא אונדז ניט אַלעמאָל געגאַנגען גוט. אין אַזאַ גרויסער אַרבעט קאָנען טרעפן איינציקע דורכפאַלן. באַם איבערוואַנדערן איז פאַראַן א גרויכער אָפּפלוס, פיל קערן זיך אום צוריק. זאָלן די, וואָס טויגן ניט, אַוועקגיין. ניט יעדערער איז פייִק צו פאַרוואַנדלען זיך פון א שטעטלדיקן פיזיש אויסגעמאַטערטן מענטשן, אין א דרייסטן, פעסטן „קאָלאָניזאַטער". דערצו מוז מען איבערגעבוירן ווערן.

ווי ווערט מען איבערגעבוירן? מע ווערט איבערגעבוירן דורך דער האַרבער, קימאַט ניט געריר־טער נאַטור פון דער געגנט, אין דער גרויסער שעפערישער מי, וואָס איז איבער די קייכעס פון א שוואַכן מענטשן. דער מענטש מוז דאָרטן זײַן פעסט — ער דאַרף פייִק זײַן צו געבן א ווידערשטאַנד און אויך איבערצוטראָגן גרויסע שוועריקײַטן. אויב דער פאַרבלײַבנדיקער ערשטער דאָר „קאָלאָניזאַ־טערס" וועט אויסהאַלטן, וועט דער צווייטער דאָר שוין זײַן פעסטער. דאָס וועלן זײַן עמעסע סאָוועטישע ייִדן, וואָס אַזעלכע קאָן מען אינערגעץ, אַכוץ ראַטנפאַרבאַנד, ניט געפינען. פּונקט ווי די ערשטע אַמעריקאַנער קאָובאָיען דאַרפן זיי באַזיגן די נאַטור, אָבער די אַמעריקאַנער קאָובאָיען זײַנען געווען רויבער אין באַציִונג צו דער נאַטור און פײַנט פון דעם האָרעפּאַשנעם מענטשן. בא אונדזערע אַרבעטנדיקע מאַסן פּרעוואַלירן געזעלשאַפטלעכע אינסטינקטן, וואָס זײַנען צענדליקער מאָל שטאַרקער. דאָרטן האָט יעדער מענטש געאַרבעט באַזונדער, נאָר פאַר זיך, בא אונדז אַרבעט דער קאָלעקטיוו. דער קאַמף



א קאָלווירטישער בינשטאָק
(בירעבידזשאַן).

קעגן די שוועריקײַטן שמעלצט פעסט צונויף דעם קאָלעקטיוו, און דאָס וועט זײַן דער סאמע שטארקער פּראָדוציר-איינס. איך בין אן אָפּטימיסט, און איך מיין, אז מיט דער צײַט וועט זיך שאפן אן עמעסע, א גוטע, מעכטיקע ייִדישע געגנט. אויב אונדז וועט זיך אײַנגעבן אין מעשעך פון א לענגערער צײַט יעדעס יאָר צוגעבן דער געגנט כאָטש צו פיר טויזנט ייִדישע באפעלקערונג, וועט עס זײַן ניט שלעכט. פארשטייט זיך, די אויסבילדונג פון א גרויסער געגנט איז א דויערנדיקער פּראָצעס.

איך באטראכט די פראגע פּאָליטיש. איך האלט, אז די אויסבילדונג פון דער דאָזיקער געגנט האָט די נאציאָנאליטעט געשטעלט אף די פיס, אָדער ריכטיקער געזאָגט, זי האָט אונטערגעפירט א סאָוועטישן פונדאמענט אונטער דער ייִדישער נאציאָנאליטעט אין פססר.

די אויכבילדונג פון א סאָוועטישן מעלוכישן איינס גיט ארײַן לעבן-זאפט. איצט זאפט אין זיך בירעבידזשאן אײַן, פון איין זײַט, די ייִדישע מאסע, יענע ייִדן, וואָס שטרעבן צו א בעסער לעבן, און ווילן אופהיטן זייער נאציאָנאליטעט, זי זאפט זיי אָבער אײַן, פארשטייט זיך, פארהעלטניסמעסיק וויניק. סון דער צווייטער זײַט, פּאָרמירט בירעבידזשאן גלײַכצײַטיק די ייִדישע נאציאָנאליטעט. איך האלט, אז די בירעבידזשאנער ייִדישע נאציאָנאליטעט וועט ניט זײַן קיין נאציאָנאליטעט מיט די כאראקטערשטריכן פון די שטעטלריקע ייִדן אין פוילן, ליטע, ווײַסרוסלאנד, אפילע אין אוקראיִנע, ווײַל פון איר שאפן זיך איצט סאָציאַליסטישע „קאָלאָניזאטערס" פון א פרײַער, רײַכער ערד. „קאָלאָניזאטערס" מיט פעסטע פויסטן און שטארקע ציין, וועלכע וועלן געבוירן א שטארקע נאציאָנאליטעט אין באשטאנד פון דער סאָוועטישער פעלקער-מישפּאָכע. דאָס פאָדערט אָבער, פארשטייט זיך, צײַט.

מע האָט מיר איבערגעגעבן, אז די ארטעלן און קאָלווירטן אין בירעבידזשאן האָבן זיך פארפעסטיקט און אז די קאָלווירטניקעס זײַנען צופרידן און לעבן ניט שלעכט. עס איז ניט זעלטן צו טרעפן הײַזער פון דרײַ צימערן, מע עסט פארהעלטניסמעסיק ניט שלעכט. די שטימונג בא די מענטשן איז א גוטע און שטאנדהאפטיקע. די שטעט אָבער — האָט מען מיר איבערגעגעבן — באקומען א צופיף שטעטלדיקן כאראקטער, ווײַל דאָרטן זײַנען פאראן פיל קליינע קוסטארישע אונטערנעמונגען, א קליין-קוסטארישע אינדוסטריע. מע האלט, אז מע דארף גלײַך פאנאנדערוויקלען די אינדוסטריע אין גרויסע מאסשטאבן. איך פערזענלעך בין מיט דעם ניט אײַנשטימיק. איך האלט, אז די ערשטע צײַט גיט די קליין-אינדוסטריע א מעגלעכקײַט ארײַנצוציִען א גרויסע צאָל ייִדן, דאָס איז זייער וויכטיק. די געגנט דארף באפרידיקן אירע אייגענע באדערפענישן. אָט אין א יאָר 2—3 ארום, ווען די געגנט וועט זיך מער אנטוויקלען, וועלן זיך דאן עפענען ברייטערע פערספּעקטיוון, דערהויפּט אין צוזאמענהאנג מיט דער בויונג אפן כינגאן.



ווײַסרוסלאנד. אינעמ קאָלווירט „סאָציאַליסטישער וועג“. באמ לײענענ א צײַטונג.

די געגנט וועט האָבנ א פאָרשטייערשאפט אינ אלרוסלענדישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט, אינ נאציאָנאליטעטנ־ראט, אינ ראטנפאָלקקאָם. בלויז דאָס פארוואנדלענ בירעבידזשאנ אינ אנ אווטאָנאָמער געגנט גיט איר צו אווטאָריטעט אונ קראפט פארנ ווײַטערדיקנ דערפאָלגרײַכנ קאמפ.

דאָס אויספורעמענ בירעבידזשאנ ווי אנ אווטאָנאָמע געגנט — האלט איכ — איז די הויפט־אופגאבע, דאָס איבעריקע וועט שוינ אלײנ קומענ. דאָס זעלביקע זעענ מיר אויכ אינ אלע איבעריקע נאציאָנאלע געגנטנ פונ פססר.

די ייִדישע שטעטלעכ לעבנ זיכ שוינ אויס. דאָרטנ, ווו עס האָבנ פריִער געוווינט 10—15 טויזנט ייִדנ, איז געבליבנ טויזנט, אונ די פּאָרנ אויכ ביסלעכווײַז אוועק. דערפאר האָבנ זיכ בא אונדז אפ דעמ כעזשבנ געשאפנ זאוואָדנ, צומבײַשפּיל, אינ האָמעל, ווו 90 פּראָצענט ארבעטער זײַנענ ייִדנ. א גרויסער פּראָצענט ייִדישע ארבעטער איז פאראנ אויכ אינ פּיל אנדערע אונטערנעמונגענ. דאָס איז גוט. די שטאָט שאפט אָבער ניט קײנ שטאנדהאפטיקע באזונדערע נאציאָנאליטעט. אָט, בירעבידזשאנ, אלס מעלוכישע אויסבילדונג, וועט געבנ א מעגלעכקײַט די ייִדנ גלײַכצײַטיק ארײַנצודרינגענ סײַ אינ דער אינדוסטריע סײַ אינ דער לאנדווירטשאפט אונ דעמלט, אפילע בא דער אומפארמײַדלעכער אסימיליאציע פונ א טײל באפעלקערונג, וועט זיכ דאָרטנ אײַנגעבנ אויסשמידנ א געזונטע, סאָוועטישע ייִדישע נאציאָנאליטעט. בא מיר איז דאָ אזא איבערצײַגונג, אז איצט וועט זיכ שאפנ א פעסטע אָפּצווײַגונג פונ דער ייִדישער נאציאָנאליטעט. איצט איז זי דאָרטנ נאָכ זײער קלײנ, א 8—10 טויזנט ייִדנ, אינ 5 יאָר ארומ אָבער וועלנ דאָרטנ זײַנ 50 טויזנט ייִדנ, אינ 10—15 יאָר ארומ וועלנ מיר דאָרטנ האָבנ 100 טויזנט אונ עפשער מער, ווײַל יעדער יאָר גיט פּראָצענט אפ פּראָצענט. קײנ נאציאָנאליטעט שטײט בא אונדז ניט אָפּ אינ זינ פונ צוווּקס.

בירעבידזשאנ באטראכטנ מיר ווי א ייִדישע נאציאָנאלע מעלוכע. העלפנ דער דאָזיקער מעלוכע, באזונדערס די ערשטע צײַט, איז זײער וויכטיק. בירעבידזשאנ איז פאר אונדז אינטערעסאנט אינ זינ פונ זײַנ אנטוויקלונג אלס א ייִדישער מעלוכישער אײנס, אז אינ פינפ—זעקס יאָר ארומ זאָל יעדער ייִד זיכ פילנ אזוי, ווי עס פילט זיכ אינ אונדזער פארבאנד צב. א דײַטש, וואָס ווײס, אז עס איז דאָ א רעפּובליק פונ די וואָלגער דײַטשנ, אָדער א טאָטער, וועלכער ווײסט, אז ס'איז פאראנ א טאָטערישע רעפּובליק. ווענ דער דאָזיקער באוווּסטזײַנ זאָל ארײַנדרינגענ צווישנ די ייִדישע ארבעטער, וואָלט עס געגעבנ באדײַטנדיק גרעסערע סאָציאַליסטישע רעזולטאטנ, עפשער מער אפילע, ווי מיר דערוואַרטנ.

בא אונדז איז שוינ לאנג אופגעקומענ די פראגע, ווו זאָל מענ אָרגאניזירנ אזא ייִדישע געגנט?

איך האָב באַופטראָגט דעם קאָמערד, ער זאָל געפינען אַזאַ אָרט, וווּ עס זאָלן זײַן אַלע נייטיקע פּאָליטישע, קלימאַטישע און נאַטירלעכע באַדינגונגען. און ווירקלעך, אין בירעבידזשאַן איז דאָס אַלץ פאַראַן. ערשטנס, אַ גרויסע, פרײַע, פרוכטבאַרע טעריטאָריע בײַ דער מעלוכישער גרענעץ. קיין אַנדערע נאַציאָנאַליטעט, אַחוץ דער ייִדישער, איז דאָרטן אָפּ פּרעטענדירט ניט פאַראַן. און אין דער זעלבער צײַט זײַנען די ייִדן זייער אַן איבערגעגעבענע סאָוועטישע נאַציאָנאַליטעט, וואָס האָבן דאָס פאַרדינט מיט זייער פאַרגאַנגענהײַט. אַגעוו, וואָס איז דאָרטן ניט פאַראַן אין דער דאָזיקער געגנט, אָנהייבנדיק פון גאָלד, אײַזן און קוילן? אַזוי, אַז די אַנטוויקלונג־פּערספּעקטיוון זײַנען גרויסע, נאָר ס׳וועט נייטיק זײַן אַ באַדײַטנדיקע אַרבעט, אַ סאַך קרעפטן, ענערגיע און שעפערישע איניציאַטיוו. די ייִדישע איבערוואַנדערער דאַרפן באַרעכטיקן דעם צוטרוי, וואָס ווערט צו זיי אַרויסגעוויזן.

די בירעבידזשאַנער איבערוואַנדערער דאַרף מען געוויס שטעלן אין בעסערע באַדינגונגען. איך האָב פון סאַמע אָנהייב געזאָגט, אַז ביז בירעבידזשאַן וועט ניט האָבן קיין איבערפלוס פון ברויט, וועט זײַן שווער עס צו באַזעצן, ווײַל דערנערן די באַפעלקערונג מיט אַרײַנגעפירטן ברויט איז אין אונדזערע באַדינגונגען זייער שווער. קאַרטאָפל אָפּן ווײַטן מיזרעך איז דערווײַל נאָך אויך אַ פּראָדוקט, וואָס מע ברענגט אַהין צו פירן. דעריבער איז איצט די הויפּט-פראַגע — זיכערן די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַזע. יעדנפאַלס גייט די אַנטוויקלונג פון בירעבידזשאַן שנעלער איידער די אַנטוויקלונג פון אַלע איבעריקע ראַיאָנען פון ווײַטן מיזרעך, אָבער היפּ איז נייטיק. מיט אַ שלעכטער דירע שטעלט זיך דער מענטש ווי עס איז צופרידן, דעריקער איז — דאָס עסן.

מיינט אָבער ניט, אַז אין אַנדערע לענדער האַלט עס מיט דער איבערוואַנדערונג בעסער. נעמט צב. די יאַפּאַנישע מיליטערישע ייִשובֿים אין מאַנדזשוריע. זיי זיפּן איבער יעדן מענטשן, און דאָך מאַכט אויס דער אָפּפלוס גאַנצע 80 פּראָצענט. און בײַ זיי איז דאָך די אָרגאַניזאַציע אַ מיליטערישע. אַזוי, אַז מיר דאַרפן זיך ניט שרעקן באַזונדערס פאַרן אָפּפלוס. זאָל אַ טייל אַוועקפאָרן אין אַנדערע פונקטן פון ווײַטן מיזרעך, אָדער קיין כאַבאַראָווסק. כאַבאַראָווסק איז דערבײַ. איך מיין, אַז כאַבאַראָווסק וועט אויך זײַן אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פון די ייִדישע איבערוואַנדערער, ווײַל די ייִדישע געגנט איז נאָענט און ס׳וועט זיך אײַנשטעלן אַ שטענדיקער קאָנטאַקט צווישן די כאַבאַראָווסקער און בירעבידזשאַנער ייִדן.

דאָ האָט מען געזאָגט, אַז פאַר 5 יאָר האָט מען אין בירעבידזשאַן מער אויסגעבויט ווי פאַר 50 יאָר אין פּאַלעסטינע. איך כאַזער איבער, איך באַטראַכט בירעבידזשאַן פונעם שטאַנדפּונקט פון גרויסע פּערספּעקטיוון, פון דעם, אַז די ייִדישע פּראָלעטאַריער האָבן זייער פאָטערלאַנד — פּסטר און אַן אייגענע נאַציאָנאַלע מעלוכע, זיי זײַנען געוואָרן אַ נאַציע.

איך מיין ניט, אַז די גאַנצע ייִדישע בורזשואַזיע אין אויסלאַנד זאָל זײַן שטאַרק אומצופרידן. איך מיין, אַז אַ געוויסער טייל אירער באַציט זיך פונדעסטוועגן מיט מיטגעפיל, נאָר די ערגסטע פײַנט פון דער סאָוועטישער אָרדענונג באַציִען זיך דערצו פײַנטלעך.

צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג איז דאָך פאַראַן פאַרהעלטניסמעסיק ווייניקער פאַשיסטישע עלעמענטן. איך כאַזער איבער, אַפּ וויפל איך שטעל זיך פאָר, באַציט זיך פונדעסטוועגן אַ געוויסער טייל פון דער ייִדישער בורזשואַזיע פּאָזיטיוו.

די הילף פון אַמעריקאַנער „אַגראָ-דזשוינט“ דעם קאָמערד איז אַ באַווײַז פון דער באַציִונג פון אַ טייל בורזשואַזיע אין אויסלאַנד צו די מאָסמיטלען פון דער סאָוועטישער מאַכט בענעגייע די ייִדן. אויב מיר זאָלן אורטיילן לויט די דאָזיקע פאַקטן, באַציִען זיך געוויסע שיכטן פון דער ייִדישער בורזשואַזיע אין אויסלאַנד אויסערלעך מיט מיטגעפיל צו אונדזער פּאָליטיק אין דער ייִדישער פראַגע, ווײַל דאָס האָרעפּאַשנע ייִדנטום באַציט זיך מיט מיטגעפיל.

דאָ איז ניט נאָר אַ נאַציאָנאַליסטישע ספּעקוליאַציע. דער נאַציאָנאַליזם אַנטפּלעקט זיך אָפּטמאָל אַפּ פאַרשיידענע אויפאַנים. דאָס דאַרף מען אונטערשיידן און אויפדעקן.

אויב די מאָסקווער אַרבעטער ווילן עפּעס אויפטאָן, אויב זיי ווילן העלפן דער ייִדישער געגנט, דאַרפן זיי דאָס דורכפירן דורך די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס — קאָמערד, געזערד, דורך די צײַטונגען אאַוו.

קומט זיך צונויף באַם פאָרזיצער פון געזערד, כ׳ דימאַנשטיין און ב. י. טראָצקי (וויצע־פאָר-

זיצער פונ קאָמערד), ציט צו אויכ פיאָטער גערמאָגענאָוויטש סטיראָוויטשנ אינ באטראכט, וויאזוי קאָנ־קרעט צו העלפנ דער ייִדישער געגנט, אינ וואָס נייטיקט זי זיכ אונ וויאזוי קאָנ מענ פארבעסערנ די פארבינדונג מיט די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס — קאָמערד אונ געזוערד. ס'איז קלאָר, אויב די דאָזיקע אָרגאניזאציעס וועלנ זיכ באוירנ אפ די מאָסקווער, כארקאָווער, ווײַסרוסישע אונ אנדערע ארבעטער, וועלנ די אָרגאניזאציעס גופע זײַנ שטארקער.

עס וועט זיכ אײַנשטעלנ א רעגולערע פארבינדונג מיט בירעבידזשאנ, פיל ייִדישע ארבעטער וועלנ פאָרנ פונ מאָסקווע, זאָל זײַנ אינ א קאָמאנדירונג, 2—3 יאָר וועלנ זיי דאָרטנ אָפארבעטנ. אינעם צווייטנ פינפיאָר וועט געפלאנט צו בויענ א קאָמבינאט אפ פאנאנדערארבעטנ די כינגאנער מעטאלורגישע אויצרעס אונ ס'וועלנ נייטיק זײַנ א סאכ ארבעטער. ווי נאָר די געגנט וועט ווערנ פאָר־מעל אָרגאניזירט, וועט דער אפאראט זיכ פארפעסטיקנ אונ וועט אָנהייבנ ארבעטנ בעסער. די אנט־וויקלונג פונ דער אינדוסטריע איז דאָרט אומפארמײַדלעכ. אז די פאָרמירונג פונ דער געגנט וועט זײַנ פארענדיקט, וועט די געגנט אליינ פאָדערנ, מע זאָל אנטוויקלענ די אינדוסטריע. פארשטייט זיכ, אז די רעגירונג באציט זיכ פאָזיטיוו. מיר גיבנ אָפ בירעבידזשאנ פארהעלטניסמעסיק ווייניק אופ־מערקזאמקײַט. דאָס איז זייער פארשטענדלעכ, ווײַל פאר אונדז שטייענ גענוג גרויסע פראגנ. דאָכ— דער עצעם אקט וועגנ פארוואנדלענ בירעבידזשאנ אינ אנ אווטאָנאָמער געגנט באווײַזט די באציִונג פונ דער רעגירונג. איר זאָלט ניט מיינענ, אז די רעגירונג אונ דער צענטראל-קאָמיטעט פונ דער פארטיי אינ דער שפיצ מיטנ כ' סטאלינ האָבנ די דאָזיקע פראגע באשלאָסנ אזוי זיכ, צופעליק. דאָס איז ניט צופעליק, אָבער קיינ שום בעקיוונדיקע פאָליטישע אויסרעכענונגענ אפ וועלכנ-ניט־איז אויסערלעכנ עפעקט זײַנענ דערבײַ ניט געווענ.

דער צענטראל־קאָמיטעט, וואָס פארווירקלעכט זײַנ נאציִאָנאלע פאָליטיק, האָט זיכ גערעכנט נאָר מיט דער פראקטישער זײַט פונ דער זאכ,—צו פארפעסטיקנ די געגנט אונ זי מער אקטיוויזירנ.

דאָס פארוואנדלענ בירעבידזשאנ אינ א געגנט איז א רעזולטאט פונעמ ווילנ פונ די ייִדישע מאסנ צו פארשטארקנ די ארבעט אינ בירעבידזשאנ, פארשטארקנ דעמ ייִדישנ נאציִאָנאלנ איינט. מע דארפ דאָכ פארשטיינ, אז שאפנ א געגנט — דאָס איז ניט קיינ פוסטע דעקלאראציע. דאָס הייסט, אז זיי וועלנ האָבנ א זעלבשטענדיקנ בורזשעט, אז זיי וועלנ ארײַנטרעטנ אינ באשטאנד פונ קאָנ־טישנ פארטיי-קאָמיטעט אונ קאָנטישנ אויספיר-קאָמיטעט, זיי וועלנ האָבנ א פאָרשטייערשאפט אינ מאָסקווע, אינ ראטפאָלקאָמ, זיי וועט, הייסט עס, זײַנ לײַכטער דורכצופירנ יעדע הויצאָע, יעדע בורזשעט-אסיגנירונג. א געגנט איז א גרויסע זאכ אינ אונדזערע באדינגונגענ. פונ דאָרטנ וועלנ קומענ טוער, וואָס וועלנ בעסער פארטיידיקנ זייער בודזשעט. פריִער פלעגט בירעבידזשאנ דורכפירנ זײַנ בודזשעט אָדער אפנ ווײַטנ מיזרעכ אָדער דורכנ קאָמערד, אונ איצט וועט ער אימ באגרינדנ דאָ, אינ צענטער, אינ דער בורזשעט־קאָמיסיע. די געגנט וועט געבנ זייער פיל, אויב ניט וואָלטנ מענטשנ ניט געשטרעבט צו דעמ. זי גיט זייער גרויסנ מעגלעכקײַטנ. בירעבידזשאנ וועט אויכ האָבנ זײַנ זעלבשטענדיקנווירטשאפטלעכנ פלאנ.

איצט קעמפנ פאר דער אינדוסטריאליזירונג פונ בירעבידזשאנ מער דער קאָמערד אונ געזוערד, אלס געגנט וועט בירעבידזשאנ אליינ קעמפנ. אזוי, אז דאָס שאפנ די געגנט איז ניט קיינ דעקלא־ראציע. ביכלאל איז דאָס ניט געטאָנ געוואָרנ צוליב דעקלאראציע, צוליב שיינע ווערטער, נאָר ארויסגייענדיק פונ פראקטישע מאָטיוונ — צו פארשטארקנ די סאָציאליסטישע בויונג פונ דער געגנט.

וואָס איז שײַעכ צו מיר, איז אזוי ווי איכ האָב אײַכ שוינ געזאָגט, פאר מיר האָט עס א גרויסע פאָליטישע באדײַטונג, נאָר איכ באטראכט עס ניט אָפגעזונדערט, נאָר צוזאמענ מיט דער עקאָנאָמישער אונ קולטורעלער אנטוויקלונג פונ סאָציאליסטישנ בירע־בידזשאנ.

וואָס שײַעכ דער פארוואנדלונג פונ דער געגנט אינ א רעפובליק, איז עס א פראגע פונ צײַט. אויב ס'וועט זיכ צונויפקלײַבנ א באפעלקערונג פונ א 100 טויזנט — וועט מענ קאָנענ פראָקלאמירנ אויכ א רעפובליק. איצט איז דאָס לײַכטער. פריִער האָט זיכ די שטימע פונ בירעבידזשאנ ווייניק געלאָזט הערנ, ווײַל אלע זײַנע פראגנ זײַנענ דורכגעגאנגענ דורכ א רייִ אינסטאנצנ, אונ איצט וועט

זיכ ווענדנ די געגנט אליינ. שאפנ א רעפובליק פונ א געגנט וועט זיינ לייכטער, ווי צו שאפנ פונ א ראיאָנ א געגנט. דאָס פארוואנדלענ די געגנט אינ א רעפובליק ווענדט זיכ שוינ איצט פונ די ארבעטנדיקע יידנ אליינ, פונ זייער איבערוואנדערונג אונ פארפעסטיקונג.

איר, מאָסקווער ארבעטער, פארבינדט זיכ בעסער מיט די יידישע געזעלשאפטלעכע אָרגאני־זאציעס, שאפט א לעבעדיקנ שעפ-קאָלעקטיוו, אונ ער וועט צווינגענ בעסער צו ארבעטנ אויכ די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, ווייַל מע וועט זיי שטיצנ אפ א פראָלעטארישנ אויפנ.



דער כ׳ קאלינינ אינעמ יידישנ קאָלווירט „לענינדאָרפ״ (קרימ)



פיאָטר גערמאָגענאָוויטש סמידאָוויטש

געבוירן אין 1874, אן ארבעטער־מאָנטיאָר, שפּעטער — אן אינזשעניער־עלעקטראָטעכניק. אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג — פון סאָף 90־ער יאָרן; אין 1915 געווען מיטגליד פון מאָסקווער קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי, שפּעטער — אגענט פון צענטראַל־קאָמיטעט, פיל מאָל געווען ארעסטירט און פארשיקט; אקטיוו באטייליקט זיך אין דער פעווראַלער רעוואָליוציע און אין דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, פרעזידיום־מיטגליד פון אלפארבאנדישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט און שטעלפארטרעטער פון פאָרזיצער פון אלרוסלענדישן צענטראלן אויספירקאָמיטעט; פאָרזיצער פון קאָמערד זינט ער איז אָרגאניזירט געוואָרן (1924) ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן (1935).



ין אווגוסט 1934 איז געוואָרן 10 יאָר זינט עס עקזיסטירט דער צענטראַלער קאָמערד. אין 1924 איז מיט דער גרינדונג פון קאָמערד געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר א פלאַנמעסיקער, טאָגטעגלעכער, אלץ מער פראָגרעסירנדיקער ארבעט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל איבערצובויען דעם סאָציאַלן באשטאנד פון דער סאָוועטישער יידישער באפעלקערונג, געזונטמאכן זי עקאָנאָמיש, ליקווידירן די רעשטלעך פונעם צארישן רעזשים, וואָס האָט אזוי פארקריפּלט דעם עקאָנאָמישן, פיזישן און פסיכישן צושטאנד פון די יידישע מאסן.

מיט דער אזויגערופענער „יידן־פראגע", מיטן לינדערן די שווערע לאגע פון דער יידישער אָרעמשאפט, האָט זיך שטענדיק פארנומען, און עס פארנעמט זיך אויך איצט אין די מייַרעוו-לענדער, די ליבעראַל-פילאנטראָפּישע, פאַר קיין זאַך און פאַר קיינעם ניט פאראנטוואָרטלעכע, בירגערלעכע געזעלשאפט מיט איר קולט פון הומאניזם, ליבע צום „קליינעם מענטשן", מיט סענטימענטאלער ליבשאפט און צווייפענעמדיקייַט אין אלע אירע אונטערנעמונגען.

דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע האָט זיך מיט דער יידן-פראגע פארנומען א מעלוכע,— די סאָוועטישע מעלוכע. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע איז די דאָזיקע פראגע געשטעלט געוואָרן אין איר גאנצן פארנעם מיט אלע נייטיקע אויספירן, מיט דער גאנצער קאָנקרעטקייַט, וואָס די זאַך פאָדערט.

די יידישע איבערבוי־ארבעט איז געוואָרן א מעלוכע-פּראָבלעם, א פּאָליטישער פאקטער, וואָס ווערט אייַנגעשלאָסן אין גאנצן קאָמפּלעקס פון דער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער בויונג.



אלגעמיינער אויסזען פונעם ייִשעוו קאלינינאָ, סאראבוזער ראיאָן (קרים).
א גרופע נײַע איבערוואנדערער ווארטן, מע זאָל זיי פאנאנדער־זעצן איבער די דירעס.

ייִדישע ערד־אײַנאָרדענונג און איבערוואנדערונג איז פאָרגעקומען אויך ביז דעם 1924-טן יאָר. מיטן אנטשטיין פון קאָמערד אָבער האָט די ייִדישע איבערוואנדערונג אָנשטאָט איר פריעדיקן סטיכישן כאראקטער באקומען א פּלאן און א ריכטונג, אנשטאָט צופעליקע ערד-כאלאָקים האָט די מעלוכע געגעבן אויסגעוויילטע מאסיווע, לויט זייער שטעטכ קאָלאָסאלע, ערד-פאָנדן, וואָס האָבן געגעבן א מעגלעכקײַט אויסצובילדן נאציאָנאלע דאָרף־ראטן, נאציאָנאלע ראיאָנען און, ענדלעך, די העכסטע שטופע פון דער דאָזיקער ארבעט אין דעם איצטיקן מאָמענט — די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט.

די ארבעט פון קאָמערד שטעלט מיט זיך פאָר א ליניע, וואָס שטײַגט אלץ העכער און העכער. אָנהייבנדיק אין די ערשטע יאָרן פון באזעצן אף ערד וויניק דיפערענצירטע מאסן פון דער ייִדישער דעקלאסירטער אָרעמשאפט אף די קרימער און אוקראַינער ערד־פאָנדן, אײַנשליסנדיק שפּעטער אין זײַן ארבעט דאָס אײַנאָרדענען די ייִדישע יוגנט אין דער שווערער אינדוסטריע, ווענדנדיק זײַן הויפּט־אופמערקזאמקײַט אין די ווײַטערדיקע יאָרן אף דער קאָלווירטישער בויונג און אף דעם קוואליטאטיוון אָפּקלײַב פון די ייִדישע איבערוואנדערער, איז דער קאָמערד געקומען צו זײַן לעצטן עטאפּ, צו בירעבידזשאן, צו דער סאָציאַליסטישער בויונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

דער היסטאָרישער דעקרעט פון דער ראטן־רעגירונג וועגן פארוואנדלען בירעבידזשאן אין א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָט באקומען א ברייטן אָפּקלאנג ניט נאָר אין ראטנפארבאנד, נאָר אויך אין אויסלאנד. דער איבערוועגנדיקער טייל פון דער אויסלענדישער זשורנאליסטיק האָט אופגענומען דעם באשלוס זייער ווארעם. ניט וויניק קאָמפּלימענטן זײַנען ארויסגעזאָגט געוואָרן דער ראטנמאכט פאר איר „נאָבעלן זשעסט״ בענעגייע דער ייִדישער באפעלקערונג, פאר איר גרייטקײַט צו „געבן א היים״ דער אומעטום פארפאָלגטער ייִדישער נאציע.

ניט אין נאָבעלע זשעסטן און אין גוטער באציִונג ליגט די דערקלערונג פון דער באשטימונג. די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז א רעזולטאט פון דער קאָנסעקווענט־דורכגעפירטער, אומפארמײַדלעכער אין איר לאָגישקײַט, סאָוועטישע נאציאָנאלע פּאָליטיק, דאָס איז אן אויספיר און א רעזולטאט פון אָפּגעטאָנענער ארבעט, פון פאראנענע דערפאָלגן. א קינד פון דער סאָוועטישער סיסטעם, וועלכע בויט אירע אלע באשלוסן און מאָסמיטלען ניט אף סענטימענטאלע געפילן, נאָר אף שטרענגער פּלאנישקײַט, אף אײַנשטעלונגען, וואָס דער קוואל זייערער איז די לערע פון מארקס, לענין און סטאלין.

אין בירעבידזשאן באקומען די ייִדישע מאסן אמערסטן גינסטיקע באדינגונגען פאר זייער אנטוויקלונג, פארן אופבלי פון זייער קולטור, וואָס איז סאָציאַליסטיש לויט איר אינהאלט און נאציאָנאל לויט איר פאָרם. די ייִדישע מאסע, וואָס האָט אין די פינצטערע צארישע יאָרן און אויך איצט אין די קאפּיטאליסטישע לענדער אין א גרויסער מאָס פארלאָרן איר נאציאָנאלן פּאָנעם, באקומט א מעגלעכקײַט צו קאָנסאָלידירן אירע קרעפטן, פאָרמירן איר אָנטייל אין דער בויונג פון איר סאָציאַליסטישן לאנד, קעדיי האנט בא האנט מיט אלע סאָוועטישע פעלקער דערגרייכן די זוניקע ווײַטן פון דער סאָציאַליסטישער אָנקלאסעווער געזעלשאפט.

אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי און דער סאָוועטישער רעגירונג, מיט דער הילף פון קאָמערד און דער ברייטער, אינטערנאציאָנאלער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט בויענדיק זייער נאציאָנאלע געגנט, שליסן זיך אײַן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן אין דער אלגעמיינער סטרוקטור פון דער סאָוועטישער מעלוכע, שאפן די באזע פאר דער קומענדיקער, בליִענדיקער ייִדישער סאָוועטישער רעפּובליק אפן ווײַטן מיזרעך.

נ. א. סעמאשקאָ

מיטגליד פונ סעקרעטאריאט פונ אלפארבאנדישנ צאק

# עס ווערט געבאָרנ א נײַער מענטש



אָס שאפנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט אינ בירעבידזשאנ האָט א קאָלאָסאלע פאָ־ליטישע, עקאָנאָמישע אונ סאָציִאלע באדײַטונג. וועגנ דעם האָט מענ שוינ געשריבנ, מע שרײַבט אונ מע וועט נאָכ שרײַבנ.

מיר וואָלט זיכ געוואָלט באַרירנ די פראגע פונ ביִאָלאָגישנ אספעקט. מיר וואָלט זיכ געוואָלט באווײַזנ די ווירקונג פונ פראָדוקטיווער ארבעט אונ ספעציִעל פונ לאנד־ווירטשאפטלעכער ארבעט, מיט וועלכער די ייִדישע אָרעמשאפט האָט זיכ פריִער ניט באשעפטיקט (ווײַל דאָס איז באמ צארישנ רעזשימ געווענ פארבאָטנ פאר אָרעמע ייִדנ), אפ דער ביִאָלאָגישער פאָרמאציע פונ די ייִדנ.

„די ארבעט האָט געשאפנ דעמ מענטשנ“ — האָט שוינ לאנג געזאָגט ענגעלס. אונ ארגומענטירנ־דיק אָט דעמ געדאנק זײַנעמ, באשרײַבט ענגעלס אויספירלעכ, וויִאזוי די ארבעט (דאָס באניצנ זיכ מיט די „פרײַע“ אויבערשטע ענדגלידער) האָט געווירקט אפנ אויספורעמענ די אנאטאָמישע, פיזיִאָלאָגישע אונ ביִאָלאָגישע אייגנשאפטנ באמ מענטשנ.

אינדערעמעסנ, דער כאראקטער פונ דער ארבעט לייגט ארופ א שטעמפל אפ דעמ ארבעטנ־דיקנ. קאוואלעריסטנ שטעלנ ברייט פאנאנדער די פיס באמ גיינ, ווײַל זיי זײַנענ געווױנט ארומצו־נעמענ מיט די פיס דאָס פערד. דער קוילנגרעבער גייט פאמעלעכ, שווער, ניט געײַלט, ווײַל זײַנע פראָדוציר־קליידער זײַנענ שווערע אונ די אונטערערד־ארבעט איז א געפערלעכע. דער ייִדישער באל־מעלאָכע, דער קליינהענדלער פלעגט גיכ־גיכ באוועגנ זײַנע פיס אונ ארײַנציִענ באמ גיינ דעמ קאָפ אינ די אקסלענ, ווי ער וואָלט זיכ שטענדיק באמיט דורכשמוגלענ זיכ אומבאמערקטערהייט,



טראקטארישע אופאקערונג
אינעם יידישן קאָלווירט
(קאלינינדאָרפער ראיאָן).

קעדיי ניט אויסצושטיין קיין באלייריקונגען פון אנטיסעמיטן, און מע האָט זיך טאקע געמוזט איילן צו פארדינען ערגעץ־ווו פון דער לופט א שטיקל ברויט. א פויער שפאנט מיט שווערע טריט פעסט און לאנגזאם: אים קומט אויס בא דער ארבעט צו גיין איבער ריזיקע הרודעס אופגעאקערטער ערד — באם אקערן, שניירן אאוו.

איך בין נים געווען אין בירעבידזשאן. איך האָב אָבער באזוכט א גאנצע צאָל לאנדווירט־שאפטלעכע קאָלאָניעס אין קרים. און מיך, אלס ביאָלאָג, האָט זייער אינטערעסירט אָט די טיפע ענדערונג אינעם גאנצן אָנבליק פונעם ייד, וואָס האָט זיך באזעצט אפ ערד און באשעפטיקט זיך מיט לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו אָט די נעכטיקע קליינע באלמעלאָכעלעך, קליינהענדלער און אנד. „לופטמענטשן" פון דער צארישער צייט און היינטיקע קאָלווירטניקעס פון ראטנפארבאנד, און האָב זיך איבערצייגט, אז זיי האָבן זיך אינגאנצן באפרייט פון די אלטע שטריכן זייערע און האָבן זיך פארוואנדלט אין עמעסע ערד-ארבעטער. אָנשטאָט דעם דריבנעם און שנעלן גענגל האָבן זיי איצט געשפאנט מיט פעסטע ברייטע טריט פון א זיכערן ערד־ארבעטער. עס האָט זיך אויך אינ-גאנצן געענדערט זייער ארט ריידן. אָנשטאָט דעם אמאָליקן איילקן נערוועזן „מאָלן", ווי עס פלעגן ריידן אזעלכע יידן באם צארישן רעזשים, האָבן זיי איצט גערעדט מיט א פעסטער, געלא־סענער, קלאָרער שטים פון אן ערד-ארבעטער — א קאָלווירטניק, וואָס געפינט זיך אפ א פעסטן באָדן און האָט צו באטראכטן אלע איינצלהייטן פון דער קאָמפליצירטער קאָלעקטיווער ווירטשאפט.

געוויס, אָט דאָס אויספורעמען א נייעם מענטשן פונעם אמאָליקן פארשקלאפטן און דער־שלאָגענעם קנעכט גייט צו ניט אזוי גלאט און לייכט: אייניקע באלמעלאָכיש־הענדלערישע שטרי־כעלעך פארבלייבן נאָך בא א טייל פון זיי א צייט לאנג. אָבער די וואקסנדיקע דערפאָלגן פון דער קאָלווירטישער בויונג וואָרצלען אויס אָט די לעצטע שטריכעלעך. עס ענדערט זיך די עקאָ־נאָמיק, און דאָס ענדערט אויך די פסיכיק, די אידעאָלאָגיע פונעם מענטשן.

אָט אזוי פארשווינדט אינעם ראטנפארבאנד דער אלטער טיפ מאסן־ייד, וועלכן די שווארצ־מייעניקעס און זייער רעגירונג האָבן אזוי פארהעצט. עס ווערט געבאָרן א נייער מענטש בא דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט — א ייד — אן אינדוסטריעלער ארבעטער און אן ארבעטער פון קאָלווירטישע פעלדער.

עס זיינען פארשווונדן די ענגע קעלער־שטיבער און שמוציקע מארק־טישלעך — די לעכער, ווו עס האָט געלעבט און „געארבעט" די יידישע ארבעטערשאפט באם צאריזם; עס פארשווינדן צווישן זיי זייערע שטענדיקע באגלייטער — דער טובערקולייאָז, די קרענקלעכע נערוועזקייט — די „ראסן־קרענק" פונעם יידנטום. ווידער און ווידער מאכט אונדזער סאָוועטישעווירקלעכקייט צונישט די „ראסן־טעאָריע", אפ וועלכער ס׳פרווון איצט ווידער ספעקולירן די היינטיקע פאשיסטן.

אין ראטנפארבאנד וואקסט א נייער, פעסטער, געזונטער, לעבנפריידיקער דאָר אויך בא די



מע פארלייגט דעמ פונדאמענט פונ די ערשטע הײַזער פאר די ייִדישע איבערוואנדערער (קרימ)

ייִדישע מאסנ. אונ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז נאָכ איינ רינג אינעמ דאָזיקנ ווונדערלעכנ באָלשעוויסטישנ מעטאָד פונ איבערמאכנ דעמ מינ מענטש.

אינערגעצ אינ דער וועלט, אויכ ניט אינ דער ציִוניסטישער שווינדלערישער פּאלעסטינע, איז דאָס ניטאָ אונ קאָנ ניט זײַנ, ווײַל די שאָוויניסטישע באגרענעצטקײַט אונ קאפּיטאליסטישע עקס-פּלואטאציע פענטעט אונ פארקריפּלט ווײַטער דעמ ארבעטנדיקנ ייִדנ אינ פאלעסטינע.

בא אונדז איז דער ייִד א פולשטענדיק-גלײַכבארעכטיקטער מיטגליד פונ דער אינטערנאציאָנא-לער ארבעטער־קאָלווירטישער מישפּאָכע אינ פססר. בא אונדז איז בירעבידזשאנ איינע פונ די פיל־צאָליקע גלײַכבארעכטיקטע אווטאָנאָמע נאציאָנאלע געגנטנ.

א גרוס דעמ סאָציאליסטישנ, אווטאָנאָמענ בירעבידזשאנ! א גרוס דעמ פרײַגעוואָרענעמ ייִדנ, דעמ ברודער אונ כאווער, דעמ מיטבויער אונ מיטקעמפער אינ דער גרויסער סאָציאליסטישער בויונג! א גרוס דעמ נײַעמ פעסטנ אונ געזונטנ דאָר סאָוועטישע ייִדנ, שלאָגלער פונ אונדזערע זאוואָדנ אונ קאָלווירטישע פעלדער!

י. אײדעלמאנ

פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר פונ צענטראל־ראט פונ געזערד

# די הויפּט־עטאפּנ אינ דער טעטיקײַט פונ געזערד



ער געזערד איז אנ אינטערנאציִאָנאלע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע, וואָס העלפט דער ראטנמאכט, דעמ קאָמערד, איבערצובויענ דעמ סאָציִאלנ באשטאנד פונ דער ייִדישער באפעלקערונג. א געזעלשאפט, וואָס פאראייניקט ארבעטנדיקע פונ פארשיידענע נאציִאָנאליטעטנ, קעדיי מיטצוהעלפנ דער מעלוכע געזונט מאכנ סאָציִאל און עקאָנאָמיש די לאגע פונ די ייִדישע האָרעפאשנע מאסנ. אזא געזעלשאפט איז מעגלעכ נאָר אינ סאָוועטנ-לאנד.

אינ 1925 יאָר, ווענ דער געזערד איז געגרינדעט געוואָרנ, האָט זיכ נאָכ די אינדוסטריע פונ ראטנפארבאנד געפונענ אינ איר אופשטעלונג-פעריאָד. די פאָלקווירטשאפט פונ לאנד האָט דענסטמאָל נאָכ ניט געהאט דערגרייכט אפילע דעמ נידעריקנ ניוואָ פונ פאר דער מילכאָמע.

די מעגלעכקייט אריינצוציִענ אינ דער אינדוסטריע נייִע מאסנ ארבעטנדיקע איז דאנ געווענ באגרענעצט: עס איז נאָכ אינ יענעמ מאָמענט געווענ ארבעטלאָז אפילע א טייל אלטע קוואליפיצירטע פראָלעטאריער.

די לאגע פונ דער ייִדישער האָרעפאשנער מאסע איז געווענ זייער א שווערע. אָפנעמענדיק בא איר די מעגלעכקייט צו באשעפטיקנ זיכ מיט פראָדוקטיווער ארבעט, ניט צולאָזנדיק קיינ ייִדישע ארבעטנדיקע צו דער לאנדווירטשאפט, אינ פאבריקנ און זאוואָדנ, אינ מעלוכישע און געזעלשאפטלעכע אנשטאלטנ, האָט די צארישע פאָליטיק פארוואנדלט א גרויסנ טייל פונ זיי אינ לופט-מענטשנ — מענאכעמ־מענדלס, אינ קליינע הענדלער און אָפגעשטאנענע באלמעלאָכעס, וועלכע האָבנ געפירט א פארביטערטנ קאמפ צווישנ זיכ פאר יעדנ רובל „פידיענ“, פאר יעדנ שטיקל ארבעט, בא וועלכנ



אַן איבערוואַנדערער קלײַבט אויס אַן אָקס פאַרן קאָלווירט (אין יעווּפּאַטאָריער געזערד־הויז, קרים)

מע האָט געקאָנט פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. אַ גאַנצער שיכט דעקלאַסירטע, פּראָפעסיאָנעלע בעט־לער און שנאָרער איז אויסגעוואַקסן אין דער סוויווע, ווו עס איז ניט געווען קיין שום אויסוועג.

דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז באַם צאַריזם געווען שרעקלעך צעהויקערט. פּויערים איז צווישן די רוסלענדישע ייִדן געווען קוים באַ 2%, דער שיכט אינ־דוסטריעלע אַרבעטער האָט באַטראָפן 4%. די קאַטעגאָריע קוסטאַרן, וואָס זייער גרעסטע מערהײַט האָט געלאַטעט און געשמאַטעט און געלעבט אין הונגער און נויט, האָט דערגרייכט ביז 30%. דאָס אָנגעזעענסטע אָרט האָבן פאַרנומען די קליינע קרעמערלעך — ביז 30%, און ווײַטער, אַ געוויסער פּראָצענט גרויס־בורזשואַזיע, דערנאָך מענטשן אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג און מענטשן מיט אַזעלכע „פּראָדוקטיווע" באַשעפטיקונגען, ווי באַדכאָנים, שאַדכאָנים אאַוו.

די פּאָליטישע רעכטלאָזיקײַט און קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקײַט פון דער ייִדישער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג האָט זי געבראַכט צו שרעקלעכער נידערשלאָגנקײַט און איזאָלירטקײַט פון דעם גאַנצן אַרום. די בלוטיקע ייִדישע פּאָגראָמען, וואָס דער צאַריזם האָט סיסטעמאַטיש פּראַקטיקירט, האָבן נאָך מער רויִנירט די ייִדישע מאַסן.

די יאָרן פון דער וועלט־מילכאָמע, ווען טויזנטער ייִדישע פאַמיליעס זײַנען אַרויסגעטריבן גע־וואָרן פונעם גרענעץ־פּאַס, דער בירגערקריג, ווען די ווײַסגוואַרדייִשע באַנדעס האָבן מאַסנווײַז אויסגע־האַרגעט ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, לאָזנדיק הונדערטער טויזנטער אַלמאָנעס און יעסוימים אָן אַ שטיקל ברויט, האָבן דערפירט די לאַגע פון די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן צו פולשטענדיקער דעגראַדירונג.

די ראַטנמאַכט האָט באַלד אָנגענומען מיטלען פון גיכער הילף. דאָס איינציקע מיטל, מיט וועלכן מע האָט אין יענער צײַט געקאָנט ראַטעווען פון הונגער די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, איז געווען צוציִען זיי צו ערד־אַרבעט.

אין אָט דער הינזיכט איז ביזן מאָמענט פון גרינדן דעם קאָמערד און געזערד (סאָף 1924 און אָנהייב 1925) שוין אָפּגעטאָן געוואָרן אַ היפּשע אַרבעט אויף די ערטער אין געוועזענעם „טכום". דאָס איז אָבער געווען ניט קיין פּלאַנמעסיקע אַרבעט.

דער קאָמערד איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי אַרײַנצוטראָגן אין אָט דער אַרבעט אַ סיסטעם און פּלאַנמעסיקײַט, און צו העלפן אים פאַנאַנדערוויקלען די נײַע אַרבעט איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער געזערד.

פון אָנהייב, ווען דער מאַסשטאַב פון דער איבערוואַנדערונג איז געווען ניט קיין גרויסער און דאָס אײַנאָרדענען די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס אין דער לאַנדווירטשאַפט האָט געהאַט אַ קליינעם פּאַר־



ראָקעס און דובראָווסקי — אַרבעטער פֿונעם־ זאַוואָד אף כ׳ מאָלאָטאָוונס נאָמען (געשיקט אפֿן דניעפּראָפּעטראָווסקער זאַ־וואָד דורכן בעגנטלעכן געזיכר

נעם, האָט דער געזערד אליין געפירט די אָפּעראַטיווע אַרבעט. אזוי איז געווען אין ניקאָפּאָלער ראַיאָן אין אוקראַינע, אין יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן אין קרים, ווו דער געזערד האָט געבויט הײַזער, צוגעגרייט ערד אאוו.

אף וויפל אין יענער צײַט האָט זיך געהאַנדלט וועגן גיכער הילף, האָט זיך די הויפּט־אַרבעט פֿון געזערד אויסגעדריקט אין אָפּקלײַבן די איבערוואַנדערער, אין אָרגאַניזירן פֿון זיי גרופּן, אין מיטהעלפֿן זייער אײַנאָרדענונג אף די נײַע ערטער אדג. דער געזערד האָט דאַן ווייניקער פֿאַרנומען זיך מיט אופקלער־אַרבעט, מיט דערקלערן די ברייטע שיכטן אַרבעטנדיקע פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד די באַדײַטונג פֿון אָט דער אַרבעט, די לעניניש־סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און איר קאָנקרעטע אָנווענדונג בענגייע דער יידישער האָרעפּאַשנער באַפֿעלקערונג.

דאַן האָט זיך די הויפּט־אַרבעט געפירט אין די אויסוואַנדערונג־ערטער, דאָרט, ווו עס האָבן געלעבט קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן, ווו די נויט איז געווען גרויס, און די הילף האָט זיך געפֿאָדערט דרינגענדיק. אין אַנדערע טיילן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד, אויסער דעם געוועזענעם „טכום", ווו קיין באַדײַטנדיקע מאַסן יידישע אָרעמשאַפֿט איז ניט געווען, איז דער געזערד געווען ווייניק באַקאַנט, מיט זײַן אַרבעט האָבן זיך אינטערעסירט איינציקע טוער, וואָס זײַנען געווען פֿריִער פֿאַרבונדן מיט דער יידישער אַרבעט.

אזוי איז אַריבער די ערשטע טקופֿע, ווען עס איז געשאַפֿן געוואָרן דער ערשטער יידישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן — דער קאַלינינדאָרפֿער — און עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ באָדן פֿאַר די אַנדערע — דעם סטאַלינדאָרפֿער, נײַזלאַטאָפּאָלער (אוקראַינע) און פֿרײַדאָרפֿער (קרים).

פֿאַר אָט דער דאָזיקער צײַט איז ריזיק געוואַקסן דער ראַטנפֿאַרבאַנד; די פֿאָלקווירטשאַפֿט האָט אין פֿיל צווײַגן איבערגעשטיגן דעם פֿאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ, דערנאָך איז געקומען דער ערשטער פֿינפֿיאָר מיט זײַנע אומגעהערטע טעמפּן פֿון אינדוסטריאַליזאַציע און קאָלעקטיוויזאַציע. די אַרבעטלאָזיקייט אין לאַנד איז ליקווידירט געוואָרן. די גיגאַנטישע נײַבויונגען האָבן געפֿאָדערט מיליאָנען אַרבעט־הענט און קיין פֿראַגע וועגן אַרבעט איז מער ניט געשטאַנען פֿאַר די יידישע האָרעפּאַשניקעס, ווי פֿאַר די אַרבעטנדיקע פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. מאַסנווײַז זײַנען די יידישע האָרעפּאַשניקעס אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אַלע צווײַגן פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט, אין אַלע פּראָצעסן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

די איבערוואַנדערונג איז געגאַנגען אף די ערד־פֿאָנדן אין אוקראַינע און קרים, וואָס די ראַטנרעגירונג האָט ספּעציעל אויסגעטיילט. איצט האָט זיך שוין מער ניט געהאַנדלט וועגן ראַטעווען



געאָלאָגנ באַ דער ארבעט — בירעבידזשאנ

פֿונ הונגער אונ נויט, נאָר ווענ צווערקמעסיקנ אויסניצנ די ארבעט־קראַפֿט פֿונ די טײלנ ייִדישע ארבעטנדיקע, וועלכע קאָנענ זיכ ניט גענוג עפֿעקטיוו אײַנאָרדענענ אינ פֿארשיידענע שטעט אונ שטעטלעכ. איצט האָט זיכ געהאנדלט ווענ פֿולקומ רעקאָנסטרויִרנ אונ געזונט מאכנ דעמ סאָציִאלנ באשטאנד פֿונ דער ייִדישער באפֿעלקערונג. עס האָט זיכ געהאנדלט ווענ בויענ בירעבידזשאנ, אלס א וויכטיקנ פֿאָרפּאָסט אפֿנ סאָוועטישנ ווײַטנ מיזרעכ אונ אלס א קינפֿטיקנ ייִדישנ נאציִאָנאלנ אײנס, וואָס די ראטנ־רעגירונג האָט אָנגעמערקט צו שאפֿנ נאָכ אָנהייב 1928-טנ יאָר, ערעוו דעמ ערשטנ פֿינפֿיאָר.

צוזאמענ מיטנ ארײַנדרינגענ פֿונ צענדליקער טויזנטער ייִדישע ארבעטער אינ דער אינדוסטריע, אינ די נײַבויונגענ, אינ די גרויסע פּראָלעטארישע צענטערס פֿונ אלע עקנ לאנד; צוזאמענ מיט אָט דער נײַער אײַנשטעלונג אינ דער איבערוואנדערונג־ארבעט, איז דער געזוערד געוואקסנ אלס א מאסנ־אָרגאניזאציע, שאפֿנדיק זײַנע אָפּטײלונגענ אינ אלע טײלנ פֿונ ראטנפֿארבאנד. אלס אָרגאניזאציע, וועלכע פֿירט אנ אופֿקלער-ארבעט פֿונ אינטערנאציִאָנאלער דערציִונג אפֿנ באָדנ פֿונ איבערבויענ די סאָציִאלע סטרוקטור פֿונ דער ייִדישער באפֿעלקערונג, אפֿנ באָדנ פֿונ ליקווידירנ די נאָכ ניט אינגאנצנ אויסגעוואָרצלטע רעשטלעכ פֿונ נאציִאָנאלער אומגלײַכקײַט, איז דער געזוערד פֿארשטארקט געוואָרנ. אינ רעספּער האָט זיכ פֿאר די לעצטע יאָרנ באדײַטנדיק פֿאנאנדערגעוויקלט די געזוערד-ארבעט.

אינ אָט דעמ צווייטנ פּעריִאָד האָט זיכ געענדערט דער צוגאנג צומ איבערוואנדערער. די ערשטע יאָרנ האָט מענ געשיקט יעדנ, וואָס האָט זיכ גענייטיקט, מע האָט זיכ ווייניק גערעכנט מיט די אינטערעסנ פֿונ ראיאָנ, וווהינ ער פֿאָרט, ווײַל די הויפּט-אופֿגאבע איז געווענ באזאָרגנ דעמ איבערוואנדערער מיט ארבעט אונ ברויט. אינ צווייטנ פּעריִאָד איז געשטאנענ די פֿראגע ווענ שיקנ אזעלכע עלעמענטנ, וועלכע זאָלנ קאָנענ בויענ די אײַנוואנדערונג־ראיאָנענ. ארבעט אונ ברויט קאָנ מענ באקומענ אומעטומ. דעריבער האנדלט זיכ ווענ בעסער אײַנאָרדענענ, מער צופּאסנ, קוואליפֿיצירנ אונ איבערקוואליפֿיצירנ די, וועלכע די אײַנוואנדערונג-ראיאָנענ האָבנ נייטיק צוליב זייער בויונג. אָט דער צוגאנג ווערט איבערהויפּט אָנגעווענדט בענוגייע בירעבידזשאנ. דאָרטנ איז דער גרעסטער טייל איבער־וואנדערער באשעפֿטיקט ניט מיט לאנדווירטשאפֿט, פֿאר וועלכער עס האָט זיכ געפֿאָדערט ווייניק קוואליפֿיצירטע ארבעט־קראַפֿט.

איצט, ווענ די קאָמוניסטישע פּארטיי אונ די ראטנ-רעגירונג האָבנ פֿארוואנדלט דעמ בירעבידזשאנער ראיאָנ אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט; ווענ דער פּראָצעס פֿונ רעקאָנסטרויִרנ דעמ סאָציִאלנ באשטאנד פֿונ דער ייִדישער באפֿעלקערונג איז קימאט פֿארענדיקט; ווענ דער פּראָצענט ייִדישע האָרעפּאשניקעס, וואָס לעבט פֿונ ארבעטלוינ, דערגרייכט ביז 60, אכוץ קאָלווירטניקעס אונ קוסטארנ; ווענ איבער 90% ייִדישע באפֿעלקערונג פֿארנעמט זיכ מיט פּראָדוקטיווער ארבעט — איצט שטייט גאנצ אנדערש די פֿראגע ווענ דער איבערוואנדערונג, אונ דערומ אויכ ווענ דער געזוערד־ארבעט.

איצט האנדלט זיכ דעריקער ווענ אויסניצנ די קאָלאָסאלע רײַכטימער פֿונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט פֿאר דער סאָציִאליסטישער בויונג פֿונ ווײַטנ מיזרעכ, ווענ באהערשנ די נאַ־

טירלעכע אויצרעס דורך אָרגאניזירטער ארבעט, וועגן פארוואנדלען בירעבידזשאַן אין א בליִענדיקער רײַכער און גוט באַזאָרגטער נאציאָנאלער געגנט, וועגן גרעסערע מעגלעכקײַטן פאר די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס צו בויען אין דער אווטאָנאָמער געגנט זייער קולטור, א נאציאָנאלע לויט דער פאָרם און א סאָציאַליסטישע לויטן אינהאלט. איצט זײַנען דערום אלס איבערוואנדערער נייטיק ענטוזיאסטן, וועלכע פארשטייען די באַדײַטונג פון דער געשאפענער געגנט און זײַנען גרייט צו בויען זי מיט האסטיקע טעמפּן, ניט געקוקט אף די פאראנענע שוועריקײַטן. איצט שטייט ניט נאָר די פראגע — ווער וויל פאָרן אין דער אווטאָנאָמער געגנט, נאָר ווער קאָן אהין פאָרן, ווער איז דאָרט נייטיק און נוצלעך.

איצט האנדלט זיך וועגן העלפן איבערדערציִען די איבערוואנדערער און פארוואנדלען זיי אין אקטיווע בויער פון דער אָנקלאסעווער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

די נײַע געאָגראפיש-קלימאטישע באדינגונגען, די נײַע עקאָנאָמיש-ווירטשאפטלעכע סוויווע, אין וועלכער עס לעבן די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס אין דער אווטאָנאָמער געגנט, העלפן שטארק מיט זייער פיזישער און גײַסטיקער איבערדערציִונג.

די הויפּט-אויפגאבע, וואָס שטייט איצט פארן געזערד, איז מיט אלע מעגלעכקײַטן דערציִען און צוגרייטן קאדרען און מיטהעלפן דער באזעצונג און באהערשונג פון דער יונגער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ברייט אָרגאניזירן וואָס מער ארבעטער און קאָלווירטניקעס צוהילף די איבערוואנדערער אין זייער שווערער ארבעט, ברייט פאנאנדערוויקלען די אויפקלער-ארבעט אין אלע אָרגאניזאציעס און מאָביליזירן צענדליקער טויזנטער ארבעטער און האָרעפּאַשניקעס פאר אינטערנאציאָנאלער פראָלעטארישער הילף דער נײַער אווטאָנאָמער געגנט און איר שעפערישער סאָציאַליסטישער בויונג.

א. קירזשניץ

# די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט

„די אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, האלט איכ, איז פאר אונדז באזונדערס ווערטפול דערמיט, וואָס דאָס גיט די מעגלעכקײַט, דורכ קאָנצענטרירנ באדײַטנדיקע ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ אינ דער פאָרמ פונ א מעלוכישנ איינס, אופהייבנ אפ א העכערער שטופע די קולטור־שטייגערישע באדינונג פונ די ראָזיקע מאסנ אונ שאפנ א פעסטנ באָדנ פארנ עקאָנאָמישנ אונ קולטורעלנ אופבלי פונ דער ייִדישער נאציאָנאליטעט.

די גרינדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט באטראכט איכ, אזוי־ארומ, ווי א רעזולטאט פונעמ קאָנסעקווענטנ דורכפירנ די נאציאָנאלע פאָליטיק פונ דער ראטנמאכט, וואָס איז געצילט צו באוואָרענענ דעמ עקאָנאָמישנ אונ קולטורעלנ אופבלי פונ אלע נאציאָנאליטעטנ, וואָס לעבנ בא אונדז אינ פארבאנד".

מ. אי. קאלינינ

פאָרזיצער פונ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט פונ פססר.

## 1. א קינד פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע



עמ 7־טנ מײַ 1934 האָט דער צענטראלער אויספיר-קאָמיטעט פונ פססר — דער העכסטער אָרגאנ פונ דער סאָוועטנ־רעגירונג — פארעפנטלעכט א דעקרעט, לויט וועלכנ דער בירע-בידזשאנער ראיאָנ איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינ באשטאנד פונ דעמ וויַיטמיזרעכדיקנ קאנט.

די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט — דער ייִנגסטער אווטאָנאָמער איינס אינ סאָוועטנ־פארבאנד אונ די איינציקע ייִדישע מעלוכע-אויסבילדונג אינ דער גאָרער וועלט — איז בעעמעס א לעבעדיקע קינד פונ דער גרויסער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ איינע פונ די בולטסטע אנטפלעקונגענ פונ דער לענינ-סטאלינשער נאציאָנאלער פאָליטיק, וועלכע די סאָוועטנ-רעגירונג פארווירקלעכט קאָנסעקווענט אינ באצוג צו אלע פילצאָליקע פעלקער, וואָס זײַנענ פארייניקט אינ דעמ פארבאנד פונ די סאָציאַליסטישע סאָוועטנ-רעפובליקנ, דערונטער, נאטירלעכ, אויכ צו די ייִדישע מאסנ.

דער היסטאָרישער דעקרעט פונ 7 מײַ 1934 וועגנ אויסבילדנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, וואָס זײַנ פאָליטישע אונ פראקטישע באדײַטונג איז ווירקלעכ קאָלאָסאל, איז, נאטירלעכ, געקומענ ניט צופעליק אונ ניט פלוצלינג. די פראָקלאמירונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינ סאָוועטנ־פארבאנד איז א רינג פונ א גאנצנ קאָמפלעקס פארשיידנארטיקע מאָסמיטלענ, וואָס די סאָוועטנ־רעגירונג האָט דורכגעפירט די גאנצע יאָרנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אינ באצוג צו די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ, א רינג, וואָס באקרוינט אָט די אלע מאָסמיטלענ, ליקווידירט די לעצטע שפורנ



לאווערענטיעוו — סעקרעטאר פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנטקאָמ אלקפּ(ב)

פונ דער פאקטישער נאציאָנאלער אומגלײַכהײַט פונ די ייִדישע מאסנ אונ דערהייבט זיי צו א זעלבּ־שטענדיק מעלוכישנ לעבנ, צוגלײַכ מיט אלע איבעריקע נאציאָנאליטעטנ פונ דעמ גרויסנ סאָוועטנ־פארבאנד.

די קאָלאָסאלע אונ פּילזײַטיקע פּאָליטישע אונ פּראקטישע באדײַטונג פונ דעמ היסטאָרישנ אקט פונ 7 מײַ 1934 ווערט באזונדערס בוילעט אינ שײַנ פונ דעמ זאָאָלאָגישנ נאציאָנאליזמ, ווילדנ שאָוויניזמ אונ ראסנ־האס, וואָס שטײַגנ אלצ מער אינ די פאשיסטישע לענדער; אינ שײַנ פונ דעמ אנטיסעמיטישנ שיידימ־טאנצ אינ היטלערישנ דײַטשלאנד; אינ שײַנ פונ דער שרעקלעכער נויט, דאלעס אונ פארצווייפלונג, אינ וועלכע עס געפינענ זיכ מיליאָנענ ייִדישע ארבעטנדיקע אינ פיל אנדערע גרעסערע אונ קלענערע קאפּיטאליסטישע לענדער. ניט אומזיסט האָט די פּראָקלאמירונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינ סאָוועטנ־פארבאנד ארויסגערופנ בא אָט די מאסנ אזא טיפ־פריידיקנ אָפּקלאנג. ניט אומזיסט האָבנ די ייִדישע מאסנ פונ פארשיידענע לענדער פונ אייראָפּע, אמעריקע, אפריקע אונ אווסטראליע אזוי הארציק אונ אופריכטיק באגריסט, — אונ פונ אייניקע לענ־דער אפילע געשיקט ספּעציעלע דעלעגאציעס צו באגריסנ — דעמ ערשטנ צוזאמענפאָר פונ די סאָוועטנ פונ דער יונגער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. ניט אומזיסט האָבנ די ייִדישע מאסנ אינ פארשיידענע לענדער אפ פילצאָליקע פארזאמלונגענ אונ פאָלק־מיטינגענ מיט באגײַסטערונג פארצייכנט די היס־טאָרישע דאטע — דעמ ערשטנ יאָרטאָג, זינט עס איז פּראָקלאמירט געוואָרנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט אינ סאָוועטנ־פארבאנד.

די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט אינ סאָוועטנ־פארבאנד איז ווירקלעכ א לעבעדיקער אונ אָנ־שוילעכער באווײַז פונ דער מעכטיקער באפרײַונג־קראפט, וואָס עס שטעלט מיט זיכ פאָר די אָק־



פ. כ א ו ו ק י נ — סעקרעטאר פונ געגנטקאָמ אלקפּ(ב) פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט און פונ בירעבידזשאנער שטאָטקאָמ

טיאבער-רעוואָליוציע, וועלכע האָט אפנ יעסאָד פונ קאָנסעקוועטנ פארווירקלעכנ די לענינ־סטאלינישע נאציאָנאלע פּאָליטיק פולשטענדיק ליקווידירט אלע שפּורנ פונ דער פארפלוכטער צארישער יערושע און ענדגילטיק געלייזט די אזויגערופענע „ייִדנ־פראגע“.

## 2. דאָס לאנד און זײַנע רײַכטימער

**גרענעצנ און טעריטאָריע**

די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז א באשטאנדטייל פונ דעמ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט פונ דער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער פעדעראטיווער סאָוועטנ־רעפּובליק (רספסר) און ליגט צו מײַרעוו פונ דער כאבאראָווסקער און צו מיזרעכ פונ דער אמורער געגנטנ פונ דעמ דאָזיקנ קאנט. די מיזרעכ-גרענעצ פונ דער ייִדישער געגנט איז דער לינקער ברעג פונ גרויסנ טײַכ אמור בא דער הויפּטשטאָט פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט — כאבאראָווסק; פונדאנענ גייט די גרענעצ מיטנ דאָזיקנ טײַכ צו דאָרעמ ביז צומ ייִשעוו פּאשקאָווע; דאָ פארקער־רעוועט זי צו צאָפנ, ציט זיכ לענגויס דעמ טײַכ כינגאנ, שנײַדט דורכ די אוסוריִער אײַזנבאנ-מאגיסטראל בא דער סטאנציע אָבלוטשיע, וועלכע איז די מײַרעוו-גרענעצ פונ דער געגנט; דערנאָכ הייבט זיכ אופ די גרענעצ אפ די קליינכינגאנער בערג און ציט זיכ אינ צאָפנ־מיזרעכדיקער ריכ-טונג ביז דעמ טײַכ רעכטער קאָסמונ, און דורכ דעמ טײַכ טונגוסקא ביז זײַנ ארײַנגוס אינ אמור צו צאָפנ פונ דער שטאָט כאבאראָווסק. אפ א שטעכ פונ 550 קילאָמעטער, לענגויס דעמ טײַכ אמור, איז די גרענעצ פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט גלײַכצײַטיק אויכ די מעלוכישע גרענעצ פונ דעמ סאָוועטנ־פארבאנד מיט מאנדזשאָו-גאָ.

די יידישע אווטאָנאָמע געגנט פאַרנעמט א טעריטאָריע פונ 34 טויזנט קוואַדראַט-קילאָמעטער. לויט איר טעריטאָריע, איז די יידישע געגנט גרעסער פונ האָלאַנד אונ בעלגיע אונ אָנדערהאַלבנ מאָל גרעסער פונ פאַלעסטינע, וועלכע פאַרנעמט א טעריטאָריע פונ 23 טויזנט קוואַדראַט-קילאָמעטער.

די יידישע אווטאָנאָמע געגנט ליגט צווישנ 130° אונ 135° מיזרעכדיקער לענג (פונ גרינוויטש) אונ צווישנ 47°—50° צאָפנדיקער ברייט, דה. קימאַט אינ דער זעלביקער געאָגראַפישער ברייט, ווי די שטאָט כאַרקאָוו אונ באַלטע אינ אוקראַינע, סטאַלינגראַד בא דעם טייַכ וואָלגע, ווי דאָרעם-דייַטשלאַנד אונ צאָפנ-שווייצ.

מער ווי א העלפט טעריטאָריע פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט (53%) איז באַדעקט מיט וואַלד; 16% טעריטאָריע באַשטייט פונ פייַכטע מאַסיוונ, וועלכע נייטיקנ זיכ אינ דרענאַזש, קעדיי מע זאָל זיי קאָנענ צופּאַסנ פאַר לאַנדווירטשאַפט; 14% טעריטאָריע זייַנענ לאָנקעס אונ פּאַשע, וואָס עס שאַפט ביז גאָר גינסטיקע באַדינגונגענ פאַר דער אַנטוויקלונג פונ פיצוכט. דער שעטעכ ערד, וואָס ווערט שוינ לאַנדווירטשאַפטלעכ באַאַרבעט, איז דערווייַל נאָכ גאַנצ קליינ אונ באַטרעפט עט-וואָס מער פונ 1% פונ דער גאַנצער טעריטאָריע פונ דער געגנט.

**רעליעפ**

לויט איר רעליעפ, קאָנ די יידישע אווטאָנאָמע געגנט אייַנגעטיילט ווערנ אינ צוויי גרונט-טיילנ. דער מייַרעוודיקער, דאָרעם-מייַרעוודיקער אונ צאָפנדיקער טיילנ פונ דער געגנט, וועלכע פאַרנעמענ ביז 60% פונ איר גאַנצער טעריטאָריע, שטעלנ מיט זיכ פאָר א באַרג-מאַסיוו. דאָ געפינענ זיכ די קליינכינגאַנער באַרג-קייט אונ די אָפּצווייַגונגענ פונ די בורייער אונ אולדורייער בערג. אינ צאָפנ-טייל פונ דער געגנט, לענגויס דעם רעכטנ ברעג פונעם טייַכ בירא, ציט זיכ דער באַרג שצוקי, וועלכער איז אַנ אָפּצווייַג פונ דעם קליינכינגאַנ. די העכסטע פונקטנ פונ דעם קליינכינגאַנ זייַנענ דאָ: דער באַרג לאָנדאָקאָ — 1 195 מעטער, סטאַנאָוויק — 550 מעטער, שצוקי — 530 מעטער אאַ. די אַלע בערג זייַנענ באַדעקט מיט וואַלד. די קליינכינגאַנער באַרג-קייט גייט צו האַרט צום טייַכ אַמור צווישנ די יישוווים קאַטערינאַ-ניקאָלסק אונ פּאַשקאָווע. די באַרג-קייטנ ציִענ זיכ אויכ צו צאָפנ פונ דער טראַנס-סיבירער אייַזנבאַנ-מאַגיסטראַל, וועלכע שנייַדט דורכ די יידישע אווטאָנאָמע געגנט פונ מייַרעוו צו מיזרעכ.

דער מיזרעכדיקער אונ דאָרעמדיקער טיילנ פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט, וועלכע פאַרנעמענ בא 40% פונ איר טעריטאָריע, זייַנענ נידעריק אונ גייענ אַרייַנ אינ באַשטאַנד פונ אַמורער פלאַכלאַנד. די נידעריקע טיילנ פונ דער געגנט דערהייבנ זיכ איבער דער יאַם-פלאַכ ניט מער, ווי אָפּ 80—90 מעטער. אויכ אָט דעם טייל פונ דער געגנט שנייַדנ דורכ איינצלנע בערג אונ בערגלעכ (סאָפּקעס): גרויס- אונ קליינ-טשורקי — 730 מעטער, אולדור — 518 מעטער, דאַור — 490 מעטער, די סאָפּקעס אינ דער שטאָט בירעבידזשאַנ, בא דער אייַזנבאַנ-סטאַנציע וואָלאָטשאַיעווקע, באַם יידישנ קאָלווירט בירעפעלד אונ פיל אַנדערע.

**דער באָדנ**

לויט זייַנ פיזישנ באַשטאַנד איז דער באָדנ אינ באַזונדערע טיילנ פונ דער געגנט א פאַרשיידנאַרטיקער. עס טרעפנ דאָ לייַכט- אונ שווער-ליימיקער, זאַמדיקער אונ האַלבזאַמדיקער אונ אויכ שוואַרצערדיקער באָדנ. דער באָדנ פונ אַמורער פלאַכלאַנד אונ פונ די טאָלנ בא די טייַכנ בירא אונ בידזשאַנ איז הויפּטזאַכלעכ א האַלבליימיקער אונ ליימיקער. די גרויסע צאָל רעגנס אינ זומער-פּעריאָד, די קנאַפּע אָנגעבויגנקייַט פונעם רעליעפ, די געדיכטקייַט פונ דעם גראָז-צודעק אונ די ליימיקייַט פונ דעם באָדנ, וואָס פאַרהאַלט די פייַכטקייַט אינ די אויבערשטע שיכטנ פונ דער ערד, זייַנענ די סיבעס דערפונ, וואָס דער באָדנ איז דאָ איבער-געזעטיקט אינ פיל ערטער מיט פייַכטקייַט, אונ אינ איייניקע ערטער אַפילע פאַרזומפּיקט. אָבער די דאָזיקע פאַרזומפּיקטקייַט, ווי עס האָט פעסטגעשטעלט דער פאַרשטאָרבענער געלערנטער ל. יאָזע-פאָוויטש אינ זייַנ וויסנשאַפטלעכנ ווערק „די פיזישע אייגנשאַפטנ אונ די אַגראָ-גענעטישע קלאַסי-פיקאַציע פונ בירעבידזשאַנער באָדנ", איז הויפּטזאַכלעכ אַנ א ו י ב ע ר פ ל ע כ ל ע כ ע, ווייַל די פייַכט-קייַט פונ באָדנ קומט פונ די רעגנס אונ ניט פונ אינערלעכע וואַסערנ. לויט דער אווטאָריטעטער באַהויפּטונג פונ אָט דעם געלערנטנ, קאָנ די דאָזיקע איבעריקע פייַכטקייַט דורכ דרענאַזש לייַכט באַזייַטיקט ווערנ פונ באָדנ. דערווייַל ווערנ די פייַכטע פלעצער אויסגענוצט אַלס לאָנקעס אונ פּאַשע-פעלדער.



י. ליבערבערג. פאָרזיצער פון געגנטלעכנ אויספּירקאָמ פונ דער ייִדישער אווטאָ־נאָמער געגנט

צווישנ די נידעריקע כארזומפּיקטע ערד־מאסיוונ, וועלכע מע רופט דאָ „מארי”, טיילנ זיכ אויס העכערע טרוקענע פּלעצער, וועלכע מע רופט דאָ „רעלקי”. די „רעלקעס” פארמאָגנ א לייַכטנ האלבליימיקנ אָדער האלבזאמדיקנ באָדנ אונ פונ אויבנ א שיכט הומוס (פוילערד) 10—14 סאנטי־מעטער די טיפ, אונ וואָס מאכט דעמ באָדנ ביז גאָר פרוכטבאר. די „רעלקעס” שטעלנ מיט זיכ פאָר גאנצ באדייַטנדיקע ערד-מאסיוונ, וועלכע דערגרייכנ אָפט ביז 5—7 טויזנט מעטער די ברייט.

אינ אלגעמיינ איז דער באָדנ פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט א ביז גאָר פרוכטבארער. אפ אימ וואקסנ גוט אלע טווּעס, פארשיידענע טעכנישע קולטורנ אונ אלערליי גאָרטנוואַרג. בא דער מעכאניזירונג פונ דער לאנדווירטשאפט אונ דער אָנווענדונג פונ פאָרגעשריטענער אגראָטעכניק קאָנ מענ זיכ דאָ דערשלאָגנ א הויכע גערעטעניש פונ אלע לאנדווירטשאפטלעכע קולטורנ.

### דער קלימאט

די גרונט־שטריכנ, וואָס כאראקטעריזירנ דעמ קלימאט פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, באשטייענ דערינ, וואָס דער ווינטער איז דאָ א טרוקענער, זוניקער אונ קאלטער, אונ דער זומער — א הייסער אונ אָפטמאָל א רעגנדיקער. די קלימאטישע באדינגונגענ פונ דער געגנט ווערנ באשטימט דורכ צוויי גרונט-פאקטאָרנ: די בארג־קייטנ, וואָס ציִענ זיכ איבער א גרויסנ טייל פונעמ לאנד, אונ די ווינט־שטראָמענ, וואָס בלאָזנ דאָ. אינ די ווינטער־מאָנאטנ בלאָזנ דאָ הויפּטזאכלעכ מייַרעווודיקע אונ צאָפנ-מייַרעווודיקע ווינטנ, וועלכע ברענגענ מיט זיכ פונ די צאָפנדיקע סיבירער פליינענ טרוקענע קעלט. זומער בלאָזנ דאָ מיזרעכ־דיקע אונ צאָפנ-מיזרעכדיקע ווינטנ, וועלכע ברענגענ מיט זיכ פונ פאציפישנ אָקעאנ ווארעמקייַט אונ פייַכטקייַט. דאָס פארורזאכט א באדייַטנדיקע ווארעמקייַט אונ היפשנ רעגנפאל אינ די זומערדיקע מאָנאטנ. די דורכשניטלעכע יאָריקע טעמפּעראטור איז אינ באזונדערע טיילנ פונ דער געגנט א פאר־שיידענע. אינ דעמ בארגיקנ טייל איז די דורכשניטלעכע טעמפּעראטור נידעריקער, איידער אינ פלאכלאנד. אינ ביראקאנ (בארגיקער טייל), צומבייַשפּיל, איז די דורכשניטלעכע יאָריקע טעמפּעראטור 0,9 גראדוס (לויט צעלזיוס) קעלט, אונ אינ קאטערינא-ניקאָלסק (פלאכלאנד)—1,2 גראדוס ווארעמקייַט. דער קאלטסטער מאָנאט איז דאָ יאנוואר. זייַנ דורכשניטלעכע טעמפּעראטור איז; אינ בארגיקנ טייל—

מינוס 27 גראַדוס, אין פלאַכלאַנד — מינוס 22 גראַדוס. עס טרעפן אָבער אויך איינצלנע טעג, ווען די טעמפּעראַטור פאַלט ביז 30, 35 און אַפילו ביז 40 גראַד. אָבער דער שטילער ווינטלאָזער וועטער, די באַרג-קייטן און די זוניקע טעג, וואָס עס שטייען דאָ אַלע ווינטער־מאָנאַטן, שוואַכן באַדייטנדיק אָפּ די פראָסטן און מאַכן דעם ווינטער מילד און אָנגענעם. דער סאַמע הייסער מאָנאַט איז יולי: זײַן דורכשניטלעכע טעמפּעראַטור איז אין באַרגיקן טייל 19 גראַדוס און אין פלאַכלאַנד—27 גראַדוס. עס טרעפן אָבער טעג מיט אַ באַדײַטנדיק העכערער טעמפּעראַטור. דער פרילינג און דער האַרבסט זײַנען דאָ הויפּטזאַכלעך וואַרעמע און טרוקענע. די דויערהאַפטיקײַט פון דעם וווּקס-פּעריאָד איז: אינעם מײַרעוו־טייל פון דער געגנט 162 טעג, און אין דאָרעם-טייל — 176 טעג. דאָס איז פול-שטענדיק גענוג, כּדי עס זאָלן קאָנען צײַטיק ווערן אַלע טוווּעס, די טעכנישע קולטורן, גאָרטן-וואַרג און אַפילו רײַז.

דער אַלגעמיינער סכום אַטמאָספער-אָפּזאַצן, וואָס פאַלט אַרויס אין משך פון יאָר, איז אין באַרגיקן טייל אַ גרעסערער, איידער אין פלאַכלאַנד. אין בירא, צום בײַשפּיל, באַטרעפט ער 639 מילימעטער, און אין קאַטערינא-ניקאָלסק — 520 מילימעטער.

פון קיין פאַרטריקענישן ווייסט ניט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. קליינע פאַרפרייצונגען, וואָס פאַרטרינקען די נידעריקע טיילן פון די לאָנקעס, פלעגן דאָ פאָרקומען פּעריאָדיש איין מאָל אין 3—5 יאָר.

אין אַלגעמיין איז דער קלימאַט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אַ ביז גאָר געזונ-טער — דאָ זײַנען ניט פאַראַן קיין שום ספּעציפישע קראַנקײַטן — און זייער אַ גינסטיקער פאַר דער לאַנדווירטשאַפט.

**פלאָרע און פאונע**

די פלאָרע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז זייער רײַך און פאַרשיידנ־אַרטיק. די קאָלאָסאַלע וואַלד־מאַסיוון זײַנען רײַך מיט צעדערביימער, רויטביימער, טענענביימער; עס זײַנען דאָ אויך ברייט פאַרשפּרייט: די סאָסנע, דער מאָנגאָלישער דעמב, די ווײַסע און שוואַרצע בעריאָזע, מאַנדזשורער לינדבוים, מאַנדזשורער נוס־בוים, דער קאָרקנבוים, יאַסען אאַ. די מער פאַרשפּרייטע דאָ ביימער־מינים גיבן אַן אויסגעצייכנטן מאַטעריאַל פאַר הײַזער־בויונג, פאַר מעבל, פּאַפּיר, אַוויִאַציע-אינדוסטריע און כימישער פּראָדוקציע. פון ווילדע פרוכט-ביימער און שטרויכער זײַנען דאָ פאַראַן: פלוימען־בוימער, עפּל, באַרנעס, אַמור־רער ווײַנטרויבן, אַגרעסן, מאַלינעס, ווײַמפּערלעך אאַ. אין די וועלדער וואַקסן אויך פאַרשיידענע יאַגעדעס: ברוסניצעס, זשוראַווינעס, בלאָע יאַגעדעס. אַ וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציע פון דעם באַרימטן מיטשורין־אינסטיטוט האָט אויסגעפאָרשט אַ טייל פון די פרוכט־און יאַגעדעס-מאַסיוון פון דער געגנט און אַנערקענט, אַז פיל פון זיי קאָן מען קולטיווירן. דאָס באַשטעטיקט אויך די פּראַקטיק פון דעם ייִדישן קאָלווירט וואַלדהיים, וועלכן עס האָט זיך פולקום אײַנגעגעבן צו קולטי־ווירן ווילדע מאַלינעס. די ספּעציעלע באַראַטונג פון די פרוכטציכטלער פון ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט, וועלכע איז פאָרגעקומען אין 1934, האָט, דיסקאָנטירנדיק די פּאָזיטיווע דערפאַרונג פון וואַלדהיים, באַשטימט צו אָרגאַניזירן דאָרט אַ פרוכט-און יאַגעדעס-ווירטשאַפט פון געגנטלעכן מאַסשטאַב. פאַרשיידיינע מינים פרוכטן און יאַגעדעס ווערן טיילווײַז קולטיווירט אויך אין אייניקע ניט־ייִדישע קאָלווירטן פון בײַ־אַמורער פּאַס. פאַר די לעצטע צוויי יאָר האָט די געווערב-אינדוסטריע פון דער ייִדישער געגנט אָנגעהויבן צוביסלעך איבערצואַרבעטן די וואַלד-פרוכטן און יאַגעדעס. אין 1933 און 1934 האָט דער געווערב-אַרטעל „כימפּראָדוקט“ (שפּעטער — „שפּײַז־פּראָדוקט“) פּראָדוצירט פון זיי פאַרשיידענע מינים אײַנגעמאַכטס, ווײַן. אין בײַאַמורער פּאַס, אין קאָרייִשן קאָלווירט אָפּן נאָמען פון כ' וואָראָשילאָוו, איז געמאַכט געוואָרן אַ געלונגענער פּרוּוו צו קולטיווירן דעם ווײַדבוים.

די ברעגלאָזע לאָנקעס פון דער געגנט זײַנען באַדעקט מיט פילפאַרביקע בלומען, ווי דער איריס, מײַ-גלעקלעך, טיולפּאַן, און אויך מיט פאַרשיידענע מינים מעדיצינישע געוויקסן, ווי מענטע, וואַלעריאַן־וואָרצלען אאַ.

פון פעלד־און גאָרטן-קולטורן וואַקסן דאָ: ווייץ, קאָרן, האָבער, גערשטן, לײַן, פלאַקס, האָפּן,



יִדישע אװטאָנאָמע געגנט. קאָלװירט „איקאָר"

ריַיז, משומיזע און פּייזע (מאנדזשורער קערנער-קולטורג), קארטאָפּל, בעבלעכ, ארבעס, קוקורוזע, בורעקעס, צוקער-בורעקעס, טאָמאטנ, אוגערקעס, מערנ, ציבעלע, זונרויזנ, פעפער, קירבעס, קאװענעס און פיל אנדערע.

די לאָנקעס און װעלדער פונ דער געגנט זיַינען אויסערסט ריַיכ מיט פארשיידענע האָניק־געװיקסנ. לויט די אויסרעכענונגענ פונ א ספּעציעלער װיסנשאפטלעכער עקספּעדיציע פונעם פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר ערד־ארבעט, קאָנענ די האָניק-געװיקסנ פונ דער געגנט אויסהאלטנ מיט שפּיַיז בינענ פונ 500 טויזנט בינשטאָקנ.

ריַיכ און פארשיידנארטיק איז אויכ די פאונע פונ דער יִדישער אװטאָנאָמער געגנט. די גרעסטע װירטשאפטלעכע באדיַיטונג האָבנ די פּוטער־כיַיעס, װאָס גיבנ װערטפולנ רויװארג. דאָס זיַינענ אינ דער ערשטער ריי די װעװערקע, דער טכויר, דער סויבל, דער ביבער. עס טרעפנ דאָ, האגאָמ זעלטענער, דער בער, דער פוקס און דער טונגוסער טיגער. פונ אנדערע נוצלעכע כיַיעס, װאָס גיבנ װערטפולנ פעל אָדער פלייש, דארפ מענ פארצייכענענ דעם װילדנ כאזער, דעם הירש,

די ווילדע ציג און דעמ איזיובר, וואָס זײַנע יונגע הערנער ווערן, צוליב זייער מעדיצינישער באַדײַטונג, זייער הויכ געשאצט אינ כינע. די וועלדער פונ דער געגנט זײַנען אויכ רײַכ מיט פויגלען, ווי געגדז, קאטשקעס, נאזאנעס, האָזלהינער (ריאבשטיקעס) אא.

פונ הויז-כײַעס זײַנען דאָ פאראנ: פערד, קי, ציגנ, כאזיירימ, שעפּסנ, הינער, קעצ, הינט אא.

די גרויסע צאָל טײַכנ און טײַכלעכ, וואָס שנײַדנ דורכ די געגנט אינ אלע ריכטונגען, זײַנען ביז גאָר רײַכ מיט פילצאָליקע מינימ פיש: קעטא, וואָס גיט פיל רויג, ווײַס־פיש, קאַרעס, קארפּ, סאזאנ, העכט, אָקונ, מענצ (נאלימ), וועלז (סאָמ), שנעפּל (סיג) אא. אינ דער געגנט זײַנען פאראנ באַ 10 קאָלווירטנ, וואָס פארנעמען זיכ הויפּטזאכלעכ מיט פישפאנג. דער יידישער קאָלווירט „איקאָר" האָט א שטענדיקע פישער-בריגאדע. פישער־בריגאדעס איז אויכ פאראנ אינ אייניקע ראטווירטנ און קאָלווירטנ. די קעטא־פיש, אלס א מער ווערטפולנ מינ, קולטיווירט מענ דאָ אויכ קינסטלעכ. ארומ דעמ ייִשעוו לאָנדאָקאָ איז פאראנ א פיש-זאוואָד, וואָס לאָזט ארויס אינ די טײַכנ פונ דעמ ווײַטנ מיזרעכ, סיביר אא. געגנטנ פונ דעמ סאָוועטנ־פארבאנד ביז 60 מיליאָנ קעטא־רויגלעכ א יאָר.

עס דארפ אויכ דערמאָנט ווערנ דער אזויגערופענער „גנוס", דה. פליגעלעכ, וועלכע טרעפנ אינ די וואלדיקע, פײַכטע, הויפּטזאכלעכ — אינ די נאָכ ניט־באוווינטע פלעצער. אינ דער ווילדער טײַגע און אינ די נאָכ ניט־באהערשטע טיילנ פונ לאנד פארשאפנ אָט די פליגעלעכ באשטימטע אומאָנגענעמלעכקײַטנ כײַ די פּי סײַ די מענטשנ. ווי נאָר דער געגעבענער פלאצ ווערט באזעצט און באהערשט, פארשווינדנ פונ דאָרט די פליגעלעכ. אינ א מער טרוקענעמ זומער זײַנען די דאָזיקע אינזעקטנ פאראנ פיל ווינציקער, איידער אינ א שטארק רעגנדיקנ.

## וואלד-רײַכטימער

איבער א העלפט טעריטאָריע פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט איז, ווי געזאָגט, באדעקט מיט וועלדער, וועלכע פארמאָגנ א קאָלאָסאלנ סכומ ווערטפולע מינימ ביימער, וואָס גיבנ מאטעריאלנ פאר די בויונגען פונ דער געגנט, און טיילווײַז אויכ פאר דעמ גאנצנ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט, און רויוואַרג פאר פארשיידענע אינדוסטריע־צווײַגנ.

די וואלד-מאסיוונ פונ דער געגנט פארנעמען א שעטעכ פונ איבער 18 000 קוואדראט-קילאָמעטער. לויט די פאראנענע סטאטיסטישע אָנגאבנ, באטרעפנ די רעזערוונ פונ צײַטיקנ וואלד 243 מיליאָנ קובאָמעטער, און דאָס איז בלויז עטוואָס מער פונ א דריטל ($37^{0}/_{0}$) פונ דעמ אלגעמיינעמ סכומ וואלד, וואָס עס פארמאָגט די געגנט.

לויט די אויסרעכענונגען פונ דעמ געלערנטנ אגראָנאָמ אי. קאמענעצקי, וואָס זײַנען געווען פארעפנטלעכט סאָפּ 1934 אינ מאָסקווער „עמעס", ווערנ די רעזערוונ פונ צײַטיקנ וואלד, וועלכע די יידישע געגנט פארמאָגט, אזוי איינגעטיילט לויט פארשיידענע מינימ: צעדער — 33 מיליאָנ קוביקמעטער, סאָסנע — 28 מיליאָנ, פיכטנבוימ — 18 מיליאָנ, רויטבוימ — 68 מיליאָנ, בעריאָזע — 58 מיליאָנ, לינדבוימ — 10 מיליאָנ, דעמב — 8 מיליאָנ, יאסענ — 1 מיליאָנ און פארשיידענע אנדערע מינימ בלעטער־ביימער — 20 מיליאָנ קוביק-מעטער.

אפ דער באזע פונ אזעלכע קאָלאָסאלע וואלד־רײַכטימער האָט די געגנט אלע מעגלעכקײַטנ ברייט צו אנטוויקלען די האָלצבאארבעטנדיקע און וואלדכימישע אינדוסטריע.

זייער גינסטיק פאר דער עקספּלואטאציע פונ די וואלד־רײַכטימער איז אויכ דאָס, וואָס די יידישע געגנט איז רײַכ מיט טײַכנ, מיט וועלכע מע קאָנ טרײַבנ דאָס געהילצ צו די ייִשוּוימ און באנ-סטאנציעס, וווּ עס געפינען זיכ געוויינלעכ די געהילצ-זאוואָדנ און די נײַע בויונגען.

מיט פאנאנדערארבעטנ די וואלד-רײַכטימער אינ דער יידישער געגנט פארנעמען זיכ איצט דער געגנט־וואלדווירט, דער וואלדכימגעווערב-פארבאנד, די געגנטלעכע בוי־אָרגאניזאציעס אא.



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. דער רעכטער ברעג פונ כינגאנ באם ייִשעוו אָבלוטשיע

מינעראלע ריַיכטימער

די פלאנמעסיקע אונ סיסטעמאטישע דערלערנונג פונ די מינעראלע ריַיכטימער פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָט זיכ פאקטיש אָנגעהויבנ אינ פעריאָד פונ דעמ ערשטנ פינפיאָר. פאר אָט דער צײַט האָבנ אפ דער טעריטאָריע פונ דער ייִדישער געגנט געארבעט עטלעכע געאָלאָגישע עקספעדיציעס אונ אויסשפיר-אָפּ-טיילנ, וועלכע האָבנ באדײַטנדיק א רוק געטאָנ די זאכ פאָרויס. פאר אָט די לעצטע יאָרנ איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרנ א געאָלאָגישע מאפע פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, עס זײַנענ אנטדעקט געוואָרנ נײַע געבויר־ערטער פונ א ריי מינעראלנ, עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרנ זייער אינדוסטריעלע באדײַטונג אאוו.

די געאָלאָגישע עקספעדיציעס פונ די יאָרנ 1932—1934 האָבנ פעסטגעשטעלט, אז די געבויר-ערטער פונ אײַזנארצ אינ די אָפּצווײַגונגענ פונ קליינכינגאנ פארדינענ די גרעסטע אויפמערקזאמקײַט סײַ לויט זייער קוואנטיטעט סײַ לויט זייער קוואליטעט.

לויט די מאטעריאלנ, וואָס עס האָט פארעפנטלעכט דער שעפ פונ דער געאָלאָגישער עקספעדיציע פונ לענינגראדער געזערד, ז. אבדולאיעוו, ווערנ די רעזערוונ אײַזנארצ פונ די דאָרעמדיקע געבויר-ערטער אָפּגעשאצט אינ 300 מיליאָנ טאָנ, אונ פונ די צאָפנדיקע — אינ 600 מיליאָנ טאָנ. דער אנאליז פונ צאָפנדיקנ אײַזנארצ האָט פעסטגעשטעלט, אז זײַנ קאָנצענטראט אנטהאלט פונ 50 ביז 55 פראָצ. אײַזנ.

אינ 1933 איז אפ דער טעריטאָריע פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אנטדעקט געוואָרנ א דריטער געבויר־אָרט פונ אײַזנארצ, דער מיזורעכדיקער, וועלכער געפינט זיכ גאָר נאָענט בא דער מאַגיסטראל פונ דער אוסוריער א_זנבאנ. ווי עס באהויפטנ די געאָלאָגנ ס. מוזילאָוו אונ א. סאוועשענקאָ, אנטהאלט אינ זיכ דאָס אײַזנארצ פונ דעמ נײַעמ געבויר-אָרט פונ 56 ביז 60 פראָצ. אײַזנ.

אינ 1934 יאָר האָט אנ אויסשפיר־געאָלאָגישער אָפּטייל אנטדעקט אינ ראיאָנ פונ דער אײַזנבאנ־סטאנציע קימקאנ 6 נײַע אײַזנארצ-פלעצער, וואָס זייערע רעזערוונ ווערנ אָפּגעשאצט אינ בערעכ 170 מיליאָנ טאָנ.

לויט די גאָר לעצטע אָנגאבנ, ווערנ די אלגעמיינע געאָלאָגישע רעזערוונ אײַזנארצ אינ קליינכינגאנ אונ זײַנע אָפּצווײַגונגענ אָפּגעשאצט אינ איבער 3 מיליארד טאָנ.

אויסער אײַזנארצ, זײַנענ אפ דער טעריטאָריע פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט פאראנ א ריי וויכטיקע געבויר־ערטער פונ גראפיט, וועלכע דער געאָלאָג אבדולאיעוו אנערקענט פאר די רײַכסטע אינ דער וועלט. בלויז די געבויר־ערטער באמ דאָרפ סאָיוזנע (באמ טײַכ



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. די ערשטע קוילן־שאכטע בא דער סטאנציע בירא

אמור) קאָנען געבן ביז א מיליאָן טאָן. דער ארויסבאקום פון בלויז אָט די געבויר־ערטער איז, לויט אבדולאיעווס אויסרעכענונגען, פולשטענדיק גענוג אף צו באפרידיקן אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן די באדערפענישן אין גראפיט פון דעם ווייַטמיזרעכדיקן קאנט, פון דעם גאנצן סאָוועטן-פארבאנד און עס וועט נאָך בלייַבן אפילע צום עקספאָרטירן (זשורנאל „טריבונא“, 1934, נום. 2).

אין דרייַ ראיאָנען פון דער ייִדישער געגנט זייַנען אַנטדעקט געוואָרן געבויר-ערטער פון מאגנעזיט, אין וועלכן עס נייטיקט זיך די מעטאלורגישע אינדוסטריע, די צעמענט-אינדוסטריע אא. די אנטפלעקטע געבויר-ערטער קאָנען, לויט די פאָרלויפיקע אויסרעכענונגען, געבן עטלעכע צענדליק מיליאָן טאָן מאגנעזיט. ווי עס טיילט מיט דער פּראָפעסער קריסטאָפאָוויטש, זייַנען אין די ארץ־מוסטערן, וואָס עס האָט געבראכט די געאָלאָגישע עקספּעדיציע פון לענינגראדער געזערד, אנטדעקט געוואָרן דורך א לאבאָראטאָריע-אנאליז א ריי זעלטענע מינעראלן, ווי וואָלפראמיט, שיאליט, מאָנאציט און קאסיטעריט.

געבויר־ערטער פון גאָלד זייַנען אף דער טעריטאָריע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט געווען באוווּסט פון לאנג. די עקספּעדיציעס פון די לעצטע יאָרן האָבן אנטדעקט א ריי נייַע פלעצער, וואָס אנטהאלטן גאָלד, אף א גרויסן שטעך פון דעם סוטארער טאָל ביז צום ברעג פון טייַך אמור.

די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט פארמאָגט קאָלאָסאלע רעסורסן קאלך, וועלכע זיכערן פולשטענדיק די בויונגען פון דער געגנט און טיילווייַז אויך פון דעם ווייַטמיזרעכדיקן קאנט; מירמלשטיין פון פארשיידענע קאָלירן,—ווייַסער, העלבלויער, העלרויטער — וואָס לאָזט זיך לייכט באארבעטן צוליב פארשיידענע דעקאָראטיווע צוועקן; פארשיידענע בוי-מאטעריאלן, ווי גראניט, באזאלט, פּאָרפיר אא.

אף דער טעריטאָריע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זייַנען אויך פאראן געבויר-ערטער פון שטיינקוילן. דערווייַל האָט מען אויסגעפאָרשט א קליינעם שטעך אף טורוקער בערגל בא דער אייַזנבאן-סטאנציע בירא. לויט זייַנע רעזערוון האָט דאָס דאָזיקע געבויר-אָרט בלויז אן אָרטיקע באדייַטונג. אין 1935 הייבט מען דאָ אָן ארויסצובאקומען שטיינקוילן פאר די באדערפענישן פון דעם אייַזנבאן-טראנספּאָרט.

34 קילאָמעטער צו צפון פון דער אייַזנבאן־סטאנציע ביראקאן, אף א זעלטן שיינעם פלאץ, געפינט זיך א ווערטפולער קוראָרט קולדור, וועלכער פארמאָגט 10 הייסע שוועבלוויער-



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. איבערוואנדערער פון דײַטשלאנד בויען זומער-בײַדלעך

קוואלן, וואָס זייער טעמפעראטור דערגרייכט ביז 73 גראדוס לויט צעלזיוס. אין קולדור זײַנען אויסגעבויט 4 סאנאטאָריעס אף 350 פּלעצער, וואנעס און פארשיידענע הייל-קאבינעטן. לויט זײַנע הייל-אייגנשאפטן איז קולדור ענלעך צום בארימטן צאָפן-קאווקאזער קוראָרט פיאטיגאָרסק. אין קולדור היילט מען פון רעוומאטיזם, נערוון-קראנקײַטן, וועגערישע קראנקײַטן,ביינער-טובערקוליאָז און פרויען-קראנקײַטן. דערווײַל באניצן זיך מיטן קוראָרט בא 3000 מענטשן א יאָר. אין קולדור פאָרן היילן זיך קראנקע פון דעם גאנצן ווײַטמיזרעכדיקן קאנט.

אָט די אלע פילצאָליקע קאָלאָסאלע מינעראלע רײַכטימער האָבן באוועגט דעם אקאדעמיקער קאָמאראָוו, דעם וויצע-פרעזידענט פון דער אלפארבאנדישער וויסנשאפט-אקאדעמיע, עפנטלעך צו דערקלערן, אז די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז „דער פערל פון דעם סאָוועטישן ווײַטן מיזרעך".

**טראנספּאָרט און פארבינדונג**

אף א שטעכ פון 340 קילאָמעטער פון מײַרעוו צו מיזרעך, פון דער סטאנציע אָבלוטשיע ביז דער שטאָט כאבאראָווסק, שנײַדט דורך די טעריטאָריע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט די אוסוריַער אײַזנבאן-ליניע, וועלכע איז א באשטאנד-טייל פון דער גרויסער טראנס-סיבירער אײַזנבאן-מאגיסטראל, וואָס פארייניקט די הויפּט-שטאָט פון סאָוועטן-פארבאנד — מאָסקווע — מיטן וויכטיקסטן סאָוועטישן האפן אפן ברעג פון פאציפישן אָקעאן — מיט דער שטאָט וולאדיוואָסטאָק.

אף דער טעריטאָריע פון דער ייִדישער געגנט זײַנען פאראן 4 גרויסע אײַזנבאן-סטאנציעס — אָבלוטשיע, בירעבידזשאן, בירא, און סמידאָוויטש — און א ריי קלענערע — ביראקאן, לאָנדאָקאָ, וואָלאָטשײַעווקע, ניקאָלײַעווקע, פּאָקראָווקע אא.

איינער פון די גרעסטע אין סאָוועטן-פארבאנד טײַכן — דער אמור — שנײַדט דורך די טעריטאָריע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אף א שטעכ פון 550 קילאָמעטער. דער טײַך אמור פארבינדט דורך א שיף-פארקער די בײַ-אמורער ראיאָנען פון דער געגנט (סטאלינסקער און בליוכעראָווער) מיט די שטעט בלאגאָוועשטשענסק און כאבאראָווסק. א שיף-פארקער איז מעגלעך אײַנצושטעלן אויך איבער די טײַכן בירא און טונגוסקע.

אין 1934 איז אין דער געגנט אײַנגעשטעלט געוואָרן א רעגולערער אווטאָבוס-פארקער און א לופט-פארבינדונג מיט די ווײַטסטע ראיאָנען. די פּאָטשט ווערט איצט אהין צוגעשטעלט אין מעשעך פון צוויי שאָ, אָנשטאָט דעם, וואָס פריִער פלעגט עס געוויינטלעך דויערן 6—8 טעג.

## 3. א בלעטל געשיכטע

מיט 300 יאָר צוריק

אינמיטנ XVII יאָרהונדערט האָבנ אפ א טייל טעריטאָריע פונ דער איצטיקער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט געלעבט צוויי מאנדזשור-טונגוסער שוואָטים — דאורנ אונ דוטשערנ, וועלכע האָבנ אויסגעוואנדערט פונ מאנדזשוריע. די דאָזיקע שוואָטים האָבנ באווינט א לאנגנ שמאָלנ פאס לאנד פאראלעל צום טײַך אמור.

אָט די שוואָטים האָבנ נאָכ מיט 300 הונדערט יאָר צוריק ברייט אנטוויקלט דאָ די לאנדווירטשאפט. זיי האָבנ געזייט ווייצ, האָבער אונ הירזש, גאָרטנווארג — קארטאָפל, אוגערקעס, טאָמאטנ אא. זיי האָבנ אויכ באניצט זיכ מיט די ווילדע פרוכטנ פונ לאנד. א טייל פונ די דאָזיקע שוואָטים האָט זיכ באזעצט ארום דעם טײַכ סונגארי, ווו עס זײַנענ פאראנ גוטע לאָנקעס. אָט די האָבנ זיכ פארנומענ אויכ מיט פיצוכט. זיי האָבנ געהאָדעוועט פערד, קעמלענ, כאזיירים, שעפסנ אונ פארשיידענע אויפעס. א טייל פונ זייערע לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטנ האָבנ די דאורנ אונ דוטשערנ רעגולער ארויסגעפירט אפ צאָפנ אונ צאָפנ-מיזרעכ אינ דאָרט אויסגעביטנ עס אפ רויכווארג בא די טונגוסנ, גאָלדנ אונ היליאקעס, וועלכע האָבנ זיכ פארנומענ הויפטזאכלעכ מיט יעגערײַ. דאָס רויכווארג פלעגנ די דאורנ אונ דוטשערנ שפּעטער אויסבײַטנ בא די כינעזער אפ מאנופאקטור אונ פארשיידענע מעטאלישע אויסארבעטונגענ.

אינ 1639 האָט די צארישע רעגירונג דערוווּסט זיכ דורכ די טונגוסנ, אז באם אמור וווינענ פעלקער, וועלכע באארבעטנ דעם באָדנ אונ נעמענ אראָפ רײַכע געראָטענישנ. אינ 1643 האָט די צארישע רעגירונג באפוילנ דעם אטאמאנ פּאָיארקאָוו ארויסצוטרעטנ מיט א מיליטערישער עקספּעדיציע צום אמור, אונטערוואָרפנ די דאָזיקע פעלקער אונטער דעם צארס הערשאפט אונ ארופלייגנ אפ זיי א באשטימטנ שטײַער. פּאָיארקאָוו האָט דעם דאָזיקנ באפעל אויסגעפילט אונ ארופגעלייגט אפ די דאורנ אונ דוטשערנ גרויסע צינזנ. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער צאר געשיקט אהער א צווייטע עקספּעדיציע אינ שפּיצ מיטנ סויכער כאבאראָוו, וועלכער האָט אזוי געטרײַ אויסגעפילט דעם צארס שליכעס, אז די דאורנ אונ דוטשערנ זײַנענ געווענ געצווונגענ אינגאנצנ צו פארלאָזנ דאָס לאנד, אונ זיי האָבנ זיכ אומגעקערט צוריק קיינ מאנדזשוריע. נאָכ דעם איז אָט דער גאנצער פאס לאנד באם אמור אפ מער ווי הונדערט יאָר געבליבנ וויסט אונ פארלאָזנ.

60 יאָר צארישע קאָלאָניזאציע

אינ די יאָרנ 1857 — 1860 האָט די צארישע רעגירונג דורכ אָפּמאכנ מיט די כינעזישע קייסאָרימ ענדגילטיק פארפעסטיקט איר הערשאפט איבער אָט דער געגנט אונ אָנגעהויבנ צו באזעצנ זי. די ערשטע צײַט האָט דער צאריזמ געפרווּט קאָלאָניזירנ דאָס לאנד דורכ צוואנג-מיטלענ. די ערשטע קאָלאָניזאטערס פונ דעם ראיאָנ זײַנענ געווענ די טראנס-בײַקאלער קאזאקנ. אינ קליינע, פלאכע שיפלעכ האָט מענ זיי מיט זייערע פרויענ אונ קינדער, פי אונ שטוביקע באלעבאטישקײַט, וואָכנלאנג געפירט איבער די טײַכנ שילקאָ אונ אמור, אונ דאָ האָט מענ זיי ארויסגעזעצט אפ א וויסטנ ברעג אונ איבערגעלאָזט זיי אָנ שום הילפ אונ שטיצע. א היפש ביסל קאזאקנ, איבערהויפּט פרויענ אונ קינדער, זײַנענ דאָ אומגעקומענ אינ די ערשטע יאָרנ. דער צארישער רעגירונג האָט דאָס אָבער ווינציק וואָס געקימערט, אונ זי האָט אינ מעשעכ פונ איבער 10 יאָר מיט דער זעלביקער ברוטאלקײַט געפירט די צוואנג-קאָלאָניזאציע פונ דעם בײַאמורער-פאס. פאר אָט דער צײַט זײַנענ דאָ געשאפנ געוואָרנ 32 קאזאקישע יישוּווימ, וועלכע זײַנענ געווענ באַרופנ צו דינענ די אימפעריאליסטישע צילנ פונ דעם צאריזמ.

אינ 1871 האָבנ זיכ אינ דעם זעלביקנ ראיאָנ באזעצט קאָרייער, וועלכע האָבנ אויסגעבויט דאָס דאָרפ בלאגאָסלאָווענע, ווו עס געפינט זיכ איצט דער קאָרייִשער קאָלווירט „וואָראָשילאָוו". אינ די 90-ער יאָרנ פונ פאָריקנ יאָרהונדערט האָבנ געקומענע פישער אויסגעבויט די דערפער וואלדימיראָווקע אונ פּאָקראָווקע (ארומ כאבאראָווסק).

אינ 1908 האָט די צארישע רעגירונג דאָ אויסגעטיילט אנ ערד-מאסיוו פונ 300 טויזנט העקטאר פאר נײַע איבערוואנדערער. אָבער דער דאָזיקער ערד-מאסיוו איז געבליבנ קימאט אינגאנצנ ניט באזעצט. באטראכטנדיק סיביר אונ דעם ווײַטנ מיזרעכ בלויז ווי קאָלאָניעס, ווי פלעצער צו



יִדישע אווטאָנאָמע געגנט. מע טריקנט פיש (קאָל־ווירט „איקאָר״)

פארשיקן רעוואָליוציאָנערן און קרימינעלע פארברעכער, האָט די צארישע רעגירונג ערנסט ניט גע־זאָרגט פאר די איבערוואנדערער, ניט געהאָלפן זיי צו באהערשן דאָס טײַגע-לאנד, און דעריבער האָט זיך בלויז א נישטיקער פראָצענט פון זיי פארפעסטיקט.

אין 1916, ווען עס האָט זיך פארענדיקט די בויונג פון דער אוסורער אײַזנבאן, זײַנען גע־שאפן געוואָרן בא 10 אײַזנבאן-יִישוּווים.

אין די יאָרן פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע און בירגערקריג, וועלכער האָט דאָ, צוליב דער יאפּאַנישער אינטערווענץ, פארצויגן זיך ביז סאָף 1922, האָט די באפעלקערונג אין דעם ראיאָן אפילע עטוואָס פארקלענערט זיך, די ווירטשאפט איז פאראָרעמט און רוינירט געוואָרן.

דער אַלגעמיינער סאכאקל פון דער צארישער קאָלאָניזאציע איז אן אויסערסט נישטיקער. פאר 60 יאָר האָט זיך דעם צאריזם ניט אײַנגעגעבן צו באהערשן אפילע דעם אײַזנבאן־פאס, ניט רייון־דיק שוין פון די זײַטיקע און ווײַטערע טיילן פון דעם ראיאָן.

ערשט זינט 1925, ווען די סאָוועטן־רעגירונג האָט באקימען די מעגלעכקײַט צו פאנאנדער־וויקלען ברייט די אופשטעלונג פון דער ווירטשאפט אין דעם ווײַטמיזרעכדיקן קאנט, האָט אויך אָט דער ציל זײַנער אָנגעהויבן ביסלעכווײַז אופצולעבן. פאר די יאָרן 1926 — 1927 זײַנען אפ דער טעריטאָריע פון דער איצטיקער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט געקומען און פארפעסטיקט זיך בא 3000 נײַע איבערוואנדערער, וועלכע האָבן אויסגעבויט עטלעכע נײַע יִשוּווים און פארנומען זיך מיט לאנדווירטשאפט.

## ערעוו דער יִדישער איבערוואנ־דערונג

וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס לאנד, ווו עס איז אין 1934 אויסגעבילדעט געוואָרן די יִדישע אווטאָנאָמע געגנט, מיט 7 יאָר צוריק, דה. איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די איבערוואנדערונג אהער פון יִדישע ארבעטנדיקע.

אָנהייב 1928 איז דאָ געווען א באפעלקערונג פון 34 טויזנט נעפאשעס, צווישן זיי 70% רוסן, 10% קאָרייער, 6,8% אוקראינער, צו 1,6% ווײַסרוסן און כינעזער, 1% צאָפן־פעלקער אא.

די געוועזענע קאזאקן, וואָס האָבן באוווינט דעם לינקן ברעג פונעם טײַך אמור, האָבן גע־פירט א פרימיטיווע פויערישע ווירטשאפט, וועלכע איז ס'ראָוו געווען אויסגערעכנט הויפּטזאכלעך אפ די אייגענע געברויך-באדערפענישן. „פארוואָרפן אין דער טײַגע מיט אירע טיפע וועלדער און ווילדע כײַעס, — לייענען מיר אינעם באריכט פון דער עקספערטן־קאָמיסיע פון אמעריקאנער „איקאָר״, וועלכע האָט אין 1929 אויסגעפאָרשט בירעבידזשאן, — האָבן די אלטע קאָלאָניסטן גיך צוגעפאסט זיך צו דער נײַער סוויווע, אויסגעלערנט זיך בא די אײַנגעבוירענע די קונסט פון יעגערײַ און פישפאנג, און זיי געמאכט פאר די הויפּט-באשטאנדטיילן פון זייער ווירטשאפט״ (ז. 22). די קאָרייער האָבן פלײַסיק באארבעט די ערד און אויסגעלערנט די רוסן צו קולטיווירן סאָיע, באָב, רײַז און אנדערע כאנדזשורישע פעלד־קולטורן. די צאָפן־פעלקער — די טונגוסן, גאָלדן אא. האָבן זיך פארנומען קימאט אויסשליסלעך מיט יעגערײַ און פישפאנג, באניצנדיק זיך דערבײַ מיט סאמע פרי־

מיטיוונ געווער (פײַל אונ בויגנ). די באַפעלקערונג פונ די אײַזנבאַנ־ייִשוווימ האָט געאַרבעט הויפּטזאַכלעכ באַמ אײַזנבאַנ־טראַנספּאָרט אונ בא די וואַלד־פאַרגרייטונגענ.

לויט די מאַטעריאַלנ פונ דער דעמאָגראַפישער פאָלקצײלונג פונ סאָפ 1926, זײַנענ אַפ דער טעריטאָריע פונ דעמלטיקנ בירעבידזשאַנ געווענ 6 988 ווירטשאַפטנ, פונ זיי 3 659 אָדער 52% פויערשע ווירטשאַפטנ. די דורכשניטלעכע יאָריקע האַכנאָסע פונ א פויערישער ווירטשאַפט האָט אינ 1927 באַטראָפנ אינ פאַרשיידענע טײלנ פונ דעמ ראַיאָנ פונ 558 ביז 832 רובל. פונ די דיסקאָנטירטע 2 730 פויערשע ווירטשאַפטנ זײַנענ אינ 1927 געווענ קאָלעקטיוויזירט בלויז 98 אָדער 3,5%. די קלײנע, צעשפּליטערטע אינדיווידועלע ווירטשאַפטנ האָבנ קײנ קאָמפּליצירטע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, נאַטירלעכ, ניט געהאַט.

קײנ אינדוסטריע איז אַפ דער דאָזיקער טעריטאָריע אינ יענער צײַט קימאַט ווי ניט געווענ, אויסער אַנ אײַזנבאַנ־דעפּאָ, אײנ זעג־מיל אונ דעמ קוסטאַרישנ גאָלד־אַרויסבאַקומ.

ניט שטאַרק הויכ איז דאָ דעמלט געווענ אויכ דער ניוואָ פונ קולטורעלנ אונ מאַטעריעלשטײגערישנ לעבנ. די צאָל אָנפאַנג־שולנ איז געווענ ביז גאָר קלײנ. נאָכ שוואַכער איז געווענ די קולטורעלע באַדינונג פונ דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג. עס זײַנענ דאָ ניט געווענ גענוג דאָקטוירימ, שפּיטאָלנ. צוליב דער אָפּוועזנקײַט פונ גוטע וועגנ, איז געווענ שוואַכ די פאַרבינדונג צווישנ די דערפער, וואָס האָבנ זיכ געפונענ ניט באַמ אײַזנבאַנ־פאַס.

צו דעמ מאָמענט, ווענ עס האָט זיכ באַדאַרפט אָנהײבנ די איבערוואַנדערונג פונ די ייִדישע אַרבעטנדיקע, איז דער דעמלטיקער בירעבידזשאַנ געווענ א ניט־באַהערשט טײַגע־לאַנד מיט א ביז גאָר רײַכער צוקונפט, אָבער מיט א גאַנצ אָרעמער אונ פּרימיטיווער קעגנוואַרט. די ערשטע ייִדישע איבערוואַנדערער האָבנ באַדאַרפט ווערנ אונ זײַנענ ווירקלעכ געוואָרנ די פּיאָנערנ פונעמ סאָציאַליסטישנ באַהערשנ דאָס נײַע לאַנד.

## 4. דער אָנהײב פונ דער איבערוואַנדערונג

דער היסטאָרישער דעקרעט

דעמ 28-טנ מאַרט 1928 האָט דער פּרעזידיומ פונ אַלפאַרבאַנדישנ צענטראַלנ אויספיר־קאָמיטעט פאַרעפנטלעכט דעמ היסטאָרישנ דעקרעט וועגנ פאַרפעסטיקנ פאַרנ קאָמערד פאַר די באַדערפענישנ פונ דורכויסיקנ באַזעצנ מיט ייִדנ־האָרעפּאַשניקעס די פרײַע ערדנ פונ בײַ־אַמורער פאַס פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאַנט, וועלכע נעמענ אינ זיכ אַרײַנ דעמ בירעבידזשאַנער ראַיאָנ.

אינעמ לעצטנ פּונקט פונ דעמ דאָזיקנ רעגירונג־דעקרעט איז געווענ געזאָגט: „בא גינסטיקע רעזולטאַטנ פונ דורכויסיקנ באַזעצנ דעמ אָנגעוויזענעמ ראַיאָנ מיט אַרבעטנדיקע ייִדנ האָבנ אינ זינ די מעגלעכקײַט צו בילדנ אַפ דער טעריטאָריע פונעמ אָנגעוויזענעמ ראַיאָנ א ייִדישנ נאַציאָנאַלנ אַדמיניסטראַטיוו־טעריטאָריעלנ אײנס".

דער דאָזיקער דעקרעט פונ דער סאָוועטנ־רעגירונג איז, פאַרשטײט זיכ, געקומענ ניט פּלוצלינג. ווי עס האָט דערצײלט מ. אי. קאַלינינ, דער פאָרזיצער פונ אַלפאַרבאַנדישנ צענטראַלנ אויספיר־קאָמיטעט, דער אַרבעטער־דעלעגאַציע, וואָס האָט אימ באַזוכט נאָכנ אויסבילדנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט — איז פאַר דער סאָוועטנ־רעגירונג שוינ לאַנג אַנטשטאַנענ די פראַגע וועגנ אויסגעפינענ א פּאַסיקע טעריטאָריע, ווו מע זאָל מיט דער צײַט קאָנענ אָרגאַניזירנ א ייִדישנ נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלנ אווטאָנאָמענ אײנס. „אונ איכ, — האָט בא דער געלעגנהײַט דערצײלט מ. אי. קאַלינינ, — האָב געשטעלט פאַרנ קאָמערד די אופגאַבע אויסצוגעפינענ אַזא פּלאַצ, ווו עס זאָלנ דערצו זײַנ אַלע נײטיקע פּאָליטישע, קלימאַטישע אונ נאַטירלעכע באַדינגונגענ".

אינ 1927 האָט דער קאָמערד אויסגעפילט די דאָזיקע פאַרגעבונג פונ דער סאָוועטנ־רעגירונג. מיטנ אָנטײל פונ דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקײַט (געזערד) האָט דער קאָמערד דורכגעפירט עטלעכע עקספּעדיציעס אונ אויסגעפּאָרשט אײניקע גרעסערע פרײַע שטיקער ערד אינ פאַרשיידענע טײלנ פונ סאָוועטנ־פאַרבאַנד. נאָכ דעמ, ווי די עקספּעדיציעס האָבנ פאַרענדיקט זײער אַרבעט אונ מע האָט פאַרגליכנ



א קאָמיוגיסטקע — אנ איבערוואנדערנ

די מאטעריאַלן, וואָס זיי האָבן געבראכט, איז פארן קאָמערד און געזערד געוואָרן קלאָר, אז דער פאסיקסטער פּלאַץ פאר א קאָמפּאקטער ייִדישער איבערוואנדערונג איז דער בירעבידזשאנער ראיאָן אפן ווײַטן מיזרעכ. די דאָזיקע פראגע איז נאָכדעם באהאנדלט געוואָרן אפ פיל צענדליקער פארזאמלונגען אין פארשיידענע שטעט, און אומעטום איז אנערקענט געוואָרן די ריכטיקײַט פון קאָמערדס אויסוואַל. ערשט נאָך דעם, ווי עס איז קלאָר פעסטגעשטעלט געוואָרן די איינמוטיקע פּאָזיטיווע באַציִונג פון דער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט און פון די ייִדישע האָרעפאשנע מאסן צום בירעבידזשאנער פראָיעקט, האָט די סאָוועטן־רעגירונג אים באשטעטיקט און אָנגענומען דעם אויבן ציטירטן דעקרעט.

**דער ענטפער פון די ייִדישע מאסן**

די ברייטע ייִדישע האָרעפאשנע מאסן האָבן אופגענומען די באשטימונג פון דער סאָוועטן־רעגירונג מיט דער גרעסטער צופרידנקײַט און באגײַסטערונג. דאָס איז צו זען פון די הונדערטער באגײַסטערטע רעזאָליוציעס און באגריסונג־טעלעגראמעס, וואָס דער קאָמערד און געזערד האָבן דעמלט באקומען פון פארשיידענע שטעט און שטעטלעך. אין דעם איבערצײַגט אמבעסטן דער פאקט, וואָס שוין אין די ערשטע טעג נאָכן פארעפנטלעכן דעם רעגירונג־דעקרעט, האָבן טויזנטער ייִדן דערלאנגט מעלדונגען וועגן איבערוואנדערן קיין בירעבידזשאן.

די דאָזיקע איינמוטיקע פּאָזיטיווע באַציִונג פון די ייִדישע מאסן צו בירעבידזשאן איז געווען א באוווּסטזיניקע — א גוט דורכגעטראכטע און טיפ דורכגעפילטע.

„די ייִדישע באפעלקערונג פון אונדזער באנײַטן סאָוועטישן לאנד, — האָבן געשריבן אין זייער באגריסונג צום קאָמערד די ערשטע ייִדישע איבערוואנדערער פון מאָסקווע, — וואָלט מיסטאמע שוין לאנג פארגעסן יענע גאָר ניט ווײַטע צײַט, ווען זי האָט געהאט, צוגלײַך מיט אלע אנדערע פעלקער, א שטיפ־פאָטערלאנד. נאָר די שווערע ירושע פון צארישן רעזשים — גרויסע עקאָנאָמיש רוינירטע, דעקלאסירטע שיכטן ייִדישע באפעלקערונג, ארײַנגעקוועטשטע אין די גרענעצן פון אמאָליקן „טכום“ — הענגט ווי א הויקער אפן קערפער פון די ארבעטער און האָרעפאשניקעס פון אלע נאציאָנאליטעטן פון אונדזער סאָציאַליסטישן פאָטערלאנד.

„אָפּערירן אָט דעם הויקער, אויסגלײַכן אים — צו דעם רופט די סאָוועטן־רעגירונג, דער קאָמערד, צוליב דעם ווערט מאָביליזירט די גאנצע סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקײַט, צו דעם רופט בירעבידזשאן.

„און מיר גייען! דער מעהאלעך שרעקט אונדז ניט אָפּ! אין די סאמע ווײַטסטע ווינקלען פון אונדזער אומענדלעך גרויסן פאָטערלאנד וועלן מיר טראָגן און הויך האלטן די סאָוועטישע פאָן און מיט פרעצע וועלן מיר ברייטער מאכן דאָס סאָציאַליסטישע בויפעלד“.

מיטן זעלביקן באוווּסטזײַן, מיט די זעלביקע געפילן זײַנען געווען דורכגעדרונגען אלע פילצאָליקע באגריסונגען, ווענדונגען און מעלדונגען, וואָס זײַנען דעמלט אָנגעקומען אין די צענטראלע אנשטאלטן פון אלע עקן לאנד, פון גרויסע און קליינע קאָלעקטיוון ייִדישע האָרעפאשניקעס, און אויך פון איינצלנע פערזאָנען.

הייס האָבן באגריסט דעם דעקרעט פון דער סאָוועטן־רעגירונג וועגן בירעבידזשאן אויך די ייִדישע ארבעטער פון די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע דורכן „איקאָר“, וועלכער האָט באלד פון אָנהייב אנטוויקלט א ברייטע און אקטיווע הילף דער פארווירקלעכונג פון דעם בירעבידזשאנער פראָיעקט.

**די באגעגעניש מיט דער טײַגע**

דעם 29־טן אפרעל 1928, דה. 32 טעג נאָך דעם, ווי עס איז פארעפנטלעכט געוואָרן דער רעגירונג־דעקרעט וועגן בירעבידזשאן, זײַנען אפ דער קליינער און פארוואָרפענער אײַזנבאן־סטאנציע פון דער אוסוריער מאגיסטראל טיכאָנקע (איצט — די שטאָט בירעבידזשאן, דער צענטער פון דער ייִדישער געגנט) אראָפּגעשטיגן פון מאָסקווער צוג די ערשטע ייִדישע איבערוואנדערער פון קאזאן. מיט א טאָג שפעטער זײַנען געקומען די ערשטע איבערוואנדערער פון מינסק און סמאָלענסק. אין מעשעך פון די נאָענטסטע צוויי מאָנאטן זײַנען אָנגעקומען קיין בירעבידזשאן 650 ייִדישע איבערוואנדערער, הויפטזאכלעך

שטעטלדיקע קוסטארן־יעכידים, שווארץ־ארבעטער, פורמאנעס און טרעגער, מענטשן אָן באשטימטע באשעפטיקונגען און א טייל געוועזענע קליינהענדלער. צווישן די ערשטע איבערוואנדערער איז אויך געווען א גרופע יוגנטלעכע, וואָס האָט אָקאָרשט געענדיקט די קוראסאָווסטשינער (בא מינסק, ווייס־רוסלאַנד) יידישע לאַנדווירטשאפטלעכע שול.

אין טיכאָנקע פלעגט מען די איבערוואנדערער געוויינלעך לאנג ניט פארהאלטן. נאָכן אָפּ־רוען זיך עטלעכע טעג פון וועג, האָט מען זיי דאָרט באזאָרגט מיט פערד, געשפאן און אינווענטאר, און באלד נאָכדעם פלעגן זיי ארויספאָרן אפ די אויסגעטיילטע ערד־באצירקן — הויפטזאכלעך אינעם ראיאָן פונעם פרווו־פעלד, 50—60 קילאָמעטער צו דאָרעם פון טיכאָנקע.

עס איז קלאָר, אז די ערשטע איבערוואנדערער — די פּיאָנערן, — וואָס זיינען געקומען בא־הערשן א ניי לאַנד, האָבן געמוזט בייקומען פיל און פארשיידנארטיקע שוועריקייטן. ביפראט נאָך, אז דער זומער 1928 איז געווען אן אויסערסט ניט גינסטיקער לויט זיינע קלימאטישע באדינגונגען. דעם זומער האָט זייער פיל גערעגנט. די רעגנס האָבן פארורזאכט א שטארקע פארפלייצונג, וועלכע האָט פארטרונקען די אָנגעשניטענע היי, צערוינירט די וועגן, פארגאָסן די ביידלעך, אין וועלכע עס האָבן צייטווייליק געלעבט די איבערוואנדערער, פארשווערט די פארבינדונג מיט דער אייזנבאן, וואָס עס האָט געמאכט פאר ניט מעגלעך צו באקומען רעגולער שפייז־פּראָדוקטן. אין צוזאמענהאנג מיט דער פארפלייצונג, האָט ענדע זומער אויסגעבראָכן א פערד־מאגייפע („סיבירער פעסט"), צוליב וועלכער פיל איבערוואנדערשע קאָלעקטיוון זיינען געבליבן קימאט אינגאנצן אָן שלעפּ־קראפט.

די דאָזיקע ערשטע שוועריקייטן, וואָס זיינען אומפארמיידלעך באם באהערשן א ניי טייגע־לאנד, האָבן גרינטלעך דורכגעזיפּט די פארשיידנארטיקע מאסע איבערוואנדערער. א באדייטנ־דיקער טייל פון זיי האָט ניט אויסגעהאלטן דעם ווידערשטאנד פון דער טייגע, איינגיכן פאר־לאָזן בירעבידזשאן און באזעצט זיך מערסטנטייל אין די גרעסערע שטעט פון דעם ווייטמיזרעכדיקן קאנט. אָבער די מער שטארקע און שטאנדהאפטיקע האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן, די שוועריקייטן פון דער ערשטער באגעגעניש מיט דער טייגע האָבן נאָך מער פארהארטעוועט זייער ווילן צום קאמף און זיג.

פון לייבע געפענס מע־מוארן

וואָס די פּיאָנערן פון בירעבידזשאן האָבן דורכגעמאכט אין די ערשטע מאָנאטן, וועלכע שוועריקייטן עס האָבן זיי באגעגנט, וועלכע שטימונגען האָבן געהערשט בא פארשיידענע שיכטן איבערוואנדערער, וויאזוי די מער שטאנדהאפטיקע פון זיי האָבן געקעמפט קעגן די שוועריקייטן און ביסלעכווייז זיי בייגעקומען, — וועגן דעם אלץ דערציילט אין זיינע נאָך ניט־פארעפנטלעכטע מעמוארן איינער פון די סאמע ערשטע איבערוואנדערער, איצט אן אָנגעזעענער שלאָגלער פון קאָלווירט וואלדהיים, לייבע געפענס.

„... איך מיט מיין גרופע, וועלכע איז באשטאנען פון 6 מאן, — צוויי ברידער געפענס, מיין פרוי ריווע, מיינע 2 שוואָגערס און אונדזערער א גוטער באקאנטער זיינען אָנגעקומען קיין טיכאָנקע דעם 29 אפרעל. ווי אלע איבערוואנדערער, האָט מען אויך אונדז באדארפט באזעצן ארום בירעפעלד. דערווייל, ביזן אָפּשיקן קיין בירעפעלד אפ די ערד־פלעצער, האָט מען אונדז ארויסגע־געבן פערד און שפאן און פאָרגעלייגט צייטווייליק פארנעמען זיך מיט אריבערפירן קיין בירעפעלד פארשיידענע מאטעריאלן און פראָדוקטן פאר די איבערוואנדערער. וועלכע מע האָט דערווארט אין די נאָענטסטע טעג און וואָכן. מיר האָבן דעם פאָרשלאָג אָנגענומען, אָבער נאָך דער ערשטער רייזע קיין בירעפעלד האָבן מיר בא זיך פעסט באשלאָסן דאָרט ניט באזעצן זיך און אויסגעפינען אן ערד־פלאץ ערגעץ נעענטער צו דער אייזנבאן.

„אזא ערד־פלאץ האָבן מיר איינגיכן געפונען. דאָס איז געווען א געדיכטער וואלד 10—11 קי־לאָמעטער ווייט פון טיכאָנקע. אלס געניטער ערד־ארבעטער — איך האָב בא 25 יאָר געארבעט אפ ערד אין מיין געבורט־שטעטל ארום ווילנע — האָב איך באלד אָפּגעשאצט די גינסטיקייט פון דעם פלאץ. אלץ, וואָס מע דארף אפ אויסצובויען א פעסטע ווירטשאפט, איז דאָ געווען: בוי־מא־



י׳דישע אווטאָנאָמע געגנט. א קאָמיוגיסטקע — אן אָנפירערן פון א פיאָנערן־אָטריאד



יידישע אווטאָנאָמע געגנט. קאָלווירט „רויטער אָקטיאבער“. מע גייט ארויס צו די פעלד־ארבעטנ

טעריאל, גוטע און גרויסע לאָנקעס, וואסער, נאָענט פונ דער אייזנבאנ און פונ דער צוקינפּ־טיקער שטאָט.

„מיר האָבנ באשטימט באזעצנ זיכ אפ דעם פּלאצ, כאָטש מיר האָבנ געזענ און געוווסט, אז קיינ גרייטע אקער־ערד איז דאָ ניט פאראנ, אז אקער-ערד וועלנ מיר דארפנ אליינ שאפנ דורכ אויסהאקנ און אויסקאָרטשעווענ דעם ארומיקנ וואלד.

„מיר האָבנ זיכ אומגעקערט קיינ טיכאָנקע און גענומענ פאָדערנ פונ דער געזערד-קאָנטאָר, אז מע זאָל אונדז באזעצנ אפנ וואלד-פּלאצ. די אָנפירער פונ געזערד האָבנ לעכאטכילע אונדז אָפּ־געזאָגט, ווייל דער דאָזיקער פּלאצ איז געווענ אָנגעמערקט צו באזעצנ מיט איבערוואנדערער ערשט אינ עטלעכע יאָר ארום. אָבער מיר, אונדזער גאנצע גרופּע, זיינענ געשטאנענ פעסט אפ אונדזער פאָדערונג, און די געזערד-קאָנטאָר האָט זי סאָפקאָלסאָפ באפרידיקט.

„דעם 27-טנ מיי זיינענ מיר געקומענ אפנ פּלאצ, אויסגעבויט פאר זיכ א ביידל און באלד גענומענ זיכ האקנ דעם געדיכטנ וואלד און גרייטנ געהילצ פאר די ערשטע הייזער פונ דעם ערשטנ יישעוו אינעם נייעם לאנד. אינ עטלעכע טעג ארום זיינענ אהער געקומענ נאָכ 25 איבערוואנדערער, און די ארבעט איז אוועק לעבעדיקער, אינ שטילנ וואלד איז געוואָרנ טומלדיק און ראשיק. פונ גאנצפרי ביז פארנאכט האָבנ אינ גאנצנ ארום געזשומעט די זעגנ און געהילכט די העק. געארבעט האָבנ מיר גרופּעסוויי: יעדער קאָלעקטיוו האָט געגרייט געהילצ פאר זיינע בויונגענ.

„אינגיכנ האָט זיכ באוויזנ דער „גנוס“. וואָס וייטער, איז ער אונדז אלצ מער און מער דערגאנגענ די יאָרנ. אונדז און, איבערהויפּט, די פערד. א טייל איבערוואנדערער האָט זיכ ערנסט דערשראָקנ פאר די קליינע פליגעלעכ, געוואָרפנ די ארבעט און אומגעקערט זיכ קיינ טיכאָנקע. געבליבנ זיינענ אפנ פּלאצ בלויז מיר, די איבערוואנדערער פונ קאזאנ, און נאָכ עטלעכע כאווירים פונ א צווייטנ קאָלעקטיוו. מיר האָבנ די ארבעט פאָרגעזעצט נאָכ מיט מער פלייס, קעדיי צו באוויזנ ביזנ ווינטער אויסצובויענ פאר זיכ וווינונגענ. אז מיר האָבנ אָנגעהאקט און ארויסגע־פירט גענוג געהילצ, האָבנ מיר גענומענ בויענ דאָס ערשטע הויז. נאָר דאָ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ גרויסע רעגנס, וועלכע האָבנ זיכ פארענדיקט מיט א פארפלייצונג. דאָס וואסער האָט אראָפּגעטראָגנ דאָס היי, וואָס מיר האָבנ צוגעגרייט פאר אונדזערע 5 פערד, די ארבעט האָט מענ געמוזט אָפּ־שטעלנ. די פארפלייצונג האָט אונדז אפ א טאָג 10 אָפּגעשניטנ פונ טיכאָנקע און עס האָט אונדז

אויסגעפּעלט דערנערונג. נאָכ די רעגנס און בײַס דער פאַרפרײַצונג איז דער „גנוס" געוואָרנ נאָכ בײַזער און כוצפּעדיקער, און מיר האָבנ פונ אים געהאַט צו זינגענ און צו זאָגנ. עס איז אויסגע־קומענ דורכנ מעסלעס צו ברענענ פײַכטע צווײַגנ און בלעטער און האַלטנ די פּענעמער אײַנגענו־רעט אינ רויכ...

„אַפ אײניקע שוואַכערע כאַווײרימ האָבנ די דאָזיקע אומשטענדנ געווירקט דעמאָראַליזירנדיק. אײניקע פונ זײ האָבנ אַפילע אָנגעהויבנ רײדנ וועגנ אַוועקפאָרנ. אָבער די מערהײַט איז געווענ קעגנ דעם, און ווי נאָר ס'איז געוואָרנ מעגלעכ, האָבנ מיר ווידער גענומענ זיכ פאַר דער זעג און האַק.

„אָבער אינגאַנצנ פאַרענדיקנ דאָס הויז האָבנ מיר ביז צו די פראָסט ניט באַוויזנ. בלײַבנ ווינטערנ אינ בײַדל איז, פאַרשטײט זיכ, ניט געווענ מעגלעכ. מיר האָבנ דעריבער באַשטימט ווינטערנ אינ טיכאָנקע און פונ אָנהײב פרילינג פאָרזעצנ די אַרבעט.

„אינ יאַנוואַר 1929 איז אַפ אונדזער ערד-פּלאַצ געקומענ נאָכ א קאָלעקטיוו. די נײַע איבער־וואַנדערער האָבנ צײַטווײַליק באַזעצט זיכ אינ אונדזער הויז און באַלד גענומענ גרײטנ פאַר זיכ בוי-מאַטעריאַלנ. צו פרילינג, אַז מיר האָבנ זיכ אומגעקערט אַכנ בוי־פּלאַצ, זײַנענ צוגעקומענ נאָכ איבערוואַנדערער, און עס האָט זיכ פאַנאַנדערגעוויקלט א פיבערהאַפטע בויונג. אינ א קורצער צײַט זײַנענ שוינ געוואָרנ פאַרטיק 2—3 הײַזער, און דאָס האָט אונדז אַלעמענ שטאַרק אופגע־מונטערט.

„פונ אָנהײב מײַ האָבנ מיר זיכ גענומענ פאַר קאָרטשעווענ דעמ פּלאַצ פונ דעמ אויסגעהאַקטנ וואַלד, כדי צו באַקומענ אַקער־ערד פאַרנ ערשטנ פאַרזײ. פאַר א מאָנאַט צײַט האָבנ מיר אויסגע־קאָרטשעוועט פיר העקטאַר און פאַרזײט קאַרטאָפל, גריקע און א ביסל האָבער פאַר די פערד. פאַר דער צײַט האָט אונדזער ישעוו באַקומענ ביז 30 מילכ־קי. פאַר די פערד און קי האָט מענ באַדאַרפט פאַרגרײטנ היפּש הײ אַפנ ווינטער. אַז עס איז געקומענ די צײַט פונ הײ־שניט, זײַנענ מיר קימאַט אַלע אַרויס אַפ די לאָנקעס און אָנגעשניטנ הײ, וואָס האָט געקלעקט אַפנ גאַנצנ ווינטער און פרילינג.

„אָט אַזוי, בײַקומענדיק פיל און פאַרשײדענע שוועריקײַטנ, האָבנ מיר געצווונגענ די ווילדע טײַגע ביסלעכווײַז אָפּצוטרעטנ און פאַר אײנ יאָר פאַרלײגט א פעסטנ פונדאַמענט פונ א היפּשער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט דאָרט, וווּ ביז אונדזער קומענ איז געווענ א געדיכטער און טיפער וואַלד.

„פאַרנ זומער האָבנ מיר אויסגעבויט די ערשטע 25 הײַזער, און צומ 12-טנ יאָרטאָג פונ דער גרויסער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע — דעמ 7-טנ נאָיאַבער 1929 — האָבנ מיר געפײַערט די אויסבילדונג פונ אונדזער ישעוו און כונעמ נײַעמ ייִדישנ דאָרפראַט, וועלכנ מיר האָבנ אָנגערופנ „וואַלדהײמ"...

דער סאַכאַקל פונעמ ערשטנ יאָר

אונטערפירנדיק דעמ סאַכאַקל פונ דעמ ערשטנ יאָר אַרבעט אינ בירעבידזשאַנ, שרײַבט דער איבערוואַנדערער וו. יאַנאַס (א געבוירענער פונ א פּויליש שטעטל):

„... בא קאָלאָניזאַציע איז א יאָר זײער א קלײנער צײַט-אָפּשניט... און דאָס יאָר 1928 איז געווענ אײנס פונ די שווערסטע אַפנ ווײַטנ מיזרעכ: רעגנס, פאַרפלײצונגענ, סיבירער פראָסט... די צעיושעטע נאַטור-קויכעס האָבנ געווילדעוועט, נאָר זײ האָבנ פונדעסטוועגנ ניט פאַריאָגט די, וואָס זײַנענ געקומענ באַהערשנ נײַע ערדנ דורכ פראַצע... די באַ־דײַטונג פונ בירעבידזשאַנ פאַר די ברײטסטע ייִדישע מאַסנ, וואָס נײטיקנ זיכ אינ אַנ אָרט פאַר פּראָדוקטיווע קיִעמ, האָט אַפילע דאָס שווערע 1928־טע יאָר ניט געקאָנט פאַרמינערנ, ווײַל — בירע־בידזשאַנ פאַרמאָגט אַלע נאַטור־באַדינגונגענ אַפ צו ווערנ א צענטער פאַר ווירטשאַפטלעכער טעטיקײַט פונ די ברײטסטע ייִדישע מאַסנ. דאָס שאַצנ אָפּ די ערשטע איבערוואַנדערער, דאָס ווײסנ אויסגעצײכנט אויכ יענע איבערוואַנדערער, וואָס האָבנ פאַר־לאָזנ בירעבידזשאַנ, און אָט דער באַוווּסטזײַנ טרײַבט זײ אומצוקערנ זיכ צוריק אַפנ אָרט, וואָס איז פאַר זײ א נײַע הײמ געוואָרנ"...

דער אויטאָריטעטסטער אָנפירנדיקער אָרגאַנ פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאַנט — דער קאַנטישער קאָ־מיטעט פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ — האָט אינ אַנ אָפיציעלער רעזאָליוציע אַזוי אָפּגעשאַצט די סאַכאַקלענ פונ דעמ ערשטנ יאָר אַרבעט אינ בירעבידזשאַנ:



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. איינע פון די בעסטע בריגאַדעס פון וואַלדהיימער־קאָלווירט

„1) דאָס ערשטע יאָר ארבעט פון באזעצן בירעבידזשאַן איז אָנגעהויבן געוואָרן אָן פאָרלויפיקער צוגרייטונג פון דער טעריטאָריע, אין ברען פון דער פאַרזיי-קאַמפּאַניע פון 1928 יאָר, דעריבער איז די צײַט פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטן קימאַט שוין אינגאַנצן געווען פאַרלאָרן. צוליב דעם האָט דאָס יאָר ניט געגעבן קיין רעאַלע רעזולטאַטן אין זין פון שאַפן א מאַטעריעלע באַזע און פאַר־פעסטיקן די איבערוואַנדערער בא דער לאַנדווירטשאַפט.

2) די שווערע אומשטענדן אין זומער 1928 (די פאַרפלייצונג, דער רעגנדיקער זומער, די עפּיזאָאָטיע) האָבן קאָמפּליצירט געמאַכט און פאַרשווערט דעם דאָזיקן פּראָצעס.

3) דער מאַנגל אין קוואַליפיצירטער ארבעט-קראַפט אין די שטעט פון ווײַטן מיזרעך שאַפט צווישן די איבערוואַנדערער, וואָס קומען ארויס פון שטעט און שטעטלעך, א דראַנג צו באַטייליקן זיך אין דער אינדוסטריעלער ארבעט אין שטאָט.

4) צו די וויכטיקסטע סיבעס, וואָס האָבן פאַרשווערט די ארבעט, דאַרף מען צורעכענען אויך דאָס, וואָס: א) עס איז ניט געלונגען צו פאַרווירקלעכן די באַשטימונג וועגן דער ראַטווירטנ־בויונג אין בירעבידזשאַן; ב) קימאַט אלע איבערוואַנדערער זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן אין קליינע קאָלעקטיוון, אָפטמאָל פון א געבראויך־כאַראַקטער, וועלכע האָבן ניט קיין באַזע פון אינדוסטריעלער קאָאָפּערירונג.

5) אָבער אויך בא די אָנגעוויזענע ניט-גינסטיקע באַדינגונגען איז פון די ייִדישע איבערוואַנ־דערער פון פרילינג 1928 געבליבן אפן אָרט צום פרילינג 1929 ארום 40%—50, וואָס פאַרן ערשטן יאָר ארבעט בא די אויבן אָנגעוויזענע שוועריקייטן דאַרף מען עס רעכענען פאַר באַפרידיקנדיק".

## 5. עטאַפּן פון קאַמף און בויונג

פון 1929 ביז 1934

לויט באַזונדערע יאָרן פון אָט די פינף יאָר האָט די בויונג פון בירעבידזשאַן אַנט־וויקלט זיך אַזוי:

אין 1929 זײַנען קיין בירעבידזשאַן געקומען 1000 נײַע איבערוואַנדערער, וועלכע מע האָט קאָנצענטרירט אפ א קליינער צאָל ערד-פּלעצער און באַהעפט צו לאַנדווירט־שאַפטלעכער ארבעט; א טייל יונגטלעכע איבערוואַנדערער האָט מען אפ ספּעציעלע קורסן קוואַלי־פיצירט פאַר בוי־ארבעטער, און א טייל אײַנגעשלאָסן אין דער וועג־בויונג. זומער 1929 האָט

בירעבידזשאנ באזוכט אנ עקספערטנ־קאָמיסיע פונ אמעריקאנער געלערנטע, וועלכע עס האָט געשיקט דער „איקאָר“ פונ די פאראייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע. די קאָמיסיע האָט גרינטלעכ אויסגעפאָרשט דאָס לאנד אונ אפנ יעסאָר פונ די צונויפגעזאמלטע מאטעריאלנ איז זי געקומענ צום באשלוס, אז מע „קאָנ דערווארטנ, אז די צוקינפטיקע ייִדישע קאָלאָניסטנ וועלנ פארוואנדלענ בירעבידזשאנ איז א גוט אנטוויקלט בליִענדיק לאנד אונ אזויארום פארווירקלעכנ די האָפענונגענ אונ שטרעבונגענ, וואָס זייַנענ פארבונדנ מיטנ דערפאָלג פונ דעם פראָיעקט“ („באריכט“, ניו־יאָרק, 1930, ז. 105).

אינ 1930 זייַנענ קיינ בירעבידזשאנ געקומענ בא 1500 נייַע איבערוואנדערער, פארנ אָנהייב פונ די די פרילינגדיקע לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטנ זייַנענ פונ די קליינע ייִדישע קאָלעקטיוונ אונ איינצלנע ווירטשאפטנ געשאפנ געוואָרנ 4 גרויסע קאָלווירטנ: וואלדהיימ, בירעפעלד, איקאָר אונ „רויטער אָקטיאבער“ (אינעמ יישעוו אמורזעט, באמ ברעג פונ אמור). גלייַכצייַטיק האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט די בויונג פונ 4 גרויסע ראטווירטנ (סאָוועטישע ווירטשאפטנ): א קערנער־ראטווירט — אינ סטאלינפעלד באמ אמור, א פלייש־ראטווירט — אינ נאדעזשדינסק, א כאזיירימ־ראטווירט — בא דער סטאנציע וואָלאָטשייַעווקע אונ א פוטער־ראטווירט — בא דער סטאנציע פאָקראָווקע. קעדיי גרינטלעכער צו דערלערנענ די לאנדווירטשאפטלעכע מעגלעכקייַטנ פונ בירעבידזשאנ, האָט דעמ ראיאָנ אויסגעפאָרשט א ספעציעלע קאָמיסיע פונעמ פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר ערד־ארבעט. אינ 1930 זייַנענ געמאכט געוואָרנ די ערשטע טריט אויכ אפנ געביט פונ אינדוסטריעלער בויונג. עס איז אָרגאניזירט געוואָרנ א געווערב־ארטעל צו פראָדוצירנ געבויגענע מעבל (דער איצטיקער מעבל־קאָמבינאט אפ דימיטראָווס נאָמענ), א וועגענער-ארטעל „ראָד פונ דער רעוואָליוציע“ אאַ. אינ אווגוסט דעמ זעלביקנ יאָר האָט די צענטראלע רעגירונג באשטימט אויסצוטיילנ בירעבידזשאנ אינ א זעלבשטענדיקנ אדמיניסטראטיוונ ראיאָנ. אלס צענטער פונ דעמ נייַעמ ראיאָנ איז באשטימט געוואָרנ די אייַזנבאנ־סטאנציע טיכאָנקע. דעמ 30־טנ סענטיאבער 1930 איז פאָרגעקומענ דער ערשטער צוזאמענפאָר פונ די ראָרפראטנ, אפ וועלכנ עס זייַנענ אויסגעוויילט געוואָרנ די אָנפירנדיקע סאָוועטישע אָרגאנענ פונ דעמ נייַעמ ראיאָנ.

אינ 1931 האָט בירעבידזשאנ אופגענומענ בא 3000 נייַע איבערוואנדערער, דערונטער אויכ א טייל פונ ליטע אונ ארגענטינע. אינ מעשעכ פונ דעמ יאָר זייַנענ אינ פארשיידענע טיילנ פונ ראיאָנ געשאפנ געוואָרנ דריַי מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס, וואָס זייַנענ געוועזנ בארופנ צו העלפנ די קאָלווירטנ מיט קאָמפליצירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, אגראָנאָמישע קרעפטנ אאַ. דאָס האָט געגעבנ א מעגלעכקייַט צו פארברייטערנ דעמ פארזייִשעטעכ אינ ראיאָנ ביז 26 886 העקטאר. אינ 1931 איז מענ דאָ צוגעטראָטנ צו בויענ א ריי מעכוכישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ, אפ דער אייַזנבאנ-סטאנציע לאָנדאָקאָ האָט מענ אָנגעהויבנ בויענ א קאלכ־זאוואָד, אפ דער סטאנציע בירא — א זאוואָד פאר הייַזערבויונג, אינ טיכאָנקע — א פאבריק צו פראָדוצירנ נעהילצ־דעטאלנ פאר הייַזער (טירנ, פענצטער, אאַ.) אונ א ניי־פאבריק. עס איז אויכ פארברייטערט געוואָרנ די נעצ געווערב-קאָאָפעראטיווע אונטערנעמונגענ.

אינ די מאָנאטנ סענטיאבער — דעקאבער פונ דעמ זעלבנ יאָר האָט די צענטראלע סאָוועטנ-רעגירונג פארעפנטלעכט צוויי באשטימונגענ, וואָס האָבנ געהאט דעמ ציל צו פאָרסירנ די בויונג אונ באהערשונג פונ בירעבידזשאנ, קעדיי צוצוגרייטנ די נייטיקע באדינגונגענ, בא וועלכע מע זאָל דאָרט קאָנענ שאפנ א ייִדישנ נאציאָנאל-טעריטאָריעלנ אווטאָנאָמענ איינס.

אינ 1932 האָט דער פארנעמ פונ דער לאנדווירטשאפטלעכער אונ אינדוסטריעלער בויונג באדארפט באדייַטנדיק פארברייטערט ווערנ. עס איז געוועזנ אָנגעמערקט אופצונעמענ אינ מעשעכ פונ יאָר ביז 25 טויזנט נייַע איבערוואנדערער, אויסבויענ א ריי נייַע יישווימ אונ אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ. אָבער די זייער ניט־גינסטיקע קלימאטישע באדינגונגענ פונ דעמ יאָר האָבנ ניט געגעבנ די מעגלעכקייַט צו פארווירקלעכנ די אָנגעמערקטע פלענער. צוליב דעמ שטארקנ רעגנפאל אונ דער פארפלייצונג, האָט מענ ניט געקאָנט פירנ די בויונג אונ געמוזט אינמיטנ זומער אָפשטעלנ די איבערוואנדערונג. פאר דעמ יאָר זייַנענ אויסגעבויט געוואָרנ א מעכאנישער ווארשטאט, אנ עלעקט־



יידישע אווטאָנאָמע געגנט. די געבײַדע פונ פּאָטשט אונ טעלעגראפ

רישע סטאנציע, א שפּיטאָל אא. דער גרעסטער טייל בויונגענ איז אָבער געבליבנ שטיינ ניט פאר־ענדיקט. פונ די רעגנס אונ פארפלייצונג האָבנ, נאטירלעכ, געליטנ אויכ אייניקע קאָלווירטנ אונ ראט־ווירטנ. די שווערע באדינגונגענ פונ דעמ יאָר האָבנ פארורזאכט א באשטימטנ אָפּפלוס פונ איבער־וואנדערער, וועלכע זײַנענ טיילווײַז אריבערגעפאָרנ אינ די גרעסערע שטעט פונ דעמ ווײַטמיזרעכ־דיקנ קאנט.

די פאָלגנ פונ אָט דעמ שווערנ יאָר האָבנ, נאטירלעכ, געלאָזט זיכ פילנ אויכ אינ 1933. פונ דער צווייטער העלפט יאָר אָבער האָט די בויונג אויפגעלעבט. עס זײַנענ אָרגאניזירט געוואָרנ צוויי נײַע קאָלווירטנ — לענינפעלד אונ „רויטע סאָפּקע”. מע האָט אויסגעטריקנט אונ אָפּגעדייניקט פונ וואלד איבער 600 העקטאר ערד אונ פארברייטערט דעמ פארזייי־שעטעכ אפ 1 300 העקטאר, עס זײַ־נענ דורכגעפירט געוואָרנ געאָלאָגישע אויספאָרשונגענ פונ די מינעראלע רײַכטימער, אויסגעבויט א בריק איבער דעמ טײַכ בירא, געשאפנ א טעלעפאָנישע פארבינדונג מיט די דערפער אונ יישווימ, אָרגאניזירט קינדער־אנשטאלטנ, שולנ, מעדיצינישע פונקטנ, קאָאָפּעראטיווע קראָמענ, געזעלשאפטלעכע גאָרקיכנ אאז.

## פעלערנ אינ דער ארבעט

אפילע פונ אָט דער קורצער אונ סכעמאטישער רעשימע וויכטיקערע פאקטנ, וואָס כאראקטעריזירנ דעמ פארנעמ, דעמ אינהאלט אונ טעמפּנ פונ דער בויונג אינ בירע־בידזשאנ אינ מעשעכ פונ די דאָזיקע פינפ יאָר, איז קלאָר צו זענ, אז דאָס זײַנענ געווענ יאָרנ פונ שווערנ אונ אָנגעשטרענגטנ קאמפ, וואָס עס איז נאטירלעכ אונ אומפארמײַדלעכ באמ באהערשנ א נײַ לאנד.

מע דארפ אָבער קלאָר זאָגנ, אז די טעמפּנ פונ דער בויונג אונ די רעאלע רעזולטאטנ פונ אָט דעמ אָנגעשטרענגטנ קאמפ האָבנ געקאָנט זײַנ באדײַטנדיקער, ווענ די בירעבידזשאנער אָנפירנ־דיקע טוער פונ די דאָזיקע יאָרנ וואָלטנ ניט באגאנגענ אייניקע פעלערנ אינ זייער ארבעט.

אינ וואָס זײַנענ באשטאנענ די דאָזיקע פעלערנ.

ערשטנס, דערינ, וואָס די דאָזיקע טוער האָבנ ניט דערשאצט די וויכטיקײַט צו שאפנ פאר בירעבידזשאנ א פעסטע אייגענע דערנערונג־באזע. קעדיי בירעבידזשאנ זעלבסט זאָל פּראָדוצירנ גע־נוג לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ פאר זײַנ אלצ וואקסנדיקער באפעלקערונג, איז געווענ נייטיק אינ דער ערשטער ריי צו פארנעמענ זיכ מיט דער לאנדווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פונעמ ראיאָנ, קעסיידער פארברייטערנ דעמ פארזייי־שעטעכ פונ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ, בויענ מיט שנעלע טעמפּנ נײַע איבערוואנדערשע קאָלווירטנ, שאפנ קאָאָפּעראטיווע לאנדווירטשאפטנ בא די אינדוסט־ריעלע אונטערנעמונגענ, זאָרגנ פאר דער קעסיידערדיקער אנטוויקלונג פונ דער פיצוכט, אנטוויקלענ דעמ פישפאנג אאוו. דאָס איז אָבער ניט געטאָנ געוואָרנ ווי געהעריק אונ מיט די נייטיקע טעמפּנ. דער פארזייי־שעטעכ איז געוואקסנ זייער לאנגזאמ. קיינ נײַע יידישע קאָלווירטנ זײַנענ פונ 1930 ביז 1933 ניט געשאפנ געוואָרנ. די פיצוכט־פערמעס זײַנענ ניט געווענ באזאָרגט מיט גענוג קאָנצענט־רירטנ פיטער. צוליב דעמ האָבנ דאָ אייניקע מאָל געטראָפנ שוועריקײַטנ מיט דערנערונג, וועלכע מע האָט באשטימט געקאָנט אויסמײַדנ, נעמענדיק אינ אכט די קאָלאָסאלע דערנערונג־רעסורסנ, וואָס בירעבידזשאנ פארמאָגט.



יידישע אווטאָנאָמע געגנט. דער יידישער פעדאַגאָגישער טעכניקום

צווייטנס, זײַנען אין אָט דעם צײַט־פעריאָד דערלאָזט געוואָרן פעלערן אויך אין דער אינדוסטריעלער בויונג. אַנשטאָט צו קאָנצענטרירן די בוי־מאַטעריאַלן, ארבעט־קראַפט, מעכאַניזמען, געלט־מיטלען אַפ דער בויונג פון א קלענערער צאָל, אָבער מער נייטיקע אין דער נאָענטסטער צײַט אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, האָט מען איינצײַטיק פארמאָסטן זיך צו שאַפן א גרעסערע צאָל פארשיידנאַרטיקע פאַבריקן און זאַוואָדן, פארלייגט זייערע פונדאַמענטן און אָנגעהויבן זיי בויען. אָבער קיין מעגלעכקײַט צו פירן אַלע פילצאָליקע בויונגען מיט די נייטיקע טעמפּן איז ניט געווען. און די אינדוסטריעלע בויונג האָט זיך דעריבער אָפטמאָל שטאַרק פארצויגן.

דאָס אייגענע האָט אין א טייל ערטער פון בירעבידזשאַנ פאַסירט אויך מיט דער הײַזער־בויונג, וואָס איז אין די באַדינגונגען פון א נײַעם איבערוואַנדערישן ראַיאָן איינע פון די צענטראַלע אויפגאַבעס. פרילינג 1932, צומבײַשפיל, האָט מען גלײַכצײַטיק פארלייגט פונדאַמענטן פון א גרויסער צאָל הײַזער און סאָציאַל־קולטורעלע אַנשטאַלטן, אָבער פארענדיקן די בויונגען האָט מען אין גרעסטן טייל ניט באַוויזן. עמעס, טיילווײַז צוליב דעם שטאַרק רעגנדיקן זומער, אָבער טיילווײַז אויך צוליבן צעשפּליטערן די בוי־מאַטעריאַלן און די ארבעט־קראַפט אַפ א צו גרויסער צאָל בוי־אָביעקטן.

באַשטימטע פעלערן איז מען באַגאַנגען אויך אין אייניקע שטעט און שטעטלעך באַם פארבירן און אָפּקלײַבן די איבערוואַנדערער פאַר בירעבידזשאַנ. ניט שטענדיק זײַנען אָפּגעהיט געוואָרן די אָנווײַזונגען פון צענטראַלן קאָמערד און געזערד וועמען מע קאָן שיקן קיין בירעבידזשאַנ. דעריבער זײַנען אַהין פיל מאָל געקומען אינוואַלידן, מענטשן מיט ערנסטע פיזישע קראַנקײַטן, פאַמיליעס מיט א צו גרויסער צאָל קליינע קינדער (5—6) און איין ארבעטספייִקן. אַזעלכע איבערוואַנדערער האָבן, נאַטירלעך, ניט געקאָנט פארפעסטיקן זיך אין לאַנד, און זיי האָבן בלויז פארשווערט די לאַגע. אויך צווישן די אויסלענדישע איבערוואַנדערער זײַנען געווען באַשטימטע עלעמענטן, וואָס האָבן ניט געקאָנט צופאַסן זיך צו די פּיאָנערישע ארבעט־און לעבן־באַדינגונגען.

**יאָרן פון איבערבראָך**

פון העלפט 1933, ווען מע האָט אומגעביטן די אָנפירונג אין בירעבידזשאַנ און צו הילף דער לאַנדווירטשאַפט זײַנען געשאַפן געוואָרן פּאָליטישע אָפּטיילן באַ די מאַשין-טראַקטערישע סטאַנציעס און באַ די ראַטווירטן, האָט מען זיך גענומען אָט די אַלע פעלערן ליקווידירן. פארן 1933 און האַלב 1934 האָט מען אָרגאַניזירט 5 נײַע יידישע קאָלווירטן, צוגעגרייט נײַע ערד־מאַסיוון, פארברייטערט דעם פארזיי־שעטעך ביז 32,5 טויזנט העקטאַר, אָרגאַניזירט עטלעכע צענדליק בײַשטאָטישע ווירטשאַפטן און געהאָלפן די איבערוואַנדערער צו פארזייען די אינדיווידועלע גערטנער. אַלע לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטן זײַנען דורכגעפירט געוואָרן פיל בעסער, איידער אין די פריערדיקע יאָרן. אַדאַנק דעם, האָבן די פעלדער געגעבן א בעסערע גערעטעניש. אויך די מעלוכישע און געווערב־קאָאָפעראַטיווע אונטערנעמונגען האָבן אָנגעהויבן ארבעטן בעסער. דאָס ווידער האָט פארבעסערט די הײַזער־בויונג, און אויך די סאָציאַל־קולטורעלע און קאָמונאַלע בויונג. עס האָט זיך פארברייטערט די נעץ פאָרשול־אַנשטאַלטן; עס איז פולשטענדיק פארווירקלעכט געוואָרן די אַלגעמיינע אָנפאַנג-בילדונג, עס איז אויסגעבויט געוואָרן א טעאַטער אאַז"וו.

פארשטייט זיך, אַז פאַר אַזא קורצער צײַט איז ניט געווען מעגלעך צו ליקווידירן פולשטענ־

דיק די פאָלגן פון אַלע פריִער דערלאָזטע פעלערן. זייערע שפורן לאָזן זיך נאָך טיילווײַז פילן און עס שטייט נאָך פאַר ענדגילטיק אויסצוואָרצלען זיי. עס הייסט אויך ניט, אז פאַר אָט דער צײַט זײַנען שוין באַזײַטיקט געוואָרן אַלע שוועריקײַטן אין סאָציִאַליסטישן אופבוי פונעם נײַעם לאַנד. שוועריקײַטן זײַנען נאָך זיכער פאַראַן און מע מוז נאָך אָנגעשטרענגט קעמפן, קעדיי זיי צו באַזײַטיקן.

אָבער דער איבערבראָך אין דער באַהערשונג פון בירעבידזשאַן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו מערקן פון העלפט 1933 און פאַרטיפט זיך אין 1934, האָט באַדײַטנדיק א רוק געטאָן פאָרויס די בויונג און צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן היסטאָרישן אקט פון 7־טן מײַ 1934, פאַר דער אויסבילדונג פון דער איינציקער אין דער וועלט ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

די אָנשטרענגונגען און די שווערע מי פון די טויזנטער פּיאָנערן, וואָס זײַנען געקומען אפן ווײַטן מיזרעך, קעדיי ראַדיקאַל איבערצובויען זייער לעבן, זײַנען ניט געגאַנגען פאַרלאָרן — ניט פאַרן אופבוי פון לאַנד, ניט פאַרן איבערבוי פון זיי גופע. אין רעזולטאַט פון אָט די יאָרן שווערן, אָנגעשטרענגטן כּאָטעגלעכן קאַמף האָט דער סאָציִאַליסטישער אופבוי פון דעם נײַעם לאַנד געמאַכט א היפּשן שריט פאָרויס. דאָרט, ווו עס איז געווען ווילדע ניט-באַהערשטע טײַגע, איז פאַרלייגט געוואָרן א פעסטער און זיכערער פונדאַמענט פאַר א בליִענדיק, קולטורעל און פאַרמעגלעך סאָציִאַליסטיש לעבן פאַר פיל כּויזנטער ייִדישע ארבעטלײַט און האָרעפאַשניקעס. הונדערטער און הונדערטער פון די, וואָס זײַנען געקומען אהער דעקלאַסירטע, מיט א צעהויקערטער סאָציִאַלער פאַרגאַנגענהײַט, אָן שום קוואַליפיקאַציע, האָבן זיך דאָ איבערגעשמידט, טעכניש באַוואָפנט זיך, געוואָרן קוואַליפיצירטע מײַסטערס פון דער סאָציִאַליסט־שער לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע, באַוווסטזיניקע און אקטיווע בויער פון דער סאָציִאַליסטישער געזעלשאַפט.

## 6. די אויסבילדונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

**דער דעקרעט פון 7-טן מײַ 1934**

אין זײַן באַשטימונג פון 30־טן סענטיאַבער 1931 האָט דער פּרעזידיום פון אַלרוס־לענדישן צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט פעסטגעשטעלט, אז די סאָוועטן־רעגירונג אָריענטירט זיך אויסצובילדן ענדע 1933 אין די גרענעצן פון בירעבידזשאַנער ראַ־יאָן א ייִדישן אווטאָנאָמען אדמיניסטראַטיוו-טעריטאָריעלן איינס, וועלכער וועט ארײַן אין באַשטאַנד פון דעם ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט. פּינקטלעך צום אײַנגעשטעלטן טערמין האָט אָבער די סאָוועטן-רעגירונג ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן די דאָזיקע באַשטימונג. אין יאָר 1932 זײַנען די פעלער פון דער איבערוואַנדערונג און בויונג, צוליב דעם שטאַרק רעגנדיקן זומער און דער פאַרפלייצונג, געבליבן ניט אויסגעפילט, און דאָס האָט זיך געלאָזט באַדײַטנדיק פילן אויך אין קומענדיקן יאָר 1933.

די פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער באַשטימונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן, אָבער ניט אף לאַנג. עס איז דורכגעגאַנגען איין האַלב יאָר, און דער אַלרוסלענדישער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט האָט שוין געהאַט די מעגלעכקײַט, אפן גרונט פון די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע דער־גרייכונגען פון די איבערוואַנדערער אין בירעבידזשאַן, צו שטעלן פאַרן אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט די פראַגע וועגן פאַרווירקלעכן דעם רעגירונג־באַשלוס צו שאַפן דעם ייִדישן אווטאָנאָמען איינס אפן ווײַטן מיזרעך.

דעם 7-טן מײַ 1934 האָט דער אַלפאַרבאַנדישער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט, אונטערן פאָר־זיץ פון מ. אי. קאַלינין, באַטראַכט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג און באַשטימט „פאַרוואַנדלען דעם בירעבידזשאַנער ייִדישן נאַציִאָנאַלן ראַיאָן אין א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינעם באַשטאַנד פון ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט“.

דער דאָזיקער בעעמעס היסטאָרישער דעקרעט פון דער סאָוועטן-רעגירונג האָט ארויסגערופן אן אויסערגעוויינלעכן אָפּקלאַנג פון אופריכטיקער צופרידנקײַט און טיפער פרייד בא די ברייטסטע



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. די זעצעריי־אָפּטיי־לונג פון דער ראַיאָנער דרוקעריי

מאסנ ארבעטער אונ האָרעפּאשניקעס, בא דער פילנאציִאָנאלער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייט איבערנ גאנצנ לאנד.

די צענטראלע פּרעסע פונ דער רויטער הויפּט־שטאָט — „פּראוודא" אונ „איזוועסטיא" — די פּרעסע פונ אלע נאציִאָנאלע רעפּובליקנ, די צייטונגענ פונ לענינגראד, אוראל, סיבער אונ ווייטנ מיזרעכ, די ארבעטער־צייטונגענ פונ די גרעסטע סאָציִאליסטישע פאבריקנ אונ זאווואָדנ, די קאָל־ווירטישע צייטונגענ — אלע האָבנ זיי מיט באגייסטערונג אופגענומענ די באשטימונג וועגנ דער אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ברידערלעכ באגריסט די נייע סאָוועטישע נאציִאָנאלע אווטאָנאָמע געגנט אונ אופגעקלערט פאר די מאסנ די וויכטיקע פּאָליטישע אונ פּראקטישע באדייטונג פונ דעם דאָזיקנ היסטאָרישנ רעגירונג־באשלוס.

אינ די נאָענטסטע וואָכנ נאָכנ 7-טנ מיי זייִנענ איבערנ גאנצנ לאנד אינ די פאבריקנ, זאוואָדנ, געווערב-ארטעלנ, מעלוכע-אנשטאלטנ, אוניווערסיטעטנ, רויטארמייִשע אָפּטיילנ — פּאָרגעקומענ צאָלרייכע מיטינגענ, פארזאמלונגענ אונ אינטערנאציִאָנאלע אָוונטנ, ספּעציִעל געווידמעט דער שאפונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. די אלע פארזאמלונגענ, אפ וועלכע עס זייִנענ ביי־געווענ פיל צענדליקער טויזנטער ארבעטנדיקע, האָבנ באוויזיקט אונ באגריסט דעם רעגירונג־באשלוס אונ פארפּליכטעט זיכ פּראקטיש מיטצוהעלפנ די ייִדישע האָרעפּאשניקעס צו פארוואנדלענ זייער יונגע נאציִאָנאלע געגנט אינ א פּאָרגעשריטענער, בליִענדיקער סאָציִאליסטישער געגנט.

די ארבעטער פונ די גרעסטע מאָסקווער אונטערנעמונגענ — זאוואָד „שאריקאָפּאָדשיפּניק", אווטאָ־זאוואָד אפ סטאלינס נאָמענ, עלעקטראָזאוואָד, זייגער־פאבריק „קראסנאיא ראָזא", זאוואָד נומ. 24 אפ פרונזעס נאָמענ אא. — האָבנ געשיקט א ספּעציִעלע דעלעגאציע צום פאָרזיצער פונ אלפאר־באנדישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט, מ. אי. קאלינינ, קעדיי אינ זייִנ פערזאָנ צו באדאנקענ אונ באגריסנ די סאָוועטנ־רעגירונג אונ פארזיכערנ זי אינ דער גרייטקייט פונ די מאָסקווער ארבעטער מיט אלע מיטלענ אונטערצושטיצנ דעם סאָציִאליסטישנ אופבוי פונ דער יונגער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, וואָס איר אויסבילדונג איז א קאָנסעקווענטער שריט פונ דער סאָוועטנ־רעגירונג אינ דער אָנווענדונג פונ איר לענינ־סטאלינישער נאציִאָנאלער פּאָליטיק צו די ייִדישע מאסנ.

אויכ צווישנ די ברייטע שיכטנ ייִדישע ארבעטנדיקע אויסער די גרענעצנ פונ סאָוועטנ־פאר־באנד האָט די באשטימונג פונ 7-טנ מיי באגעגנט אנ איינמוטיקנ באגייסטערטנ אָפּקלאנג. אונ ניט בלויז צווישנ די שיכטנ, וואָס גרופּירנ זיכ ארומ די אָרגאניזאציעס, וואָס האָבנ שטענדיק אקטיוו מיטגעהאָלפנ דער בויונג פונ בירעבידזשאנ, ווי דער „איקאָר" אינ אמעריקע, „פּראָקאָר" אינ אר־

געגנטינע, „געזערד“ אין פראנקרײַך און בעלגיע אאוו. אויך די ברייטע שיכטן פון ייִדישן קליינ־בירגערטום האָבן באגריסט דעם דאָזיקן באשלוס פון דער סאָוועטן-רעגירונג, וועלכע באנוגנט זיך ניט מיט דעקלאראציעס וועגן נאציאָנאלער גלײַכבארעכטיקונג, נאָר פארווירקלעכט זי רעאל, פראקטיש.

די גרעסטע פרייד און באגײַסטערונג האָט דער רעגירונג־דעקרעט פון 7-טן מײַ, נאטירלעך, ארויסגערופן אין בירעבידזשאנער גופע, בא די טויזנטער ייִדישע איבערוואנדערער, וואָס באטייליקן זיך אקטיוו אין דער טאָגטעגלעכער בויונג פון לאנד, און אויך בא די דאָרטיקע ניט-ייִדישע האָ־רעפאשניקעס, וועלכע ארבעטן שוין 6 יאָר האנט־בא־האנט, אין אינטערנאציאָנאלער ברידערלעכער איינִיקײַט, מיט די ייִדישע ארבעטער און קאָלווירטניקעס.

פאר די ארבעטנדיקע פון בירעבידזשאן האָט די אויסבילדונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט געדינט אלס קאָלאָסאלן סטימול צו פאָרסירן איר ווײַטערדיקע ווירטשאפטלעכע און קול־טורעלע אנטוויקלונג. דאָס האָט געשטארקט זייער מוט און ווילן צו באקעמפן און בײַקומען אלע מעגלעכע שוועריקײַטן, צו דערשלאָגן זיך פאר איר א בעקאָוועדיק אָרט צווישן די מער פאָרגע־שריטענע געגנטן פון דעם ווײַטמיזרעכדיקן קאנט.

**אדמיניס־טראטיווע אײַנאָרדע־נונג פון דער ייִד. אווט. געגנט**

דעם 20־טן יול 1934 האָט דער פרעזידיום פון אלרוסלענדישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט אָנגענומען א באשטימונג וועגן דער אדמיניסטראטיווער אײַנאָרדענונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. לויט אָט דער באשטימונג איז די ייִדישע געגנט אײַנגעטיילט געוואָרן אין 5 אדמיניסטראטיווע ראיאָנען: סטאלינסקער, בליוכעראָווער, בירעבידזשאנער (בײַשטאָטישע זאָנע), סמידאָוויטשער און בירער.
וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די דאָזיקע ראיאָנען אין אדמיניסטראטיוון און עקאָנאָמיש־ווירטשאפטלעכן זין? ווי גייט דער פראָצעס פון זייער באהערשונג? ווי זײַנען די פערספעקטיוון פון זייער אנטוויקלונג אין דער נאָענטער צוקונפט? די פאָלגנדיקע שורעס באמיִען זיך צו געבן א קאָנקרעטן ענטפער אף די דאָזיקע פראגעס.

דער סטאלינסקער ראיאָן, וואָס פאר זײַן צענטער איז באשטימט דער ייִשעוו סטאלינסק (צײַטווײַליק געפינט ער זיך אין ייִשעוו אמורזעט), פארנעמט דעם דאָרעם־מײַרעוודיקן טייל פון דער געגנט. דער דאָזיקער ראיאָן פארנעמט א טעריטאָריע פון 7 184 קווארדאט־קילאָמעטער, פאריייניקט 10 דאָרפישע און ייִשעוו-סאָוועטן מיט א באזעלקערונג פון 6 500 נעפאשעס. דער סטעפישער טייל פון דעם ראיאָן ליגט הארט באם טײַך אמור. דאָס איז דער לאנדווירטשאפטלעכער טייל פון ראיאָן. דאָ געפינען זיך דער קערנער־ראטווירט אפן נאָמען פון קיראָוו, איינער פון די גרעסטע קערנער־ראטווירטן אין ווײַטמיזרעכדיקן קאנט, 13 קאָלווירטן, צווישן זיי 5 איבערוואנדערשע („רויטער אָקטיאבער“, לענינפעלד, סמידאָוויטש, קיראָוו און בליוכער) און די אמורזעטער מאשין-טראקטערשע סטאנציע. אין אָט דעם טייל ראיאָן זײַנען שוין באהערשט ביז 20 טויזנט העקטאר ערד. אין די נאָענטסטע יאָרן קאָן דאָ דער פארזיי־שעטעך באדײַטנדיק פארברייטערט ווערן. לויט די פאָרלויפי־קע פלענער, וועלן צום סאָף פון צווייטן פינפיאָר (1937) אין די 5 אָנגערופענע ייִדישע קאָלווירטן זײַן 1500 — 1 600 נעפאשעס, און דער פארזיי-שעטעך פון אָט די קאָלווירטן וועט זיך פארגרעסערן ביז ארום 6 000 העקטאר. דער בארגיקער צאָפן-טייל פון ראיאָן פארמאָגט ביז א האלבן מיליאָן העקטאר וואלד, קאָלאָסאלע רעזערוון גראפיט, קאלך, אײַזנארץ, גאָלד און אנדערע מינעראלע רײַכ־טימער. אין אָט דעם טייל פון ראיאָן וועלן זיך ברייט אנטוויקלען די וואלד-און בארג־אינדוסטריע. אין די זומער־מאָנאטן איז דער ראיאָן פארבונדן דורך א גוטן שיפ־פארקער איבערן אמור מיט כאבאראָווסק, בלאגאָוועשטשענסק און אנדערע שטעט פון ווײַטמיזרעכדיקן קאנט. אין ראיאָן זײַנען פאראן 7 קינדער־גערטנער, 13 שולן, א לאנדווירטשאפטלעכער טעכניקום, 2 קלובן, 7 לייענשטיבלעך, 2 ביבליאָטעקן, 3 שפיטאָלן, 2 מעדיצינישע פונקטן, 22 סאניטארישע פונקטן, 9 קאָאָפעראטיוון אא. עס דערשײַנען צוויי צײַטונגען — „סטאלינס וועג“ און „סטאלינסקער שלאָגלער“.

דער בליוכעראָווער ראיאָן מיטן צענטער אין ייִשעוו בליוכעראָווע (געוו. מיכײַלאָ־סע־



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. מע היט דאָס קאָלווירטישע פאַרמעגן

מיאַנאָווסק) געפינט זיך אינ צענטראַלן טייל פונ דער געגנט. דער דאָזיקער ראַיאָן פאַרנעמט א שטעטל פונ 5498 קוואדראט־קילאָמעטער, פאררייניקט 14 דאָרפראטן מיט א באפעלקערונג פונ 6000 נעפאשעס. דער ראַיאָן איז צום גרעסטן טייל א סטעפּישער. די גרונט־ריכטונג פונ זײַן עקאָנאָמיק איז די לאנדווירטשאפט. ער פּראָדוצירט הויפּטזאכלעך ווייץ, סאָיע, גריקע, האָבער. דער ראַיאָן האָט גרויסע פּערספּעקטיוון פאר דער אנטוויקלונג פונ פיצוכט און פישפאנג. אינ בליוכעראָווער ראַיאָן זײַנען פאראן בא 25 קאָלווירטן, צווישן זיי 2 איבערוואנדערשע („קויבישעוו", „סטאלינ") און א מאשינ-טראקטערישע סטאנציע. בליוכעראָווער ראַיאָן פאַרמאָגט: 17 שולן, 6 לייענשטיבלעך, א שפּיטאָל, 4 מעדיצינישע פונקטן, 21 סאניטאר-פונקטן, 3 קינדער־יאסלעס און א ריי אנדערע סאָציאל-קולטורעלע אנשטאלטן. דער צענטער פונ ראַיאָן, דער יישעוו בליוכעראָווע, געפינט זיך אפן ברעג פונ דעם טײַך אמור. אינ בליוכעראָווע דערשײַנט א צײַטונג „סטאלינעצ".

דער בירער ראַיאָן מיטן צענטער אינעם יישעוו בירא פארנעמט דעם צאָפן־מײַרעוודיקן טייל פונ דער געגנט און דעם גאנצן אײַזנבאן־פאס צווישן די סטאנציעס אָבלוטשיע און בירעבידזשאן. לויט דער טעריטאָריע, וואָס ער פארנעמט (13750 קוואדראט־קילאָמעטער) איז בירער ראַיאָן דער גרעסטער אינ דער געגנט. ער פאררייניקט 9 דאָרף- און יישעוו-סאָוועטן מיט א באפעלקערונג ביז 22 טויזנט נעפאשעס. בירער ראַיאָן האָט אלע מעגלעכקײַטן צו ווערן דער גרונטלעכער אינדוסטריעלער צענטער פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אפ דער טעריטאָריע פונ אָט דעם ראַיאָן געפינען זיך די רײַכסטע געבויר־ערטער פונ

אײַזנאַרץ, דאָ געפינען זיך די סוטאַרער גאָלדגרובן, וואָס די אַרבעט אין זיי איז לעצטנס מעכאַניזירט געוואָרן. בירער ראַיאָן פאַרמאָגט אויך שטיינקוילן, וואָס ווערן שוין טיילווײַז אַרויס־באַקומען פאַר די באַדערפעניש פונעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט. דאָ געפינען זיך קאָלאָסאַלע רעזערוון מאַגנעזיט, קאַלך און פאַרשיידענע אַנדערע מינעראַלע רײַכטימער. בירער ראַיאָן איז איינער פון די רײַכסטע וואַלד־ראַיאָנען אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. דאָ ווערן געפירט גרויסע וואַלד־פאַרגרייטונגען, אַ טייל פינעם פאַרגרייטן וואַלד ווערט אָפּן אָרט באַאַרבעט אין די זעג־מילן און אינעם זאַוואָד פאַר הײַזער־בויונג. אין ביראַקאַן און לאָנדאָקאָ איז אָרגאַניזירט דער אַרויסבאַקום פון קאַלך. אין לאָנדאָקאָ בויט זיך אַ גרויסער מעכאַניזירטער קאַלך־זאַוואָד, וועלכער וועט געבן ביז 60 טויזנט טאָן קאַלך אַ יאָר. שוין הײַנטיקס יאָר וועלן זײַן פאַרטיק 3 מעכאַניזירטע ברענ־אויוונס, וועלכע וועלן פּראָדוצירן ביז 30 טויזנט טאָן קאַלך אַ יאָר. אַ ברייט פאַרצווײַגטע נעץ אונטערנעמונגען האָט אויסגעבויס אין בירער ראַיאָן די געווערב־קאָאָפּעראַציע, וועלכע אַרבעט איבער דעם אָרטיקן רויוואַרג (קאַלך, געהילץ, סמאָלע, עפּיר־איילן אאַ.). אַרום דעם ייִשעוו לאָנ־דאָקאָ געפינט זיך אַ גרויסער פיש־זאַוואָד, וועלכער האָט אַן אַלפאַרבאַנדישע באַדײַטונג. שוואַכער איז אין בירער ראַיאָן אַנטוויקלט די לאַנדווירטשאַפט. דאָ זײַנען פאַראַן 7 קאָלווירטן, צווישן זיי 2 איבערוואַנדערשע („נײַ־לעבן" און פאַשקאָווע) און אַ בינענצוכט־ראַטווירט, וואָס פאַרמאָגט 2 200 בינשטאָקן, וועלכע האָבן אין 1934 געגעבן 55 000 קילאָגראַם האָניק. אַף דער טעריטאָריע פון בי־רער ראַיאָן געפינט זיך דער באַרימטער איבערן גאַנצן ווײַטן מיזרעך קוראָרט „קולדור" מיט זײַנע וווּנדערבאַרע הייסע שוועבלזויערע קוואַלן. מיט דעם געגנטלעכן צענטער איז בירער ראַיאָן פאַר־בונדן דורך דער אוסוריער אײַזנבאַן. סאָציאַל־קולטורעלע אַנשטאַלטן זײַנען אין בירער ראַיאָן (אויסער אָבלוטשיער דאָרפראַט) פאַראַן: 6 קינדער־גערטנער, 7 קינדער־יאַסלעס, 19 שולן, 3 קלובן, 2 ביבליאָטעקן, 2 לייענשטיבלעך, אַ שפּיטאָל, 16 מעדיצינישע פּונקטן, 16 סאַניטאַר־פּונקטן אאַ. אין בירא דערשײַנט אַ צײַטונג „סטאַלינס רוף".

דער בירעבידזשאַנער בײַשטאָטישער ראַיאָן פאַרנעמט אַ טעריטאָריע פון 3 800 קוואַד־ראַט־קילאָמעטער, גרענעצט זיך צו מיזרעך מיטן סמידאָוויטשער ראַיאָן, צו מײַרעוו — מיטן בירער, צו דאָרעם — מיט בליוכעראָווער, ניט ווײַט פון דעם טײַך אַמור. די צען דאָרפישע סאָוועטן, וואָס געפינען זיך דאָ, ווערן אָנגעפירט דורך דעם בירעבידזשאַנער שטאָט־סאָוועט, ווײַל דער גאַנצער ראַיאָן ווערט באַטראַכט אַלס בײַשטאָטישע זאָנע. אין שטאָט צוזאַמען מיט די 10 דאָרפישע סאָ־וועטן, איז פאַראַן אַ באַפעלקערונג פון אומגעפער 12—13 טויזנט נעפאַשעס. אין דער בײַשטאָטישער זאָנע איז דער באָדן טיילווײַז אַ זאַמדיקער און טיילווײַז אַ ליימיקער. באַם פאַרענדיקן די מעליָ־אָראַטיווע אַרבעטן, וואָס ווערן דאָ דורכגעפירט, וועט מען קאָנען שטאַרק פאַרברייטערן די לאַנד־ווירטשאַפט, הויפּטזאַכלעך אַלס דערנערונג־באַזע פאַר דער שנעל וואַקסנדיקער באַפעלקערונג פון דעם געגנטלעכן צענטער — די שטאָט בירעבידזשאַן. דערווײַל זײַנען אין דער בײַשטאָטישער זאָנע פאַראַן: דער אַמור־בירער (נאַדעזשדינסקער) פּוטער־ראַטווירט, די געגנטלעכע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּרווו־סטאַנציע און 12 קאָלווירטן, צווישן זיי 4 איבערוואַנדערשע (קיראָוו, קאַהאַנאָוויטש, „עמעס" און וואַלדהיים). הײַנטיקס יאָר ווערן דאָ אָרגאַניזירט נאָך 2 איבערוואַנדערישע קאָלווירטן. די קאָל־ווירטן ווערן באַדינט דורך צוויי מאַשין־טראַקטערישע סטאַנציעס — דער בירעבידזשאַנער און דער ספּעציעל איבערוואַנדערשער, דער איינציקער אַזאַ אין גאַנצן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס איז באַרופן צוצוגרייטן באָדן, אָרגאַניזירן און בויען קאָלווירטן פאַר די נײַע ייִדישע איבערוואַנדערער. די דאָ־זיקע מטס באַדאַרף הײַנטיקס יאָר אויפאַקערן איבער 3 000 העקטאַר רויערד. דאָס וועט געבן די מעגלעכקײַט צו פאַרגרעסערן אין קומענדיקן יאָר דעם פאַרזיי־שעטעך אין דער בײַשטאָטישער זאָנע ביז 5 000 העקטאַר. אַכוץ פאַרשיידענע גאָרטנוואַרג און פעלד־קולטורן, איז אין דער בײַשטאָטישער זאָנע אויך אַנטוויקלט פיצוכט און בינענצוכט. אין געגנטלעכן צענטער, וועלכער איז אויך דער צענ־טער פון דער בײַשטאָטישער זאָנע, וואַקסט מיט שנעלע טעמפּן די מעלוכישע און געווערב־קאָאָ־פּעראַטיווע אינדוסטריע, וועלכע פאַרמאָגט דאָ באַ אָנדערהאַלבן צענדליק אונטערנעמונגען. עס בויען זיך אַ ריי נײַע גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס וועלן אין די נאָענטסטע יאָרן באַ־שעפטיקן היפּש טויזנטער נײַע אַרבעטער, אינזשענער־טעכנישע טוער און אָנגעשטעלטע. אַף די

רישטעוואניעס פון דער שטאָט ארבעטן איצט בא 1100 בוי-ארבעטער. די יִישוּוים פון דער בײַשטאָטישער זאָנע פארמאָגן 10 שולן, קינדער-גערטנער, קינדער־יאסלעס, קלובן, לייענשטיבלעך, 2 שפיטאָלן, מעדיצינישע פונקטן און סאניטאר־פונקטן, א נעץ קאָאָפעראטיווע האנדלפונקטן אדג.

דער סמידאָוויטשער ראיאָן מיטן צענטער אין ארבעטער־יִישוּו סמידאָוויטש (געוו. אין) פארנעמט דעם מיזרעכ־טייל פון דער געגנט, צו מײַרעוו גרענעצט זיך דער דאָזיקער ראיאָן מיט דער בײַשטאָטישער זאָנע און צו מיזרעכ — מיטן צענטער פון דעם ווײַטמיזרעכדיקן קאנט — מיט דער שטאָט כאבאראָווסק, ריכטיקער מיט דעם טײַכ אמור. דער סמידאָוויטשער ראיאָן פארמאָגט באַדײַטנדיקע וואלד-מאסיוון, פיל טײַכן און טײַכלעך, מיט וועלכע מע קאָן טרײַבן דאָס פארגרייטע געהילץ. דאָס גיט די מעגלעכקײַט ברייט צו אנטוויקלען דאָ די וואלד-אינדוסטריע, אויך די לאנדווירטשאפט האָט דאָ גוטע אויסזיכטן ברייט צו אנטוויקלען זיך, דערצו אָבער איז נייטיק דורכצופירן באשטימטע מעליִאָראטיווע ארבעטן. די נאָענטקײַט פון דעם גרויסן טײַכ אמור, פון טײַכ טונגוסקא און די פילצאָליקע אנדערע טײַכן און סאזשלקעס גיבן די מעגלעכקײַט באדײַטנדיק צו פארשטארקן אין ראיאָן די פישצוכט. דערווײַל זײַנען אין סמידאָוויטשער ראיאָן פאראַן 14 קאָלווירטן (6 לאנדווירטשאפטלעכע און 8 פישפאנגערישע), צווישן זיי 2 איבערוואַנדערשע („איקאָר“ און „סטאלינס רוף“) אין 2 ראַטווירטן — דער כאַקראָווקער פוטער־ראטווירט, וועלכער דינט אלס דערנערונגבאזע פאר די ארבעטער פון דער אוסוריִער אײַזנבאן, און דער וואָלאָטשײַעווקער כאזיירים־ראטווירט. דער ראיאָן פארמאָגט אויך א ריי אינדוסטריִעלע אינטערנעמונגען: א גרויסע אײַזנבאן-דעפּאָ און ווארשטאט צו רעמאָנטירן לאָקאָמאָטיוון און וואגאָנעס אין ראיאָנעם צענטער, א מעבל-פאבריק ארום איקאָר (געוו. סאָצשטעטל), א גרויסן זאוואָד פאר געהילץ־באארבעטונג אין ניקאָלײַעווקע. אפן דער טעריטאָריע פון ראיאָן זײַנען פאראַן: 8 קינדער־גערטנער, 15 שולן, עטלעכע קלובן, 7 לייענשטיבלעך, א שפיטאָל, 4 מעדיצינישע פונקטן, 20 סאניטאר־פונקטן, 6 קינדער־יאסלעס, 11 דאָרפישע קאָאָפעראטיוון און 2 ארבעטער־קאָאָפעראטיוון.

אָט אזוי קאָנען אינקורצן און אין אלגעמיינע שטריכן כאראקטעריזירט ווערן די 5 אדמיניסטראטיווע ראיאָנען, אין וועלכע די יִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז אײַנגעטיילט.

**דער I געגנטלעכער סאָוועטן־צוזאמענפאָר**

אפן דאָזיקן צוזאמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט בירעבידזשאן דעם 18—21 דעקאבער 1934, איז אונטערגעפירט געוואָרן א סאכאקל פון דעם, וואָס עס איז אופגעטאָן געוואָרן אין דער יונגער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט זינט איר פראָקלאמירונג, באשטעטיקט געוואָרן דער פלאן פון איר ווירטשאפטלעכ־קולטורעלער בויונג אין 1935 און עס זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן די רעגולערע סאָוועטישע אָנפיר־אָרגאנען פון דער געגנט. אנדערש געזאָגט, אפן דאָזיקן צוזאמענפאָר האָט די נײַע יִדישע אווטאָנאָמע געגנט פארענדיקט איר אויסבילדונג-פראָצעס, דאָ איז זי ענדגילטיק אויסגעפורעמט געוואָרן אלס סאָוועטישער מעלוכישער אווטאָנאָמער איינס.

שוין צוליב דעם אליין האָט דער דאָזיקער צוזאמענפאָר באקומען א קאָלאָסאלע פּאָליטישע באדײַטונג און איז געוואָרן א וויכטיקער עטאפּ אינעם סאָציִאליסטישן אופבוי פון דער יונגער יִדישער נאציִאָנאלער געגנט.

אָט די בעעמעס קאָלאָסאלע באדײַטונג פון דעם דאָזיקן צוזאמענפאָר איז אָבער אין דער ווירקלעכקײַט נאָכ פילפאכיק פארגרעסערט געוואָרן דורכן אקטיוון באגײַסטערטן אָנטייל אין אים פון דער אינטערנאציִאָנאלער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט פון גאנצן סאָוועטן־פארבאנד, און אויך פון אויסער זײַנע גרענעצן.

צום ערשטן צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן פון דער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָבן זיך אקטיוו געגרייט ניט בלויז די ארבעטער און קאָלווירטניקעס פון דער געגנט גופע, וועלכע האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו קומען צו זייער גרויסן יאָנטעוו מיט פולשטענדיק אויסגעפילטע פראָדוציר־פלענער, נאָר אויך די פראָלעטארישע און ארבעטנדיקע מאסן פון גאנצן פארבאנד. אין די צענדליקער פון די גרעסטע סאָציִאליסטישע אינדוסטריע-גיגאנטן, אין די ווארשטאטן און קאָלווירטן — אומעטום זײַנען דורכגע-



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. קינדער פון איבערוואנדערער (קאָלווירט „רויטער אָקטיאבער")

פירט געוואָרן מיטינגען, פארזאמלונגען און שמועסן וועגן דער באדייטונג פונעם פאָרשטייענדיקן צוזאמענפאָר, אומעטום האָבן די ארבעטער און ארבעטנדיקע אויסגעדריקט דעם ווונטש און באשלאָסן אָפּצוארבעטן עטלעכע שאָ אין אָפּרו-טאָג אָדער נאָכ דער ארבעט און איינשאפן א ווירדיקע מאטאָנע פאר די בויער און די בויונגען פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, און דאָס זיינען געווען ניט בלויז ווערטער און פאפירענע רעזאָליוציעס. צום צוזאמענפאָר האָבן זיי זיכ פארוואנדלט אין אן ערעכ 50 וואגאָנעס ווערקצייג, מאשינעס, וויכטיקע בוי־מאטעריאלן, קליידער, שוכווארג און אנדערע ווערטפולע זאכן, וועלכע א דעלעגאציע פון 33 ייִדישע, רוסישע, אוקראיִנישע, ווייסרוסישע, טאָטערשע ארבעטער און ארבעטערנס, קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס האָבן אָפּגעפירט אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

אין דעם צוזאמענפאָר האָבן זיכ באטייליקט 300 דעלעגאטן, די בעסטע שלאָגלער, די כאָשעווסטע מענטשן פון די ראטווירטן, קאָלווירטן, פאבריקן, זאוואָדן, גאָלדגרובנס, געווערב-ארטעלן, נייבויונגען, רויטארמייִשע טיילן פון דער געגנט, דער אָנפירער פון ווייטמיזרעכדיקן קאנטישן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי כ' לאווורענטיעוו, 33 דעלעגאטן פון פארשיידענע רעפובליקן פון סאָוועטן־פארבאנד, א בריגאדע ייִדישע סאָוועטישע שרייבער (ש. גאָדינער, פּ. מארקיש, י. דאָברושין, איזי כאריק, דאָוויד האָפשטיין), דער פאָרזיצער פון צענטראל-ראט פון אלפארבאנדישן געזערד ש. דימאנשטיין, דער געהילף־רעדאקטער פון „עמעס" פּ. שפּראכ, דער געהילף־רעדאקטער פון „שטערן" ב. גאָלדענבערג, פאָרשטייער פון אמעריקאנער „איקאָר", פראנצויזישן געזערד אא.

דער צוזאמענפאָר האָט באקומען הונדערטער טעלעגראפישע באגריסונגען, אין דעם פון די צענטראלע אלפארבאנדישע רעגירונג־אָרגאנען, פון אלע נאציאָנאלע סאָוועטישע רעפובליקן, געגנטן און קאנטן, פון צענדליקער פאָלק-מיטינגען, וואָס זיינען אין די טעג פון דעם צוזאמענפאָר פאָרגעקומען איבערן גאנצן לאנד, פון ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע פון פיל לענדער איבער דער גאָרער וועלט.

די גאנצע ארבעט פון דעם צוזאמענפאָר איז דורכגעגאנגען אין אן אטמאָספער פון אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאזם און באגייסטערונג, פון אינטערנאציאָנאלער ברידערלעכקייט און סאָלידאריטעט. אפן צוזאמענפאָר האָט מען גערעדט אין פארשיידענע שפּראכן: ייִדיש, רוסיש, אוקראיִניש, ווייסרוסיש, טאָטעריש. דער פאָרשטייער פון דער ווייטמיזרעכדיקער רויטפאָניקער רויטער ארמיי, א קאָמאנדיר פון א הויכן ראנג — א ליטווינער — האָט באגריסט דעם צוזאמענפאָר אין ייִדיש. קיין איבערזעצער האָט מען אָבער אפן צוזאמענפאָר ניט באדארפט. אלע פארזאמלטע, באגייסטערט פון איינע און די זעלביקע אידייען און געפילן, האָבן אויסגעצייכנט פארשטאנען איינער דעם צווייטן.



יִדישע אווטאָנאָמע געגנט. די פּיָאָנערקע פונ דער 1־טער יִד. שול — ווערע פּיַיווער, בא פּראקטישער ארבעט באַם טעאָליט

דער ערשטער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר פונ דער ערשטער אונ איינציקער אינ דער גאָרער וועלט יִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז געווענ א גראנדיעזער יאָנטעוו פונ עכטנ פּראָלעטארישנ אינטער־נאציָאָליזמ, אנ אינטערנאציָאָנאלער יאָנטעוו פאר די ארבעטנדיקע פונ אלע פּילצאָליקע פעלקער, וואָס זיַינענ פאריייניקט אינ דעמ גרויסנ סאָוועטנ-פארבאנד, פונ די ארבעטנדיקע יִדישע מאסנ פונ צענדליקער אנדערע לענדער.

דער ערשטער סאָוועטנ־צוזאמענפאָר פונ דער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָט אָנגעלאָדנ זיַינע בויער מיט ענטוזיִאזמ אונ פעסטנ ווילנ צו קעמפנ מיט נאָכ מער מוט אונ ענערגיע פאר רעאליזירנ די באשטעטיקטע בוי-פּלענער, פאר פארווירקלעכנ דעמ רופ פונ דעמ פירער פונ די וויַיטמיזרעכדיקע באָלשעוויקעס, כ׳ לאָווערענטיעוו, צו פאָרסירנ די פארוואנדלונג פונ דער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינ א יִדישער סאָוועטישער סאָציִאליסטישער אווטאָנאָ־מער רעפּובליק.

## 7. די ערשטע יִדישע אווטאָנאָמע געגנט צומ ערשטנ יאָרטאָג פונ איר פּראָקלאמירונג

דעמ 7-טנ מיַי 1935 האָבנ די ארבעטנדיקע פונ דער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט, אונ צו־זאמענ מיט זיי אויכ די אינטערנאציָאָנאלע סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקיַיט איבערנ גאנצנ לאנד, איִמפּאָ־זאנט געפיַיערט דעמ ערשטנ יאָרטאָג זינט איר פּראָקלאמירונג. בא דער דאָזיקער געלעגנהיַיט האָבנ די אָר־גאניזאציעס פונ דער געגנט אונטערגעפירט א סאַכאקל פונ דעמ וועג, וואָס זי האָט דורכגעמאכט



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט.
פּיאָנערנ אונ שילער באגריסנ דעמ
אָנהייב פונעמ נײַעמ לערניאָר

פארנ עושטנ יאָר ארבעט אינ די באדינגונגענ פונ א סאָוועטישנ נאציאָנאלנ אווטאָנאָמענ אײנס, אונ מיט קאָנקרעטע פאקטנ אונ ציפער באווייזנ די רעאלע רעזולטאטנ, וואָס די יונגע געגנט האָט זיכ דערשלאָגנ אפ אלע גרונט-געביטנ פונ איר סאָציאליסטישנ אופבוי.

די דאָזיקע סאכאקלענ זײַנענ ביז גאָר אינטערעסאנט אונ באלערנדיק.

**ניט קיינ דעקלאראציע**

אינ זײַנ שמועס מיט דער מאָסקווער ארבעטער-דעלעגאציע דעמ 28-טנ מײַ 1934 האָט דער פאָרזיצער פונ אלפארבאנדישנ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט, כ׳ מ. אי. קאלינינ, דערקלערט:

„די באשטימונג פונ דער רעגירונג וועגנ שאפנ א ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז ניט קיינ דעקלאראציע, נאָר זי דרינגט ארויס קאָנסעקווענט פונ די אופגאבנ צו פארווירקלעכנ די לענינישע נאציאָנאלע פאָליטיק. די באזעצונג אונ די פארפעסטיקונג פונ דער געגנט, די אלמעגלעכע אנטוויקלונג פונ איר אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט אונ קולטור וועט באקומענ די אלזײַטיקע אונטערשטיצונג פונ דער צענטראלער רעגירונג".

אונ אזוי איז עס טאקע אינ דער ווירקלעכקײַט. זינט עס איז פראָקלאמירט געוואָרנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, האָבנ סײַ די צענטראלע סאָוועטנ-רעגירונג סײַ די אָנפירנדיקע אָרגאנענ פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט באדײַטנדיק פארשטארקט אונ פארברייטערט זייער קאָנקרעטע הילפ דער יונגער געגנט.

די ייִדישע געגנט האָט באקומענ אנ אייגענעמ מעלוכע-בודזשעט; צוויי פאָרשטייער אירע זײַנענ אויסגעוויילט אינ די צענטראלע מעלוכע-אָרגאנענ: מ. ב. כאווקינ — אינ נאציאָנאליטעטנ-ראט פונעמ פארבאנדישנ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט אונ דער כ׳ י. י. ליבערבערג — אינ דעמ אלרוסלענדישנ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט.



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. באַם שוועבל-קוואַל פונ קוראָרט „קולדור“

נאָכנ 7-טנ מײַ 1934 האָט די יונגע ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט באַקומענ א פעסטע, אויסגע־האַלטענע אָנפירערשאַפט, וועלכע דרינגט אַרײַנ טאָגטעגלעכ אינ אַלע ווינקעלעכ פונ דעמ גרויסנ בוי־פּלאַץ, אונ ענדערט ראַדיקאַל די מעטאָדנ אונ דעמ סטיל פונ דער אַרבעט אפ אַלע באַצירקנ.

פאַרנ לעצטנ יאָר האָט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט באַקומענ א באַדײַטנדיקע צאָל געניטע פּאַכלײַט — אינזשעניערנ, אַגראָנאָמענ, מעדיקער, קולטור-טוער, ווירטשאַפטלער, אַדמיניסטראַטיווע טוער אאַז.

די געגנט איז באַלד נאָכ איר פּראָקלאַמירונג אײַנגעטיילט געוואָרנ אינ 4 זעלבשטענדיקע ראַיאָנענ אונ איינ בײַשטאָטישער זאָנע — סטאַלינסקער, בליוכאָרעווער, בירער, סמידאָוויטשער אונ די בירעבידזשאַנער בײַשטאָטישע זאָנע, וואָס האָט געשאַפנ די מעגלעכקײַט אָפּעראַטיווער אונ קאָנקרע־טער אָנצופירנ מיט יעדנ קאָלווירט, ייִשעוו אונ בוי-אָביעקט באַזונדער.

דעמ 1־טנ אָקטיאַבער 1934 האָט דער פאַרבאַנדישער ראַטספאָלקאָמ אָנגענומענ א פּאַ־נאַנדערגעוויקלטנ באַשלוס וועגנ פאָרסירנ די ווירטשאַפטלעכע אונ קולטורעלע בויונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. דער דאָזיקער באַשלוס אַנטהאַלט אינ זיכ א גענויע אונ קאָנקרעטע פּראָגראַמ פונ דער לאַנדווירטשאַפטלעכער, אינדוסטריעלער אונ סאָציאַל־קולטורעלער בויונג אינ די יאָרנ 1935 — 1936; ער זיכערט די דאָזיקע בויונג מיט געלט־קרעדיטנ אונ מאַטעריאַלנ אונ פאַר־פליכטעט די אַנטשפּרעכיקע צענטראַלע אונ ווײַטמיזרעכדיקע מעזוכע־אָרגאַנענ אַקטיוו מיטצוהעלפנ דער פאַרווירקלעכונג פונ דער דאָזיקער בוי־פּראָגראַמ.

נאָכן 7־טן מײַ 1934 האָט זיך ביז גאָר פאַרשטאַרקט דער אינטערעס און די אופמערקזאַמקײַט צו דער ייִדי־שער אווטאָנאָמער געגנט מיצאַד די ברייטסטע פּראָלעטאַרישע און אַרבעטנדיקע מאַסן פון גאַנצן סאָוועטן־לאַנד.

אָט די אַלע אויסערסט וויכטיקע ענדערונגען, וואָס זײַנען געקומען אין רעזולטאַט פונעם אויסבילדן די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, האָבן, נאַטירלעך, שטאַרק אופגעמונטערט די ברייטסטע מאַסן אַלטע און נײַע איבערוואַנדערער, און אויך די אָרטגעבירטיקע האָרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן דעריקער דאָס לעצטע יאָר געאַרבעט פיל מער באַגײַסטערט אין שלאָגלעריש.

אַדאַנק דעם אַלעמען, האָט די סאָציאַליסטישע בויונג אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, זינט דעם 7-טן מײַ 1934, געמאַכט אַ שטאַרקן שריט פאָרויס, ווי עס איז קלאָר צו זען פון די קאָנ־קרעטע דערגרייכונגען, מיט וועלכע זי איז געקומען צום ערשטן יאָרטאָג פון איר פּראָקלאַמירונג.

**אויס אפפלוס!**

איינע פון די גרעסטע און וויכטיקסטע דערגרייכונגען, וואָס די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט האָט געקאָנט פאַרצייכענען צו איר ערשטן יאָרטאָג, איז אָן שום צווייפל די דערפאָלגן אינעם קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן די איבערוואַנדערער און ליקווידירן דעם אָפפלוס. די נײַע אָנפירערשאַפט אין דער געגנט האָט פונעם ערשטן טאָג אָן ביז גאָר פאַרשאַרפט די דאָזיקע פּ־אַגע און אוועקגעשטעלט זי צווישן די צענטראַלע אופגאַבעס, וואָס פאַר איר זײַנען מעכויעוו טאָגטעגלעך אַנטשיידן צו קעמפן אַלע פאַרטייִשע, סאָוועטישע אוןווירט־שאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

דער זיג אף אָט דעם באַשליסנדיקן פראָנט-באַצירק פון דעם סאָציאַליסטישן אופבוי פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז אָנגעקומען ניט לײַכט. מע האָט געמוזט בײַקומען דעם ווידער־שטאַנד פון די קלאַסנפײַנטלעכע עלעמענטן, וועלכע האָבן מיט זייער ביוראָקראַטישער באַציִונג צו די איבערוואַנדערער ה־פש מיטגעווירקט דעם אָפפלוס. מע האָט אויך געמוזט אַנטשיידן באַקעמפן די אײַנגעוואָרצלטע בא אייניקע טוער אָפּאָרטוניסטישע „אײַנשטעלונג", אַז אַ באַשטימטער פּראָצענט אָפפלוס איז, קלוימערשט, אומפאַרמײַדלעך.

די נײַע אָנפירערשאַפט פון דער געגנט האָט אַנטשיידן באַקעמפט די דאָזיקע אַנטי־איבערוואַנ־דערשע „טעאָריעס" און פּראַקטיק, דערשלאָגן זיך אַ באַדײַטנדיקע פאַרבעסערונג פונעם אופנעם און פאַרפעסטיקונג פון די איבערוואַנדערער, און דאָס, צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם אופשטײַג אין דער געגנט, האָט געבראַכט דערצו, אַז דער אָפפלוס איז אין גרונט ליקווידירט געוואָרן.

נאָך מער, הונדערטער איבערוואַנדערער, וואָס זײַנען לעכאַטכילע געקומען אין דער ייִדישער געגנט, אַליין אָן פאַמיליעס, פאָדערן איצט פון קאָמערד, מע זאָל וואָס שנעלער אַראָפּברענגען אַהער זייערע פרויען און קינדער.

דער דראַנג צו דער ייִדישער געגנט איז איצט אַזוי שטאַרק, אַז פאַרן ערשטן קוואַרטל 1935 זײַנען אַהער געקומען 50 איבערוואַנדערער אף זייער אייגענעם כעזשבן, ווײַל זייערע שטעטלעך האָבן ניט געהאַט גענוג אָרדערס פּ־ן קאָמערד אף צו באַפרידיקן די אַלע, וואָס ווילן פאָרן אין דער ייִדישער געגנט. „דעם 11-טן מײַ — לייענען מיר אין „בירעבידזשאַנער שטערן" פון 15-טן מײַ — איז אָנגעקומען אַ גרופּע אַרבעטנדיקע פון 15 מאַן פון טולטשין: 3 בעקערס, אַ שוס־טער און אַ שנײַדער. אַלע זײַנען זיי געקומען אף אייגענע הויצאָעס. ווי זיי דערציילן, זײַנען אין טולטשין פאַראַן העכער הונדערט מישפּאָכעס, וואָס זײַנען גרייט צו פאָרן צו אונדז אין געגנט".

אף דער פאַרפעסטיקונג פון די איבערוואַנדערער האָט אָן שום סאָפעק געווירקט אויך דאָס, וואָס אויך אין די אויסוואַנדערונג־ערטער האָט זיך פאַר דער לעצטער צײַט פאַרבעסערט דער אָפּ־קלײַב. די גרעסטע מערהײַט אָנגעקומענע איבערוואַנדערער זײַנען פּאַסיקע פאַר דער געגנט.

**אופשטײַג פון דער לאַנדווירטשאַפט**

וויכטיקע דערגרייכונגען האָבן די אַרבעטנדיקע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט דערשלאָגן זיך פאַרן לעצטן יאָר אין דער אַנטוויקלונג און פאַרפעסטיקונג פון דער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט.

דער פאַרזיי־שעטעך איז, אין פאַרגלײַך מיטן יאָר 1934, אויסגעוואַקסן פון 42,5 ביז 38 טויזנט העקטאַר, דה. אף 17%. פאַרן לעצטן יאָר זײַנען דורכגעפירט געוואָרן אין אַ גאַנץ ברייטן מאַסשטאַב מעליִאָראַטיווע אַרבעטן אף אַ שעטעך פון 9—10 טויזנט העקטאַר, פון וועלכע 6 840 הא וועלן האיאָר אופגעאַקערט ווערן.



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. קינדער פון איבער־וואנדערער (קאָלווירט „איקאָר”)

אין 1934 האָבן די ראטווירטן און קאָלווירטן פון דער געגנט באדײַטנדיק בעסער דורכגעפירט אַלע לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטן. אדאנק דעם, האָט זיך באמערקבאר געהעכערט די גערעטעניש פון די סאָציאַליסטישע פעלדער (בערעך אפ 30%). די קאָלווירטן האָבן צו דער צײַט און פולשטענדיק אויסגעפילט זייערע פארפליכטונגען פאר דער מעלוכע, צעצאָלט זיך מיט די מאשין־טראקטערשע סטאנציעס, די ערשטע אין ווײַטמיזורעכדיקן קאנט אויסגעפילט דעם פלאן פונעם ברויטפארקויף, פארזיכערט זיך מיט זריע אפן 1935 און אויסגעצאָלט די קאָלווירטניקעס לויט די טעגארבעט באדײַטנדיק מער, איידער אין 1933.

צום ערשטן יאָרטאָג פון אויסבילדן די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז די צאָל קאָלווירטן אויסגעוואקסן ביז 64 און דער פראָצענט קאָלעקטיוויזאציע — ביז 83. די צאָל אינדיווידועלע ווירטשאפטן אין דער גאנצער געגנט איז ניט מער פון 438.

א באדײַטנדיקע ראָליע אין דער פארפעסטיקונג פון דער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט אין דער געגנט האָט געשפילט די פארשטארקונג פון דער טעכנישער באוואָפענונג פון דער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט. צו די דרײַ מאשין־טראקטערשע סטאנציעס, וואָס די געגנט האָט פארמאָגט, איז לעצטנס צוגעקומען א פערטע — א ספעציעלע איבערוואנדערשע, וואָס איר אופגאבע איז: צוגרייטן באָדן, אָרגאניזירן און בויען נײַע איבערוואנדערשע קאָלווירטן. די מאשין־טראקטערישע סטאנציעס פארמאָגן איצט 128 טראקטערס, בא צוויי צענדליק קאָמבײַנען און אנדערע לאנדווירט-

שאפטלעכע מאשינעס, און אויך אווטאָ־טראנספּאָרט. די מאשין־טראקטערשע סטאנציעס פון דער געגנט באדינען איצט 39 קאָלווירטן, אָנשטאָט 27 אין 1934.

באשטימטע סימאָנים פון אן איבערבראָך הייבן זיך לעצטנס אָן צו מערקן אויך אין דער אנטוויקלונג פון דער פיצוכט, וואָס איז ביזן 1934 געווען איינער פון די אָפּגעשטאנענע געביטן פון דער לאנדווירטשאפט. דאָס איז צו זען פון די פאָלגנדיקע פארגלייַך־ציפער:

| די צאָל | צום 1־טן יאנואר 1934 | צום 1־טן יאנואר 1935 |
|---|---|---|
| פערד | 2 581 | 2 890 |
| בעהיימעס | 4 428 | 4 998 |
| כאזיירים | 2 532 | 5 372 |

לויטן באשטעטיקטן מעלוכע־פּלאן, דארף אין דער געגנט אין משך פון 1935 אויסגעהאָדעוועט ווערן: 199 יונגע פערד, 1 700 יונגע קי און 7 080 כאזיירים.

די צאָל בינשטאָקן האָט זיך פארגרעסערט ביז 14 טויזנט, און זיי האָבן אין 1934 געגעבן 375 טויזנט קילאָגראם האָניק.

א היפּשן שריט פאָרויס האָט פארן לעצטן יאָר געמאכט די קאָלווירטישע בויונג צווישן די איבערוואנדערער. עס איז שטארק אויסגעוואקסן די צאָל איבערוואנדערשע קאָלווירטן. אָנשטאָט 6 אָנהייב 1934, פארמאָגט איצט די געגנט אזעלכע 15. אנטשפּרעכנדיק האָט זיך פארגרעסערט דער ספּעציפישער געוויכט פון די איבערוואנדערשע ווירטשאפטן; זיי באטרעפן איצט 28% פון דער אלגעמיינער צאָל קאָלווירטישע ווירטשאפטן אין דער געגנט, סאָפ 1934 האָבן אין די איבערוואנדערשע קאָלווירטן געלעבט 1 600 נעפאשעס, וועלכע האָבן באארבעט 3 000 העקטאר ערד. הײַנטיקס יאָר נעמען אוף די דאָזיקע קאָלווירטן נײַע 200 מישפּאָכעס איבערוואנדערער, דה. בא 700 נעפאשעס.

דאָס וויכטיקסטע איז אָבער די אָרגאניזאציאָנעל־ווירטשאפטלעכע פארפעסטיקונג פון די איבערוואנדערשע קאָלווירטן, וואָס א טייל פון זיי שטייט שוין פעסט אפן וועג צו פארוואנדלען זיך אין פאָרגעשריטענע, און זייערע מיטגלידער דערנעענטערן זיך מיט שנעלע טריט צו א פארמעגלעכן קולטורעל לעבן.

דאָס באציט זיך, אין דער ערשטער ריי, צו אייניקע פון די עלטערע איבערוואנדערשע קאָלווירטן: „רויטער אָקטיאבער", טײַלווײַז קיראָוו (בירעפעלד), וואלדהיים און אפילע צו איינצלנע נײַע קאָלווירטן, ווי צומבײַשפּיל, לענינפעלד, „עמעס", טײַלווײַז קאהאנאָוויטש.

אָט די איבערוואנדערשע קאָלווירטן האָבן זיך ארויסגערוקט אין די רייען פון די פאָרגעשריטענע קאָלווירטן פון דער געגנט. זיי דינען אָפּטמאָל פאר א מוסטער און לויט זיי גלײַכן זיך אָפּטמאָל אלטע קאָלווירטן פון די אָרטגעבוירטיקע געניטע ערדארבעטער.

אין די איבערוואנדערשע קאָלווירטן זײַנען אויסגעוואָקסן פיל איבערגעגעבענע שלאָגלער, עמעסע ענטוזיאסטן פון דער סאָציאליסטישער לאנדווירטשאפט, וואָס שטעלן זיך ניט אָפּ פאר קיין שום שוועריקײַטן, באהערשן די מאָדערנע אגראָטעכניק, די סאמע קאָמפּליצירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס און גיבן די בעסטע צאָליקע און קוואליטאטיווע צײַגערס פון ארבעט.

די גוטע שלאָגלערישע ארבעט איז אין די מער פאָרגעשריטענע איבערוואנדערשע קאָלווירטן דאָס לעצטע יאָר פיל בעסער באלוינט געוואָרן, איידער אין די פריערדיקע יאָרן. כאים גאמבארינ, פון קאָלווירט „רויטער אָקטיאבער", וועלכער האָט אויסגעארבעט 1 100 טעג־ארבעט, האָט באקומען נאָכן אראָפּנעמען די גערעטעניש: 33 צענטנער ווייץ, 44 צענטנער קארטאָפל און 440 קילאָגראם האָניק; שפּאָליאנסקי — פון דעם זעלביקן קאָלווירט — האָט פאר 660 טעג־ארבעט באקומען: 18 צענטנער ווייץ, 24 צענטנער קארטאָפל, 240 קילאָגראם האָניק; יאָסף און לייע לישניאנסקי פון קאָלווירט קיראָוו (בירעפעלד) האָבן פאר 993 טעג־ארבעט באקומען 23 צענטנער ווייץ, 600 קילאָגראם האָניק, אכוץ קארטאָפל און אנדערע קולטורן. קימאט אלע איבערוואנדערער פון די איבערוואנדערשע קאָלווירטן האָבן אין זייער פערזענלעכן באנוץ: קי, כאזיירים און גערטנער, וואָס גיבן זיי היפּש האכנאָסע.

זייערע באדײַטנדיקע דערפאָלגן האָבן די איבערוואנדערשע קאָלווירטן פיל צו פארדאנקען

דער קאָלאָסאַלער און פּילזײַטיקער הילף און אונטערשטיצונג, וואָס זיי באַקומענ פונ דער סאָוועטנ-רעגירונג און אויכ דעמ נײַעמ סטאַטוט פונ די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטעלנ. אויסער דער געוויינלעכער הילף דורכ די מאַשינ־טראַקטערשע סטאַנציעס, דורכ קרעדיטנ אפ צוגרייטנ דעמ באָדנ, בויענ הײַזער, אײַנקויפנ קי אאַוו., האָט די סאָוועטנ־רעגירונג לעצטנס באַפרײַט אפ 10 יאָר אַלע קאָלווירטנ און קאָלווירטניקעס פונ ווײַטנ מיזרעכ פונ אָבליגאַטאָרישער ברויט-אָפּליפערונג דער מעלוכע און אפ א העלפט פאַרקלענערט די נאָרמעס פונ צושטעלנ דער מעלוכע אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטנ. ספּעציעל די נײַע ייִדישע איבערוואַנדערער זײַנענ אינ משעכ פונ ערשטנ יאָר אינגאַנצנ באַפרײַט פונ צושטעלנ דער מעלוכע פלייש און פּוטער. הײַנטיקס יאָר האָט די רעגירונג אַנולירט 3 מיליאָנ רובל כויוועס, וואָס די אַלטע 4 איבערוואַנדערשע קאָלווירטנ (וואַלדהיימ, קיראָוו, איקאָר און „רויטער אָקטיאַבער") זײַנענ געווענ שולדיק דעמ מעלוכע־באַנק.

וואָס עס באַטײַט פּראַקטיש די אָרגאַניזאַציאָנעל-ווירטשאַפטלעכע פּערספּעקטיקונג פונ די איבערוואַנדערשע קאָלווירטנ, איז אַמבעסטנ צו זענ אפ א קאָנקרעטנ בײַשפּיל.

דער איבערוואַנדערישער קאָלווירט „רויטער אָקטיאַבער" איז זינט 1934 געוואָרנ איינער פונ די פאָרגעשריטענע קאָלווירטנ אינ דער געגנט. דער קאָלווירט האָט אינ 1934 פאַרזייט 600 העקטאַר, דה. מער, איידער עס איז געווענ אָנגעמערקט אינ פּלאַנ. דעמ פאַרזיי האָט דער קאָלווירט פאַרענדיקט פריִער מיט א מאָנאַט, דעמ שניט מיט 2 מאָנאַטנ, און דאָס דרעשנ — מיט 4 מאָנאַטנ פריִער, איידער אינ 1933. „רויטער אָקטיאַבער" פאַרמאָגט א בינענצוכט-פאַרמע און א מילכ־פאַרמע. פונ זײַנע פעלדער האָט דער קאָלווירט אַראָפּגענומענ: 1 788 צענטנער ווייצ, 1 484 צענטנער האָבער און 600 צענטנער קאַרטאָפל. דער קאָלווירט האָט באַצײַטנס אומגעקערט דער מעלוכע די זריע-האַלוואָע, פאַרשאָטנ די זריע־ און סטראַכיר־פאָנדנ און פאַרקויפט דער קאָאָפּעראַציע 100 צענטנער ברויט. די קאָלווירטניקעס האָבנ באַקומענ צו דרײַ קילאָגראַמ ווייצ, 4 קילאָגראַמ קאַרטאָפל און 400 גראַמ האָניק פאַר יעדנ טאָג־א־בעט. קאָלווירטניקעס, וואָס האָבנ געאַרבעט שלאָגעריש, האָבנ סאָפ יאָר געהאַט פיל טעג-אַרבעט: כאַימ גאַמבאַרינ 1 100, שאַוועלסקי 600, שפּאָליאַנסקי 600, די קאָלווירטניצע נאָסנהאָלצ 550 אאַז. מילכיקס און גאָרטנוואַרג האָבנ די קאָלווירטניקעס פונ די קי און גערטנער, וואָס זיי פאַרמאָגנ אינ פּערזענלעכנ באַנוצ.

אויכ אינ 1935 האָט דער „רויטער אָקטיאַבער" אויסגעפילט זײַנ פאַרזיי-פּלאַנ צווישנ די ערשטע קאָלווירטנ אינ דער געגנט.

אויסער די קאָלווירטנ, זײַנענ אינ דער געגנט אויסגעוואַקסנ 5 ראַטווירטנ: דער סטאַלינסקער קערנער-ראַטווירט א. נ. קיראָוו, אַמור־בירסקער פּוטער־ראַטווירט, וואָלאָטשײַעווסקער כאַזיירימ־ראַטווירט, כינגאַנער בינענצוכט־ראַטווירט און פּאָקראָווקער פּוטער-ראַטווירט.

באַדײַטנדיקע דערגרייכונגענ האָט פאַרנ לעצטנ יאָר דערשלאָגנ זיכ דער סטאַלינסקער קערנער־ראַטווירט, איינער פונ די גרעסטע ראַטווירטנ אינעמ ווײַטמיזרעכדיקנ קאַנט. אינ 1934 האָט דער ראַטווירט דער ערשטער אינ קאַנט פאַרענדיקט דעמ פאַרזיי, אויספילנדיק דעמ פּלאַנ אפ 101%; איינער פונ די ערשטע אינ קאַנט האָט ער אויכ פאַרענדיקט דעמ שניט. איבער דרײַ פערטל פונ דער גערעטעניש האָט דער ראַטווירט אַראָפּגענומענ מיט קאָמבײַנענ. דעמ פּלאַנ פונ ברויט־אָפּליפערונג האָט דער ראַטווירט אויסגעפילט אפ 140%.

דער ראַטווירט איז טעכניש גוט אויסגעשטאַט. ער פאַרמאָגט 60 טראַקטערס, 20 קאָמבײַנענ און פיל אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס. פאַר די לעצטע צוויי יאָר האָט דער ראַטווירט אויסגעטריקנט און אופגעאַקערט 5 טויזנט העקטאַר נײַע ערד־מאַסיוונ, אפנ כעזשבנ פונ וועלכע ער וועט איצט פאַרגרעסערנ זײַנ פאַרזיי־שעטעכ.

צומ סאָפ 1934 האָבנ אינעמ ראַטווירט געאַרבעט 330 ייִדישע איבערוואַנדערער, וואָס עס באַטרעפט 40% פונ דער אַלגעמיינער צאָל אַרבעטער. פיל איבערוואַנדערער, וואָס זײַנענ אהער געקומענ אָנ שומ קוואַליפיקאַציע, זײַנענ דאָ געוואָרנ קוואַליפיצירטע טראַקטעריסטנ, קאָמבײַנערס, מעכאַניקער אאַז.

פאַר די לעצטע יאָרנ האָבנ זיכ שטאַרק פאַרבעסערט די מאַטעריעל-שטייגערישע און קולטור-רעלע לעבנ־באַדינגונגענ פונ די ראַטווירטישע אַרבעטער. דער אַפּטייק פאַר אַרבעטער-באַזאָרגונג



אַן איבערוואַנדערין מיט אַ קינד

פֿאַרמאָגט א ווירטשאפט פון 160 העקטאר און א פיצוכט-פערמע פון 200 קי און כאזיירים. אכוץ דעם, האָבן די ארבעטער פון ראטווירט אין 1934 פארזייט 269 הא אינדיווידועלע גערטנער און געהאט אין זייער פערזענלעכן באנוץ 65 קי און 483 כאזיירים.

דער צענטער פונעם ראטווירט איז דער ארבעטער־ייִשעוו סטאלינסק, וועלכער וועט אויך זײַן דער צענטער פונעם סטאלינסקער ראיאָן. סטאלינסק פארמאָגט א גוטן קלוב מיט א ביבליאָטעק און ליִיענזאל, 2 דראמקרײַזן, אן אָרקעסטער, א שול, א קינדער-פלאץ, א קינדער-יאסלע, א גאָרקיך, א שפּיטאָל און א באָד. דאָ געפינט זיך אויך דער טעכניקום פאר מעכאניזירטער לאנדווירטשאפט, וועלכער האָט אין מײַ 1935 ארויסגעלאָזט די ערשטע דרײַ צענדליק לאנדווירטשאפטלעכע טעכניקער.

צוהילף דער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז דאָ אָרגאניזירט געוואָרן א לאנדווירטשאפטלעכע פרווו-סטאנציע, אין וועלכער עס ארבעטן 35 וויסנשאפטלער־אגראָנאָמען. די סטאנציע דערלערנט די מעטעאָראָלאָגישע באדינגונגען און באָדן-אייגנשאפטן פון דער געגנט, זוכט צוצופּאסן צו זיי די געהעריקע מינים זריִע, צו פארבעסערן די פיצוכט א.א.וו.

די ארבעטער פון די ראטווירטן און די קאָלווירטישע מאסן פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָבן זיך פארפליכטעט אין 1935 דערשלאָגן זיך א גערעטעניש פון זייערע פעלדער ניט ווייניקער פון 10 צענטנער פון א העקטאר.

דעם ערשטן און וויכטיקסטן עטאפּ פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטן פון 1935 האָבן זיי דורכגעפירט שלאָגלעריש. ניט געקוקט אף די אומגינסטיקע מעטעאָראָלאָגישע באדינגונגען, האָט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט צום 8-טן יונ אויסגעפילט אף 100,5% איר פארזיי-פּלאן און איז ארויס אפן ערשטן אָרט אין ווײַטמיזרעכדיקן קאנט. די קוואליטעט פון פארזיי איז א גוטע. דאָס איז א פעסטע גאראנטיע, אז אויך די איבעריקע לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטן וועלן די ראטווירטן און קאָלווירטן דורכפירן מיט די זעלביקע טעמפּן און קוואליטעט, און אף אזא אויפן אויספילן די גענומענע אף זיך פארפליכטונגען באדײַטנדיק צו העכערן הײַנטיקס יאָר די גערעטעניש און דעם ווערט פון קאָלווירטישן טאָג-ארבעט.

**ווּוקס פון דער אינדוסטריע**

די אינדוסטריִעלע בויונג אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָט זיך אָנגעהויבן ערשט די לעצטע 3—4 יאָר. דערווײַל ארבעטן דאָ בא צוויי צענדליק מעלוכישע אונטערנעמונגען, הויפּטזאכלעך פון דער אָרטיקער אינדוסטריע. די מערהײַט אונטערנעמונגען פארנעמט זיך מיט באארבעטן געהילץ און פּראָדוצירן פארשיידענע בוי־מאטעריאלן, אין וועלכע די יונגע געגנט, וואָס וויקלט פאנאנדער א ברייטע בויונג, נייטיקט זיך באזונדערס שטארק.

וועלכע מעלוכישע אונטערנעמונגען זײַנען דאָ שוין פאראן אָדער בויען זיך?

אף דער סטאנציע אָבלוטשיע איז פאראן אן אײַזנבאן-דעפּאָ. ארום קימקאן, ווו עס געפינען זיך די רײַכסטע געבויר-ערטער פון אײַזנארץ, ווערן געפירט ברייטע אויספאָרשונגען, בא וועלכע עס זײַנען באשעפטיקט 350 ארבעטער, אינזשעניערן און טעכניקער.

בא דער סטאנציע לאָנדאָקאָ בויט זיך א גרויסער מעכאניזירטער קאלך-זאוואָד, וועלכער וועט געבן ביז 60 טויזנט טאָן קאלך א יאָר. דערווײַל ארבעטן פינף ניט־מעכאניזירטע קאלך-אויוונס. די בויונג און דער דערווײַליקער זאוואָד פארמאָגן א זעגמיל, א סטאָליער-ווארשטאט, א מעכאנישן צעך און א שמידערײַ. דאָ ארבעטן ארום 350 ייִדישע איבערוואנדערער. ניט ווײַט פון לאָנדאָקאָ געפינט זיך א פיש-זאוואָד, וועלכער האָט אן אלפארבאנדישע באדײַטונג. אין 1934 האָט דער זאוואָד ארויסגעלאָזן אין די טײַכן פון פארשיידענע טיילן סאָוועטן־פארבאנד ביז 60 מיליאָן רויגלעך פון קעט און אנדערע ווערטפולע מינים פיש.

בא דער סטאנציע בירא איז פאראן אן אײַזנבאן־ווארשטאט פאר קליינעם רעמאָנט. ניט ווײַט פון דער סטאנציע איז אויסגעבויט א צעך פונעם קאָמבינאט פאר הײַזער־בויונג, אין וועלכן עס ארבעטן 3 זעג־ראמען. אין דער אומגעגנט פון בירא געפינען זיך געבויר־ערטער פון שטיינקוילן פון אָרטיקער באדײַטונג, וועלכע מע הייבט שוין אָן ארויסצובאקומען פאר די באדערפענישן פונעם אײַזנבאן־טראנספּאָרט.

צווישן די אײַזנבאַן-אַרבעטער, און אויך צווישן די אַרבעטער פֿון דעפּאָ, איז פֿאַראַן אַ באַשטימטע צאָל ייִדישע איבערוואַנדערער. דאָ און אויף דער סטאַנציע בירעבידזשאַן אַרבעטן איבערוואַנדערער אַלס געהילף-מאַשיניסטן און קאָטשעגאַרן אויף לאָקאָמאָטיוון, וואַגאָן-צונויפּקײַטלער, טעלעגראַפיסטן, וואָקזאַל-אָנגעשטעלטע, אָנלאָדער אאַ.

בײַ דער סטאַנציע ניקאָלײַעווקע אַרבעט אַ גרויסע זעג-מיל, וועלכע באַשעפטיקט ביז 300 אַרבעטער, צווישן זיי אַ טייל איבערוואַנדערער.

אַ באַדײַטנדיקע צאָל אונטערנעמונגען איז קאָנצענטרירט אינעם צענטער פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, אין דער שטאָט בירעבידזשאַן. דאָ אַרבעט די פֿאַבריק „דעטאַל", וואָס פּראָדוצירט פֿאַרטיקע טיילן פֿאַר הײַזער־בויונג (טירן, פֿענצטער-ראַמען אאַ.); אויף דער פֿאַבריק אַרבעטן ביז 200 אַרבעטער, הויפּטזאַכלעך איבערוואַנדערער. די פֿאַבריק איז נישט לאַנג אויבער אין דער סיסטעם פֿון וואַלדכימגעווערב־פֿאַרבאַנד, און זי ווערט איצט פֿאַרברייטערט און רעקאָנסטרויִרט. דאָ געפֿינט זיך אויך די געגנטלעכע בוי־קאָנטאָר, בײַ וועלכער עס אַרבעט אַ זעגמיל; עס זײַנען פֿאַראַן צוויי ציגל־זאַוואָדן. אין 1935 יאָר דאַרפֿן דאָ אויסגעבויט ווערן נאָך 3 ציגל-זאַוואָדן, און אין 1936 — אַ גרויסער מעכאַניזירטער ציגל־זאַוואָד, וועלכער וועט געבן יערלעך 6 מיליאָן ציגל. אין שטאָט איז פֿאַראַן אַ ניי־פֿאַבריק (125 אַרבעטער), וועלכע איז אין 1934 מעכאַניזירט געוואָרן. עס בויט זיך און דאַרף היי־יאָר פֿאַרענדיקט ווערן אַ גרויסע ניי-פֿאַבריק, אין וועלכער עס וועלן זײַן באַשעפֿטיקט ביז 2 000 אַרבעטער. עס איז אויך פֿאַראַן אַ דרוקערײַ, אַ מעכאַנישער וואַרשטאַט און אַן עלעקטראָסטאַנציע, עס בויען זיך אַ רעמאָנט-מעכאַנישער זאַוואָד און אַ וואָגענער־זאַוואָד.

אויסער די אָנגערופֿענע אונטערנעמונגען, וועלן דאָ אין 1936, לויט דער באַשטימונג פֿונעם אַלפֿאַרבאַנדישן ראַט פֿון די פֿאָלקסקאָמיסאַרן פֿון 1־טן אָקטיאַבער 1934, געבויט ווערן: אַ טריקאָטאַזש-פֿאַבריק אויף 1 500 אַרבעטער, אַ מעכאַניזירטע שוך־פֿאַבריק אויף 1 500 אַרבעטער, אַ גרויסע געגנטלעכע דרוקערײַ.

אויף דער פּראָיעקטירונג און בויונג פֿון די נײַע אונטערנעמונגען איז אויפֿן 1935 יאָר אַסיגנירט געוואָרן 13,5 מיליאָן רובל, דערפֿון בײַ 2.5 מיליאָן רובל אויף בויען נײַע הײַזער פֿאַר די אַרבעטער פֿון די דאָזיקע אונטערנעמונגען.

די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אָנפֿירונג, די אײַנגלידערונג פֿון די סאָציאַליסטישע אַרבעט-מעטאָדן און די פֿאַרבעסערונג פֿון די מאַטעריעל־שטייגערישע באַדינגונגען פֿון די אַרבעטער האָבן ניט אין אַן ערעך פֿאַרבעסערט די אַרבעט פֿון דער מערהײַט אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אויסצופֿילן און אַפֿילו איבערצושטײַגן זייערע פּראָדוציר־פּלענער און אַרויסצולאָזן פּראָדוקציע פֿון אַ העכערער קוואַליטעט.

אויסגעצייכנט אַרבעטן די סוטאַרער גאָלדגרובנס. זיי פֿילן אויס און שטײַגן איבער קעסיידער זייערע פּראָדוציר־פּלענער. דעם פּלאַן פֿון ערשטן האַלב יאָר 1935 האָבן די אַרבעטער פֿון די גאָלדגרובנס אויסגעפֿילט פֿאַרן טערמין. אויך דער לאָנדאָקער פּישזאַוואָד האָט איבערגעשטיגן זײַן פּלאַן. עס פֿילן אויס זייער פּראָדוציר-פּראָגראַם: דער ניקאָלײַעווקער געהילץ־זאַוואָד, די ניי-פֿאַבריק, די דרוקערײַ. די אונטערנעמונגען פֿון דער אָרטיקער אינדוסטריע האָבן פֿאַר די ערשטע 4 מאָנאַטן פֿון 1935 יאָר אַרויסגעלאָזט פּראָדוקציע אויף 105,3% פֿון זייער פּלאַן.

„די אונטערנעמונגען, — האָט דערקלערט צום ערשטן יאָרטאָג פֿון דער געגנט דער סעקרעטאַר פֿון געגנטלעכן קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, מ. ב. כאַווקין, — פֿאַרמאָגן שוין אַ פֿעסטן קערן קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער, וואָס קעמפֿן געטרײַ פֿאַר דער קוואַליטעט פֿון זייער פּראָדוקציע. עס איז געשטיגן די זאָרג צו פֿאַרבעסערן דעם מאַטעריעל־שטייגערישן וווילשטאַנד פֿון די אַרבעטער".

אין דער סאָציאַליסטישער פֿאָלקווירטשאַפֿט פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט פֿאַרנעמט אַן אָנגעוויזענעם אָרט די געווערב-קאָאָפּעראַציע. אַדאַנק די אויסערסט רײַכע און פֿאַרשיידנאַרטיקע רוי־וואַרג־רעסורסן פֿון דער געגנט, דער אָנוועזנקײַט פֿון קוואַליפֿיצירטע קוסטאַרן פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַכן צווישן די איבערוואַנדערער און אַ ריי ספּעציעלע אַסיגנירונגען פֿון מעלוכע-בודזשעט, האָט די געווערב־קאָאָ־



יִדישע אווטאָנאָמע געגנט. אפנ קאָלווירטישנ קינדער־פלאצ



א ייִדישער יונגער ארבעטער באהערשט קאָמפליצירטע מעכאניזמען

פעראציע פונ דער געגנט דערשלאָגנ זיכ וויכטיקע דערגרייכונגענ אונ האָט גרויסע מעגלעכקײַטנ פאר איר ווײַטערדיקער אנטוויקלונג.

אינ די געווערב־ארטעלנ ארבעטנ בא 1 200 מענטשנ; די ארטעלנ האָבנ פארנ לעצטנ יאָר אויסגעארבעט פראָדוקציע פאר איבער 5 מיליאָנ רובל.

די געווערב-ארטעלנ פארגרייטנ וואלד, פראָדוצירנ בוי-מאטעריאלנ (קאלכ, ציגל), זאכנ פונ ברייטנ געברויכ (מעבל, טריקאָטאזש), כימיקאטנ (זייפ, טערפענטינ, דזעגעכצ, שמירעכצ) אונ שפּײַז-פראָדוקטנ.

אינ 1934 האָבנ די געווערב־ארטעלנ געגעבנ דער געגנט: 66 טויזנט קובאָמעטער געהילצ, 7 500 טאָנ קאלכ, 1 מיליאָנ מיט 600 טויזנט ציגל, 55 טויזנט „ווינער" שטולנ אונ פאר 210 טויזנט רובל אנדערע מעבל; 1 300 וועגענער, 218 טאָנ האָלצ־קוילנ, 5 000 פעסער, 171 טאָנ זייפ, דזעגעכצ, פעכ אונ טערפענטינ, פאר 450 טויזנט רובל שפּײַז־פראָדוקטנ אא.

די געווערב-ארטעלנ געפינענ זיכ הויפּטזאכלעכ אינ די ייִשוּוִים בא דער אײַזנבאנ: אינ אָב-לוטשיע, קימקאנ, ביראקאנ, לאָנדאָקאָ, בירא, סמידאָוויטש. אינ 1935 זײַנענ אָרגאניזירט געוואָרנ אייניקע נײַע אונטערנעמונגענ אינ בײַ-אמורער פאס (יעקאטערינא-ניקאָלסק, בליוכעראָווקע, סאָיוזנע), אונ אויכ אינ דעמ מיזרעכ-טייל פונ דער געגנט („איקאָר", ניקאָלײַעווקע אונ פאָקראָווקע); אינ דער שטאָט בירעבידזשאנ בויט די געווערב־קאָאָפעראציע א גרויסנ פאניר-זאוואָד.

א גרויסע צאָל געווערב־ארטעלנ איז קאָנצענטרירט אינ דער שטאָט בירעבידזשאנ.

דאָ געפינט זיכ דער מעבל־קאָמבינאט אפ דימיטראָווס נאָמענ, אינ וועלכנ עס זײַנענ באשעפ־טיקט 230 קוסטארנ. דער קאָמבינאט לאָזט ארויס טעגלעכ 300 „ווינער" שטולנ אונ מאָנאטלעכ פאר 40 טויזנט רובל אנדערע מעבל. די גרונט־פראָצעסנ פונ דער ארבעט זײַנענ דאָ מעכאניזירט. דער קאָמבינאט האָט אויסגעבויט פאר זײַנע מיטגלידער גענוג וווינונגענ. דער קאָמבינאט האט אנ איי-גענעמ קלוב, א גאָרטן־? אונ א בײַשטאָטישע ווירטשאפט. די ארבעטער האָבנ אינ זייער פערזענ-לעכנ באנוצ 45 קי, 100 כאזיירימ אונ 66 גערטנער. די קוואליפיצירטע ארבעטער פארדינענ דאָ ביז 4—5 הונדערט רובל א מאָנאט.

שטארק אויסגעוואָקסנ איז אויכ דער געווערב־ארטעל „ראָד פונ דער רעוואָליוציע". דער ארטעל האָט אינ 1934 ארויסגעגעבנ 1 300 וועגענער אונ פאר 107 טויזנט רובל רעמאָנט-ארבעט. אינ ארטעל ארבעטנ 70 קוסטארנ, הויפּטזאכלעכ שמידנ. דער דורכשניטלעכער פארדינסט פונ אנ ארטעל־מיטגליד איז בא 200 רובל א מאָנאט; די מער קוואליפיצירטע שלאָגלער פארדינענ 350 אונ עטלעכע אפילע ביז 5—6 הונדערט רובל א מאָנאט. דער ארטעל האָט אנ אייגענע גאָרטן־? אונ א בײַשטאָטישע ווירטשאפט. 39 ארטעל-מיטגלידער האָבנ אינ זייער פערזענלעכנ באנוצ קי אָדער כא-זיירימ. איצט ווערט דער ארטעל מעכאניזירט אונ פארברייטערט.

אויסגעצייכנט ארבעט דער ציגל־זאוואָד „קירפּיטשיקי", אינ וועלכנ עס זײַנענ באשעפטיקט קאָרייער.

א געוויסע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ אנטוויקלונג־וועג, וואָס די געווערב־קאָאָפעראציע פונ דער

ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָט דורכגעמאכט פאר די לעצטע עטלעכע יאָר, גיבן די פאָלגנדיקע פארגלײַך-ציפער:

צום 31-טן יאנוואר 1930 האָבן אין די ארטעלן פון דער געווערב־קאָאָפעראציע געארבעט 315 מענטשן; אפן 15־טן אָקטיאבער 1934 יאָר האָט די צאָל ארבעטער אין די ארטעלן דערגרייכט 1 020.

אין 1930 יאָר האָבן די ארטעלן ארויסגעלאָזט פראָדוקציע פאר 590,5 טויזנט רובל, פאר 10 כאדאָשים פון 1934 יאָר — פאר 5 מיליאָן מיט 83 טויזנט רובל.

אין 1930 יאָר האָט יעדער ארבעטער פון ארטעל ארויסגעלאָזט פראָדוקציע אף 2 500 רובל, אין 1934 יאָר — אף 4 980 רובל.

אין 1930 יאָר איז ארײַנגעלייגט געוואָרן אין דער קאפּיטאלער בויונג פון דער געווערב־סיסטעם 130 טויזנט רובל, אין 1934 יאָר — 505 טויזנט רובל.

אין 1930 יאָר איז אין דער ווינונג-בויונג פון דער געווערב־סיסטעם ארײַנגעלייגט געוואָרן 70 טויזנט רובל, אין 1934 יאָר — 740,2 טויזנט רובל.

אפן 1־טן יאנואר 1931 יאָר האָט די געווערב-סיסטעם געהאט אייגענע אומזאץ־מיטלען 24,7 טויזנט רובל, אפן 5-טן אָקטיאבער 1934 יאָר — 764,5 טויזנט רובל.

אין 1935 פארגרעסערט די געווערב־קאָאָפעראציע, וועלכע איז איצט פאראייניקט אין צוויי פארבאנדן — פילגעווערבפארבאנד און וואלדכימפארבאנד — איר פּראָדוקציע מער ווי צוויי מאָל. ביידע פארבאנדן וועלן ארויסלאָזן פּראָדוקציע פאר 11,5 מיליאָן רובל. „ווינער" שטולן, צומבײַשפּיל, וועט די געווערב-קאָאָפעראציע געבן 82 טויזנט, וועגענער — 2 000, ציגל — 2,5 מיליאָן, קאלך — 13 טויזנט טאָן, שפּײַז-פּראָדוקטן פאר 1 מיליאָן 200 טויזנט רובל אאזוו. די קאפּיטאלע אינוועסטירונגען אין דער געווערב-פּראָדוקציע אין 1935 באטרעפן 4 מיליאָן 300 טויזנט רובל, אָנשטאָט 1 מיליאָן 45 טויזנט רובל אין 1934. די פּראָדוציר־פּלענער פון די ערשטע 4 מאָנאטן 1935 האָבן ביידע פארבאנדן פון דער געווערב-קאָאָפעראציע אויסגעפּילט מיט א העכערונג: דער וואלדכימפארבאנד — אף 113,5% און דער פילגעווערב-פארבאנד — אף 102,3%. דאָס דערלויבט צו האָפן, אז די געווערב־קאָאָפעראציע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט וועט ניט מיט קיין קלענערן דערפאָלג פארענדיקן איר פּראָדוציר-פּראָגראם פארן גאנצן 1935־טן יאָר.

פאנאנדער־געוויקלט די בויונג

אין די באדינגונגען פון א נײַער געגנט, וועלכע ווערט באזעצט מיט איבערוואנדערער, איז די בוי־ארבעט דער צענטראלער און וויכטיקסטער רינג, וואָס באשליסט אין א געוויסער מאָס די רעזולטאטן פון דעם גאנצן קאמף פאר באהערשן דאָס לאנד.

די איצטיקע אָנפירונג פון דער יונגער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָט עס גוט פארשטאנען און קאָנצענטרירט דעם מאקסימום קרעפטן און מיטלען אף אויסצופילן די בוי־פּלענער, וואָס זײַנען הײַנטיקס יאָר זייער באדײַטנדיקע. די קאפּיטאלע אינוועסטירונגען אין דער געגנט אפן יאָר 1935 באטרעפן 69 מיליאָן רובל און, קעדיי פולקום און מיט דעם נייטיקן עפעקט באהערשן זיי, מוז מען אָפּגעבן דעם בוי־פראָנט די גרעסטע אופמערקזאמקײַט.

פאר דער צווייטער העלפט 1934, אין איבערהויפּט פאר די דורכגעגאנגענע 5 מאָנאטן פון יאָר 1935, האָט די געגנט דערשלאָגן זיך ניט קיין קליינע דערפאָלגן אין דער בוי־ארבעט. עס זײַנען פאר אָט דער צײַט דערבויט און אויסגעבויט געוואָרן: א פירשטאָקיק געמויערט הויז פון די סאָוועטן, 12 צווייסטאָקיקע הײַזער, 4 באראקעס פאר בוי-ארבעטער, א טעאטער, א שפּיטאָל, א באָד, א פײַערלעשער־דעפּאָ, עטלעכע גרעסערע מאגאזינען. עס בויען זיך: א געמויערט הויז פאר דער ייִדישער מיטלשול, א נײַע געבײַדע פארן פּעדאגאָגישן טעכניקום, דרײַ געבײַדעס פארן בארג-מעטאלורגישן טעכניקום, א הויז פארן קאָמונאלן באנק, א געזערד־הויז, א גרויסע געבײַדע פארן וואָקזאל, וואָס וועט זײַן איינער פון די שענסטע אין ווײַטמיזרעכדיקן קאנט, א צײַטווײַליקער באראק און א גרויסער האָטעל פאר די נײַע איבערוואנדערער, 2 באראקעס פאר די בוי־ארבעטער, א נײַער גרויסער שפּיטאָל, א הויז פאר די פּאָטשט־און טעלעגראף-אָנגעשטעלטע, א ריי ווינונג-הײַזער אף די צענטראלע גאסן און אויך ארום די נײַע אונטערנעמונגען. אויסער דעם, האָט



יידישע אווטאָנאָמע געגנט. נײַע שטאַלן פאר דער אויפעס־ווירטשאפט

זיך פאנאנדערגעוויקלט א גרויסע אינדוסטריעלע בויונג: עס בויט זיך די ניי־פאבריק, פאניר־זאוואָד, רעמאָנט־זאוואָד, וועגענער־זאוואָד אא.

„די גאנצע שטאָט, דער געגנטלעכער צענטער, איז, — ווי עס האָט זיך בילדעריש אויסגעדריקט מ. ב. כאווקין, — אָנגעטאָן אין א וואלד פון רישטעוואניעס. עס פאָרמירט זיך אויס א גאס נאָך א גאס אין אָט דער נײַער סאָציאַליסטישער שטאָט, וואָס וואקסט אזוי ראשיק אפן אָרט פון דער אמאָליקער קימאט ניט־באפעלקערטער פארוואָרפענער סטאנציע טיכאָנקע".

א באדײַטנדיקע בויונג ווערט געפירט אויך אין אייניקע ראיאָנען און קאָלווירטן פון דער געגנט. עס בויען זיך וווינונגען, קאָמונאלע און סאָציאַל־קולטורעלע אנשטאלטן (שולן, שפיטאָלן). בלויז אין די נײַע איבערוואנדערערשע קאָלווירטן דארפן הײַנטיקס יאָר אויסגעבויט ווערן 200 נײַע הײַזער.

די בוי־פראָגראם איז בעעמעס א גראנדיעזע. אויספילן זי קומט, פארשטייט זיך, אָן ניט גרינג. אָבער ווײַל די ארבעט פון די בוי־אָרגאניזאציעס האָט זיך פארבעסערט, אין פארגלײַך מיט די פריערדיקע יאָרן, מיט געהילץ און בוי־ארבעטער (אזעלכע זײַנען דאָ איצט פאראן איבער 1 100) איז די געגנט אין גרונט געזיכערט און צו דעם בוי־פראָגנט איז געווענדט די גרעסטע אופמערקזאמקײַט, — איז דעריבער ניטאָ קיין גרונט צו צווייפלען אין דעם, אז די אָנגעמערקטע בוי־פראָגראם וועט אויסגעפילט ווערן, און די קאָלאָסאלע געלט־מיטלען, וואָס ווערן הײַנטיקס יאָר אײַנגעלייגט אין דער בויונג, וועלן אינגאנצן און עפעקטיוו אויסגענוצט ווערן.

**סאָציאַל־קולטורעלע בויונג**

אפן דער באזע פון די ווירטשאפטלעכע דערפאָלגן האָט אין דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט בחייט פאנאנדערגעוויקלט זיך די סאָציאַל־קולטורעלע בויונג, וועלכע כאפט ארום אלע ראיאָנען פון דער געגנט און באדינט אין זייער מוטער־שפראך די ארבעטנדיקע פון אלע נאציאָנאליטעטן, וואָס וווינען דאָרט.

אפן דער טעריטאָריע פון דער איצטיקער יידישער אווטאָנאָמער געגנט, ווו מיט א 5—6 יאָר צוריק זײַנען געווען בלויז עטלעכע געציילטע שולן, איז איצט פאנאנדערגעוויקלט א גאנצע ברייטע און פארשיידנארטיקע נעץ סאָציאַל־קולטורעלע אנשטאלטן, וואָס באדינען די קימאט טאָפלט אויסגעוואקסענע באפעלקערונג.

אין דער געגנט זײַנען פאראן 24 קינדער־יאסלעס און 36 סטאציאָנארע קינדער־גערטנער, וועלכע כאפן ארום 955 קינדער פון ביזפאָרשול־ און פאָרשול־עלטער. אפן דער צײַט פון די לאנד־ווירטשאפטלעכע ארבעטן ווערן אין די קאָלווירטן געוויינלעך געעפנט סעזאָנע פאָרשול־אנשטאלטן. אין 1934 האָבן אזעלכע פונקציאָנירט 32 אפ 980 קינדער. אפן אויסצוהאלטן די פאָרשול־אנשטאלטן איז אין 1934 געווען אסיגנירט בא א האלבן מיליאָן רובל.

אין דער יונגער יידישער אווטאָנאָמער געגנט איז שוין פארווירקלעכט די אָבליגאטערישע אלגעמײַנע אָנפאנג־בילדונג. צום 1-טן פעווראל 1935 זײַנען אין דער געגנט געווען 86 שולן, צווישן זיי 3 מיטעלע (דה. צעניאָריקע) און 26 ניט־פולע מיטעלע (זיבניאָריקע), אין וועלכע עס האָבן זיך געלערנט 10 347 קינדער. פון די 86 שולן זײַנען 15 יידישע, 10 קאָרעיִשע און די איבעריקע רוסישע. די אסיגנירונגען פון דעם אָרטיקן בודזשעט אפן פאָלק־בילדונג זײַנען אויסגעוואקסן פון 0,8 מיליאָן אין 1932 ביז 4,9 מיליאָן רובל אין 1935, דה. אין זעקס מאָל.

אפן צוצוגרייטן אייגענע קוואליפיצירטע קאדרען זײַנען אין דער געגנט אָרגאניזירט צוויי טעכניקומס: א פעדאגאָגישער און א לאנדווירטשאפטלעכער. ביידע האָבן אין 1935 געגעבן דער געגנט

די ערשטע ספּעציאַליסטנ: 10 פּעדאַגאָגנ און 33 מעכאַניזאַטאָרס פונ דער לאַנדווירטשאַפט. פונ האַרבסט 1935 עפנט זיכ דאָ א בארג־מעטאַלורגישער טעכניקום.

1 730 קינדער פונ שול־עלטער פאָרנ ארויס אפ די זומערדיקע כאַדאָשים אינ פּיאָנערנ־לאַגערס אָדער פארברענגענ אפ קינדער־פּלעצער; די שוואַכערע ווערנ געשיקט אינ קינדער־סאַנאַטאָריעס.

עס וואַקסט פונ יאָר צו יאָר די נעץ קולטור־אַנשטאַלטנ, וואָס באַדינט די דערוואַקסענע באַפעלקערונג. בא א ריי אונטערנעמונגענ, געווערב־אַרטעלנ, ראַטווירטנ און קאָלווירטנ זײַנענ פאַראַנ קלובנ, רויטע ווינקלענ, לייענ־שטיבלעכ, וואָס זײַנענ די צענטערס פונ דער קולטור־מאַסעווער אַרבעט אינ די געגעבענע פּונקטנ. בא א טייל פונ די דאָזיקע אַנשטאַלטנ אַרבעטנ פּאָליטשולנ, ביבליאָטעקנ, דראַמאַטישע, ליטעראַרישע און אַנדערע קרײַזנ, אָרקעסטערס אאַז. אינ דער געגנט זײַנענ פאַראַנ 16 ביבליאָטעקנ און 18 סטאַציאָנאַרע קינאָ־טעאַטערס; א טייל ייִשוּווים ווערנ באַדינט דורכ באַוועגלעכע קינאָ־אַפּאַראַטנ. דער געגנט־צענטער, סטאַלינסק, בירא, קולדור און נאָכ אייניקע ייִשוּווים זײַנענ ראַדיאָפיצירט. אינ דער געגנט דערשײַנענ צוויי געגנטלעכע צײַטונגענ (אינ ייִדיש און רוסיש), 4 ראַיאָנע צײַטונגענ און בא 150 וואַנטצײַטונגענ אינ די אונטערנעמונגענ, קאָלווירטנ, ראַטווירטנ, אַרטעלנ און אַנשטאַלטנ. אינ 1934 האָט די געגנט טעגלעכ באַקומענ דורכ דער פּאָסט 27 000 עקזעמפּלאַרנ פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. באַם געגנטלעכנ אויספיר־קאָמיטעט איז לעצטנס געשאַפנ געוואָרנ א וויסנשאַפטלעכ־פאָרשערישע קאָמיסיע צו דערלערנענ די פראַגנ פונ קולטור־בויונג און די עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמענ פונ דער יונגער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

פאַר די יאָרנ פונ דער ייִדישער איבערוואַנדערונג איז דאָ אויסגעוואַקסנ א גרופּע באַגאַבטע יונגע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער (עמ. קאַזאַקעוויטש, ה. דאָבינ, ד. פאַליקמאַנ, מ. גאָלדשטיינ אאַ.), וועלכע האָבנ שוינ פאַרעפנטלעכט א ריי אינטערעסאַנטע ווערק, וואָס שפּיגלענ אָפּ קינסטלעריש דעמ קאַמפּ פונ די בירעבידזשאַנער אַרבעטנדיקע פאַרנ סאָציאַליסטישנ אויפבוי פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

אינ 1934 האָט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט באַקומענ אנ אייגענעמ ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער, וועלכער איז צוגעגרייט געוואָרנ אינ מאָסקווע באַמ נאָענטנ אָנטייל פונעמ פאָלק־אַרטיסט ש. מיכאָעלס און פאַרדינסטפולנ אַרטיסט ב. זוסקינ. דער טעאַטער האָט שוינ א גאַנצ רײַכנ רעפּערטואַר פונ אָריגינעלע און איבערגעזעצטע דראַמאַטישע ווערק. פאַר די ערשטע 7 מאָנאַטנ פונ זײַנ עקזיסטענצ האָט דער טעאַטער בלויז אינ דער שטאָט בירעבידזשאַנ געגעבנ 68 פאָרשטעלונגענ, וועלכע עס האָבנ באַזוכט בא צוויי צענדליק טויזנט צושויער. באַמ טעאַטער איז פאַראַנ א קלאַנגען־קינאָ, וועלכנ עס האָבנ פאַר די ערשטע 4 מאָנאַטנ פונ 1935 באַזוכט 25 טויזנט צושויער.

מיט די זעלביקע אומגעפּער טעמפּנ וואַקסט אויכ די נעץ סאָציאַל־שטייגערישע אַנשטאַלטנ. אינ 1930 זײַנענ אפ דער טעריטאָריע פונ דער איצטיקער געגנט געווענ אינגאַנצנ 3 שפּיטאָלנ אפ 40 ערטער. איצט פאַרמאָגט די געגנט 10 שפּיטאָלנ אפ 220 ערטער. אינ די שפּיטאָלנ אַרבעטנ 17 דאָקטוירים, 40 געהילפ־דאָקטוירים און 30 מעדיצינישע שוועסטער. אויסער דעמ, זײַנענ דאָ פאַראַנ: אנ אַמבולאַטאָריע, א סאַניטאַר־באַקטעריאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע, א קינדער־קאָנסולטאַציע, א צאָנהייל־קאַבינעט מיט א פּראָטעזנ־וואַרשטאַט, א רענטגענ־קאַבינעט, 2 אַפּטייקנ, 10 מעדיצינישע פּונקטנ, סאַניטאַר־פּונקטנ אאַ. די יונגע ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט פאַרמאָגט אויכ אנ אייגענעמ ווערטפולנ קוראָרט „קולדור“, וועלכער איז פּאָפּולער איבערנ גאַנצנ ווײַטנ מיזרעכ. דער קוראָרט פונקציאָנירט א קײַלעכדיק יאָר. דערווײַל לאָזט ער דורכ ביז 3000 קראַנקע א יאָר (פונ גאַנצנ ווײַטמיזרעכדיקנ קאַנט).

דער געגנטלעכער פאַרבאַנד פונ געברויכ־קאָאָפּעראַציע פאַראייניקט 4 ראַיאָנע פאַרבאַנדנ, 19 דאָרפישע קאָאָפּעראַטיווּנ, 7 אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיווּנ, מיט 69 האַנדל־פּונקטנ. אינ דער שטאָט בירעבידזשאַנ זײַנענ, אויסער די קאָאָפּעראַטיווּנ, פאַראַנ א גרויסער מאַגאַזינ „גאַסטראָנאָמ“, אנ אוניווערסאַלער מאַגאַזינ, א מאַרק מיט 16 קלייטנ, געזעלשאַפטלעכע גאָרקיכנ, וועלכע האָבנ סאַפּ 1934 באַדינט ביז 3 000 אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. אינ דער געגנט זײַנענ אויכ פאַראַנ 31 קלייטנ פונ „שפּײַז־האַנדל“ און פונ געגנטלעכנ אָפּטייל פאַר אינערלעכנ האַנדל. פאַר איינ מאָנאַט מײַ 1935 האָבנ



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. א גרופּע שילער פונ דער בירעבידזשאנער ייִדישער 10־יאָריקער שול

אָט די 31 קלייטנ פארקויפט סכוירע פאר 1 101 000 רובל. דער שטאָטישער מאגאזינ „גאסטראָנאָמ“ האָט פארנ זעלביקנ מאָנאט פארקויפט שפּייז־פּראָדוקטנ פאר 402 800 רובל.

אינ 1935—1936 וועט דאָ די סאָציאַל־קולטורעלע בויונג באקומענ א נאָכ האסטי־קערנ וווקס. לויט דער שוינ דערמאָנטער באשטימונג פונ ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ 1־טנ אָקטיאַבער 1934, וועלנ דאָ אינ די דאָזיקע יאָרנ אויסגעבויט ווערנ: נײַע 3 מיטעלע אונ 5 אָנפאנג־שולנ, 2 קינדער־גערטנער, א טעכנישע קינדער־סטאנציע, א קלאנ־געג־קינאָ, 2 קאָלווירטנ־הײַזער, א גרויסער שפּיטאָל, אנ אוניווערסאלער מאגאזינ, א שטאָטישע גאָרקיכ אא.

אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט פירנ א גאנצ לעבהאפטע אונ פארצווײַגטע טע־טיקײַט א ריי פרײַוויליקע סאָוועטישע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס: „אָסאָאוויאַכימ“, „אוו־סאָדאָר“ „מאָפּר“, „געזערד“ אא. די אלע אָרגאניזאציעס האָבנ זייערע קעמערלעכ אינ דער מערהײַט ייִשווים פונ דער געגנט, אינ זיי זײַנענ ארײַנגעצויגנ טויזנטער עלטערע אונ יוגנטלעכע ארבעטנדיקע.

פארנ לעצטנ יאָר איז שטארק אויסגעוואקסנ די אָרגאניזאציע פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אינ אפּרעל 1935 זײַנענ אינ דער געגנט געווענ 786 מיט־גלידער אונ קאנדידאטנ פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי, צווישנ זיי: ייִדנ — 366, רוסנ — 291, קאָ־רייער — 58, אוקראַינער — 25, אנדערע — 46; ארבעטער — 488 (62,1%), פּויערימ — 202 (25,7%), אָנ־געשטעלטע — 96 (12,2%). די צאָל ערשטיקע פּארטיי־אָרגאניזאציעס איז 80. די נעצ פונ פּארטיי־בילדונג באשטייט פונ 81 שולנ, סעמינארנ, קרײַזנ אא., וועלכע כאפּנ ארומ 1 516 מענטשנ, פונ זיי 940 קאָמיוגיסטנ אונ אומפּארטייִשע. מיט גאנצ שנעלע טעמפּנ וואקסט אויכ די אָרגאניזאציע פונ דער קאָמוניסטישער יוגנט, וועלכע איז א טרײַער אונ איבערגעגעבענער מיטהעלפער פונ דער קאָמוניסטישער אָרגאניזאציע. אפ אלע פאראנטוואָרטלעכע פּלעצער פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג איז די קאָמוניסטישע יוגנט, צוזאמענ מיט די קאָמוניסטנ, שטענדיק אינ אוואנגארד, אינ די פּאָ־דערשטע רייענ.

עס פארשטארקט זיכ פונ יאָר צו יאָר דער ברידערלעכער צוזאמענבונד צווישנ די איבערוואנדערער מיט די טיילנ פונ דער רויטפאָניקער ווײַטמיזרעכדיקער רויטער ארמיי. זיי העלפנ טאָג־טעגלעכ צו פארפעסטיקנ די איבערוואנדערשע קאָלווירטנ, באטייליקנ זיכ אינ דער בויונג אדג.

די יונגע ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט לעבט שוינ, ווי מיר זעענ, מיט א קרעפטיקנ, פולבלוט־טיקנ, פילפארביקנ סאָוועטישנ פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכנ אונ קולטורעלנ לעבנ. דאָס האָבנ די ייִדישע איבערוואנדערער, צוזאמענ מיט די אובעטנדיקע פונ די איבעריקע נאציאָנאַליטעטנ, דערשלאָגנ זיכ אינ אומדערמידלעכנ קאמפ קעגנ פארשיידענע שוועריקײַטנ, אונטער דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג פונ געגנטלעכנ פּארטיי־קאָמיטעט.

**בירעביד־זשאן — די הויפּט־שטאָט**

די איצטיקע הויפּטשטאָט פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט — בירעבידזשאן — איז אויסגעוואָקסן בוכשטעבלעך אין עטלעכע יאָר פון א קליינ פאַרוואָרפן טײַגע־דערפל טיכאָנקע, וואָס האָט פאַרמאָגט א באַפעלקערונג פון עטלעכע הונדערט נעפאַשעס, וועלכע האָבן געלעבט אין הײַזקעס, צעוואָרפן איבער דער טײַגע לענגויס דער אײַזנבאַן־מאַגיסטראַל.

פאַר 7 יאָר ייִדישער איבערוואַנדערונג איז אָט דאָס טײַגע־דערפל פאַרשוווּנדן און אַפ זײַן פּלאַץ וואַקסט האַסטיק אויס א סאָציאַליסטישע שטאָט, אַן אָנגעזעענער אַדמיניסטראַטיווער, ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער צענטער פון דער ייִנגסטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און דער איינציקער איבער דער גאַנצער וועלט ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

וואָס שטעלט איצט מיט זיך פאָר די דאָזיקע נײַע סאָוועטישע שטאָט?

די באַפעלקערונג איז שוינ אויסגעוואָקסן ביז 9—10 טויזנט און נאָך דעם, ווי עס וועלן אָנהייבן אַרבעטן אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס ווערן געבויט און זײַנען אָנגעמערקט צו בויען אין קומענדיקן יאָר, וועט זי דערגרייכן 25 טויזנט. ראַדיקאַל האָט זיך געענדערט דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אָנשטאָט פויערים־אינדיווידואַלן, יעגער אאַוו. באַשטייט זי איצט דורכויס פון אַרבעטער, אַרטעל־מיטגלידער, סאָוועטישע אָנגעשטעלטע און סאָוועטישער אינטעליגענץ. בלויז אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זײַנען דאָ ענדע 1934 געווען 4 500.

אין שטאָט אַרבעטן 14 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען (אויסער די בוי־אונטערנעמונגען), וועלכע האָבן אין 1934 געגעבן פּראָדוקציע פאַר 9,5 מיליאָן רובל.

די אײַזנבאַן־סטאַנציע בירעבידזשאַן פאַרנעמט, לויט איר אומזאַץ־ און פּאַסאַזשירן־שטראָם, דאָס ערשטע אָרט אין דריטן אָפּטייל פון דער אוסורישער אײַזנבאַן. פאַר די ערשטע 10 מאָנאַטן פון 1934 זײַנען אהער געקומען און אָפּגעפאָרן 57 טויזנט פּאַסאַזשירן; דער פראַכט־אומזאַץ האָט פאַרן זעלביקן טערמין באַטראָפן 66,5 טויזנט טאָן. אין דער בויונג פון דער שטאָט זײַנען פאַר די יאָרן 1932—1934 אַרײַנגעלייגט געוואָרן 6,25 מיליאָן רובל.

די שטאָט פאַרמאָגט א פאַרצווײַגטע האַנדל־נעץ — גרויסע מאַגאַזינען, א מאַרק, באַ דרײַ צענדליק גאָרקיכן און 220 העקטאַר בײַשטאָטישע גערטנער.

עס פונקציאָנירן 15 פאָרשול־אַנשטאַלטן אַפּ 500 קינדער און 4 שולן מיט 39 קלאַסן און ביז 1 500 שילער. אין די שטאָטישע שולן אַרבעטן 31 לערער, צווישן זיי 11 מיט העכער בילדונג. עס אַרבעטן אין שטאָט 17 שולן צו ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם באַ דערוואַקסענע: 8 ייִדישע, 7 רוסישע און 2 קאָרייִשע; אויסער דעם, 2 אָוונט־שולן — א ייִדישע און א רוסישע, א פּעדאַגאָגישער טעכניקום און פאַרשיידענע קורסן.

די שטאָטישע ביבליאָטעק פאַרמאָגט 18 טויזנט ביכער, 2 000 שטענדיקע לייענער, צווישן זיי 700 קינדער. פאַר די ערשטע דרײַ מאָנאַטן פון יאָר 1935 האָבן די ביבליאָטעק באַזוכט 13,5 טויזנט מענטשן.

אין שטאָט איז פאַראַן א שטענדיקער ייִדישער טעאַטער מיט א קלאַנגען־קינאָ, עס דערשײַנען צוויי צײַטונגען — די ייִדישע („בירעבידזשאַנער שטערן“) טעגלעך. אין 1934 האָט די שטאָטישע באַפעלקערונג טעגלעך באַקומען 7 300 עקזעמפּלאַרן פּעריאָדישע אויסגאַבעס: 2 400 מאָסקווער, 2 500 פאַרשיידענע זשורנאַלן, 2 400 קאַנטישע און אָרטיקע. בלויז פאַר די לעצטע דרײַ מאָנאַטן פון 1934 האָט די באַפעלקערונג פון שטאָט באַקומען און אָפּגעשיקט 1 מיליאָן 213 טויזנט געוויינלעכע און 124 טויזנט רעגיסטרירטע בריוו.

אין שטאָט איז פאַראַן א באַדײַטנדיקע נעץ מעדיצין־סאַניטאַרישע אַנשטאַלטן: א שפּיטאָל מיט אַן אַמבולאַטאָריע, רענטגען־קאַבינעט, באַקטעריאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע, אַן אַפּטייק, 3 בעדער, 5 קינדער־יאַסלעס אאַ. עס בויט זיך א נײַער שפּיטאָל און א מעכאַניזירטע באָד־וועשערײַ.

עס ווערן געבראַכט אין אָרדענונג די גאַסן, עס ווערן געבויט טראָטואַרן, געפלאַנצט ביימער, עס בויען זיך א פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו, א סטאַדיאָן פאַר פיזקולטור. די שטאָט איז באַלויכטן מיט עלעקטרישער שײַן.

ברייטע פּערספּעקטיוון פון שנעלן ווירטשאַפטלעך־קולטורעלן וווּקס און וווילײַנאָרדענונג אַנט-

פלעקט פאר דער נײַער שטאָט די קאָלאָסאלע אינדוסטריעלע, קאָמונאלע און סאָציאַל-קולטורעלע בויונג, וואָס האָט זיך דאָ פאנאנדערגעוויקלט אין 1935. די בויונגען פון 1935—1936 זײַנען פעסט אויסגעפלאנירט.

„די הויפּט-אײַנשטעלונג, — האָט דערקלערט דער סעקרעטאר פון געגנטלעכן און שטאָטישן פארטיי-קאָמיטעט, כ' מ. ב. כאווקין, וועלכער פארנעמט זיך מיט דער בויונג פון געגנטלעכן צענטער, — איז גענומען געוואָרן אף א דורכויסיקער קאָמפּאקטער פארבויונג און ארכיטעקטורישער אויספורעמונג פון פלאַץ באַם הויז פון די סאָוועטן און פון דעם קווארטאל, וואָס גרענעצט זיך מיטן דאָזיקן פלאַץ און מיט דער אָקטיאבער-גאס, פּאָסטישעווער און פארטיזאנער גאסן".

אדאנק דעם, וואָס דער פּלאַן פון דער געהילץ-פארגרייטונג איז דערפאָלגרײַך אויסגעפילט געוואָרן, און וואָס מיט קוואליפיצירטע בוי־ארבעטער האָט די שטאָט באַצײַטנס באַזאָרגט זיך, וויקלט זיך הײַנטיקס יאָר פאנאנדער די בויונג פיל שנעלער און בעסער, ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

„פאר די ערשטע פינף כאדאָשים, וואָס זײַנען אריבער פון דעם ערשטן געגנטלעכן סאָוועטן-צוזאמענפאָר, — שרײַבט דער שטעלפארטרעטער פון רעדאקטער פון מאָסקווער „עמעס", כ' פ. שפּראך, וועלכער איז געווען אין בירעבידזשאן אין דעקאבער 1934 און ענדע מײַ 1935, — האָט די שטאָט בירעבידזשאן זיך שטארק געענדערט. שוין באַם ארויסגיין פונעם וואגאָן שטויסט מען זיך אָן אף אן ארומגעצאמטן פּלאַץ, ווו עס בויט זיך א גרויסע צוויי שטאָקיקע שלאקבעטאָנענע געבײַדע פארן וואָקזאל באַ דעם סאמע אָנהייב פון דער אָקטיאבער־גאס.

„א ביסל ווײַטער האָבן 3 שיינע צווײשטאָקיקע הײַזער, וואָס זײַנען שוין באַזעצט מיט אײַנ-ווינער, פארפולט דאָס פּוסטע אָרט פון דער רעכטער זײַט פון דער זעלבער אָקטיאבער-גאס. אפן ראָג פון דער גאס שטייט אין פולער פּראכט דער מאגאזין „גאסטראָנאָם". אינאָווענס זײַנען די ויטרינעס שטארק באַלויכטן מיט עלעקטרישן שײַן. פון הינטער די צעוואָרפענע שטיבלעך פון דער פּאָסטישעוו־גאס טיילט זיך אויס א נײַע גלײַכע גאס, וואָס פירט אין דער ריכטונג צום סאָוועטנ־הויז: צווײשטאָקיקע הײַזער פון געזערד, פונעם פאָלקאָמפארבינדונג, פונעם פארטאקטיוו, פונעם ווײַטמיזורעכדיקן באנק און אנדערע. עס זײַנען צוגעקומען עטלעכע פארטיקע ווינונג־הײַזער פאר די אונטערנעמונגען פון דער געווערב־קאָאָפּעראציע.

„אף דער פארטיזאנער גאס ווערן פארלייגט פונדאמענטן פון פיל נײַע הײַזער. עס וויקלט זיך פאנאנדער די בויונג פון דרײַ געבײַדעס פארן בארג־טעכניקום. דאָס נײַע בריקל איבערן טײַכל האָט ענדלעך געמאכט פרײַ דעם וועג צו דעם פּלאַץ, ווו עס בויט זיך דער פאניר-זאוואָד. דאָרטן ווערט שנעל אויסגעבויט א געמויערטער קארקאס פון א גרויסער געבײַדע פארן זאוואָד. עס זײַנען אויסגעבויט געוואָרן ווארשטאטן, א קאָנטאָר און א טעכנישער סקלאד. דער זאוואָד וועט פארטיק און געלאָזט ווערן אין גאנג צום 7-טן נאָיאבער".

אין די נאָענטסטע 2—3 יאָר וועט די שטאָט בירעבידזשאן אינגאנצן ענדערן איר אויסזען. אונטער דער פעסטער אָנפירונג פון געגנטלעכן און שטאָטישן קאָמיטעטן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי וועט זי זיך פארוואנדלען אין א גרויסן ווירטשאפטלעך־קולטורעלן צענטער, אין א שיי־נער וווילגעאָרדנטער סאָציאַליסטישער שטאָט, מיט וועלכער די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט וועט בעעמעס קאָנען שטאָלצירן.

פונדאָסנײַ געבוירענע

די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, ווי אלע סאָוועטישע נײַבויונגען, איז א שול, וועלכע דערציט נײַע מענטשן, שמידט אויס עמעסע שלאָגלער און ענטוזיאסטן פון סאָציאַליסטישער ארבעט, הויכקוואליפיצירטע מײַסטערס פון דער אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט.

פאר די יאָרן פון דער איבערוואנדערונג האָבן די פארטייִש־קאָמיוגישע אָרגאניזאציעס און די פּאָליטאָפּטיילן דאָ איבערדערצויגן טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן אין אָנגעשטרענגטן קאמף פאר באַהערשן די טײַגע געענדערט זיך ניט צו דערקענען און זײַנען געוואָרן פאָרגעשריטענע בויער פון סאָציאַליזם אפן ברעג פון ווײַטן אמור.

געקומען פון די שטעט און שטעטלעך פון געוועזענעם צארישן „טכום", אין א באַדײַטנדיקן טייל געוועזענע אָפּגעשטאנענע קוסטארן, מענטשן אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס, טיילווײַז אפילע דע־

קלאסירטע געוועזענע קליינהענדלער, זײַנענ די איבערוואנדערער דאָ, אפ פארשיידענע פּלעצער פונ דער היסטאָרישער נײַ-בויונג, שנעל געוואקסענ, באקומענ די נייטיקע ארבעטס-געוווינהײַטנ, באהערשט די הויכנ פונ דער פּאָרגעשריטענער טעכניק, געהעכערט דעמ פּאָליטישנ אונ קולטורעלנ ניוואָ אונ געוואָרנ באוווסטזיניקע אקטיווע בויער פונ דער אָנקלאסעווער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

א פארשיידנארטיקע אונ פילפארביקע לויטנ פריִער דורכגעמאכטנ לעבנוועג, איז די מערהײַט איבערוואנדערער, וואָס איז דאָ ווי פונדאָסנײַ געבוירנ געוואָרנ, פעסט פארייניקט ארומ דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג, באגײַסטערט מיט איינע אונ די זעלביקע צילנ אונ שטרעבונגענ: ניט געקוקט אפ אלע שוועריקײַטנ, ווי ווײַט מעגלעכ שנעלער אונ בעסער באהערשנ די קאָלאָסאלע נאטירלעכע רײַכטימער פונ דער יונגער נאציאָנאלער געגנט, פארוואנדלענ זי אינ א בליִענדיקנ סאָציאַליסטישנ פּאָרפּאָסט אפנ ברעג פונ אמור.

אָט זײַנענ איניקע פונ די פיל אונ פיל צענדליקער אונ הונדערטער פּאָרגעשריטענע ארבעטער, קוסטארנ, קאָלווירטניקעס, וואָס האָבנ דאָ פארלייגט א פעסטנ פונדאמענט פונ א נײַ לעבנ.

יאנקל האָלצמאנ, אנ איבערוואנדערער פונעמ שטעטל ראָהאטשאָוו, ווײַסרוסלאנד. א זונ פונ אנ אָרעמענ באלמעלאָכע, אלס קינד ארײַנגעפאלנ פאר א לערנייִנגל צו א בעקער, דורכגעגאנגענ די ביטערע שול פונ א לערנייִנגל בא א פריוואטנ באלעבאָס מיט די אומפארמײַדלעכע קלעפּ, זידלערײַענ אדג. אינ 1931 איז האָלצמאנ געקומענ קיינ בירעבידזשאנ אונ געוואָרנ א שווארצ-ארבעטער אינ דער סמידאָוויטשער (דעמלט אינער) אײַזנבאנ-דעפּאָ. שפּעטער איז האָלצמאנ געוואָרנ א קאָטשעהאר אפ א לאָקאָמאָטיוו, אינ 1934 איז ער שוינ געוועזנ א געהילפ מאשיניסט אונ נאָכ א קורצער פּראקטיק האָט מענ אימ קאָמאנדירט אפ ספּעציִעלע קורסנ גרייטנ זיכ פאר א מאשיניסט.

דער איבערוואנדערער בארו איז געקומענ קיינ בירעבירזשאנ פונ א שטעטל פונ וויניצער געגנט (אוקראיִנע), ניט האָבנדיק קיינ שומ קוואליפיקאציע. דאָ איז ער אָנגעקומענ פאר א קאָטשעהאר אפנ ניקאָלײַעווער געהילצ-זאוואָד. די ארבעט איז געוועזנ א פּאָשעטע, אָבער א שווערע. בארו האָט זיכ ניט אָפּגעשראָקנ, פלײַסיק געארבעט, ליב געקראָגנ די מאשינ, וועלכע ער האָט בא זיכ אינ שטאָט קיינ מאָל ניט געזענ אפילע, אופמערקזאמ צוגעקוקט זיכ צו איר, גרינטלעכ דערלערנט יעדעס שרײַפעלע אירס אונ סאָפּקאָלסאָפּ געוואָרנ א מאשיניסט. דער שלאָגלער בארו רעכנט זיכ איצט צווישנ די כאָשעוועסטע מענטשנ פונ זאוואָד. איצט קלײַבט זיכ בארו לערנענ, קעדיי צו פארפעסטיקנ טעאָרעטיש די דערפארונג, וואָס ער האָט באקומענ אפ דער פּראקטישער ארבעט.

דער סטעלמאכ שיִע ראָזענבערג — געקומענ אינ בירעבידזשאנ פונ אוקראיִנע אינ 1928. שוינ ניט קיינ יונגער (ראָזענבערג איז איצט אלט 53 יאָר), האָט ער זיכ ענערגיש גענומענ אָרגאניזירנ אנ אונטערנעמונג צו פּראָדוצירנ וועגענער אונ שליטנס. ראָזענבערג האָט אויסגעשריבנ פונ פארשיידענע שטעטלעכ עטלעכע צענדליק שמידנ אונ סטעלמאכער, אויסגעבויט א הויז, פארגרייט רויוואַרג אונ צוגעטראָטנ צו דער ארבעט. אָט אזוי איז געבוירנ געוואָרנ דער געווערב-ארטעל „ראָד פונ דער רעוואָליוציע". ניט געקוקט אפ זײַנ עלטער, פארמעסט זיכ ראָזענבערג מיט די בעסטע יונגע שלאָגלער פונ ארטעל. ראָזענבערג איז אויכ אנ אקטיווער געזעלשאפטלעכער טוער. ער איז פארוואלטונג-מיטגליד פונ ארטעל, ארבעט אינ א סעקציע פונ שטאָט-סאָוועט אאוו.

ביז גאָר כאראקטעריסטיש איז די בירעבידזשאנער ביאָגראפיע פונעמ איבערוואנדערער מיכל שקאָלניק. אינ דניעפּראָפּעטראָווסק איז שקאָלניק געוועזנ א באלעגאָלע. אינ בירעבידזשאנ איז ער געקומענ אינ 1928, געקאָרטשעוועט וואלד, געבויט די ערשטע הײַזער אינ שפּעטערדיקנ וואלדהיימ, אָרגאניזירט דאָרט דעמ קאָלווירט אונ אויסגעוויילט געוואָרנ פאר פּאָרזיצער פונ דעמ דאָרטיקנ יִידישנ דאָרפ-סאָוועט. געוואָרנ א מיטגליד פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי. שפּעטער געוועזנ פּאָרזיצער פונ דעמ קאָלווירט איקאָר, דערנאָכ געארבעט אינ דער שטאָט בירעבידזשאנ אלס אָנפירער פונ דער איבערוואנדערשער פארוואלטונג. נאָכנ אויסבילדנ די יִידישע אווטאָנאָמע געגנט האָט מענ שקאָלניקנ געשיקט אפ אָנפירנדיקער ארבעט אינ סמידאָוויטשער ראיאָנ.

די איבערוואנדערער שלײַפער, וויכנינ, פרידמאנ אונ ביאלי זײַנענ געקומענ קיינ בירעבידזשאנ אינ 1928 אונ געארבעט אינ קאָלווירט איקאָר; שפּעטער האָט מענ זיי געשיקט לערנענ זיכ,



מ ײ ל ע כ  ל א נ צ ב ע ר ג. א ייִדישער ארבעטער־שלאָגלער פונ אווטאָ־זאוואָד אפ כ׳ מאָלאָטאָװס נאָמענ (אינ גאָרקי).

אונ איצט ארבעטנ זיי: שלייפער—אלס עלטסטער אגראָנאָם פונ דער אמורזעטער מאשינ-טראקטארישער סטאנציע, וויכנינ—אלס אגראָנאָם אינ דער בירעבידזשאנער בטס, פרידמאנ—אלס רעדאקציע-סעקרעטאר פונ „בירעבידזשאנער שטערנ״ אונ ביאלי—אלס אספיראנט בא דעם באקאנטנ פראָפעסער טולײַקאָוו.

ר ו ו נ  ש ט ײ נ, א זונ פונ אנ אָרעמענ שוסטער אינ ווידז (ליטע), געארבעט בא א שטעטלדיקנ קאצעוו, דערנאָכ געפליטעוועט געהילצ איבערנ נעמאנ. ווינטער געוואלגערט ביימער אינ וואלד, זעקס יאָר געארבעט אינ די פארייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע אינ דער קאָנסערוונ-פראָדוקציע. אינ 1931 איז שטײנ געקומענ קײנ בירעבידזשאנ, צוערשט געווענ א שווארצ־ארבעטער, דערנאָכ געארבעט אינ דער פאבריק „דעטאל״, דאָ געוואָרנ א קאנדידאט פונ דער קאָמוניסטיש׳ר פארטיי, געלערנט זיכ אינ א פארטיי-שול, אָרגאניזירט קורסנ פאר טראקטעריסטנ. אזוי, שפאנענדיק פונ שטופע צו שטופע, איז שטײנ געוואָרנ דירעקטער פונ א גרויסנ ציגל-זאוואָד, אונ ער קעמפט אנטשלאָסנ פאר געבנ הײַנטיקס יאָר די נײַבויונגענ פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט 2,5 מיליאָנ ציגל.

א באדײַטנדיקע צאָל איבערוואנדערער זײַנענ איבערדערצויגנ געוואָרנ אפ די סאָציאַליסטישע פעלדער פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

ל ײ ב ע  ג ע פ ע נ—ביז 1924 געלעבט אינ א קלײנ שטעטעלע ארום ווילנע; אינ בירעבידזשאנ געקומענ מיט דער ערשטער גרופע איבערוואנדערער דעם 29 אפרעל 1928. געקאָרטשעוועט דעם וואלדהײמער וואלד, אײנער פונ די, וואָס האָבנ אָרגאניזירט דעם קאָלווירט אינ וואלדהײם, איצט דער בעס-

טער שלאָגלער פון דער קאָלווירטישער פיצוכט-בריגאַדע, אויסגעוויילט אַלס מיטגליד פון געגנטלעכן אויספירקאָמיטעט און קאַנדידאַט אין אויספירקאָמיטעט פון ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט.

כאַיִם גאַמבאַרין, אַ געוועזענער שטריקל-דרייער אין שטעטל בירזולע. באַ זיך אין שטעטל האָט ער גיכער פון אַלץ קיין בינשטאָק אין די אויגן ניט געזען, און אין קאָלווירט „רויטער אָקטיאַבער" (אַפן אַמור) האָט ער מוסטערהאַפט אַוועקגעשטעלט אַ בינענצוכט-ווירטשאַפט פון 225 בינשטאָקן. עטלעכע יאָר לעבן און אַרבעטן אין דער אַמורער טײַגע האָט ראַדיקאַל געענדערט דעם שטעטלדיקן קוסטאַר. גאַמבאַרין אָריענטירט זיך אויסגעצייכנט אין וואַלד, פאַרנעמט זיך מיט יעגערײַ, און דעריקער —ער האָט זיך אויסגעלערנט אויסגעצייכנט אַרומצוגיין אַרום די קאָלווירטישע בינען, האָט זיי ליב באַקומען און זאָרגט וועגן זיי, ווי וועגן אייגענע קינדער.

אַ נײַער מענטש איז דאָ אויך געוואָרן שפּאָליאַנסקי, וועלכער האָט לעכאַטכילע ניט געוווּסט, וואָס איז אַזוינס אַן אַקער-אײַזן, און איצט איז ער אַ הויכקוואַליפיצירטער מײַסטער פון דער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט. אַזעלכע זײַנען אויך די נײַע איבערוואַנדערקע סאָניע סטאָליאַר, וואָס אַרבעט מוסטערהאַפט באַ דער דרעש-מאַשין, די מעלקערנס ריווע קוגעל און לענע העלפאַנד, די טראַקטאָריסטן גודקייפּעל (אַ געוועזענער פורמאַן), שאַוווּלסקי, דראָבקין, די קאָמיוגיסטן גרישע חעלצער, כאַיִם בעלקין, ראָזע קירזשנער, די בריגאַדירן פעלדציכטלער פון קאָלווירט איקאָר נינע שיינפעלד, די פאַמיליע אָסאַדטשי פון קאָלווירט קיראָוו (בירעפעלד) און נאָך און נאָך פיל.

מיט רעכט שטאָלצירט מיט זײַנע שלאָגלער, דערצויגענע פון דער שטעטלדיקער יוגנט, דער סטאַלינסקער קערנער-ראַטווירט. דער געוועזענער שטעטלדיקער פורמאַנ גרעבעלסקי איז דאָ געוואָרן אַ טראַקטאָריסט, דערנאָך בריגאַדיר, און איצט איז ער פאַרוואַלטער מיטן 3-טן אָפּטייל פון ראַטווירט. מיט דער בעסטער קאָמיוגישער בריגאַדע פון ראַטווירט פירט אָן דער געוועזענער שטעטלדיקער שנײַדער-ייִנגל לערנער. צווישן די בעסטע שלאָגלער און כאָשעווסטע לײַט פון ראַטווירט געפינען זיך אויך: דער געוועזענער סמאָלענסקער שוואַרצאַרבעטער ייִצכאָק פײַקין, דער געוועזענער אָלשאַנער קליינהענדלער און איצטיקער מעכאַניקער אַווראָם לאַפּסקער, דער עלטסטער מעכאַניקער פּאָקאָטילאָווסקי, איינער פון די בעסטע קאָמבײַנערן כאַלפין, דער איבערוואַנדערער פון פּאַלעסטינע זעלינסקי, דער איבערוואַנדערער פון ליטע זשאַק אַאַוו.

אָט זיי, די דאָזיקע פונדאַסנײַ געבוירענע מענטשן, ווי אויך די פילצאָליקע אַרמײַ רוסישע, קאָרייִשע, אוקראַיִנישע אאַ. שלאָגלער, זײַנען דאָס דער ווערטפולסטער קאַפּיטאַל, וואָס די יונגע ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט פאַרמאָגט. זיי האָט עס די געגנט צו פאַרדאַנקען פאַר די אַלע ערנסטע דערפאָלגן, מיט וועלכע זי איז געקומען צום ערשטן יאָרטאָג זינט איר פּראָקלאַמירונג. זיי, די דאָזיקע נײַע מענטשן, זייער איבערדערציִונג, זײַנען פון די סאַמע ערנסטע און ווערטפולע ניצכוינעס, וועלכע זיכערן די ווײַטערדיקע דערפאָלגן אין סאָציאַליסטישן אויפבוי פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

## 8. פאַר אַ בליִענדיקער סאָציאַליסטישער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט!

פאַרן ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די יונגע ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, ווי מיר האָבן געזען, דערשלאָגן זיך זייער פיל און ביז גאָר וויכטיקע דערגרייכונגען אַף אַלע באַשליסנדיקע באַצירקן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז אַלע שוועריקײַטן זײַנען שוין באַזײַטיקט. באַ דער ווײַטערדיקער פאַנאַנדערוויקלונג פון דעם אָנגריף אַף דער טײַגע, אין קאַמף פאַר אויספילן די זייער ערנסטע אויפגאַבן, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האָט אַוועקגעשטעלט פאַר דער געגנט אַף די נאָענטסטע יאָרן, וועלן אירע האַראָיִשע בויער אָן שום סאָפעק נאָך באַגעגענען ניט ווייניק שוועריקײַטן — שוועריקײַטן פון וווּקס און פאַרשנעלערטן שפּעריִשן אויפשטײַג.

אַפן אייגן 1935 יאָר האָט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט באַקומען פון דער סאָוועטן־רעגירונג אַ קאָלאָסאַלע פאַרגעבונג: באַהערשן 69 מיליאָן רובל קאַפּיטאַלע אינוועסטירונגען, אויפנעמען און פאַרפעסטיקן 11—12 טויזנט נײַע איבערוואַנדערער, באַדײַטנדיק אויפהייבן די קוואַליטאַטיווע צײַגערס פון דער לאַנדווירטשאַפט, פאַרווירקלעכן אַ גאַנצע גרויסע פּראָגראַם פון אינדוסטריִעלער, קאָמונאַלער,

סאָציאַל־קולטורעלער בויִונג און וווינונג־בויונג, פארברייטערנ און פארבעסערנ די ארבעט פונ די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ אאוו.

דערפאָלגרײַכ אויספילנ די דאָזיקע פארגעבונג הייסט צוגרייטנ נאָכ א פיל ברייטערע פאנאנדערוויקלונג פונ סאָציאַליסטישנ אופבוי פונ דער געגנט אינ די קומענדיקע יאָרנ.

אינ קאמפ פאר פארוואנדלענ די יִדישע אווטאָנאָמע געגנט אינ א בליִענדיקער סאָציאַליסטישער געגנט פונ דעמ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט, פאר פארקירצנ דעמ טערמינ פונ איר פארוואנדלונג אינ א יִדישער אווטאָנאָמער סאָציאַליסטישער סאָוועטישער רעפובליק, צו וואָס עס האָט אפנ ערשטנ געגנטלעכנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר גערופנ דער פירער פונ די ווײַטמיזרעכדיקע באָלשעוויקעס, כאווער לאוורענטיעוו, וועט די פארווירקלעכונג פונ די פלענער פונ 1935, אפ אזא אופנ, שפילנ אנ אויסשליסלעכ באשליסנדיקע ראָליע.

אָנשטרענגענ אלע קרעפטנ, מאָביליזירנ אלצ און אלעמענ, קעדיי אומבאדינגט אויסצופילנ פולשטענדיק די פראָגראמ פונ יאָר 1935, איז דעריבער זינט דעמ ערשטנ געגנטלעכנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר געוואָרנ דער שלאכט־לאָזונג פונ דער געגנט.

אפנ דאָזיקנ צוזאמענפאָר האָבנ די כאָשעווסטע מענטשנ פונ דער געגנט — די בעסטע שלאָגלער פונ די אונטערנעמונגענ, בויונגענ, ראטווירטנ און קאָלווירטנ — איינמוטיק און באגײַסטערט אָנגענומענ א ווענדונג צומ סעקרעטאר פונ דעמ ווײַטמיזרעכדיקנ קאָמיטעט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, צומ כ׳ לאוורענטיעוו, אינ וועלכער זיי פארפליכטנ זיכ „מיט דער גאנצער באָלשעוויסטישער אײַנגעשפארטקײַט" שלאָגנ זיכ פאר די פלענער פונ 1935 יאָר.

„פארפעסטיקנדיק די דאָזיקע פארפליכטונג מיט אונדזערע פערזענלעכע אונטערשריפטנ — האָבנ געשריבנ די דעלעגאטנ אינ זייער ווענדונג — גיבנ מיר זיכ אָפ א פולנ דינוועכזשבנ אינ דער קאָלאָסאלער פאראנטוואָרטלעכקײַט, וואָס עס ווערט דערמיט אפ אונדז ארופגעלייגט.

„מיר פארזיכערנ דיכ, טײַערער כאווער לאוורענטיעוו, אז מיט אונדזער אייגענעמ בײַשפיל און מיטנ באהעפטנ צו די דאָזיקע פארפליכטונגענ יעדנ ארבעטער און ארבעטערנ, קאָלווירטניק און קאָלווירטניצע, יעדנ לערער, דאָקטער, אגראָנאָמ, אינזשעניער, טעכניק און אלע ארבעטנדיקע, אויסניצנדיק אלע הייבערס פונ די סאָציאַליסטישע ארבעט־מעטאָדנ, וועלנ מיר זיכערנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער געגנטלעכער פארטיי־אָרגאניזאציע די אויספילונג פונ די גענומענע אפ זיכ היסכײַוועסנ".

און די ארבעטער און ארבעטנדיקע פונ דער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט וועלנ זיכער ניט בלײַבנ קיינ באלכויוועס.

אונטער דער אָנפירונג פונ לענינ־סטאלינס פארטיי וועלנ זיי בײַקומענ אלע שוועריקײַטנ, באזײַטיקנ פונ וועג אלע שטערונגענ און אינ די סאמע נאָענטסטע יאָרנ פארוואנדלענ זייער יונגע נאציאָנאלע אווטאָנאָמע געגנט אינ א פאָרגעשריטענער, בליִענדיקער סאָציאַליסטישער געגנט פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט, אינ א גראניט־פעסטנ פאָרפאָסט פונ סאָציאַליזמ אפנ ברעג פונ אמור.

פּראָפעסער י. ליבערבערג

מיטגליד-קאָרעספּאָנדענט פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע

# די ייִדישע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד

„...דער לאָזונג פון נאַציאָנאַלער קולטור איז געוואָרן א פּראָלע-
טארישער לאָזונג, ווען בא דער מאכט האָט זיך געשטעלט דער
פּראָלעטאַריאַט און די קאָנסאָלידאַציע פון די נאציעס האָט
אָנגעהויבן גיין אונטערן צייכן פון דער ראַטנמאַכט".

י. סטאלין



ין די ערשטע יאָרן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע איז די סאָציאַליסטישע קולטור־
בויונג צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן געווען קאָנצענטרירט קימאַט אויסשליסלעך
אַף די אויפגאבעס פון מאסעווער, דעריקער פּאָליטיש-אויפקלערערישער ארבעט.

אין צוזאמענהאנג דערמיט איז לויט דער ליניע פון דער ייִדישער קולטור־ארבעט
אין דער ערשטער ריי אָרגאַניזירט געוואָרן א ברייטע נעץ מאסעווע קולטור־אנשטאלטן,
ארבעט-שולן, קלובן, ביבליאָטעקן, לייענשטיבלעך אדג. גלייכצייטיק האָט זיך ברייט אנטוויקלט די
סאָוועטישע ייִדישע פּרעסע — ס'איז געשאפן געוואָרן א פארצווייַגטע צענטראלע און אָרטיקע פּרעסע
אַף ייִדיש, ס'האָבן זיך באַוויזן צענדליקער צייטונגען, זשורנאלן און אנדערע פּעריאָדישע אויסגא־
בעס, ס'האָבן אָנגעהויבן צו ארבעטן פילצאָליקע פארלאגן, וואָס האָבן ארויסגעלאָזט פאר א קורצער
צייט צענדליקער מיליאָנען אָפּצוגן פון פארשיידנארטיקסטער ליטעראטור אַף ייִדיש.

ערשט נאָכן באפרידיקן די מער שארפע באדערפענישן פון מאסעווער קולטור-ארבעט האָט
זיך פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע בויונג אויך אַף דער ליניע פון העכערע פאָרמען פון קולטור —
ס'איז געשאפן געוואָרן א גאנצע נעץ ייִדישע הויכשולן און טעכניקומס (עטלעכע צענדליק), עס איז
געגרינדעט געוואָרן א ריי ייִדישע מעלוכע־טעאטערס, עטלעכע גרויסע ביבליאָטעקן פון אקאדעמישן
ווערט, דער צענטראלער מוזיי אַפן נאָמען פון מענדעלע מויכער־ספאָרים (אין אָדעס) און, לעסאָף,
די קאטעדרע (איצט אינסטיטוט) פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור בא דער אלוקראַיִנישער
וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע אין קיִעוו און א ייִדסעקטער (איצט אויך אן אינסטיטוט) בא דער
ווייסרוסישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע אין מינסק.

אכוץ די דאָזיקע וויכטיקסטע צוויי אנשטאלטן האָט א יִדישע וויסנשאפטלעכע ארבעט געפירט (און פירט ביז איצט) נאָך א ריי אנדערע אינסטיטוציעס און אנשטאלטן. אזוי קאָנען מיר דאָ פארצייכענען די קאטעדרעס פאר יִדישער שפראך און ליטעראטור באם מאָסקווער מעלוכישן פעדאגאָגישן אינסטיטוט, די וויסנשאפטלעכע קאָמיסיע באם נאציאָנאליטעטן־אינסטיטוט אין מאָסקווע (פריִער בא דער קאָמוניסטישער אקאדעמיע), דעם יִדסעקטער פון קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט פאר די מייַרעוו־פעלקער, דעם וויַסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט (אין מינסק), דעם אָדעסער אינסטיטוט פאר סאָציִאלער דערציִונג, די כארקאָווער צענטראלע ביבליִאָטעק אפ קאָראָלענקאָס נאָמען, די צענטראלע וויַסרוסלענדישע מעלוכע־ביבליִאָטעק (אין מינסק) אאוו.

די ערשטע צייַט איז די יִדישע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן אויסגעקומען אין זייער ארבעט אויסצושטיין גאנץ גרויסע שוועריקייַטן. אין דער ערשטער ריי צוליבן פעלן פון קוואליפיצירטע יִדישע וויסנשאפטלעכע טוער.

באנאנד מיט דער קאדרען־פּראָבלעם האָבן זיך מיט דער פולער שארפקייַט געשטעלט פאר די געשאפענע יִדישע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן אויך אנדערע פראגן. אין דער ערשטער ריי האָט קימאט אינגאנצן אויסגעפעלט א הילפס־וויסנשאפטלעכע באזע פאר דער יִדישער וויסנשאפטלעך־פאָרשערישער ארבעט. ס׳איז אויסגעקומען בוכשטעבלעך אין פראָצעס פון דער וויסנשאפטלעך־פאָרשערישער ארבעט גופע צו שאפן די נייטיקע נעץ הילפס־אנשטאלטן, ווי אן אקאדעמישע ביבליִאָטעק, א היסטאָרישן ארכיוו, פארשיידענע קאבינעטן, לאבאָראטאָריעס אאוו.

דאָך האָבן די סאָוועטישע יִדישע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן, און, אין דער ערשטער ריי, די אקאדעמישע אינסטיטוטן פאר דער יִדישער פּראָלעטארישער קולטור אין קיִעוו און מינסק בייַגעקומען די אלע שוועריקייַטן.

די קאדרען־פּראָבלעם איז געלייזט געוואָרן אפ פארשיידענע אויפאנים. פריִער פאר אלץ האָט מען אין די אינסטיטוטן קאָנצענטרירט אלע יענע יִדישע וויסנשאפטלער, וואָס האָבן א לענגערע צייַט שוין געארבעט אפן וויסנשאפטלעכן פראָנט, נאָר געארבעט איזאָלירט, צעוואָרפן, אינדיווידועל. אריינטרעטנדיק אין א פעסטן שעפערישן וויסנשאפטלעכן קאָלעקטיוו פון אן אינסטיטוט, האָבן זיי באקומען א מעגלעכקייַט צו ליקווידירן דעם אווטאָדידאקטישן כאראקטער פון זייער ארבעט און העכערן זייער וויסנשאפטלעכע קוואליפיקאציע.

צו דער סאָוועטישער יִדישער וויסנשאפטלעכער ארבעט זייַנען אויך צוגעצויגן געוואָרן יענע — עמעס איינצלנע — עלטערע יִדישע וויסנשאפטלער, וואָס האָבן באוויזן מיט מייַסים, אז זיי זייַנען פייִק גיוווער צו זייַן זייער אמאָליקע באשרענקטקייַט און בעעמעס אָנייגענען זיך די מארקסיסטיש-לענינישע מעטאָדאָלאָגיע.

ענדלעך, איז פאר דער צייַט, זינט עס זייַנען אָרגאניזירט געוואָרן ספעציִעלע סאָוועטישע יִדישע פאָרשונג־אנשטאלטן, צוגעגרייט געוואָרן, אין אָרדענונג פון אספיראנטור, א גאנץ היפּשע גרופּע יונגע וויסנשאפטלער, וואָס פארנעמט איצט אן אָנגעזעענע אָרט אין דער סאָוועטישער יִדישער וויסנשאפטלעכער ארבעט. ס׳איז גענוג צו זאָגן, אז נאָר אינעם קיִעווער אינסטיטוט פאר יִדישער פּראָלעטארישער קולטור האָבן פארענדיקט די אספיראנטור ביזן 1934 יאָר 21 צוהערער, דערבייַ דארף מען האָבן אינזינען, אז איצט לערנען זיך אין אינסטיטוט נאָך 26 אספיראנטן.

פונקט אזוי ווי די קאדרען־פּראָבלעם איז אויך געלייזט געוואָרן די פראגע וועגן די וויסנשאפטלעכע באהילפיקע אנשטאלטן. באזונדערס דערפאָלגרייַך איז אין דעם פראט די פּראקטיק פונעם קיִעווער אינסטיטוט, וואָס האָט ארום זיך געשאפן א גאנצע נעץ ספעציִעלע יִדישע וויסנשאפטלעכע באהילפיקע אנשטאלטן.

ווי אויבן דערמאָנט, ווערט א יִדישע וויסנשאפטלעך־פאָרשערישע ארבעט אין ראטנפארבאנד געפירט דורכן א גאנצער ריי אָרגאניזאציעס און אנשטאלטן. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן נאָר אפ צוויי וויכטיקסטע אנשטאלטן — אפ די אינסטיטוטן פאר יִדישער פּראָלעטארישער קולטור אין מינסק און אין קיִעוו.

דער מינסקער אינסטיטוט איז אויסגעוואָקסן פונעם יִדסעקטער באם געוועזענעם אינוויַסקולט (אינסטיטוט פאר וויַסרוסלענדישער קולטור, איצט וויַסרוסלענדישע וויסנשאפט-אקאדעמיע), וואָס איז



די געבײַדע פונעם אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע (קיִעוו)

געגרינדעט געוואָרנ אינ 1925 יאָר. אינעמ באשטאנד פונעמ אינסטיטוט זײַנענ אָרגאניזירט געוואָרנ אייניקע קאָמיסיעס — א היסטאָרישע, א סאָציִאל-עקאָנאָמישע, א לינגוויסטישע אונ א ליטעראַרישע.

דעמ מינסקער אינסטיטוט איז אויסגעקומענ צו ארבעטנ די גאנצע צײַט בא זייער שווערע באדינגונגענ אינ הינזיכט פונ וויסנשאפטלעכע קאדרענ. דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס אינ ווײַסרוסלאנד גופע זײַנענ ייִדישע וויסנשאפטלער געווענ ווייניק, באקומענ א גרעסערע צאָל וויסנשאפטלער פונ אנדערע רעפּובליקנ איז געווענ שווערלעכ. איבער דעמ איז אויכ שווער געווענ צוגרייטנ א מער ווייניקער באדײַטנדיקע גרופּע אספּיראנטנ.

אונ דאָכ, בא די אלע שוועריקײַטנ, האָט דער מינסקער אינסטיטוט געגעבנ, באזונדערס אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ ארבעט, זייער א גרויסע וויסנשאפטלעכע פּראָדוקציע. דער מינסקער אינסטיטוט, אלס ערשטער סאָוועטישער ייִדישער וויסנשאפטלעכער אנשטאלט, האָט דורכגעשלאָגנ פּאקטיש א וועג פאר א ברייט פארצווײַגטער פאָרשונג־ארבעט איבער די וויכטיקסטע פּראָבלעמעס פונ דער ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור. מיר וועלנ זיכ דאָ באנוגענענ מיט איבערעכענענ די וויכטיקסטע ארבעטנ פונ מינסקער אינסטיטוט.

פאַר די אַכט יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט דער אינסטיטוט פאַרעפנטלעכט אַזוינע אַרבעטן: פינף גרויסע בענדער „צײַטשריפטן", די ערשטע דרײַ זײַנען געווידמעט פאַרשיידענע געביטן פון דער יִדישער וויסנשאַפט־אַרבעט, דער פערטער באַנד האָט בלויז היסטאָרישע און סאָציִאַל־עקאָנאָמישע אַרטיקלען און דער פינפטער אַנטהאַלט אויסשליסלעך ליטעראַטור־פאָרשערישע אַרבעטן; ווײַטער גייען אַזוינע פּובליקאַציעס, ווי די „רויטע בלעטער", זאַמלבוך פאַר דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג בײַ יִדן, דרײַ זאַמלביכער (אַ היסטאָרישער, אַ סאָציִאַל־עקאָנאָמישער, און אַ ליטעראַריש־לינגוויסטישער) „צום 15־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע", אַ ריי סאָציִאַל־עקאָנאָמישע אַרבעטן — „אַ שטעטל אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד", אַלעקסאַנדראָווס און וואָלאָברינסקיס זאַמלונג פון סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן „יִדן אין ווססר"; ענדלעך, דאַרף מען פאַרצייכענען אַ ריי אַרבעטן איבער ליטעראַטור און שפּראַך, אויסלענדערס און פינקעלס מאַטעריאַלן צו גאָלדפאַדענס ביִאָגראַפיע, עריקס „שאָלעם אַש", בראָנשטיינס „פּראָבלעם פון לענינישן עטאַפּ אין ליטעראַטור־קענטעניש", ווילענקינס שפּראַך־אַטלאַס א. א. וו.

באַזונדערס דאַרף פאַרצייכנט ווערן די דערשײַנונג פון אַ פּעריאָדישן וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל פונעם אינסטיטוט „אַפּן וויסנשאַפטלעכן פראָנט".

דער גרעסטער און דער פירנדיקער יִדישער וויסנשאַפטלעכער אַנשטאַלט אין ראַטנפאַרבאַנד איז דער קיִעווער „אינסטיטוט פאַר יִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור".

דער אינסטיטוט האָט איבער הונדערט מיטאַרבעטער און אַספּיראַנטן. דער בודזשעט זײַנער באַטרעפט 650 טויזנט רובל.

דער אינסטיטוט באַשטייט פון 8 סעקציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דירעקטער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער אַרבעט.

דאָס זײַנען — 1) די היסטאָרישע סעקציע, 2) סאָציִאַל־עקאָנאָמישע, 3) פּעדאַגאָגישע, 4) ליטעראַרישע, 5) לינגוויסטישע, 6) עטנאָגראַפישע, 7) ביבליִאָלאָגישע און 8) סעקציע פאַר בירעבידזשאַן־קענטעניש.

פון די וויסנשאַפטלעכע הילף־אַנשטאַלטן דאַרף מען אין דער ערשטער ריי דערמאָנען די אַקאַדעמישע ביבליאָטעק באַם אינסטיטוט, וואָס פאַרמאָגט בײַ אַ פערטל מיליאָן בענדער און וואָס איז לויט דער רײַכקײַט פון די יִדישע פאָנדן די צווייטע ביבליִאָטעק אין דער וועלט. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז אין דער ביבליִאָטעק געפינט זיך די וויכטיקסטע ליטעראַטור וועגן יִדן אויף 25 שפּראַכן. די ביבליִאָטעק פאַרמאָגט אַ רײַכן מאַנוסקריפּטן־אָפּטייל, וווּ ס'איז פאַראַן העכער טויזנט עלטערע מאַנוסקריפּטן, פון XIII יאָרהונדערט אָן.

דער צווייטער וויסנשאַפטלעכער הילף־אַנשטאַלט פונעם אינסטיטוט, וואָס פאַרדינט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקײַט, איז דער פּרעסע־אַרכיוו, וואָס האָט אָנגעזאַמלט גרויסע פאָנדן (ביז 12 טויזנט יאָר־קאָמפּלעקטן) פון דער יִדישער פּעריאָדיק. דער פּרעסע־אַרכיוו באַקומט סיסטעמאַטיש די יִדישע פּעריאָדיק אויף פאַרשיידענע שפּראַכן פון פערציק לענדער (פאַר די לעצטע דרײַ יאָר האָט דער אַרכיוו באַקומען רעגולער העכער 800 יִדישע זשורנאַלן און צײַטונגען). אין אַרכיוו ווערט געזאַמלט און זאָרגעוודיק באַאַרבעט די יִדישע רעוואָליוציאָנערע פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט (ווססר, פּוילן, פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, פראַנקרײַך, אַרגענטינע, קאַנאַדע, בראַזיליע, אורוגווײַ א. א.).

דער דריטער וויסנשאַפטלעכער אַנשטאַלט פונעם אינסטיטוט איז די צענטראַלע יִדישע ביבליִאָגראַפישע ביוראָ, וואָס באַדינט די גאַנצע וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעט פונעם אינסטיטוט. ווי אַ באַזונדערן פאַרדינסט פון דער ביבליִאָגראַפישער ביוראָ דאַרף מען פאַרצייכענען דאָס צונויפשטעלן אַ פולע ביבליִאָגראַפיע פון דער יִדישער סאָוועטישער ביכער־פּראָדוקציע פאַר די יאָרן 1917 — 1930.

אין אָנגעוויזענעם אָרט צווישן די וויסנשאַפטלעכע הילף־אַנשטאַלטן פאַרנעמט אויך דער יִדישער היסטאָרישער אַרכיוו, כאָטש ער עקזיסטירט באַם אַלגעמיינעם געגנטלעכן היסטאָרישן אַרכיוו אַלס זײַנער אַ סעקטער. ער איז געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פונעם אינסטיטוט און אַרבעט בײַ זײַן אַקטיווסטער שטיצע. דעם היסטאָרישן אַרכיוו האָט זיך אײַנגעגעבן פאַר אַ קורצער צײַט אָנצוזאַמלען ווערטפולע היסטאָרישע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, באַזונדערס צו דער געשיכטע




וויסנשאפטלעכע אויסגאבעס פונעם אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע

פון דער ייִדישער ארבעטער-באוועגונג און געזעלשאפטלעכער באוועגונג אין צארישן רוסלאנד און צו דער געשיכטע פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן.

כוץ די אויבן דערמאָנטע גרעסערע אנשטאלטן ארבעטן בא אים א ריי קאבינעטן און לאבאָראטאָריעס. נעמלעך: א היסטאָרישער קאבינעט, א פעדאָלאָגישער קאבינעט, א קאבינעט פאר מוזיקאלן פאָלקלאָר, א קאבינעט פאר וואָרט-פאָלקלאָר, א קאבינעט פאר סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור, א לאבאָראטאָריע פאר עקספּערימענטאלער פעדאגאָגיק, א לינגוויסטישער קאבינעט אא.

די פעדאגאָגישע סעקציע האָט געגעבן אזוינע ארבעטן, ווי גאָראָכאָווס און רעזניקס „די פּאָליטעכנישע שול לויט מארקסן—ענגעלסן—לענינען", „קאמף אף צוויי פראָנטן אין דער פעדאגאָגיק" (א זאמלבוך), „לערן-ארבעט אין שול" (א זאמלבוך), ביכער וועגן די מעטאָדן און אָרגאניזאציע פון שול-ארבעט, וועגן „געזעלשאפט-קענטעניש אין שול" אא.

די ליטעראַרישע סעקציע, וואָס איז ענג פארבונדן מיט די אָרגאניזאציעס פון די סאָוועטישע שרייבער, האָט געגעבן אזוינע ארבעטן: די זאמלונגען „קעגן אנטימארקסיסטישע טעאָריעס אין ליטעראטור-קענטעניש", „די געשיכטע פון דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור אין אמעריקע" אין דער ערשטער העלפט XIX יאָרהונדערט און אנדערע.

די ליטעראַרישע סעקציע האָט פאנאנדערגעארבעט א ריי פראָבלעמעס פון ליטעראטור-ירושע (עטינגער, מענדעלע אא.). ס'איז דערשינען (אונטער דער רעדאקציע פון מ. ווינער) דער ערשטער באנד פונעם באוווּסטן ייִדישן שרייבער פון דער ערשטער העלפט XIX יאָרהונדערט — אקסענפעלד, איצט ווערן צוגעגרייט צום דרוק אויך די ווייטערדיקע צוויי בענדער פון אקסענפעלדס ווערק, ווי אויך דער ערשטער באנד פון א צווייטן ייִדישן עלטערן שרייבער עטינגער. ס'זיינען דערשינען אונטער עריקס רעדאקציע די עלטערע מאסקילישע קאָמעדיעס אין דייטשלאנד אאוו.

גרויס אכט גיט די ליטעראַרישע סעקציע אויך אָפ די עלטערע רעוואָליוציאָנערע פראָלעטארישע ייִדישע דיכטער פון די 70־ער — 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט — עדעלשטאט, באָווּשאָווער, ווינטשעווסקי, ווי אויך דער הײנטצײטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. אינעם 1935 יאָר וועלן זיין גרייט צום דרוק עטלעכע בענדער פון די אקאדעמישע אויסגאבעס פון עדעלשטאטן און ווינטשעווסקין. פון דער סאָוועטישער ליטעראטור איז שוין גרייט און אָפּגעגעבן אין דרוק צוויי ביכער וועגן דעם באדײטנדיקסטן פּראָזאיִקער — בערגעלסאָנ און וועגן דעם אָנגעזעענסטן דיכטער




וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער ווײַסרוסלענדישער וויסנשאַפטלעכער אקאַדעמיע

פּעפּער. די סעקציע האָט פאָרגענומען אַזאַ פונדאַמענטאַלע אַרבעט, ווי צונויפשטעלן אַן ענציקלאָפּעדישן לעקסיקאָן (צוזאַמען מיטן מינסקער אינסטיטוט) פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. די צוגרייט-אַרבעט לויט דער ליניע איז אין פולן גאַנג. ענדלעך דאַרף מען פאַרצייכענען די גרויסע אַרבעט איבער טאַראַס שעווטשענקאָ, וואָס דרוקט זיך איצט צוזאַמען מיט דער זאַמלונג פון זײַנע בעסטע לידער (איבערגעזעצט ד. האָפשטיין).

די סאָציאַל-עקאָנאָמישע סעקציע האָט אַרויסגעלאָזט דערווײַל צוויי מאָנאָגראַפישע אַרבעטן — „די דינאַמיק פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אוקראַיִנע“ און „די פּראָבלעם פונעם ייִדישן שטעטל“. ביידע אַרבעטן האָבן אַ גרויסע באַדײַטונג, ווײַל זיי באַווײַזן, וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע ענדערונגען ס'זײַנען פאָרגעקומען אינעם באַשטאַנד און אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּסר אַלס רעזולטאַט פונעם אַרײַנציִען די ברייטע מאַסן ייִדישע אָרעמשאַפט און דעקלאַסירטע עלעמענטן אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע און אין דער קאָלעקטיוויזירטער לאַנדווירטשאַפט.

די היסטאָרישע סעקציע האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאָנאָגראַפיע איבער דער געשיכטע פון דער ייִדישער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט אין דער ערשטער העלפט פונעם XIX יאָרהונדערט. בא הײַנטיקן טאָג זײַנען גרייט צום דרוק עטלעכע נײַע מאָנאָגראַפישע אַרבעטן, צב. „די געשיכטע פונעם נאָדל-פאַריין“, „די ייִדישע קליינבורזשואַזע פּאַרטייען אין דער צענטראַלער ראַדע“, אַ זאַמלונג וועגן דער געשיכטע פון דער באָלשעוויסטישער באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער, אַ זאַמלונג דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע אאַ. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס דער אינסטיטוט האָט באַקומען דורכן כ' מאַרמאָר אַ ווערטפולן אַרכיוו וועגן אַרן ליבערמאַן, גרייט די היסטאָרישע סעקציע צום דרוק אַ גרויסע זאַמלונג דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער צווייטער העלפט פונעם XIX יאָרהונדערט.

די לינגוויסטישע סעקציע האָט געגעבן אַ ביז גאָר באַדײַטנדיקע וויסנשאַפטלעכע פּראָדוקציע. ס'זײַנען צוגעגרייט (און אין גרעסטן טייל פאַרעפנטלעכט) אַזוינע אַקטועלע און ווערטפולע אַרבעטן, ווי דער סאָוועטיש-ייִדישער „אָרטאָגראַפישער ווערטער-בוך“, „מאַרקס און ענגעלס וועגן שפּראַך און שפּראַכוויסן“, „לענין און סטאַלין וועגן שפּראַך“, אַ זאַמלונג אַרטיקלען וועגן ייִדישער סטיליסטיק (פון נ. שטיף) אאַ. כוץ דעם זײַנען צוגעגרייט טערמינאָלאָגישע ווערטערביכער אף דרײַ שפּראַכן: ייִדיש, רוסיש און אוקראַיִניש, ווי דער טעכנישער ווערטערבוך, יורידישע טערמינאָלאָגיע, מאַטעמאַטישע, געאָגראַפישע אאַ. צו דעם אַלעמען דאַרף מען צוגעבן, אַז די לינגוויסטישע סעקציע גיט אַרויס פונעם ערשטן טאָג פון איר עקזיסטענץ אַ ספּעציעלן פּעריאָדישן אָרגאַן „אַפן שפּראַך-פראָנט“ (פריִער „די ייִדישע שפּראַך“), אינגאַנצן איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן ביז איצט בא 30 נומערן פונעם זשורנאַל, — 200 דרוקבויגן. פון די מער קאַפּיטאַלע אַרבעטן, וואָס די סעקציע גרייט דאָס יאָר, דאַרף מען פאַרצייכענען דעם גרויסן אוקראַיִניש-ייִדישן און ייִדיש-אוקראַיִנישן ווערטערבוך. די סעקציע האָט אין מײַ 1934 דורכגעפירט אַ גרויסע אַלוקראַיִנישע שפּראַך-באַראַטונג.

די עטנאָגראַפישע סעקציע האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרבעטן. מיר וועלן פאַרצייכענען אין דער ערשטער ריי די גרויסע זאַמלונג „פּראָבלעמעס פון פאָלקלאָריסטיק“ מיט אַ ריי אַרטיקלען, וואָס גיבן אַ מאַרקס-לענינישע באַהאַנדלונג פון די וויכטיקסטע פראַגן פון דער עטנאָגראַפישער וויסנשאַפט. מירן דערמאָנען אויך די צוויי זאַמלונגען פאָלקלאָר-מאַטעריאַל, וואָס די סעקציע האָט אַרויסגעלאָזט — אַ זאַמלונג ייִדישע פאָלקס-לידער און אַ זאַמלונג פון מוזיקאַלן ייִדישן פאָלקלאָר (אין ייִדיש און רוסיש).

װיסנשאַפֿטלעכע אױסגאַבעס פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בײַ דער װײַסרוסלענדישער װיסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע

איצט גייט די סעקציע אָפּ צום דרוק צװײ נײַע זאַמלונגען מאַטעריאַלן מיט געהעריקע װיסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישע אַרטיקלען.

די **ביבליאָלאָגישע סעקציע** האָט אױך אַרױסגעלאָזט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע פּראָדוקציע. ס'איז אױסגעפֿילט אַ קאַפּיטאַלע אַרבעט, װי די פֿולע ביבליאָגראַפֿיע פֿון דער גאַנצער סאָװעטישער ייִדישער ביכער־פּראָדוקציע פֿאַר די יאָרן 1917—1920. כּוץ דעם איז דערשינען אַ גרױסער באַנד װיסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישע אַרבעטן (העכער 40 דרוק־בױגן) — „ביבליאָלאָגישער זאַמלבוך".

די לעצטע סעקציע פֿונעם אינסטיטוט, **די סעקציע פֿאַר ביראָבידזשאַן־קענטעניש**, װאָס איז געגרינדעט געװאָרן אין פֿרילינג 1934, האָט שױן באַװיזן צוצוגרײטן אַ זאַמלונג, געװידמעט דעם גאַנג און דער היסטאָרישער אַנטװיקלונג פֿון דער סאָציאַליסטישער בױונג אין ביראָבידזשאַן, אַ זאַמלונג אַקטן, דאָקומענטן און מאַטעריאַלן איבער דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אײַנװאַנדערונג און אַ ביבליאָגראַפֿיע פֿון ליטעראַטור װעגן ביראָבידזשאַן (צוזאַמען מיט דער לענינגראַדער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק). זי האָט אױך צוגעגרײט צום דרוק אַ זאַמלבוך װעגן די נאַטור־רײַכטימער פֿון דער ייִדישער אױטאָנאָמער געגנט, אין װעלכן עס באַטײליקן זיך די אָנגעזעענסטע סאָװעטישע געלערנטע.

װי מיר זעען, טראָגט די אַרבעט פֿונעם אינסטיטוט (װאָס האָט געגעבן אין אַלגעמײן נאָר פֿאַרן 1932—1933 י. י. מער פֿון 400 דרוקבױגן װיסנשאַפֿטלעכע פּראָדוקציע) אַ העכסט ברײטן פֿאַרנעם און איז דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פֿון קאַמף פֿאַר אַ מאַרקס־לענינישער װיסנשאַפֿט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, װאָס די אוקראַיִנישע װיסנשאַפֿטלעכע אַקאַדעמיע איז איבערגעגאַנגען אין דירעקטן רעשוס פֿון ראַטנפֿאָלקאָם פֿון אוססר, װעט אױך דער אינסטיטוט נאָך מער פֿאַרברײטערן זײַן װיסנשאַפֿטלעכע אַרבעט. װעגן דעם מאַסשטאַב פֿון דער פֿאָרשטײענדיקער װיסנשאַפֿטלעכער אַרבעט זאָגט אײדעס דער באַדײַטנדיקער פֿאַרלאַג־פּלאַן פֿונעם אינסטיטוט פֿאַרן יאָר 1935, װאָס באַטרעפֿט בײַ 600 דרוקבױגן. װעגן אַזאַ פּראָדוקציע, װאָס שטײַגט אַריבער קימאַט אין דרײַ מאָל דעם פֿאַראַיאָריקן פּלאַן, װאָגן אַפֿילו ניט צו טרױמען די ייִדישע װיסנשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער.

באַנאַנד מיט דער װיסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישער אַרבעט איז דער אינסטיטוט פֿאַרנומען מיט גרײטן נײַע קאַדרען הױך־קװאַליפֿיצירטע װיסנשאַפֿטלער און פּראָפֿעסאָרן. אַלס אילוסטראַציע פֿון די דערגרײכונגען פֿונעם אינסטיטוט אױך אױף דעם דאָזיקן געביט װעלן מיר אָנװײַזן אױף דעם, װאָס ניט װינציקער װי אַ דריטל פֿון זײַנע װיסנשאַפֿטלעכע טוער האָט דער אינסטיטוט צוגעגרײט אַלײן.

דער אינסטיטוט איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפֿטלעכקײט און פֿירט אַ ברײטע אַרבעט צװישן די אַרבעטנדיקע מאַסן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. קעדײ צו פּאָפּוליאַריזירן זײַן װיסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישע פּראָדוקציע, אָרדנט אײַן דער אינסטיטוט סיסטעמאַטישע פֿאָרטראָגן, לעקציעס, אַקאַדעמישע אָװנטן, פּלענומס פֿון די סעקציעס און, ענדלעך, אַרױס־פֿאָר־סעסיעס אין פֿאַרשײדענע שטעט.

דער אינסטיטוט אָרגאַניזירט אָפֿט אַלאוקראַיִנישע און אַלפֿאַרבאַנדישע ייִדישע װיסנשאַפֿטלעכע קאָנפֿערענצן און באַראַטונגען. אַזױ איז אין 1930 יאָר פֿאָרגעקומען בײַם אינסטיטוט די אַלפֿאַרבאַנדישע שפּראַך־קאָנפֿערענץ. אַ ביסל פֿריִער איז פֿאָרגעקומען אַ ליטעראַרישע באַראַטונג און שפּעטער אַ באַראַטונג איבער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פֿאָרשונג־אַרבעט. אין 1934 יאָר האָט דער אינסטיטוט צונױפֿגערופֿן (צוזאַמען מיט דער רעדאַקציע „שטערן" און פֿאָלקאָמבילד פֿון אוססר) אַ

גרויסע אלוקראיִנישע שפראכ-באראטונג מיט א ברייטער פאָרשטייערשאפט אויכ פונ די ברידער-
לעכע רעפובליקנ ווססר אונ רספסר. די דאָזיקע באראטונג האָט פאקטיש געהאט אנ אלפארבאנדישע
באַדײַטונג. איצט פלאנירט דער אינסטיטוט צונויפרופנ א באראטונג פונ ייִדישע ליטעראטור־פאָר־
שער אונ קריטיקער.

פונ דעמ אלעמענ איז קלאָר, אז אינ די הענט פונ דער ראטנ-רעגירונג איז דער אינסטיטוט
פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור בא דער אוקראיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע א פעסט
געשליפנ געווער, וואָס קעמפט פאר אויסגעהאלטענער, ניט־געפעלשטער אונ הויכ־קוואליפיצירטער
וויסנשאפט, אונ העלפט מיט אזויארומ אקטיוו איבערבויענ אפ סאָציאַליסטישע יעסוידעס דאָס לעבנ
פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ.

י. נוסינאָוו

# די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור

„דער פעריאָד פון דער פראָלעטאַרישער דיקטאַטור און פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין פסםר איז א פעריאָד פון אויפבלי פאַר די נאַציאָנאַלע קולטורן, סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט און נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם“.

י. סטאַלין

## 1



ון די העכער זעקס מיליאָן יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער געוועזענער צאַרישער אימפעריע, זוינען אין ראַטנפאַרבאַנד בלויז בא דריי מיליאָן.

פון די אַמאָליקע צענטערס פון דער יידישער ליטעראַטור איז קיין איינער ניט פאַרבליבן אין ראַטנפאַרבאַנד. קיעוו, מינסק און אוואַדע שוין מאָסקווע, כאַרקאָוו זיינען, ווי באַוווּסט, ביז דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע ניט געווען קיין צענטערס פון דער יידישער ליטעראַטור.

דאָ זיינען אויסגעוואַקסן נייע צענטערס פון ליטעראַטור און קולטור, נייע צענדליקער ליטעראַרישע נעמען, ווערק מיט נייע פּראָבלעמען, נייע מאָטיוון, נייע געשטאַלטן.

און איין כאַראַקטער-שטריך מוז מען דאָ פון אָנהייב אָן אונטערשטרייכן.

די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור טיילט זיך אויס פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער גאַנצער וועלט, ווו עס וווינען יידישע מאַסן, דערמיט, וואָס בייס די יידישע ליטעראַטור אין יענע לענדער איז געווענדט צום געכטן, און איז באַשעפטיקט מיטן אָפּגעגאַנגענעם, שטייט די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור אפן באָדן פונעם מאָדערנעם הײַנט און איז געווענדט צום גרויסן מאָרגן פון דער באַפרײַטער מענטשהייט.

נאָכ צוריק מיט אכט יאָר האָט דאָוויד בערגעלסאָן אין אַן אַרטיקל, פאַרעפנטלעכט אין בערלינער זשורנאַל „אין שפּאַן“, געשריבן, אַז די יידישע בירגערלעכע ליטעראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענ-



ד. בערגעלסאָנ

דער איז פארורטײלט אָנצוהײבנ נאָכאמאָל פונ „אמאָל איז געווענ א ראָװ מיט א רעבעצנ“, זיכ אומקערנ צום אויסגעװעפטנ קלעריקאליזם, צום גײַסטלעכנ אונ מאטעריעלנ קאבצאנסק, זיכ איזאָלירנ פונ אלמענטשלעכנ מאָדערנעם געדאנק.

ד. בערגעלסאָנ האָט געמאכט דערפונ א ריכטיקנ אויספיר, אז װענ עס טרעפט זיכ, עס װערט אינ יענע ליטעראטורנ געשאפנ א בעסערער בוכ, איז עס „ניט קײנ ציגל אינעם בינינ, װעלכנ עס מויערט די ייִדישע קולטור, נאָר אנ אָפגעזונדערטער ציגל — א ציגל אפ אװעקצושטעלנ לעבנ אויװונ א טעפל“...

די אכט יאָר, װאָס זײַנענ אריבער נאָכ דעם, װי אָט די שורעס זײַנענ אָנגעשריבנ געװאָרנ, האָבנ גלענצנדיק באשטעטיקט אָט די ארויסגעזאָגטע האנאָכע.

דעם רעבנס הויז, דער טילים־ייִד, דער מיטלאלטער, דער „אמאָל איז געװענ א ראָװ מיט א רעבעצנ“ — זײַנענ נאָכ װי קײנ מאָל ניט ביז איצט, געװאָרנ דער אײנציקער מאָטיװ פונ די ייִדישע שרײַבער.

ס׳איז קײנ װוּנדער ניט: דער איצט פונ זײ ייִדישע מאסנ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער איז ביז גאָר א טרויעריקער, דער מאָרגנ אינ די ראמענ פונ קאפיטאליזם — א פערספעקטיװלאָזער, אָנ א שטראל זונ אונ האָפענונג, װענדט זיכ דער שרײַבער צום נעכטנ, אידעאליזירט ער אים, פארהערלעכט אים אונ זוכט אינ דעם א טרײסט אינ דער אומגעהײער האָפענונגלאָזער לאגע. שאדט ניט, װאָס דערמיט, װאָס די ליטעראטור פארהערלעכט אלטנ רעאקציאָנערנ שימל, שטארקט זי, אמאָל קעגנ אײגענעם װילנ, אונ אמאָל טאקע בעקיװנ די קויכעס פונ די סאמע פאשיסטישע עלעמענטנ, אזוי אז די ליטעראטור װערט געבראכט, װי ד. בערגעלסאָנ האָט זיכ אמאָל אויסגעדריקט, צו דער מאדרײגע פונ א „ציגל אפ אװעקצושטעלנ לעבנ אויװונ א טעפל“, „אפ א בעסוילעם — װאקסט א מאצײװע־ליטעראטור...“.

איז שוינ דערום נאטירלעכ דער אומגעהײערער קאָנטראסט, װאָס עס שטעלט מיט זיכ פאָר די ייִדישע סאָװעטישע ליטעראטור.



י. פעפער

א נײַ לעבן בויט זיך. א נײַע וועלט ווערט געשאפן, און די גאנצע ליטעראטור פון ראטנ־פארבאנד איז געווענדט דעריקער אפן הײַנט, אפן מאָרגן. איינער פון די סאמע באדײַטנדיקע סאָוועטישע שרײַבער, איליא ערענבורג, א שרײַבער מיט א גרויסער אינטערנאציאָנאלער דערפאַרונג, האָט נאָך א ריי ביכער וועגן די קאפיטאליסטישע לענדער, וועגן די געשעענישן אין שפאניע, אין עסטרײַך, אין דײַטשלאנד, אין פאריזש, ניט לאנג פארעפנטלעכט א בוך וועגן קולט פון סאָציאַליסטישער מי און געבורט פון נײַעם סאָציאַליסטישן מענטשן אין ראטנ־פארבאנד.

זײַן בוך האָט איליא ערענבורג אָנגערופן: „דער טאָג — דער צווייטער“ — אָט דער נאָמען, וואָס איז אסאָציאַטיוו פארבונדן מיטן ביבלישן „יום שני“ און מיט „מעשה בראשית“ — פאָרמולירט אפילע אפ אן אויפן, וואָס איז פרעמד פארן סטיל פון אונדזער ליטעראטור — דעם טאָך פון אונדזער ווירקלעכקײַט און בעמיילע שוין פון דער ליטעראטור, וואָס וואקסט אויס פון דער דאָזיקער ווירקלעכקײַט.

די פאָרגעשיכטע פון דער מענטשהײַט, ווי ענגעלס האָט אמאָל אָנגערופן די קלאסן-טקופע פון דער מענטשהײַט, ווערט דאָ פארענדיקט. א נײַע וועלט, א נײַע מענטשהײַט האלט דאָ אין ווערן.

אָפשפיגלענדיק וואָרהאפטיק, קינסטלעריש אָט דעם פראָצעס, העלפט אונדזער ליטעראטור אים מיט.

די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור איז געווענדט אפ דעם הײַנט און אפ יענעם נאָענטן היסטאָריש־אקטיוון רעוואָליוציאָנערן נעכטן, פון וועלכן אונדזער הײַנט וואקסט ארויס.

די ענגע פארבינדונג פון דער ליטעראטור מיט דער ווירקלעכקײַט האָט עס געבראכט דערצו, אז די גרונט־עטאפן פון אונדזער ליטעראטור זײַנען פארבונדן מיט די גרונט־עטאפן פון דער רעוואָליוציע.



אי. כאריק

## 2

די רעוואָליוציִע איז געקומען צו איר בויונג נאָכן זיגרײַכן בירגערקריג.

דער בירגערקריג איז, ווי באוווסט, געקומען נאָך דער פּיריאָריקער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וואָס איר פּלאַצדארם איז אפּן מיזרעכ-פראָנט געלעגן דעריקער אין די קאנטן מיט א געדיכטן יידישן ייִשעוו. דאָס האָט געבראכט צו דער רויִנירונג פון די ייִדישע מאסן פונעם אלטן רוסלאנד. אָט די רויִנירונג האָט זיך קאטאסטראָפאַל פארטיפערט דורך דעם, וואָס אוקראיִנע, ווײַסרוסלאנד איז געווען אין מעשעך פון די יאָרן 1917 – 1920 דער הויפּט־פּלאצדארם פון די אינטערווענטן און אינערלעכע קאָנטררעוואָליוציִאָנערע באנדעס און כאיאָלעס.

די הויפּט־טעמע פון דער ייִדישער דיכטונג פאר די יאָרן פון בירגערקריג איז געוואָרן דער בירגערקריג גופע, אָקטיאבער-זיג, פון איין זײַט, און פּאָגראָם־קאטאסטראָפע, פון דער צווייטער זײַט.

שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע איז אין ראטנפארבאנד אופגעקומען א ייִדישע דיכטונג פון א זעלטענער קינסטלערישער הייך. און בא יעדן איינעם פון דער מערקווירדיקער פּלעיאדע דיכטער, באם פרי און טראגיש אומגעקומענעם אפּן פראָנט אָשער שווארצמאן, ווי בא האָפּשטיינען, מארקישן, קוויטקאָן, קושניראָוון, רעזניקן, פינינבערגן, כאשטשעוואצקין — טרעפן מיר לידער אף דער טעמע: מאָסקווע, קאָמינטערן, אָקטיאבער און באגלײַכ דערמיט לידער, פּאָעמעס, וואָס דריקן אויס די פּאָגראָם־קאטאסטראָפע.

דאָס זײַנען אין די יאָרן 1918—1923 די הויפּט־מאָטיוון פון דער דיכטונג און, מע קאָן זאָגן, פון דער ליטעראטור ביכלאל, ווײַל די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור איז אין יענע יאָרן געווען ס׳ראָוו א דיכטערישע: קיין פּראָזע, קיין דראמאטורגיע איז קימאט ווי ניט געווען.

און מערקווירדיק, די רעוואָליוציע־מאָטיוון זײַנען געגעבן געוואָרן אין באגײַסטערטער טעמאטיק, יענע לידער זײַנען געווען דורכגעדרונגען מיט עקסטאז פאר סטאם קאמף און סטאם באפרײַ-



פערעצ מארקיש

ונג. די קאָנקרעטע וועגנ אונ קאָנקרעטע צילנ פונ דער רעוואָליוציע זייַנענ נאָכ פאר דער דיכטונג אינ גרונט געווענ פארהוילנ. אונ טאקע דערום זייַנענ די פּאָגראָמ־פּאָעמעס אונ לידער געווענ דורכ־געדרונגענ מיט נאציאָנאלנ טרויער, מיט פארגעבונג־האכנאָע אונ פאטאליסטישנ אָנעמענ פאר ליב (ד. האָפשטיינ — „טריסטיא”), מיט פארצווייפלטנ אָנ-אויסוועג (א. קושניראָוו „אזקאָרע”) אָדער מיט בונטארישער פאראכטונג צו דער גאָרער וועלט אונ די גאָרע געטער, וואָס דולדנ אזא וועלט (פּ. מאר־קיש, „קופּע”). די שטימונגענ פונ טרויער אונ אָנ-אויסוועג שטארקנ זיכ אינ די ערשטע יאָרנ „נעפּ” (1922—1923), דריקנ זיכ אויס אינ א ריי זאכנ, וואָס זייַנענ געווענ געדרוקט אינעמ זשורנאל „שטראָמ” (מאָסקווע 1922—1924) אונ דאָס שטאמט דערפונ, וואָס א טייל סאָוועטישע שרייַבער, ייִדישע ווי ניט־ייִדישע, פארשטייענ ניט דעמ עמעסנ זינ פונ דער אזויגערופענער „נייַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק”. זיי דוכט זיכ, אז דאָס באטייַט דאָס אומקערנ זיכ פונ בורזשוא, פונ זאטנ אופגעקומע־נעמ ספּעקוליאנט, פונעמ נעפּמאנ, פונעמ נוווואָ־ריש, ווי מע האָט נאָכ דער מילכאָמע גערופנ אזוינע פארשווינענ אינ אויסלאנד. איינער פונ די טאלאנטפולסטע ראדיקאלע דיכטער פונ מאיאקאָווסקיס ריכטונג אסייעוו שרייַבט אינ יענע יאָרנ:

— ווי קאָנ איכ אינ דיר גלויבנ, אז דייַנ צייַט איז ניט מיט רויטנ, נאָר מיט געלנ געפארבט?

אָבער זייער גיכ איז פאר אלעמענ אינ לאנד, ווי פאר פילע ווייַט איבער די גרענעצנ פונ אונדזער פארבאנד, געוואָרנ קלאָר, אז נעפּ באטייַט ניט קיינ זיג פונעמ נעפּמאנ, נאָר די אופשטע־לונג פונ דער שטאָטישער אונ דאָרפישער ווירטשאפט, וואָס איז געוואָרנ רויִנירט פאר זיבנ יאָר אימפּעריאליסטישע מילכאָמע, אינטערווענציעס, פּאָגראָמענ, בירגערקריג. אינ ייִדישנ לעבנ־פראט בא־טייַט דאָס — דער אָנהייב פונ סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע פונ די ייִדישע מאסנ.

אינ א נייַער שייַנ דערזעט איצט די ליטעראטור דעמ בירגערקריג, דעמ שוידער פונ די פּאָ־גראָמענ. די מאָטיוונ פונ נאציאָנאלנ טרויער פארשווינדנ. זיי ווערנ ארויסגעשטויסנ דורכ סאָציאלער פרייד.



ש. גאָדינער

## 3

נאטירלעך, דערשפירן און דריקן עס אויס די ערשטע יענע דיכטער, וואָס זײַנען פון זייערע ערשטע טריט געווען דערצויגן דורך דער פארטיי, וואָס האָבן אומיטלבאר אָנטיילגענומען אין בירגערקריג, וואָס זײַנען ענגער געווען פארבונדן מיט די האָרעפּאשנע מאסן, ווי פעפער, כאריק. זייער קומען איז א נײַ בלעטל אין דער געשיכטע פון דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג.

זיי קומען מיטן פּאָשעטן, געזונטן וואָרט. זייער טעמע איז טיף אײַנגעוואָרצלט אינעם רעוואָליוציאָנערן לעבן. דער בירגערקריג, דער קאָנקרעטער, טאָגטעגלעכער קאמף קעגן קלאסן-פײַנט און קעגן דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג, די בויונג, דער נײַער מענטש דער בויער — אָט די אלע גרונט-פּראָבלעמען און גרונט-פּראָצעסן אף פארשיידענע עטאפּן פון דער רעוואָליוציע דרינגען דורך זייער שאפן. מיר טרעפן עס בא פעפערן אין זײַן בוך „וועגן זיך און אזוינע ווי איך“, אין זײַנע פּאָעמעס, וואָס זײַנען געווידמעט אזוינע צוויי וויכטיקע אָביעקטן פון אונדזער בויונג, ווי דעם דניעפּערבוי און דער קוילן-אינדוסטריע („פלאסטן“), אין זײַנע ביכער לידער אף די פארשיידנארטיקסטע טעמעס פון אונדזער סאָציאַל-פּאָליטישן,ווירטשאפטלעכן, קולטורעלן לעבן, גענומען אין פארבינדונג מיט די אקטועלסטע פּראָבלעמעס פון דער טאָגטעגלעכקײַט אף פארשיידנסטע עטאפּן פון דער רעוואָליוציע. דאָס זעלבע געפינען מיר אין כאריקס ווערק, אָנגעהויבן פון זײַנע פּאָעמעס „מינסקער בלאָטעס“, „ברויט“, „מיט לײַב און לעבן“ ביז זײַן לעצטער גרויסער פּאָעמע „קײַלעכדיקע וואָכן“.

אָט די אומגעהייערע פארשיידנארטיקײַט פון מאָטיוון און טעמעס, די רײַכקײַט פון לעבנפארבן, דער אומגעהייערער אופשטײַג פון סאָציאַליסטישער בויונג ברענגט צו דער פאָרמען-רײַכקײַט פון דער גאנצער ליטעראטור. בײַם אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע איז געוואקסן בלויז



מ. ליטוואקאָוו

די דיכטונג, און אינ דער דיכטונג — דעריקער די קליינע ליד, וואקסט אויס פאר די יאָרנ פונ נעפ א פארשיידנארטיקע און רײַכע פּראָזע, אינ דער פּאָעזיע פארנעמט דאָס ערשטע אָרט די פּאָעמע, וואָס גיט ברייטע פּראָצעסנ. ס'קומט אופ א דראמאטורגיע.

מיר קאָנענ זיכ ניט געניי אָפּשטעלנ אפ די פארשיידענע עטאפּנ אינ דער אנטוויקלונג פונ אונדזער ליטעראטור און אוואדע שוינ ניט אפ דער אנטוויקלונג פונ יעדנ שרײַבער באזונדער פאר די יאָרנ פונ דער רעוואָליוציע. מיר זײַנענ געצוווּנגענ אינ דער איבערזיכט בלויז דערמאָנענ הויפּטפאקטנ, וועלכע באווײַזנ, וואָס עס באטײַטנ די ראטנ־באדינגונגענ פארנ ווּקס פונ דער קולטור ביכלאָכ, פאר דער ייִדישער קולטור ביפראט.

אינ די שווערסטע יאָרנ פונ בירגערקריג איז א גרופּע טאלאנטפולע ייִדישע שרײַבער און דיכטער אוועקגעפאָרנ קיינ אויסלאנד. ס'איז זייער באלערנדיק צו פארגלײַכנ, אפ וואָס זײַנענ אויעק בא זיי די יאָרנ פונ זייער פיזישער און גײַסטיקער אָפּגעריסנקײַט פונ ראטנפארבאנד מיט זייערע שעפערישע רעוולטאטנ פאר די יאָרנ, וואָס זיי ארבעטנ דאָ.

מארקיש האָט די פינפ — זעקס יאָר אינ אויסלאנד געפּאטערט אפ א פּאָר צענדליק ארטיקלענ אינ די „ליטעראַרישע בלעטער“.

פאר די יאָרנ אינ ראטנפארבאנד איז ער אויסגעוואָקסנ אינ איינער פונ די באדײַטנדיקסטע קינסטלערישע פיגורנ פונ אונדזער ליטעראטור. זײַנ מאָנומענטאלע פּאָעמע „ברידער“, וואָס איז א זעלטענער דענקמאָל פונ בירגערקריג, זײַנ פּאָעמע „ניט געדײַגעט“, וואָס גיט דעמ סאָציאַליסטישנ לאנדווירטשאפטלעכנ ווידערגעבורט פונעמ ייִדישנ האָרעפּאשניק נאָכ דער מילכאָמע און פּאָגראָם־קאטאסטראָפע, צוזאמענ מיט דער דריטער פּאָעמע, וואָס ער האלט איצט באמ פארענדיקנ און וווּ ער גיט דעמ סאָציאַליסטישנ אינדוסטריעלנ איבערגעבורט פונ די ייִדישע מאסנ — שאפנ א טרילאָגיע, וואָס געהערט צו די באדײַטנדיקע ווערק אינ דער ייִדישער ליטעראטור.



א. קושניראָוו

ער האָט פאַר די יאָרן אָנגעשריבן צוויי גרויסע בעלעטריסטישע ווערק „דאָר אויס דאָר איין" און „נייטען בעקערס צוריקער", א באַנד דראמעס, וואָס אייניקע פון זיי זײַנען געגאנגען מיט דערפאָלג סײַ אין די ייִדישע מעלוכע־טעאטערס סײַ אין די מאָסקווער רוסישע טעאטערס. ער האָט ניט לאַנג פאַרענדיקט די גלענצנדיקע פאָעמע „דעם באַלעגופס טויט", צפגערעדט שוין פון א גרויסער צאָל לידער, וואָס ער דרוקט סיסטעמאַטיש אין אונדזערע פעריאָדישע אויסגאַבעס און אין באַזונדערע בענדער.

דאָס זעלבע דאָוויד בערגעלסאָן. ער האָט געלעבט עטלעכע יאָר אין אויסלאַנד, אידייִש פרעמד דער ראטנמאַכט. און דאָס זײַנען געווען יאָרן — שעפעריש פּאַשעט נישטיקע, ווײַל דאָוויד בערגעלסאָן אין שרײַבערײַען פאַרן „פאָרווערטס" — הייסט דאָך בעפיירעש פאַרווענדן א דימענטענעם שלײַפשטיין אַפּ שנײַדן שטרוי פאַר קי.

ד. בערגעלסאָן האָט זיך געראַטעוועט פון דער יענטע־טעלעבענדע־געפאַר, ווען ער האָט זיך געשטעלט „אין שפּאַן" פון אָקטיאַבער, ווי ער האָט אָנגערופן זײַן זשורנאַל, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין בערלין אין 1926. און דאָס איז געוואָרן אַן אָנהייב פון זײַן זעלטענער שעפערישער אופלעבונג — לעגאַבע וועלכער דער פריִערדיקער גרויסער בערגעלסאָן ווערט קימאַט שוין בלויז א יוגנט־פעריִאָד. ער האָט געשאַפן פאַר די יאָרן א גרויסע צאָל נאָוועלן פון א הויכער מײַסטערשאַפט — דעם זייער ווערטפולן בירגערקריג־ראָמאַן „מידאַס האַדין", זײַנע צוויי דראַמעס, איבערגעאַרבעטע פון זײַן פּראָזע, „דער טויבער" און „מידאַס האַדין", וואָסביידע גייען מיט גרויס דערפאָלג אין די ייִדישע מעלוכע־טעאַטערס אין מאָסקווע, מינסק, כאַרקאָוו. „דער טויבער" האָט געגעבן שטאָף דעם פאָלק־אַרטיסט מיכאָעלס פאַר איינער פון זײַנע מאַמעש קלאַסישע ראָלן. בערגעלסאָן האָט באַזוכט בירעבידזשאַן — און אָנגעשריבן א בוך וועגן דער גרויסער בויונג, וואָס ווערט אַדאַנק דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט אַן אָנהייב פון א נײַעם בלאַט אין דער געשיכטע פון די ייִדישע מאַסן.

בערגעלסאָנס שאַפן פאַר די יאָרן ווערט געקרוינט דורך דעם ערשטן גרויסן באַנד „באַם



ש. האלקינ

דניעפּער״ — א ווערק מאמעש פונ א באלזאק־פארנעמ. די אסאָציִאַציִע איז דאָ ניט לויט דער צאָל זײַטנ און געפּלאַנטער צאָל בענדער — באלאָנימ צו איבעראשנ מיט צאָל בענדער אונ בויגנ איז פאר די יאָרנ געוועננ אינ דער ייִדישער ניט־סאָוועטישער ליטעראטור געננג. — ס'איז א באלזאק־ווערק לויט דער ברייטקײַט אונ טיפקײַט פונ סאָציִאַלנ פארנעמ, לויט דער פּסיכאָלאָגישער פארשארפטקײַט אונ קינסטלערישער פולקומקײַט.

שוינ נאָכ דעמ ערשטנ באנד קאָנ מענ זאָגנ מיט פולער זיכערקײַט, אז פּונקט, ווי ס'איז ניט דענקבאר דער שטודיומ פונ ייִדישנ לעבנ אינ מיט XIX יאָרהונדערט אָנ דער באקאנטשאפט מיט מענדעלעס ווערק, אקוראט אזוי וועט שוינ אפּ פארשטיינ די ייִדישע ווירקלעכקײַט פונ סאָפ XIX יאָרהונדערט זײַנ נייטיק דער ערשטער באנד בערגעלסאָנס „באמ דניעפּער״.

אונ נאָכ צוויי דיכטער האָבנ פארבראכט פּרוכפּלאָזע עטלעכע יאָר אינ אויסלאנד, אונ זייער צוריקקערנ אינ ראטנפארבאנד איז פאר ביידנ פארבונדנ מיט א גרויסנ שעפערישנ וווקס — דאָס זײַנענ: ל. קוויטקאָ אונ מ. קולבאק. — קוויטקאָ האָט זיכ פאר די יאָרנ אינ זײַנ „ריִאָגראנדער פעל״ אונ באזונדערס אינ זײַנ צוויי־בענדיקנ „ליאמ אונ פּעטריק״ ארויסגעוויזנ פאר א פּראָזאִיקער מיט גאָר באדײַטנדיקע מעגלעכקײַטנ. דאָס זעלבע אינ זײַנ גרויסער פּאָעמע „יוינע לייעס״ האָט ל. קוויטקאָ געשאפנ א ווערק, ווו ער האָט געגעבנ דעמ שעפערישנ אויסוועג פאר די ייִדישע מאסנ, וואָס ער האָט ניט געקאָנט באנעמענ אינ זײַנע פּאָגראָמ־ביכער, געשריבענע אינ אויסלאנד. צו א באזונדער קינסטלערישער הייכ איז ער די יאָרנ געקומענ אינ זײַנ שאפונג פאר קינדער.

אפ אנ אנדער אויפנ האָט זיכ פאר די יאָרנ קינסטלעריש אנטפּלעקט קולבאק, וואָס האָט אינ זײַנ ראָמאנ „די זעלמעניאנער״ געגעבנ אנ עפּאָפּיי פונ א ייִדישער האָרעפּאשנער פאמיליע אינ די יאָרנ פונ וועלט־קריג אונ רעוואָליוציע, אינ זײַנ פּאָעמע „טשיילד־האראָלד פונ דיסנע״ — סאטיריש אנטבלויזט די באגרענעצטקײַט פונעמ פּראָווינציעל־קאסריליעווקער בײַראָנ־גײַסט, וואָס איז קליינשטעטלדיק, יעשיווע־באָכעריש, בא זײַנ גאנצער בערלינ־דערפארונג אונ ניטשע־באלעזנקײַט.

אונ לעצטנס — נאָכ א בײַשפּיל פונ דעמ ארט, וואָס איז אויסערסט באלערנדיק. דאָס איז



י. נוסינאָוו

ניסטער. די סאָוועטישע קריטיק האָט אטאקירט זײַן סימבאָלישן מעטאָד, זײַן ניט-צוגענגלעכקײַט פארן ברייטן לעזער. נאָר די סאָוועטישע פארלאגן האָבן ארויסגעגעבן זײַנע קימאט געזאמלטע ווערק. — איצט ארבעט ניסטער איבער א ראָמאן פון די 60־ער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט. דער דאָזיקער ראָמאן איז געשריבן רעאליסטיש און וועט זיכער זײַן א באדײַטנדיקער צושטייער אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

ווי ס'איז צו זען פון געבראכטן מאטעריאל וועגן פעפער און כאריקס שאפונג און וועגן דער שאפונג פון בערגעלסאָן, מארקיש, קוויטקאָ, קולבאק, ניסטער — איז פאָרגעקומען פאר די יאָרן א צווייען-דיקער פראָצעס: — פון איין זײַט, זײַנען אויסגעוואקסן ביז צו אן אָנפירנדיקן קינסטלערישן באטײַט די פראָלעטארישע שרײַבער, פון דער צווייטער זײַט, זײַנען זיך אלץ אָרגאנישער צונויפגעוואקסן מיט דער רעוואָליוציע, מיט דער קאָמפּארטיי, די שרײַבער, וואָס זײַנען געקומען צו דער רעוואָליוציע פון פרעמדע סאָציִאלע שיכטן. דער אידייִשער איבערגעבורט פון אָט די שרײַבער האָט געבראכט צו זייער אומגעהייערן שעפערישן אופשטײַג.

אָט דער פראָצעס איז פאָרגעקומען אין דער גאנצער פארבאנדישער ליטעראטור און האָט געבראכט צום באוווּסטן באשלוס פון צק אלקפ(ב) פון 25-טן אפרעל 1932 וועגן ליקווידירן די באזונ־דערע אָרגאניזאציעס פון די פראָלעטארישע און ניט־פראָלעטארישע שרײַבער און שאפן אן איינ־הײַטלעכן פארבאנד פון סאָוועטישע שרײַבער, וואָס זײַנען גרייט דורך זייער שאפן אקטיוו אָנטייל-נעמען אין סאָציִאליסטישן בויען.

די ייִדישע ליטעראטור איז געקומען צום אלפארבאנדישן שרײַבער־צוזאמענפאָר מיט זייער א פרוכטבארן ראפּאָרט.

יעדער איינער פון אונדזערע שרײַבער האָט געהאט צו מעלדן, אז ער האָט פאר די יאָרן אופגעטאָן אן ארבעט, וואָס איז אן אקטיווער קינסטלערישער צושטײַער אין אונדזער סאָציִאליסטי־שער בויונג.



נ. לוריע

מיר װעלן דערמאָנען דאָ בלויז הויפּט־פאַקטן:

גאָדינער, װאָס האָט אָנגעהויבן פון א סעריע אנטי־אימפּעריאַליסטישע נאָװעלן און איז דערנאָך איבערגעגאנגען צו א גרויס פילבענדיק װערק „דער מענטש מיט דער ביקס" װעגן װעלט־מילכאָמע און בירגערקריג, האָט שוין באַװיזן ארויסלאָזן צװיי בענדער פון אָט דעם װערק. באַגלייַך דערמיט האָט ער פאַר די יאָרן פאַרװירקלעכט צוויי ביכער נאָװעלן װעגן אונדזער איצט. באַזונדערס האָט זיך אים קינסטלעריש אייַנגעגעבן זייַן בוך „מאָסקװער דרויסן". ער ארבעט גלייַכצייַטיק אַף א בוך „בירעבידזשאנער" (איניקע קאַפּיטלען זייַנען שוין פאַרעפנטלעכט) און אַף א ראָמאַן — א לעבן־באַשרייַבונג פון א יידישער ארבעטער־פרוי א רעװאָליוציאָנערן (דער אָנהייב פון אָט דעם ראָמאַן איז נעדרוקט אין די ערשטע צװיי אלמאַנאַכן פון די מאָסקװער יידישע שרייַבער — „סאָװעטיש").

א. קושניראָװ, איינער פון די באַדייַטנדיקסטע סאָװעטישע יידישע דיכטער, װעמעס דראַמאַטישע פּאָעמע „הירש לעקערט" איז גוט באַװוּסט דעם פּראָלעטארישן יידישן לייענער װייַט אריבער די גרענעצן פון אונדזער פאַרבאַנד, האָט איצט געגעבן א נייַע גלענצנדיקע דראַמאַטישע פּאָעמע „דער אורטייל קומט".

אויסערסט אינטערעסאַנטע ביכער װעגן װעלט־מילכאָמע און בירגערקריג האָט פאַרעפנטלעכט ש. ברעגמאַן. דאָס אומיטלבאַרע אָנטיילנעמען אין די געשעענישן פאַרגרעסערט פיל דעם באַטייַט פון זייַנע ביכער.

מ. דאַניעל האָט גלייַכצייַטיק מיט זייַנע ביכער װעגן בירגערקריג „באַם שװעל" און „יוליס", װעלכע ער האָט דראַמאַטיזירט און װאָס גייט שוין דאָס דריטע יאָר מיט גרויס דערפאָלג אין מאָסקװער, כאַרקאָװער און א ריי פּראָװינציעלע יידישע מעלוכע־טעאַטערס, פאַרעפנטלעכט א ריי נאָװעלן און פאַרענדיקט א דראַמע װעגן איצטיקן דייַטשלאַנד.

ליפּמאַן־לעװין, װעלכער האָט א ריי יאָרן געשװיגן אַלס שרייַבער, האָט איצט פאַר־



ל. קוויטקאָ

עפּנטלעכט צוויי בענדער פונעם ראָמאַן „דורעס דערוואַכטע“, וואָס איז געווידמעט די ערשטע יאָרן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין דער ייִדישער סוויווע.

די טעמע 1905 רעגט איצט אָ גאַנצע ריי ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. אַף דער טעמע שרײַבט אויך דער יונגער פּראָלעטאַרישער שרײַבער ראַבין, וועלכער האָט שוין צוריק מיט אייניקע יאָר פאַרעפנטלעכט אַ ראָמאַן וועגן דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, „שוועסטערקינדער“. אַף דער טעמע שרײַבט אויך מ. טײַטש, וועלכער האָט ביכלאַך פאַר די לעצטע יאָרן באַוויזן באַדײַטנ־דיקע שרײַבערישע אַקטיוויקײַט און פאַרעפנטלעכט אייניקע ביכער, געווידמעט דעם סאָוועטישן איצט. וועגן דאָס יאָר 1905 איז דערשינען אַ גרויסע פּאָעמע „זין און טעכטער“ פון ש. ראָסין, וועלכער איז ביכלאַך פאַר די לעצטע יאָרן דיכטעריש זייער אויסגעוואַקסן.

אַ צענטראַל אָרט אין דער שאַפונג פון די ייִדישע שרײַבער פאַרנעמען די טעמעס וועגן דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלעקטיוויזאַציע פון די ייִדישע מאַסן און וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדישע מאַסן אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

וועגן דעם איבערגאַנג פון די ייִדישע מאַסן צו ערדאַרבעט האָבן פאַר די יאָרן גע־שאַפן זייער באַדײַטנדיקע ווערק אַ ריי יונגע אויסערסט טאַלאַנטפולע פּראָלעטאַרישע שרײַ־בער. דאָ איז באַזונדערס צו פאַרצייכענען אַלבערטאָנס בוך „בירעבידזשאַנ“, נאָטע לוריעס „דער סטעפּ רופט“, עליע גאָרדאָנס „אינגול-באָיאַר“, ווײַנערמאַנס לידער און דעם יונגן ש. גאָרדאָנס נאָוועלן וועגן די קרימער קאָלאָניעס. אין אָט די ווערק איז גענומען געוואָרן מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע ראַיאָנען, פאַרשיידענע עטאַפּן פונעם באַהערשן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט און פון דער קאָלעקטיוויזאַציע.

דעם מאַטעריאַל האָבן באַאַרבעט מענטשן, וואָס זײַנען טיף אין אים אַרײַנגעוואַקסן (נ. לוריע, ע. גאָרדאָן, ווײַנערמאַן שטאַמען פון די קאָלאָניעס). ער איז דורכויס טאַ־לאַנטפול און מיט גרויס קינסטלערישער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט באַאַרבעט געוואָרן, אַזוי אַז ס׳האָבן



ד. האָפשטיין

זיך באַקומען אַ ריי ווערק פון אַ הויכער קינסטלערישער קוואַליטעט און גרויסן געזעלשאַפטלעכן באַטײַט.

ניט ווייניקער אַקטיוו איז דער אינטערעס פון דער ליטעראַטור צו דעם אָנטייל פון די ייִדישע מאַסן אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, — כוץ די דערמאָנטע ווערק פון פעפער („דניעפּערבוי", „פּלאַסטן"), פון מאַרקישן („ניימאַן בעקערס צוריקקער") איז דאָ באַזונדערס צו פאַרצייכענען אַלבערטאָנס ראָמאַן „שאַכטעס" און די פּאָעמע „שאַכטעס" פון דעם טאַלאַנטפולן יונגן דיכטער ב. אָלעוואָסקי — ביידע ווערק זײַנען געווידמעט דעם ערשטן אַרײַנקום פון דער ייִדישער אַרבעטער-יוגנט אין דער סאָציאַליסטישער קוילן-אינדוסטריע; צוויי ווערק פונעם קינסטלעריש אייגנאַרטיקן שרײַבער אָרלאַנד, ראַבינס ראָמאַן „בוזי דובין", און יודל יאָפעס ביכער, וואָס גיבן די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פון דער לײַכטער אינדוסטריע, ווו דער ייִדישער אַרבעטער איז פון לאַנג געווען פאַרנומען. דעם צוזאַמענפאָר האָבן ראַפּאָרטירט מיט ביכער לידער פיניבערג, האַלקין, כאַשטשעוואַצקי, אַקסעלראָד. יעדער פון זיי האָט דורכגעמאַכט זײַן באַזונדערן קינסטלערישן וועג, און יעדער פון זיי האָט זיך אויסגעפורעמט אין אַ קינסטלערישער פּערזענלעכקײַט פון ערשטן ראַנג.

פיניבערגס דיכטערישע געשטאַלט פון דזערזשינסקין אין דער צאַרישער טורמע איז אַ מערקווירדיקע דיכטערישע מאַניפעסטאַציע פון דער איינהײַט פון גרויסער קונסט מיט גרויסער סאָציאַלער אַקציע, ווי זײַן באַריוו צום פאַרשטאָרבענעם ייִדיש-אַמעריקאַנישן דיכטער מ. ל. האַלפּערין איז אַ זעלטענער אויסדרוק פון דיכטערישן וויטעק פאַר געפאַלענער קונסט. אַפ זײַן אויפן איז באַזונדערס פרוכטבאַר ש. האַלקינס וועג, וועלכער האָט אַמאָל, איבערפראַזירנדיק אַ ביבל-אויסדרוק, מיט פּאַטאַליסטישער האַכנאָעדיקײַט אָנגענומען, אַז זײַן פאָלק וועט „שטאַרבן מיט אַ קוש" אַפ די פעלדער פון דער רעוואָליוציע. און איצט איז ער געקומען צום פאַרשטיין, אַז ניט אונטערגיין, נאָר ווי נאָך קיינמאָל ניט וועט דאָ אַפ די סאָציאַליסטישע פעלדער זיך

צעבליִענ די קולטור פונ זײַנ פאָלק, ווי פונ אלע פעלקער, וואָס בויענ דעמ סאָציִאליסטישנ פארבאנד.

מיר האָבנ אָנגעמערקט כאראקטער-פאקטנ, אָבער אפילע ווײַט ניט אלע גרונט־פאקטנ אונ הויפּט-נעמענ, וואָס כאראקטעריזירנ אונדזער סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור.

ס'קומענ יערלעכ צו בוכשטעבלעכ צענדליקער נעמענ פונ יונגע בעלעטריסטנ, דיכטער, ווי קאמענעצקי, ליפשיצ, דימענט, טאלאלאיעווסקי, שטורמאנ, אונ פילע אנדערע. די קריטיק האָט קימאט ניט באלויכטנ דאָס שאפנ פונ דעמ יונג געשטאָרבענעמ ערקעס.

ס'וואקסט די ליטעראטור־פאָרשונג אונ די ליטעראטור-קריטיק.

די לעצטע צײַט זײַנענ דערשינענ נײַע ליטעראטור־פאָרשערישע אונ קריטישע ארבעטנ פונ די כאווײרימ מ. ווינער, א. גורשטיינ, מאקס עריק, י. בראָנשטיינ, י. דאָברושינ, נ. אויסלענדער. ס'האָבנ זיכ ארויסגערוקט א גרופּע יונגע קריטיקער אינ מאָסקווע — קליטעניק, וואָרטמאנ, א רײ אנדערע אינ מינסק אונ כארקאָוו.

מ. ווינער, י. דאָברושינ, נ. אויסלענדער זײַנענ טעטיק אויכ אינ דער שיינער ליטעראטור. מ. ווינער האָט אָפּגעדרוקט א היסטאָרישע נאָוועלע פונ א גרויסנ באטײַט — „קאָלעוו אשקענאזי", י. דאָברושינ איז ס'סטעמאטיש טעטיק אלס דראמאטורג, נ. אויסלענדער ארבעט איבער דער טעמע — בירגערקריג.

די וויכטיקסטע ווערק פונ אונדזערע שרײַבער ווערנ סיסטעמאטיש געדרוקט פריִער אינ די זשורנאלנ, וואָס צעגייענ זיכ אינ באדײַטנדיקע טיראזשנ. דער גרויסער אופבלי פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור איז א סאכאקל פונ דעמ גאנצנ אומגעהייערנ וווקס פונ אונדזער פארבאנד. די סאָציִאל-עקאָנאָמישע, ווירטשאפטלעכע רעוואָליוציע איז ענג פארבונדנ מיט דער קולטור-רעוואָליוציע. אונ דערומ טאקע זײַנענ די פּראָצעסנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אזוי ענג פארבונדנ מיט די אלגעמיינע פּראָצעסנ אינ לאנד אונ מיט דעמ גאנצנ סאָוועטישנ ליטעראטור־לעבנ. אונ אינ דעמ, מעגלעכ, דריקט זיכ באזונדערס בוילעט אויס דער אונטערשייד צווישנ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור אונ דער ייִדישער ליטעראטור אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער.

די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור איז אנ אייגנארטיקע, א נאציִאָנאלע לויט איר פאָרמ, אונ א סאָציִאליסטישע, אנ אינטערנאציִאָנאליסטישע לויט איר אינהאלט.

בא איר נאציִאָנאלער פאָרמ, איז די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור אינטערנאציִאָנאל לויט דעמ גײַסט פונ סאָלידאריטעט פונ די ארבעטנדיקע, וואָס זייער געמיינזאמער ציל איז אלמענטשלעכע סאָציִאליסטישע באפרײַונג.

אָבער אויכ טעמאטיש איז אונדזער ליטעראטור אנ אינטערנאציִאָנאליסטישע, ווײַל ס'איז אײגנטלעכ אומעגלעכ אָנשרײַבנ רעאליסטיש־וואָרהאפטיק א ווערק פונ וועלכנ-ניט-איז געביט פונ סאָוועטישנ ייִדישנ לעבנ, וואָס זאָל זײַנ געבויט בלויז אפ ייִדישנ מענטשנ-מאטעריאל. אָפּגערעדט פונ דער אלגעמיינער בויונג, נאָר אפילע אינ אזא ספּעציעל ייִדישער ארבעט, ווי די געזערד־ארבעט, איז אזוי ענג פארבונדנ די זאָרג פונ די ניט־ייִדישע ארבעטנדיקע, פונ אלע אלגעמיינע מעלוכישע אונ פּארטייִשע אָרגאנענ פאר דעמ דערפאָלג פונ דער ארבעט, אז ס'איז ניט מעגלעכ אפילע אפ דער טעמע שרײַבנ א ווערק, וואָס זאָל זיכ באזירנ בלויז אפ ייִדישנ מענטשנ־מאטעריאל.

דער אינטערנאציִאָנאליסטישער טאָכ פונ אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור איז פארבונדנ מיט איר סאָציִאליסטישער אָנגעווענדטקײַט. ס'איז א ליטעראטור, וואָס וואקסט פונ דעמ גאנצנ סאָציִאליסטישנ וועזנ פונ אונדזער לאנד אונ איז געווענדט צומ דערפאָלג פונ סאָציִאליזמ.

דערמיט איז פארבונדנ דער הויפּט־מעטאָד פונ דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור אונ אינ דעמ קלאל אויכ פונ דער ייִדישער ליטעראטור — דער מעטאָד פונ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ.

דעמ לאָזונג פונ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ האָט דער ליטעראטור געגעבנ דער פירער פונ אינטערנאציִאָנאלנ פּראָלעטאריִאט כ' סטאלינ. דער לאָזונג באטײַט — א ליטעראטור, וואָס גיט א וואָרהאפטיק, דורכויס אָביעקטיוו בילד פונ לעבנ, פונ דערווירקלעכקײַט, — ווײַל שאפנ ווערק, וואָס גיבנ אנ אָביעקטיוו־רעאליסטיש בילד פונ דער ווירקלעכקײַט באטײַט בעמיילע שאפנ ווערק, וואָס דינענ דעמ

סאָציאַליזם — ווײַל בלויז דער ארבעטער־קלאס איז אימשטאנד אָביעקטיוו ווארהאפטיק אויסדריקן די ווירקלעכקייט.

מיט דעם גאנצן אינטערנאציאָנאלן סאָציאַליסטישן כאראקטער פון אונדזער ליטעראטור איז פארבונדן דאָס, וואָס דאָס גאנצע ייִדישע ליטעראטור־וועזן איז אן איניען, מיט וועלכן ס'זײַנען באשעפטיקט ניט בלויז די ייִדישע שרײַבער און קריטיקער, נאָר די גאנצע סאָוועטישע ליטעראטור.

נאָך פארן אלפארבאנדישן שרײַבער־צוזאמענפאָר האָט דער אָרגקאָמיטעט פון שרײַבער־פארבאנד אָרגאניזירט קאָמיסיעס אפ שטודירן די ליטעראטור פון די פעלקער פון אונדזער פארבאנד. אין דער שפיץ פון דער קאָמיסיע פאר דער אוקראַיִנישער ליטעראטור איז געשטאנען דער אָנפירער פון קולט-פראָפּאָפּטייל פון צק פון דער קאָמוניסטישער פארטיי ח' סטעצקי, אין שפיץ פון דער ווײַסרוסישער קאָמיסיע — איינער פון די אלטע רוסישע פראָלעטארישע שרײַבער ח' באכמעטיעוו. אין דער קאָמיסיע איז ארײַן באגלײַך מיט א ריי אָנגעזעענע רוסישע שרײַבער, אויך פערעץ מארקיש. אין דער שפיץ פון דער קאָמיסיע פאר דער ייִדישער ליטעראטור איז געשטעלט געוואָרן איינער פון די סאמע טאלאנטפולסטע רוסישע שרײַבער ח' פאדייעוו. דאָס איז בלויז איינער פון די אויסדרוקן פון דער אומיטלבארער זאָרג פון דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור פאר דער ליטעראטור פון יעדן פון די פעלקער פון אונדזער פארבאנד, דערונטער אויך פאר דער ייִדישער ליטעראטור. די אלגעמיינע אָנפירונג פון דער ליטעראטור זאָרגט דערפאר, ס'זאָלן איבערגעזעצט ווערן אפ די פארשיידענע שפראכן פון פארבאנד די ווערק פון די שרײַבער פון אנדערע פעלקער. אזוי זײַנען שוין איבערגעזעצט אין רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש די וויכטיקסטע ווערק פון דער ייִדישער ליטעראטור. ס'זײַנען איבערגעזעצט בערגעלסאָן, מארקיש, פעפער, כאריק, האָפשטיין, קוויטקאָ, ניסטער, גאָדינער, דאַניִעל, ראבין, גילדין, פינינבערג, קושניראָוו, נ. לוריע, ע. גאָרדאָן, ברעגמאן, קיפּניס, ד. וואָלקנשטיין, אָרלאנד, מ. טײַטש, ש. פערסאָוו, י. יאָפע, סיטאָ און פילע אנדערע. דער פארלאג „אקאדעמיע" גרייט פראכטפולע אויסגאבעס אויסגעוויילטע ווערק פון די קלאסיקער מענדעלע, פערעץ, שאָלעם-אלייכעם.

אין דער „ליטערארישער ענציקלאָפּעדיע", וואָס עס גיט ארויס דער אינסטיטוט פאר ליטעראטור און קונסט בא דער קאָמאקאדעמיע, ווי אויך אין דער גרויסער און קליינער סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיעס ווערט דער ייִדישער ליטעראטור אָפּגעגעבן זייער פיל פלאץ. צומבײַשפּיל, וועגן מענדעלע איז אין 7־טן באנד „ליטערארישע ענציקלאָפּעדיע" פארעפנטלעכט אן ארטיקל, וואָס פארנעמט ניט ווייניקער ווי די ארטיקלען וועגן די קלאסיקער פון דער וועלט־ליטעראטור. דער ארטיקל איז אילוסטרירט מיט בילדער פון „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי" אין מיכאָעלס און זוסקינס אופירונג.

אָט דעם אלגעמיינעם אינטערעס, די אלגעמיינע זאָרג פאר דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור איז באזונדערס געווען צו זען אפ דער אלפארבאנדישער באראטונג פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע פאר דעם אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער און וואָס האָט דעמאָנסטרירט פארן גאנצן פארבאנד און פאר דער גאנצער וועלט דעם גרויסן דורכגעמאכטן וועג, די גרויסע דערגרייכונגען, וואָס עס האָט איצט די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור.

ס. מיכאָעלס

(פאָלק-ארטיסט פון דער רעפובליק)

י. דאָברושין

# יידישע טעאטער-קולטור אין ראטנפארבאנד



ין 1919 האָט זיך צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג פון א ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, און דער דאָזיקער ערשטער אין דער געשיכטע ייִדישער מעלוכע־טעאַטער איז געגרינדעט געוואָרן אין דער רעוואָליוציאָנערער שטאָט מאָסקווע.[1] ייִדישע טעאַטראַלע שוישפּילערייַ עקזיסטירט שוין פון גאָר לאַנג,—פון XVII און אפילע XVI יאָרהונדערט. דעם ערשטן אָרגאַניזירטן שטענדיקן ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל האָט געגרינדעט גאָלדפאַדן אין יאָר 1876, אָבער א ייִדישער טעאַטער, וואָס געהערט דער מעלוכע, א טעאַטראַלער קאָלעקטיוו, וואָס די מעלוכע האָט גענומען אַף איר פולן אויסהאַלט און פולשטענדיקער מעלוכישער פאַראַנטוואָרטלעכקייַט איז צום ערשטן מאָל געגרינדעט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד, אין דעם פּראָלעטאַרישן לאַנד, וואָס האָט לעניניש געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע, געגעבן א פולע מעגלעכקייַט צו אַנטוויקלען די קולטורן פון אַלע פעלקער, קולטורן סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט און נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם.

דאָס אַליין, וואָס דער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער האָט זיך געעפנט מיט אַן אָוונט פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, האָט באַטייַט, אַז דער טעאַטער איז געקומען גלייַך פון אָנהייב באַהעפטנזיך מיט די איקערדיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס די ראַטנמאַכט האָט דאָ אוועקגעשטעלט בענעגייע צו דער ייִדישער באַפעלקערונג, די פּראָבלעמען פון איבערבוי, פון פאַרוואַנדלען דעם שאָ־

[1] בעערעך אין דער זעלביקער צייַט איז אויך אין ווילנע, ווו עס איז דענסטמאָל א קורצע צייַט געווען די ראַטנמאַכט, אָרגאַניזירט געוואָרן א ייִדישער מעלוכע־טעאַטער.

ר ע ד.



ס. מ י כ אָ ע ל ס — פאָלק־ארטיסט פונ דער רעפובליק. קינסטלערישער אָנפירער פונ מאָסקווער מעלוכישנ ייִדישנ טעאטער

לעם־אלייכעמישנ הויפט-טיפאוש, דעמ דעקלאסירטנ לופטמענטש אונ דעמ פאראָרעמטנ האָרעפאשניק אינ געזונטע פראָדוקטיווע ארבעטער, אינ גלײַכבארעכטיקטע בויער פונ דעמ פראָלעטארישנ לאנד, וואָס האָט אָקאָרשט אראָפגעוואָרפנ דעמ יאָכ פונ קאפיטאליסט אונ אייגנטימער אונ גענומענ זיכ מיט בויערישנ טאט אונ קולטורעלנ אופשטײַג פארפעסטיקנ דעמ זיג פונעמ גרויסנ אָקטיאבער.

אונ ס'איז דערבײַ אינטערעסאנט צו באצייכענענ, אז גראָד שאָלעמ-אלייכעמ, דער אווטער פונ דעמ בעסטנ ליטערארישנ מאטעריאל פאר די אויסגעצייכנטע אופירונגענ פונ דעמ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער, שאָלעמ-אלייכעמ האָט ניט געגאָלטנ אלס דראמאטורג פאר דעמ אלטנ פראָקטיאבערישנ ייִדישנ פראָפעסיִאָנעלנ טעאטער. דער אלטער ייִדישער טעאטער, וואָס האָט זיכ געוואקלט צווישנ דעמ שונד-סטיל, צוגעפאסט פארנ קלײנבירגערלעכ-האמוינישנ געשמאק, אונ די באלעבאטישמאָראלישע אונ פאריינפאכטע גאָרדינ־אופירונגענ, איז בא דעמ מאנגל פונ דער געהעריקער טעאטער-קולטור ניט געווענ אימשטאנד צו נעמענ זיכ פאר די קלאסיקער פונ דער ייִדישער ליטעראטור, ער איז ניט בעקויעכ געווענ אופהייבנ די פראָבלעמאטיק פונ מענדעלע, פערעצ אונ שאָלעמ-אלייכעמ, אופירנ אָדער טעאטראליזירנ זייערע ווערק, וואָס האָבנ אָפגעשפיגלט פארטיפערטנ סאָציִאלנ לעבנ, אויספאָרמירונג פונ שיכטנ אונ קלאסנ אינ דער ייִדישער געשיכטע פונ XIX אונ פונ אָנהייב XX יאָרהונדערט.

די ייִדישע קלאסיק האָבנ געשטעלט אונ אינסצענירט ערשט די סאָוועטישע ייִדישע טעאטערס, באוואָפנטע מיטנ רעוואָליוציִאָנערנ וועלט־באנעמ, ארומגערינגלטע מיט די בעסטע קונסט־קרעפטנ, וואָס



מ. ראפאלסקי — פאָלק־ארטיסט פון דער רעפובליק, קינסטלערישער אָנפירער פון ווײַסרוסלענדישן מעלוכישן ייִדישן טעאטער

זיי האָבן געקאָנט אויסבילדן און צוציִען צו זייער ארבעט אדאנק דער הילפ און אָנפירונג פון די געהעריקע אָרגאנען פון דער ראטן־מעלוכע.

אקסנפעלד, מענדעלע, גאָלדפאדן, פערעץ, שאָלעם־אלייכעם — פון דער עלטערער און אונטער ייִדישער ליטעראטור, לאָפע דע וועגא, בען־דזשאנסאָן, שעקספיר, מאָליער — פון דער אייראָפּייִשער קלאסישער דראמאטורגיע, — די אלע מײַסטערישע ווערק האָבן אפ דער ייִדישער סאָוועטישער בינע דורכגעקלונגען אייגנארטיק נײַ און פולווערטיק. אינ אָרדענונג פון קולטור־ירושע האָבן די אלע שאפונגען געפונען זייער אָפּשאצונג און איבערשאצונג בא די נײַ צוגעקומענע און אויסגעוואקסענע קונסט־טוער — רעזשי־מײַסטער, אקטיאָרן, מאָלער, מוזיקער, וואָס האָבן די דאָזיקע ווערק אופגעפירט און טעאטראל אויסגעפורעמט. דער ייִדישער סאָוועטישער טעאטער האָט דאָך באדארפט אויסשמידן זײַנע אייגענע טעאטראלע קונסט־קאדרען, ער האָט פאר אלעם געמוזט אויסבילדן אן אייגענעם, א נײַעם, א נאָכאָקטיאבערישן אקטיאָרן־דאָר, וואָס זאָל האָבן א שול, א מעטאָד און קאָנען באוווסטזיניק אויסטײַטשן די סצענישע געשטאלטן, איבערגעבן דעם אידייען־אינהאלט פונעם אופגעפירטן ווערק, ווײַל נאָר דאן איז מעגלעך די געהעריקע און נייטיקע סאָציִאלע און קינסטלערישע אופווירקונג אפן ארבעטער־צושויער, וואָס קומט אינ סאָוועטישן טעאטער לערנען די קונסט־שאפונגען, וועלכע דארפן אים העלפן פארברייטערן און פארטיפערן זײַנע באציִונגען צו דעם סצעניש־באוויזענעם לעבן, וואָס ער איז בארופן צו ענדערן און איבערבויען.

דעם אויסגעשפראָכנסטן סטיל און מעטאָד, א ספעציִעלע, אן אייגענע טעאטראלע שול האָט פאר זײַנע פאָרשטעלונגען אויסגעארבעט דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאטער, וואָס האָט אינ



א סצענע פון שאָלעם־אַלייכעמס „200 000״ אינ מאָסקווער מעלוכישנ ייִדישנ טעאַטער

איקער באהעפט די נאציאָנאַלע פאָרמ מיט די גרויסע ארומיקע דערגרייכונגענ פונ דער רעוואָליוציאָנערער אַלגעמיינער טעאַטער־קולטור. אויסניצנדיק אפנ מאַקסימאַלסטנ אונ סינטעטישנ אויפנ די פלאַסטיק פונ באוועגונג, די מאָלערײַ אונ מוזיק, ארײַנפירנדיק די אלע קונסט־צווײַגנ, ניט בלויז ווי א באגלייט־עלעמענט, נאָר דעריקער ווי א סצענישנ קאָמפאָזיט, וואָס דרינגט ארײַנ אינ דער אקטיאָרנ-שפּיל, אינ דער צייכענונג פונעמ סצענישנ כאראקטער אונ איבערלעבונג אפילע, — האָט דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער אויסגעפונענ דעמ שטרענגנ ריטמ אונ טאַקט, די מאָס פונ צײַט, וואָס שטאַמט פונ דער מוזיק אונ די אויסגערעכנטקײַט פונ רוימ, וואָס איז א פרינציפּ פונ דער מאָלערײַ. דאָס דאָזיקע ברענגט צו דער פארביקער אונ אויסדרוקפולער מיזאַנסצענירונג פונ יעדער פאָרשטעלונג, צו די לעבעדיקע בילדער, וואָס ווערנ בא יעדער קער פונ דער האַנדלונג באשאפנ אפ דער בינע דורכ אקטיאָרישע גרופּעס אונ מאסנ אָדער אפילע דורכ דעמ רוימלעכנ קערפּער־שפּיל אונ פלאַסטישער האַלטונג פונ דעמ איינצעלנעמ אקטיאָר אפ דער בינע.

די דאָזיקע שוישפּילערישע מיזאַנסצענירטע בילדערישקײַט איז, זעלבסטפארשטענדלעכ, ניט קיינ שפּיל פאר זיכ, זי איז דיקטירט אונ אָרגאַניש פארבונדנ מיטנ זינ אונ אינהאַלט פונ דעמ דראַמאטורגישנ ווערק, זי אנטפּלעקט אונ טײַטשט אויס דאָס ארויסגעזאָגטע וואָרט, די רעפּליק, זי ווערט א רוימלעכע אָנשוילעכע פאָרזעצונג פונ דער האַנדלונג אונ דערטראָגט צומ אויג אפנ אינטענסיווסטנ אײַנדרוקפולסטנ אויפנ דאָס, וואָס דאָס וואָרט אונ רעפּליק דערטראָגט צומ אויער.

די שטענדיקע זודיקע פארפולטקײַט פונ די סצענישע פלאַכנ, וואָס איז מעגלעכ בא אזוינע שפּיל־אויפאנימ, אינ די מאסנ-סצענעס ביפראט, האָבנ געהאָלפנ דעמ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער אינ זײַנע פאָרשטעלונגענ פונ גאָלדפאדנ אונ שאָלעמ־אלייכעמ ארויסברענגענ די אויפגעוואַכטע פרייד פונ מאסנ, דעמ פארביק־צעגאָסענעמ אויפברויז פונ דעמ מאסנ-שיכט, וואָס האָט זיכ געריסנ צומ לעבנ אונ איז ארויס אפ דער פרײַער וועלט, א באפרײַטער דורכ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. אונ די גרעסטע אָנלאָדונג פונ ארויסברענגענ דאָס אלץ פאלט דאָכ אפ דעמ אקטיאָרנ־אנסאמבל, ביפראט אפ די, וואָס שפּילנ די גרעסערע פאראנטוואָרטלעכע ראָלנ. בא דעמ אויפנ פונ



ב. זוסקין — פארדינסטפולער ארטיסט פון דער רעפובליק

שפּילן דארפן זיי דאָך זייער אינדיווידועלע און אינדיווידואַליזירטע שפּיל אָרגאַניש פאַרבינדן מיט דער גאַנצער אַקטיאָרישער כאָר־באַגלייטונג, זיי דאַרפן באַווײַזן דעם טיפּ, זײַן אייגענעם פּסיכאָ-אידייִשן וועזן, זיי דאַרפן אויסשפּילן סאָציאַלן כאַראַקטער, ניט צעשטערנדיק די ריטמישע און רוימלעכע איינהײַטלעכקײַט פון דעם קאָלעקטיוו אינגאַנצן גענומען, וואָס פאַרמאָגט פון פאָרפריִער פעסטגעשטעלטע טעאַטראַלע אַרײַנגאַנגען און אַרויסגאַנגען, ווי אויך פון פאָרפריִער פעסטגעשטעלטע אָרט און צײַט פאַר דער באַוועגונג פון יעדן באַזונדער און פון אַלעמען אינאיינעם.

דער מעטאָד, דער סטיל און די גרויסע קולטור־געשולטקײַט פון דעם אַקטיאָרישן אַנסאַמבל, די גרויסע באַגאַבטקײַט פון די פירנדיקע שוישפּילער האָבן בײַ דער רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגישער אָנגעשטרענגטקײַט געבראַכט דעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע-טעאַטער צו זײַנע גרויסע זיגן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט דעם דאָזיקן טעאַטער אין דער ערשטער רײַ צווישן די בעסטע פירנדיקע טעאַטערס פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

„די קישעפמאַכערין“, „200 000“, „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק“, „דער צענטער גערבאָט“, „ביניאָמין דער דריטער“, „לופטמענטש“, די אַלע גרויסע פאָרשטעלונגען פון דער איבערגעאַרבעטער ייִדישער קלאַסיק, איינע נאָך איינע, האָבן אַרויפגעבראַכט אויף דער בינע פון מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער דעם פאַראַלגעמיינערטן טיפּאַזש, אין וועלכן עס שפּיגלען זיך אָפּ די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן פון די פאַרגאַנגענע דוירעס. די אויפגעשטעלטע טעאַטראַלע פיגורן, סײַ די פּאָזיטיווע סײַ די נעגאַטיווע, לעבן שוין אין באַוווּסטזײַן, ווי סצענישע פאַרקערפּערונגען, זיי זײַנען אַריבער פון דער ליטעראַטור אין טעאַטראַל־קערפּערדיקן לעבן, אַריבער באַרײַכערטע און באַהעפטע מיט נײַער סאָוועטיש־טעאַטראַלער אויפפאַסונג און אָפּשאַצונג.

גאָלדפאַדנס קאָמעדיאַנטיש־מײַסעדיקע געשטאַלטן, מענדעלעס אויסגעהונגערט־טרוימערישע גליקזוכער און שאָלעם־אַליינעמס פאַרדולט-פליִענדיקע לופט־מענטשן, זײַנע לעבנסלוסטיקע אַמכאָ־לײַט און די גווירישע־אויפגעבלאָזענע פאַרשוינען — אָט די גאָר רײַכע גאַלעריי פון טיפּן און געשטאַלטן האָט דאָך דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער געוויס אַ קער געטאָן מיטן פּאָנעם צו זייער

סאָציִאַלער אָפּשטאמונג, דערמיט גופע אַרײַנגעבראַכט זיי אינ קאָנ פונ דער סאָוועטישער פּראָבלעמענ־וועלט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט באַלײַכטנ די סאָציִאַלע פאַרגאַנגענהײַט, ביכדיי צו וויסנ ווי צו בויענ די קעגנוואַרט, ביכדיי צו וויסנ ווי צו אויסוואָרצלענ אינ באַוווּסטזײַנ די רעשטלעכ פונ דעמ, וואָס ס'דאַרפ אויסגעוואָרצלט ווערנ אונ צו איבערבויענ אונ באַרײַכערנ דאָס לעבנ פונ די אַלע, וואָס זייער לעבנס־ליניע איז פאַרבונדנ מיטנ וווּקס אונ אופשטײַג פונ דער סאָציִאַליסטישער ווירקלעכקײַט.

אונ נאָכ דעמ, נאָכ דער יִדישער קלאַסישער ליטעראַטור, איז דער מאָסקווער יִדישער מעלוכע־טעאַטער דורכגעגאַנגענ א היפּשנ אונ וויכטיקסטנ וועג צוזאַמענ מיט דער נײַער יִדישער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע, וועלכע ער האָט אינ א געווּיסער מאָס אַרויסגערופנ צומ לעבנ סײַ מיט אופפירונג סײַ מיט מיטשאַפונג. דער מאָסקווער יִדישער מעלוכע־טעאַטער האָט אופגעפירט א ריי סאָוועטישע פּיעסנ אונ אופגעשטעלט א ריי פיגורנ פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט מיט אַזוינע דראַמאַטורגישע ווערק, ווי בערגעלסאָנס „דער טויבער“ אונ „מידאַס האַדינ“, דאַניִעלס „יוליס“, מאַרקישעס „ניט געדײַגעט“, דאָברושינס „דער געריכט גייט“ אונ אָרלאַנדס „הערבעליעס“, אינ די אַלע ווערק האָט דער טעאַטער אָפּגעשפּיגלט דעמ בירגערקריג אונ אויכ די פּראָצעסנ פונ סאָציִאַליסטישנ איבערבוי אונ אופבוי אינ דאָרפ אונ אינ שטאָט. דער קאָנקרעטער קעמפערישער אונ בויענדיקער אינהאַלט פונ די סאָוועטישע פּיעסנ האָט געווירקט אַפ דער אויסבילדונג פונ דעמ נײַעמ טעאַטער־סטיל, דער טעאַטער האָט געמוזט אָפּגיינ פונ דער גראָטעסקישער אָפּלייקענישער באַדינגלעכקײַט אונ אַרײַנפירנ מער די ווירקלעכ־אָביעקטיווע לעבנס־בויענדיקע פאָרמ, פאַרטיפערנדיק די געשטאַלט אַפ דער ליניע פונ סאָציִאַליסטישנ רעאַליזמ, פאַרהיטנדיק אָבער דערבײַ די גרויסע טעכנישע אונ פאָרמעלע דערגרייכונגענ אַפנ געביט פונ פּלאַסטישער אויסדריקלעכקײַט אונ מאַקסימאַל־סצענישער פאַראַלגעמיינונג־פולער קאָנסטרוקטיווקײַט.

אנ אויסגעוואַקסענער, א סאָוועטיש־רײַפער, איז דער מאָסקווער יִדישער מעלוכע־טעאַטער געקומענ צו זײַנ לעצטער אופפירונג — שעקספּירס „קיניג ליר“ (רעזשי פונ ראַדלאָוו, קינסטלער — טישלער). די אַרײַנגעלייגטע אינ טעאַטער קולטורפולע מי פונ זײַנע פירנדיקע אונ בעסערע אַקטיאָרנ אונ אַקטריסעס: מיכאָעלס, זוסקינ, גאָלדבלאַט, שטיינמאַנ, פינקלקראַוט, שידלאָ, ראָטבוימ, מינקאָווא, לעוויטאַס, ראָמ אונ נאָכ אונ נאָכ, די גרויסע מאָלערישע פאַרפורעמונגס־קונסט פונ די באַוווּסטע מאָלערס ראַבינאָוויטש, אַלטמאַנ, פאַלק, שטערנבערג, ראַביטשעוו, אַקסעלראָד, די מײַסטערישע טעאַטראַלע מוזיק־אַנזאַמבלונג פונ קריינ, פולווער, אַכראָנ — די גאָרע מי פונ די אַלע, וואָס האָבנ די ערשטע געזיכערט דעמ רומפולנ וועג פונ דער יִדישער סאָוועטישער טעאַטער־קולטור האָט געוויס באַפרוכפּערט די ערשטע אַרבעט איבער דעמ וועלט־קלאַסיקער שעקספּיר, די אַרבעט, וואָס דער טעאַטער האָט אונטערגענומענ נאָכ דעמ, ווי ער האָט דורכגעמאַכט זײַנ זיגרײַכנ סאָוועטישנ קונסט־וועג.

דער מאָסקווער יִדישער מעלוכע־טעאַטער האָט דער ערשטער געלייגט דעמ גרונטשטיינ פונ דער יִדישער סאָוועטישער טעאַטער־קולטור, אָבער ניט ער איינער האָט די דאָזיקע קולטור פאַרברייטערט אונ פאַרטיפערט. אַרומ אימ אונ צוזאַמענ מיט אימ גייענ די רעפּובליקאַנישע יִדישע ברודער־טעאַטערנ — אינ דער ערשטער ריי דער יִדישער מעלוכע־טעאַטער פונ ווײַסרוסלאַנד, וואָס האָט זײַנע ערשטע לערנ־יאָרנ, אינ דער פאָרמ פונ א טעאַטער־סטודיע, דורכגעמאַכט אינ מאָסקווע אונ אַלס טעאַטער אופגעהויבנ זײַנ פאָרהאַנג אינ מינסק אינ 1926 יאָר.

די גרויסע פאַרדינסטנ פונ דעמ יִדישנ מעלוכע־טעאַטער פונ ווײַסרוסלאַנד באַשטייענ אינ דעמ, וואָס ער האָט פריִער פאַר אַלע אַנדערע יִדישע טעאַטערס אָנגעהויבנ סיסטעמאַטיש אַרבעטנ איבערנ רעוואָליוציִאָנערנ אונ סאָוועטישנ יִדישנ רעפּערטואַר, בויענדיק זײַנע סטיל־זוכענישנ לויט דער ליניע פונ קאָנקרעטער רעוואָליוציִאָנערער אופפירונג אַפ די פּראָלעטאַרישע מאַסנ. מיט די אומיטלבאַרע פאָדערונגענ פונ די דאָזיקע מאַסנ איז דאָכ דעמ טעאַטער אויסגעקומענ צו באַגעגענענ זיכ פונ זײַנע ערשטע טריט אָנ אינ זײַנ היימשטאָט מינסק, א שטאָט מיט אנ אָנגעזעטיקטער יִדישער פּראָלעטאַרישער סוויווע.

אויסניצנדיק דעמ סינטעטישנ גרונט־מעטאָד פונ מאָסקווער יִדישנ מעלוכע־טעאַטער, האָט



א סצענע פֿון „קיניג ליר“ אין מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער

דער מינסקער טעאַטער, אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם פֿאָלקס־אַרטיסט ראַפּאַלסקי, געבויט זײַנע פֿאָרשטעלונגען נעענטער צו די פּרינציפּן פֿון דער פּסיכאָלאָגישער שול. דער פֿאָרגעשטעלטער טיפּ איז אַף אַזאַ אויפֿן אַרויס פֿון דעם שטרענג קאָנסטרוקטיווע רעזשי־אויפֿזיכט און האָט פֿאַרברייטערט זײַן רעאַליסטיש־שטייגערישע באַזע, פֿאַרשטאַרקנדיק אין די רעוואָליוציאָנערע פּיעסן — „באָטווינ“ „הירש לעקערט“ — די ווירקונג פֿונעם וואָרט מער דורכן פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער־אויסדרוק איידער דורך דער שטרענג־פּלאַסטישער מיזאַנסצענישער באַוועגונג, און פֿאַרמערנדיק אין די ייִדישע קלאַסישע פּיעסן — „אַ יאָנטעוו אין קאַסרילעווקע“, „דער טויבער“ — די עטנאָגראַפֿישע דעטאַל, וואָס ציט זיך פֿון שטייגערישקייט. דערבײַ דאַרף דאָ גערעדט ווערן וועגן דער באַהילפֿיקער אַרבעט פֿונעם מאָלער טישלער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַלס טעאַטראַלער קינסטלער אַף זײַנע פֿילע אויספֿאָרמירונגען אין דעם טעאַטער. טישלערס פּראַכטפֿולע דערפֿינדערישע פֿאַקטור באַצייכנט פּונקט ווי בײַ די מאָלער פֿון מאָסקווער טעאַטער אַ נײַעם עטאַפּ אין דער געשיכטע פֿון סצענישער באַפֿורעמונג.

דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פֿון ווײַסרוסלאַנד האָט דורכגעמאַכט אין זײַן רעפּערטואַר אַ רײַכן פֿילאַרטיקן טעמאַטישן וועג. דאָ איז די העלדישע טעמע — קושניראָוס „הירש לעקערט“, קלאַסנקאַמף אין אַמעריקע — גאָדינערס „דזשים קופּערקאָפּ“, ערעוו רעוואָליוציע פֿון 1905 — בערגעלסאָנס „דער טויבער“, קאַמף פֿאַרן קאָלווירט אין ייִדישן דאָרף — דאָברושינס „אַפֿן 62־טן“, „מאַשינען־גערוואַנגל“ פֿון דאָלגאָפּאָלסקי, און אַ פּיעסע וועגן דער רויטער אַרמיי, מאָנטאַזשירט פֿון אַראָנעס. דער טעאַטער האָט אויפֿגעפֿירט צוויי פּיעסן פֿון דער עלטערער אייראָפּעיִשער קלאַסיק — „שעפּסנקוואַל“ פֿון לאָפּע דע וועגאַ און „געלט“ פֿון בען־דזשאָנסאָן — ביידע גרינטלעך איבערגעאַרבעט פֿון קושניראָוו. דער טעאַטער האָט אַרײַנגענומען אין זײַן רעפּערטואַר ווערק פֿון דער רוסישער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע — „דער שאָס“ פֿון בעזימענסקי און „אינטערווענציע“ פֿון סלאַווין.

דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פֿון ווײַסרוסלאַנד האָט אַף זײַן בינע דערצויגן אַ ריי יונגע רעזשיסאָרן, די כאַוויירים ליטווינאָוו, נאָרד, אײַזנבערג און גאָלאָווטשינער, וואָס האָבן זעלבשטענדיק



ס. מיכאָעלס אינ דער ראָל פונ קיניג ליר

פארווירקלעכט א טייל פונ דעם רעפערטואר, געשאפנ אינטערעכאנטע וויכטיקע פאָרשטעלונגענ
מיט אייגענעמ צוגאנג צומ דראמאטורגישנ מאטעריאל אונ צו טעאטראלע אופירונג-מעטאָדנ. די
פארשטארקטע קינסטלעריש-פאראנטוואָרטלעכע ארבעט פונ מינסקער טעאטער, די פילארטיקע דער־
פארונג זײַנע האָבנ אימ ארויסגערוקט אינ דער ערשטער ריי צווישנ די בעסטע פירנדיקע טעאטערס
פונעמ ראטנפארבאנד. אינ זײַנ לעצטער פאָרשטעלונג „רעקרוטנ", א פיעסע פונ אקסענפעלדנ, אי-
בערגעארבעט פונ ל. רעזניק, האָט דער טעאטער באוויזנ גרויסע דערגרייכונגענ פונ דער רעזשי־
אָנפירונג, באוויזנ דעמ באדײַטנדיקנ וווּקס פונעמ אקטיאָרנ-באשטאנד. די יונגינקע סטודיאנטנ, וואָס האָבנ
אינ 1926 יאָר אָנגעהויבנ זייער טעאטראלע ארבעט, האָבנ זיכ פאר אזא בעערעכ קורצער צײַט
פארוואנדלט אינ אויספאָרמירטע, יעדער אפ זײַנ שטייגער אינדיווידואליזירטע שוישפילער מיט אויס־
געריפטע שפיל־אייגנשאפטנ. די אקטיאָרנ אונ אקטריסעס טרעפ, רוטשטיינ, סאָקאָל, מאָינ, אראָנ-
טשיק, וואָלפינא אונ פילע אנדערע פארמאָגנ שוינ אלע מעגלעכקײַטנ אונ קינסטלערישע גרייטקײַט
צו נעמענ אפ זיכ די אָנלאָדונג פונ דער וואקסנדיקער סאָוועטישער דראמאטורגיע, נעמענ אפ זיכ
נאָכ מער פארטיפערנ דעמ אייגנארטיקנ סאָציאליסטישנ אונ ווירקעוודיקנ קונסט-מעטאָד, וואָס דער
טעאטער אונ די רעזשי-אָנפירונג האָט פאר זיי אויסגעארבעט.

צווישנ די בעסערע טעאטערס, וואָס האָבנ געהאָלפנ פארווירקלעכנ די גרויסע דערגרייכונגענ
פונ דער סאָוועטישער יידישער טעאטער־קולטור אינ ראטנפארבאנד, פלעכט זיכ ארײַנ דער יידישער
מעלוכע־טעאטער פונ אוקראינע. געגרינדעט געוואָרנ אינ כארקאָוו אינ יאָר 1925, האָט דער דאָ־
זיקער טעאטער, באדינענדיק די גרויסע יידישע פראָלעטארישע מאסנ פונ אוקראינע, גלײַכ פונ
אָנהייב געשטעלט זיכ פאר א ציל אויסניצנ אינ זײַנע פאָרשטעלונגענ די פרינציפנ פונ דער קאָמעד־
יאנטישער מאסנ־שפיל פונ מאָסקווער יידישנ מעלוכע־טעאטער, אָנפילנדיק זיי מיט קאָנקרעטער צו-
געגנגלעכקײַט. צוליב דעמ האָט דער טעאטער געשטרעבט צו אופירנ ספעקטאקלענ, וואָס גייענ אפ
דער ליניע פונ פארשטארקטער עמאָציאָנעלער אופווירקונג. ע. לויטער, דער ערשטער קינסטלערישער



ב. זוסקין — אין דער ראָל פונעם לעצ („קיניג ליר”)

אָנפירער און רעזשיסער פון טעאטער, האָט אין זײַנע פאָרשטעלונגען געשטרעבט דעריבער צום עקסטרעם אויסגעשפּראָכענעם זשאנער: „פורעמשפּיל” — בופאָנאדע און „שאבסע־צווי” — טראגעדיע, פרייליכער וואָדעוויל — גאָלדפאדענס „די צוויי קוני - לעמלעך” און „קימענקערער” פון א. פעפער, א סאָציאַלע דראמע—„אין ברען” פון מ. דאניעל און „זאגמוק” פון דעם רוסישן דראמאטורג גליעבאָוו.

די זוכענישן פון אויסגעשפּראָכענעם סטיל האָבן זיך אויך אויסגעדריקט אין די פאָרשטעלונגען פונעם רעזשיסער נאָרוויד, וואָס האָט זיך געפרוּווט אויסגעפינען סטיל־עלעמענטן פון מאָנומענטאַ־לישקייט, ווידעראמאָל באהעפט מיט דער שטרענגער ראַציאָנאַלער אויסגערעכנטקייט פון מאָסקווער טעאטער. אין דעם פלאן האָט נאָרוויד געפרוּווט אופירן „הירש לעקערט” פון קושניראָוון, „בלוט” פון ב. אָרשאנסקי און אלבערטאָנס „ראָמאן צאט”—א פּיעסע, וואָס שילדערט די סאָוועטישע קוילן-גרעבער. — אין דער סאָוועטישער שטייגער-פּיעסע „די לעצטע” פון ל. רעזניק האָט דער רעזשיסער מארגאָלין געפרוּווט ארויסברענגען סאָציאַלע אויסדריקלעכקייט דורכן אימפּרעסיאָניסטישן גראָטעסק און קארנאוואלארטיקער באדינגלעכקייט. בא דער זיגזאגיש-געבראָכענער סטיל-ליניע פון כארקאָווער יידישן מעלוכע־טעאטער האָט ער דאָך ארייַנגעטראָגן, ווי מע קאָן זען פון די אויסגערעכנטע פאָרשטעלונגען, זײַנע אייגענע טעאטראלע נייגונגען סײַ אין זין פונעם רעפּערטואר-אויסוואל סײַ אפן געביט פון באפורעמונג, אפ וועלכן ער האָט אָנגעשטרענגט געזוכט, פארמאָגנדיק א ריי אויס-געצייכנטע סאָוועטישע שוישפּילער: די פארדינסטפולע ארטיסטן סאָנצ און זאסלאווסקי, די אַק-טיאָרן און אקטריסעס סטריזשעווסקי, נוגער, איווא און עלישעווא ווין, סיגאלעווסקא און אנדערע.

און נאָך די רעפּובליקאנישע יידישע מעלוכע־טעאטערס קומען די שטאָטישע מעלוכע־טעאַ-טערס: דער קיעווער יידישער מעלוכע־טעאטער, וואָס איז פּאָפּולער אדאנק זײַנע גאסטראָלן איבער די קלענערע שטעט פון אוקראַינע מיט א פארשיידנארטיקן רעפּערטואר פון אָריגינעלע יידישע



א סצענע פונ „שעפסנקוואל״ פונ לאָפּע דע וועגא אינ ווײַסרוסלענדישנ מעלוכישנ ייִדישנ טעאטער. רעזשיסער — מ. ראפאלסקי

און איבערגעזעצטע פּיעסן.[1] דער אָדעסער ייִדישער מעלוכע־טעאטער, וואָס האָט דורכגעמאכט זײַנע ערשטע יאָרנ אונטער דער אָנפירונג פונעם יונגנ רעזשיסער רובינשטיינ, אנ אָרגינעלנ וועג פונ א יוגנט־טעאטער, אופירנדיק אפ אנ אייגנארטיקנ אופנ מארקישעס „פינפטער האָריזאָנט״, דאניעלס „יוליס״ און פארברייטערנדיק אפילע פּיעסנ פונ קליינע פאָרמענ, זעלדינס „קאָנטאקט״ און דאָברו־שינס „ארום א ביידל״ און „יונגווארג״. ייִדישע מעלוכישע טעאטערס האָבנ זיכ אינ דער ערשטער ריי געגרינדעט אויכ אינ די שטעט באקו, טאשקענט, ניקאָלאיעוו און דניעפּראָפּעטראָווסק — אינ די ערשטע צוויי דערפאר, ווײַל זיי געפינענ זיכ ווײַט פונ די ייִדישע צענטערס און דארפנ אליינ באדינענ זייערע ייִדישע מאסנ, און אינ די לעצטע — דערפאר, ווײַל זיי באדינענ שטעט מיט א גרויסער ייִדישער ארבעטערשאפט, וואָס ארבעט אפ די דאָרטיקע גרויסע מעטאלורגישע און שיפבוי־זאוואָדנ.

די אויסגעוואקסענע און אײַנגעפונדעוועטע ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנענ פארמאָגנ אויכ אייגענע קאָלווירטישע מעלוכע־טעאטערס, אינ סטאלינדאָרפ און אינ קאלינינדאָרפ. די דאָזיקע טעאטערס, וואָס זײַנענ געקומענ מיט א לאכלוטנ נײַער טעאטראלער טעמאטישער און שוישפּילערישער ספּעציפיק, האָבנ שוינ באוויזנ פאנאנדערוויקלענ אנ אינטערעסאנטע ארבעט, א סטאציאָנארע און א באוועגלעכע, ארויס־

1 מיטנ אריבערפירנ די הויפּט־שטאָט פונ אוקראינע קיינ קיעוו האָט זיכ דער קיעווער שטאָטישער ייִדישער טעאטער צונויפגעגאָסנ מיטנ אוקראינישנ מעלוכישנ ייִדישנ טעאטער, וואָס האָט זיכ פריער געפונענ אינ כארקאָוו. דער טעאטער ארבעט איצט אינ קיעוו אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פונעם רעזשיסער ווערשילאָוו. ר ע ד.

פאָרנדיק אינ פעלד אפנ קאָלווירטישנ פארזיי אונ שניט, ארויסטרעטנדיק אונטערנ פרייַענ הימל מיט א נייַעמ צוגעפאסטנ רעפערטואר אונ גאָר נייַע טעאטראַלע אויפאנימ פונ סצענישער אופווירקונג. אנ אייגענער טעאטער האָט זיכ געשאפנ לעצטנס אויכ אינ קרימ.

באזונדער דארפ פארצייכנט ווערנ די ארבעט פונ קיִעווער מעלוכישנ ייִדישנ קינדער-טעאטער. דער טעאטער האָט דאָ אויכ באדארפט אָנהייבנ גאָר פונדאַסנייַ, איינשאפנ זיכ א רעפערטואר, אקטיאָרנ, אויסבילדנ דעמ געביט אונ זשאנער. אפ דער בינע פונ דעמ דאָזיקנ טעאטער, וואָס איז זייער באליבט בא דער קינדער־אאודיטאָריע, האָבנ זיכ צומ ערשטנ מאָל באוויזנ די לעבעדיקע סצעניש־פארקערפערטע געשטאלטנ פונ שאָלעמ־אלייכעמס קינדער־דערציילונגענ, אפ דער דאָזיקער בינע לעבט שוינ די גאנצע ארומיקע בויערישע אונ שעפערישע ראטנ-ווירקלעכקייַט, א קינסטלעריש איבערגעדיכטעטע פאר דער אופאסונג פונ דעמ סאָוועטישנ קינד.

אפנ געביט פונעמ טעאטער פונ קליינע פאָרמענ ארבעט מיט א היפשנ דערפאָלג אינ דער ערשטער ריי דער כארקאָווער באוועגלעכער טעאטער „געזקולט", א טעאטער פונ ספעציִעלע לעבעדיקע פאָרמענ פאר קליינ־קונסט, מיט אנ אייגענעמ אויסגעארבעטנ רעפערטואר אונ צונויפגעשטעלטע פראָגראמענ פונ איינאקטערס, סקעטשנ, אָראטאָריעס, מאָנאָלאָגנ, דיִאלאָגנ אונ דעקלאמאציעס. וואָס איז שייַעכ דעמ זעלבסטעטיקייַט־טעאטער אונ דעמ יוגנט־טעאטער איז דאָ א פארשפרייטע פילארטיקע אונ פילפארביקע נעצ פונ צענדליקער אונ הונדערטער ייִדישע דראמאטישע קאָלעקטיווונ אפ פאבריקנ אונ זאוואָדנ, אינ קלובנ אונ קולטור־הייַזער. צווישנ זיי טיילנ זיכ אויס דער כארקאָווער דראמקאָלעקטיוו אפ דער טיניאקאָווקער ניי־פאבריק אונטער דער רעזשי־אָנפירונג פונ וואָרקעל, דער מאָסקווער יוגנט-טעאטער באמ צענטראלנ ייִדישנ ארבעטער־קלוב „קאָמוניסט", דער טיפליסער דראמקרייַז באמ ייִדישנ קולטור־הויז, דער אָדעסער דראמאטישער קאָלעקטיוו אונ נאָכ אונ נאָכ.

די בעסערע, די טאלאנטפולסטע פונ דער דאָזיקער טעאטראלער יוגנט פונ די אלע זעלבסטעטיקייַט־קרייַזנ האָבנ די מעגלעכקייַט אָנקומענ לערנענ די דראמאטישע קונסט אינ די ספּעציִעלע ייִדישע טעאטראלע לערנ־אנשטאלטנ אינ קיִעוו, מינסק אונ מאָסקווע, ווו ס'ווערנ געשמידט די נייַע טעאטראלע יוגנט-קאדרענ פאר די אלע ייִדישע מעלוכע-טעאטערס פונעמ פארבאנד. די ייִדישע אָפטיילונג פונ קיִעווער דראמאטישנ אינסטיטוט אפנ נאָמענ פונ ליסענקאָ, די פאבזאוושול באמ ייִדישנ מעלוכע-טעאטער פונ ווייַסרוסלאנד אונ דעריקער דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכישער טעאטראלער טעכניקומ — דאָס זייַנענ די טעאטראלע לערנאנשטאלטנ, וואָס דערציִענ ד'עמ יונגג טעאטראלנ דאָר, גרייטנ נייַע געשולטע סאָוועטישע אקטיאָרנ אונ רעזשיסאָרנ.

אינ מאָסקווער ייִדישנ טעאטראלנ טעכניקומ לערנט די יוגנט אינ משעכ פונ פיר יאָר פארשיידענע טעאטראלע דיסציפלינענ בא 23 קוואליפיצירטע לערער, דורכגייענדיק דעמ גרונט־לימעד, די סצענישע פראקטיק, בא די הויפט־לערער פונ דעמ פאכ: ס. מיכאָעלס אונ ע. לויטער. דער טעכניקומ האָט שוינ אריינגענומענ אינ זייַנע ווענט ביז צוויי הונדערט שילער אונ געהאט שוינ צוויי ארויסלאָזנ: דעמ ערשטנ — פאר דעמ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע-טעאטער, אונ דעמ צווייטנ — פארנ בירעבידזשאנער ייִדישנ מעלוכע-טעאטער, וואָס איז געגרינדעט געוואָרנ אינ מאָסקווע אונטער דער אלגעמיינער קינסטלערישער אופזיכט פונ ס. מיכאָעלס.

דער בירעבידזשאנער ייִדישער מעלוכע־טעאטער, איצט שוינ דער טעאטער פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, האָט געגרייט זייַנע ערשטע ספעקטאקלענ אינ מאָסקווע. זייַנענ ערשטע פאָרשטעלונגענ האָט ער באשאפנ אונטער דער ווירקונג אונ מיטנ נאָענטנ אָנטייל פונ די בעסערע מאָסקווער טעאטער־טוער, אויסניצנדיק די אָנגעזאמלטע קולטור- אונ קונסט־דערפארונג פונעמ דורכגעגאנגענעמ זיגרייַכנ סאָוועטישנ טעאטער־וועג. דער בירעבידזשאנער טעאטער האָט אינ זייַנ ערשטנ רעפערטואר אויסער א שאָלעמ־אלייכעמ־אָוונט איינגעשלאָסנ צוויי רוסישע פיעסנ: פאָגאָדינס „מייַנ פרייַנט" אונ סלאווינס „אינטערווענצ", אונ אוועקגעפירט אפ אזא אויפנ א שעפערישנ גרוס פונ דער ברידערלעכער רוסישער דראמאטורגיע דעמ ייִדישנ סאָציִאליסטישנ בירעבידזשאנ, וואָס ווערט אויכ געבויט מיט דעמ אינטערנאציִאָנאלנ ברידערלעכנ אָנטייל פונ אלע באפרייַטע פעלקער פונעמ ראטנ־פארבאנד.

אזא איז זי, א פעלקערלעכ-פארברידערטע, די אינטערנאציאָנאלע קראפט, די קראפט פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וואָס האָט ארויסגערופנ צומ בליִענדיקנ לעבנ די סאָציאַליסטישע קולטור פונ אלע אופגעריכטע נאציאָנאליטעטנ, ארויסגערופנ צומ לעבנ די קוואליטאטיוו נײַע דראמאטורגנ, אקטיאָרנ, רעזשי-מײַסטערס, מאָלער, מוזיקער — די גרויסע צאָל פונ די אלע נײַע באשײַמפערלעכ אויס-געוואָקסענע מענטשנ, וואָס בויענ די רעוואָליוציאָנערע ייִדישע טעאטער-קולטור, בויענדיק דערמיט גופע די גרויסע, ברייטע אונ פארצווײַגטע פראָלעטארישע קולטור פונ דער נײַער סאָציאַליסטי-שער אָנקלאסנדיקער געזעלשאפט.



א סצענע פונ פּ. מארקישעס „ניט געדײַגעט" אינ סטאלינדאָרפער ייִדישנ קאָלווירטישנ טעאטער

ל. גאָלדבערג

# די סאָוועטישע ייִדישע פּרעסע און פאַרלאַג-אַרבעט

## 1



יינער פון די בולטסטע באוויַזן פונעם קולטורעלן און עקאָנאָמישן אופשטייַג פון די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן אין ראטנפארבאנד איז דער קאָלאָסאלער וווּקס פון דער סאָוועטישער ייִדישער פרעסע און פארלאג־וועזן, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייַכן אין קיין שום אנדער לאנד.

דער דאָזיקער וווּקס דריקט זיך אויס ניט נאָר אין דער גרויסער צאָל אויסגאבן פון דער סאָוועטישער ייִדישער פרעסע און אין דער גרויסער צאָל דערשינענע ביכער. ניט ווייניקער וויכטיק איז די פארשיידנארטיקייַט פון די סאָוועטישע ייִדישע צייַטונגען און אנדערע אויסגאבן, וואָס דאָס כאראקטעריזירט באזונדערס שארף די טיפע ענדערונגען, וואָס זייַנען פאָרגעקומען אין די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן, דעם ברייטן פארנעם פון זייערע אינטערעסן און פאָדערונגען.

אין ראטנפארבאנד דערשייַנען איצט 3 גרויסע טעגלעכע ייִדישע צייַטונגען. דאָס איז — „דער עמעס“ אין מאָסקווע, „דער שטערן“ אין אוקראַינע און דער „אָקטיאבער“ אין ווייַסרוסלאנד. אויסער זיי דערשייַנען א ריי געגנטלעכע און שטאָטישע ייִדישע צייַטונגען: „בירעבידזשאנער שטערן“ — אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, „פראָלעטארישע פאָן“ — אין קיִעווער געגנט, „דער אָדעסער ארבעטער“ — אין אָדעסער געגנט, בערדיטשעווער „ארבעטער“, „קרעמענטשוקער ארבעטער“. אייגענע צייַטונגען האָבן אויך די ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען: „קאָלווירט־עמעס“ (קאלינינדאָרפער ראיאָן), „סטאלינדאָרפער עמעס“ (סטאלינדאָרפער ראיאָן), „קאָלווירט-שטערן“ (נייַזלאטאָפּאָליער ראיאָן), „לע־

נינוועג" (פרײַדאָרפער ראַיאָן), „סטאַלינוועג" (לאַרינדאָרפער ראַיאָן), „סטאַלינרוף" (בירער ראַיאָן אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט).

די אָרטיקע און ראַיאָנע פרעסע האָט זיך באַזונדערס שטאַרק גענומען אַנטוויקלען אין די יאָרן פונעם ערשטן פינפיאָר. און די דאָזיקע אַנטוויקלונג גייט וואָס ווײַטער, אַלץ שטאַרקער, און דעריקער — זי דרינגט אַרײַן אַלץ ניפער און קומט צו אַלץ נעענטער צו די מאַסן אַרבעטנדיקע גופע. די לעצטע פאַר יאָר איז אין דער ייִדישער סאָוועטישער פרעסע צוגעקומען אַ נײַע גרופּע צײַטונגען, — בײַ די פּאָליטאָפּטיילן פון די מאַשין-טראַקטאָרישע סטאַנציעס.

נאָך פריִער, אין די יאָרן פונעם ערשטן פינפיאָר, צוזאַמען מיטן אַרײַנדרינגען פון מאַסן ייִדישע אַרבעטער אין די סאָציאַליסטישע פאַבריקן און זאַוואָדן, האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַ פ אַ ב ר י ק ־ ז אַ וו אָ ד י ש ע געדרוקטע פרעסע אויף ייִדיש, און בײַ הײַנטיקן טאָג ציילט שוין די דאָזיקע פרעסע אַ היפּש ביסל נעמען פון צײַטונגען, וואָס דערשײַנען רעגולער און באַדינען דירעקט די אַרבעטער פון די געגעבענע אונטערנעמונגען. אַזוינע צײַטונגען דערשײַנען אין קיִעוו, כאַרקאָוו, אָדעס, דניעפּראָפּעטראָווסק, מינסק, וויטעבסק, האָמעל אאַ. אויך די ייִדישע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין די גיגאַנטישע מאָסקווער אונטערנעמונגען, גיבן פּעריאָדיש אַרויס געדרוקטע צײַטונגען אויף ייִדיש. אַזוינע צײַטונגען דערשײַנען: אויפן גיגאַנטישן אווטאָמאָביל-זאַוואָד אויפן נאָמען פון כ' סטאַלין, ווו עס זײַנען פאַראַן בײַ 2500 ייִדישע אַרבעטער, אויפן זאַוואָד „שאַריקאָפּאָדשיפּניק", וואָס ציילט בײַ אַ 1000 ייִדישע אַרבעטער, אויפן עלעקטראָקאָמבינאַט אאַ.

אָט די אַלע צײַטונגען ווערן, נאַטירלעך, געשאַפן פון די אַרבעטער פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען גופע.

אַהער קומט נאָך צו די קאָלאָסאַלע צאָל — איבער 1000 — וואַנטצײַטונגען, וואָס דערשײַנען אין די אונטערנעמונגען, אין באַזונדערע צעכן, אין קאָלווירטן, געוווערב־אַרטעלן, דאָרפראַטן, אין די קלובן, לייענשטיבלעך, רויטע ווינקלען אאַוו. געדרוקטע אויף שרײַב-מאַשינקעס, געשריבענע אפילע מיט דער האַנט, דרינגען זיי אַרײַן אומעטום און, צוזאַמען מיט די געדרוקטע צענטראַלע, רעפּובליקאַנישע, אָרטיקע און פאַבריקישע צײַטונגען זײַנען זיי אַ גלענצנדיק מיטל אויפצוהייבן דעם באַוווסטזײַן און די אַקטיווקײַט פון די ייִדישע אַרבעטער. און מע דאַרף זאָגן, אַז די ייִדישע אַרבעטער און קאָלווירטניקעס זײַנען בעעמעס זייער אַקטיוו, זיי שרײַבן אין די אַלע פרעסע־אָרגאַנען וועגן אַלע אָנגעלעגנהײַטן פונעם פּראָדוצירישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן מיט דער פולער זיכערקײַט, אַז אַלע זייערע אָנווײַזונגען און פאָרשלאָגן וועלן גענומען ווערן אין אַכט און ברענגען די נייטיקע רעזולטאַטן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַן אויסגעצייכנטער באַווײַז, ווי אויסגעוואַקסן עס איז דער סאָוועטישער ייִדישער אַרבעטער און קאָלווירטניק אויך קולטורעל. מיר וואָלטן דאָ געקאָנט ברענגען אַ גאַנץ צעטל נעמען פון ייִדישע אַרבעטער און קאָלווירטניקעס, וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער פאַרבינדונג מיט דער סאָוועטישער פרעסע אַלס קאָרעספּאָנדענטן פון קליינינקע שטעטלעך, און זײַנען דערנאָך שטאַרק אויסגעוואַקסן. פיל פון זיי זײַנען איצט אינזשעניערן, מײַסטערס, זשורנאַליסטן, שרײַבער, און זייער אָנטייל אין דער פרעסע האָט זיי ניט ווייניק מיטגעהאָלפן אין דעם פראַט.

פאַרשטייט זיך, אַז ניט נאָר אין דער פאַבריק־זאַוואָדישער, אין דער אָרטיקער און ראַיאָנער פרעסע, נאָר אויך אין דער צענטראַלער צײַטונג „דער עמעס" און אין די רעפּובליקאַנישע: „דער שטערן" און דער „אָקטיאַבער" באַטייליקן זיך זייער פיל אַרבעטער און קאָלווירטניקעס. די צאָל אַרבקאָרן (אַרבעטער-קאָרעספּאָנדענטן) און דאָרפקאָרן (קאָרעספּאָנדענטן פון דאָרף, פון די קאָלווירטן), וואָס זײַנען סיסטעמאַטיש פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער און רעפּובליקאַנישער פרעסע, ווערט געציילט אין די טויזנטער.

די סאָוועטישע ייִדישע יוגנט און די קינדער האָבן אויך זייערע צײַטונגען: די קאָמיוגישע „יונגע גוואַרדיע" און די פּיאָנערישע „זײַ גרייט", וואָס דערשײַנען אין אוקראַיִנע און די קאָמיוגישע „דער יונגער אַרבעטער" און די פּיאָנערישע „דער יונגער לענינעץ" — אין ווײַסרוסלאַנד. אין אוקראַיִנע דערשײַנט אויך אַ זשורנאַל פאַר פאָרשול־קינדער „אָקטיאַבערל".

אַן אייגענע צײַטונג האָבן אויך די קאָאָפּערירטע קוסטאַרן „דער קוסטאַר" (דערשײַנט אין

אוקראַינע). אינ ראטנפארבאנד דערשייַנענ אויכ צוויי ליטעראריש־געזעלשאפטלעכע זשורנאלנ: „פארמעסט“ אינ אוקראַינע און „שטערנ“ אינ ווייַסרוסלאנד. אייגענע זשורנאלנ האָבנ די יִדישע אינסטיטוטנ בא דער אוקראַינישער וויסנשאפט-אקאדעמיע („וויסנשאפט און רעוואָליוציע“ און „אפנ שפראכ־פראָנט“) און בא דער ווייַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע („אפנ וויסנשאפטלעכנ פראָנט“). עס דערשייַנט אויכ א פעדאגאָגישער זשורנאל „ראטנבילדונג“ (קיִעוו), אנ אטעיִסטישער זשורנאל „דער אפיקוירעס“ (מאָסקווע).

מיר דארפנ דאָ נאָכ דערמאָנענ, אז א גאנצע ריי רוסישע, אוקראַינישע און ווייַסרוסישע צייַטונגענ אינ די שטעט מיט א באדייַטנדיקער יִדישער באפעלקערונג גיבנ סיסטעמאטיש ארויס זייַטלעכ מיט מאטעריאל אפ יִדיש.

2

ניט אינ קיינ קלענערער מאָס, ווי די פעריאָדישע פרעסע אינ יִדיש, איז באזונדערס אָנגעהויבנ פונ די יאָרנ פונעמ ערשטנ פינפיאָר, אויסגעוואָקסנ די יִדישע פארלאג־ארבעט אינ ראטנפארבאנד. די מעלוכישע פארלאגנ אינ ראטנפארבאנד, וואָס גיבנ ארויס ביכער אפ יִדיש, וויקלענ פאנאנדער וואָס ווייַטער, אלצ מער זייער ארבעט סייַ לויט דער צאָל נעמענ פונ ביכער, וואָס זיי גיבנ ארויס, סייַ לויט דער טעמאטיק, סייַ לויט די טיראזשנ.

עס איז גענוג צו זאָגנ, אז אינ 1933 יאָר זייַנענ בלויז אינ 4 פארלאגנ (דער „עמעס“־פארלאג אינ מאָסקווע, דער נאצמינדפארלאג אינ אוקראַינע, דער ווייַסרוסישער מעלוכע־פארלאג און דער אוקראַינישער ליטעראטור- און קונסט-פארלאג) דערשינענ 391 ביכער מיט אנ אלגעמיינער צאָל פונ 2 446 דרוק-בויגנ, בא אנ אלגעמיינעמ טיראזש פונ 2 מיליאָנ 609 טויזנט מיט 700 עקזעמפליארנ.

א גרויס אָרט צווישנ די דאָזיקע ביכער פארנעמט די קינסטלערישע ליטעראטור: 87 נעמענ, 825 דרוק־בויגנ, בא אנ אלגעמיינעמ טיראזש פונ העכער א פערטל מיליאָנ עקזעמפליארנ. דאָס באטייַט, אז דער דורכשניטלעכער טיראזש פונ א קינסטלערישנ בוכ האָט באטראָפנ בא 3000 עקזעמפליארנ.

ביז גאָר א וויכטיק אָרט פארנעמט די פּאָליטישע ליטעראטור: דאָס מאסעווע פּאָליטישע ביכל, דער מארקסיסטיש-לענינישער בוכ, דער פּאָליטישער לערנבוכ — צוזאמענ זייַנענ אפ דעמ געביט דערשינענ 102 נעמענ, 1 030 דרוק-בויגנ. דאָ איז דער דורכשניטלעכער טיראזש א פיל העכערער; די בענדער פונ דער זעקסבענדיקער אויסגאבע פונ לענינס אויסגעוויילטע ווערק (העכער 70 דרוק-בויגנ א באנד) זייַנענ זיכ אינ א קורצער צייַט צעגאנגענ אינ א טיראזש פונ 7000 עקזעמפליארנ, כ׳ סטאלינס פּאָרטראָג אפנ XVII פארטיי־צוזאמענפאָר איז דערשינענ אינ א טיראזש פונ 35000 עקז. בלויז אינעמ „עמעס“־פארלאג (א באזונדערע דע־לוקס־אויסגאבע האָט ארויסגעגעבנ אויכ דער ווייַסרוסישער פארטיי־פארלאג) און דער דאָזיקער טיראזש האָט ניט געקלעקט אפ צו באפרידיקנ דעמ גרויסנ נאָכפרעג.

גאָר א באזונדער אָרט אינ דער ארבעט פונ די פארלאגנ פארנעמט דאָס ארויסגעבנ *לערנביכער און הילפביכער פאר דער שול*. בלויז אינ 1933 יאָר זייַנענ דערשינענ 75 נעמענ פארשיידענע לערנביכער פאר דער סאָוועטישער יִדישער שול, — זיי האלטנ צוזאמענ 720 דרוק־בויגנ און זייַנענ אָפּגעדרוקט געוואָרנ מיט א טיראזש פונ 1 מיליאָנ מיט 185 טויזנט עקז., דה. מיט א דורכשניטלעכנ טיראזש בא 16 טויזנט עקז. דער טיראזש פונ באזונדערע לערנביכער האָט דערבייַ דערגרייכט ביז 50 טויזנט עקזעמפליארנ.

עס איז באזונדערס ווערט צו פארצייכענענ, אז די סאָוועטישע יִדישע מיטלשול (די צענ־יאָריקע) האָט איצט א פולנ קאָמפּלעקט ביכער אפ יִדיש פאר אלע דיסציפּלינענ.

דאָס סאָוועטישע יִדישע פארלאג-וועזנ שטרעבט צו באפרידיקנ די אלצ וואקסנדיקע באדערפענישנ פונעמ יִדישנ לייענער אפ אלע געביטנ פונ וויסנשאפט, ליטעראטור און קונסט. אָבער די

פאָדערונגען פון די לייענער וואקסן וואָס ווײַטער, אלץ מער, צוזאמען מיטן אופשטײַג פונעם גאנצן לאנד און פון זייער קולטורעלן ניוואָ און פארמעגלעכקײַט, און מע דארף מוידע זײַן, אז נאָך ווײַט ניט אלע פאָדערונגען אין דעם פראט פון די סאָוועטישע ייִדישע ארבעטנדיקע לייענער באפרידיקן די פארלאגן ווי עס דארף צו זײַן.

די ווײַטערדיקע פאנאנדערוויקלונג פון דער ארבעט און א נאָך גרעסערער וווקס — דאָס איז די אופגאבע און די פערספעקטיוו פון דער סאָוועטישער ייִדישער פועסע און סאָוועטישן ייִדישן פארלאג-וועזן.

(פארעפנטלעכט אין דער צײַטונג „איזוועסטיא“ פון וציק
נום 158 פון 27 יול 1918).

# דעקרעט פונעם ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן וועגן דערשטיקן ראדיקאל די אנטיסעמיטישע באוועגונג



ויט די ידיעות, וואָס זײַנען אָנגעקומען אין ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן, פירן די קאָנטררעוואָליוציאָנערן אין א סאך שטעט, באזונדערס אינעם פראָנט־פאס, א פאָגראָם־אגיטאציע, וואָס אין איר רעזולטאט זײַנען אין אייניקע ערטער פאָרגעקומען עקסצעסן קעגן דער ארבעטנדיקער ייִדישער באפעלקערונג. די בורזשואזע קאָנטררעוואָליוציע נעמט איבער אין אירע הענט דאָס געווער, וואָס איז ארויסגעפאלן פון דעם צארס האנט.

יעדעס מאָל, ווען דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג איז נייטיק געווען אָפּצוּווענדן פון זיך דעם פאָלק־צאָרן, האָט זי אים געריכטעט אף די ייִדן, דערבײַ פלעגן די ייִדישע גווירים שטענדיק געפינען פאר זיך א שוץ, און געליטן און אומגעקומען פון דער העצע און פון דער גוואלדטאט איז די ייִדישע אָרעמשאפט.

איצט הייבן ווידער אָן די קאָנטררעוואָליוציאָנערן א העצע קעגן די ייִדן, אויסניצנדיק דעם הונגער, די מידקייט, און אויך די אומאנטוויקלטקייט פון די אמערסטנס אָפּגעשטאנענע מאסן און די רעשטלעך פון סינע צו ייִדן, וואָס די זעלבסטהערשונג האָט אײַנגעפלאנצט אין פאָלק.

אין דער רוסלענדישער סאָוועטישער פעדעראטיווער רעפובליק, ווו ס׳איז פראָקלאמירט געוואָרן דער פרינציפ פון זעלבסטבאשטימונג פון די ארבעטנדיקע מאסן פון אלע פעלקער, קאָן ניט האָבן קיין פלאץ די נאציאָנאלע אונטערדריקונג. דער ייִדישער בורזשוא איז אונדז א סוינע ניט אלס ייִד, נאָר אלס בורזשוא, דער ייִדישער ארבעטער איז אונדז א ברודער. יעדע העצע קעגן וועלכער ס׳איז נאציע איז אומדערלאָזבאר פארברעכעריש און שענדלעך.

דער ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן דערקלערט, אז די אנטיסעמיטישע באוועגונג און די פאָגראָמען אף ייִדן זײַנען אומברענגעריש פאר דער זאך פון דער ארבעטער־ און פויערים־רעוואָליוציע און פאָדערט אוף דאָס ארבעטנדיקע פאָלק פונעם סאָציאַליסטישן רוסלאנד צו קעמפן מיט אלע מיטלען קעגן אָט דעם בייז.

די נאציאָנאלע סינע שוואכט אָפּ אונדזערע רעוואָליוציאָנערע רייען, דעם אײנהײַטלעכן, אָן אונטערשייד פון נאציאָנאליטעט, ארבעט־פראָנט און איז נאָר א שטיצע פאר אונדזערע סאָנים.

דער ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן באפעלט אלע סאָוועטן אָנעמען די אנטשיידנדיקע מיטלען צו דערשטיקן אין וואָרצל די אנטיסעמיטישע באוועגונג. די פאָגראָמשטשיקעס און פאָגראָם־אגיטאטערס שטעלן אויסערן געזעץ.

פאָרזיצער פון ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן — א ו ל י א נ אָ ו (ל ע נ י ן).

פארוואלטער מיט די עניאָנים פונעם ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן — וול. ב אָ נ ט ש ־ ב ר ו י ע ו ו י ט ש.

סעקרעטאר — נ. ג אָ ר ב ו נ אָ ו.

## דעקרעט פונעם אלוקראַיִנישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט און ראטפאָלקאָם פון אוסער ווענן די מאָסמיטלען צו פארבעסערן די לאגע פון די ייִדישע האָרעפּאשנע מאסן

אָנגענומען דעם 19־טן מײַ 1926 יאָר

די פּאָליטיק פון דער סאָוועטישער מאכט, וואָס איז געווענדט צו העכערן דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן וווילשטאנד פון די האָרעפאשניקעס פון אלע נאציאָנאליטעטן, פאָדערט בעגעגייע די האָרעפאשנע מאסן פון דער ייִדישער באפעלקערונג ביײַצוקומען ספעציפישע שוועריקײַטן. די דאָזיקע שוועריקײַטן שטאמען סײַ דערפון, וואָס די ייִדישע ארבעטנריקע מאכן זײַנען דוירעסלאנג געווען אונטערדריקט באַם צאריזם (די רעכטלאָזע לאגע פון די ייִדישע מאסן, די געצוווּנגענע צונויפגעפרעסטקײַט אין די שטעטלעך פונעם „סכום“, די באגרענעצונג פונעם וווינרעכט, וואָס שאפט א שוועריקײַט צו געפינען פּראָדוקטיווע ארבעט אאוו.), סײַ פון די פאָלגן פונעם בירגערקריג, ווען די קאָנטררעוואָליוציאָנערע ארמייען און באנדעס האָבן געמאַכט אומגעהערטע פּאָגראָמען אף ייִדן, האָבן רויִנירט די שטעטלעך, און די ייִדישע האָרעפאשנע באפעלקערונג, וואָס האָט דאָרטן געוווינט, איז גאָר פאראָרעמט געוואָרן. נעמענדיק דעריבער אין באטראכט די נייטיקײַט פון א ריי ספעציעלע מאָסמיטלען, וואָס זאָלן זײַן געווענדט צו געזונטמאכן דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן צושטאנד פון די ייִדישע האָרעפאשנע מאסן (די קוסטארן, באלמעלאָכעס, קלײנהענדלער אאו.), — האָבן דער וווציק און ראטפאָלקאָם פון אוסער באשלאָסן:

1. פאָרלייגן דעם העכסטן ראטפאָלקווירט, דעם פאָלקאָמארבעט און דעם סאָלקאָמערד, אז אין משך פון א כוידעש צײַט זאָלן זיי אויסארבעטן א פּראָיעקט פון א דעקרעט ווענן די מאָסמיטלען,

וואָס דארפנ אָנגענומענ ווערנ, קעדיי ארייַנצוציִענ די רויִנירטע שיכטנ פונ דער ייִדישער האָרעפּאַשנער באפעלקערונג אינ דער פראָדוקטיווער ארבעט (ארייַנציִענ אינ דער לאנדווירטשאפט, אינ דער פראָדוקציע, באזונדערס אינ דער גרויסער אאוו.) אונ צושטעלנ דעמ ראָזיקנ פראָיעקט דעמ ראטפאָלקאָמ פונ אוססר צומ באשטעטיקנ.

2. אזויווי צוליב דעמ ערד־מאנגל אפ אוקראַיִנע קאָנ מענ ניט באפרידיקנ אינ א גענוגנדיקער מאָס מיט ערד די ייִדישע באפעלקערונג, וואָס וויל איבערגייִנ אפ ערדארבעט — אופהייבנ א היסטאָרישער פארנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט פונ פססר, אז אינ די ראיאָנענ פונ צאָפנ־קאווקאז, צאָפנ־קרימ, סיביר אונ אנדערע ראיאָנענ זאָלנ אויסגעטיילט ווערנ ערדכאלאָקימ פונעמ מעלוכישנ ערדפאָנד פאר די ייִדנ, וואָס האָבנ אויסגעדריקט זייער ווילנ צו איבערגייִנ צו זעלבשטענדיקער לאנדווירטשאפט. אכוצ דעמ, קאָנסטאטירנדיק, אז די האָרעפאַשנע ייִדישע באפעלקערונג האָט אויסערסט ווייניק מיטלענ צומ אריבערגייִנ אפ ערדארבעט, באופטראָגנ דעמ פאָלקאָמפינ פונ אוססר אויסצוגעפינענ קוועלנ אפ צו געבנ די ייִדישע איבערוואנדערער די נייטיקע הילפ, אונ זייַנע פאָרשלאָגנ וועגנ דער דאָזיקער פראגע זאָל ער צושטעלנ דעמ ראטפאָלקאָמ פונ אוססר אינ משעכ פונ צוויי וואָכנ.

3. פאָרלייגנ דעמ פאָלקאָמארבעט אויסארבעטנ מאָסמיטלענ אפ ארייַנציִענ אינ די פראָיוציר־אונטערנעמונגענ די ייִדישע אָרעמשאפטלעכע יוגנט אינ די ראמענ פונ דער גילטיקער „פארפאנצערונג" („בראָניא"), לייגנדיק אכטונג באזונדערס אפ דער יוגנט, וואָס געפינט זיכ אינ די ייִשוווימ מיט אנ איבערוועגנדיקער ייִדישער באפעלקערונג (אינ די שטעטלעכ).

4. פאָרלייגנ דעמ פאָלקאָמבילד, אז, קאָאָרדינירנדיק די פראגע מיטנ העכסטנ ראטפאָלקווירט, מיטנ אלוקראַיִנישנ פראָפראט אונ מיטנ באפולמעכטיקטנ פונעמ פארבאנדישנ פאָלקאָמפארקער אינ אוססר, זאָל ער האָבנ אינזינענ, באמ פארברייטערנ די נעצ פונ פראָפשולנ אינ 27/1926 לערניאָר צו באפרידיקנ די באדערפענישנ פונ דער ייִדישער יוגנט אינ פראָפשולונג, דערהויפט אינ קוסטאר־האנטווערקערישער, אונ זאָל צושטעלנ דעמ ראטפאָלקאָמ פונ אוססר צו באשטעטיקנ א פראָיעקט וועגנ מאָסמיטלענ צו פארבעסערנ די קולטורעלע באדינונג פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ (אָרגאניזירנ אנ אנטשפרעכיקע צאָל נייַע שולנ פונעמ קומענדיקנ בורזשעט־יאָר אא.).

5. באופטראָגנ דעמ פאָלקאָמבילד, ער זאָל באוואָרענענ, אז די קינדער פונ דער ייִדישער באפעלקערונג זאָל מענ לערנענ אינ די שולנ אפ זייער מוטערשפראכ.

6. באופטראָגנ דעמ פאָלקאָמארבעט, דעמ העכסטנ ראטפאָלקווירט אונ דעמ באפולמעכטיקטנ פונעמ פארבאנדישנ פאָלקאָמפארקער אינ אוססר, אז באמ פאנאנדערוויקלענ די אינדוסטריע־אונטערנעמונגענ אונ אייַזנבאנווירטשאפט, דערהויפט אינ די ערטער פונ קאָמפאקטער ייִדישער באפעלקערונג, זאָלנ אויסגעארבעט ווערנ מאָסמיטלענ אפ ארייַנציִענ אינ דער דאָזיקער פראָדוקציע די ייִדישע ארבעטנדיקע באפעלקערונג.

7. פאָרלייגנ דעמ אָרגאניזיר־אינסטרוקטערישנ אָפטייל באמ סעקרעטאריאט פונעמ וווציק אינ משעכ פונ א כוידעש צייַט פאנאנדערארבעטנ פאָרשלאָגנ וועגנ פארברייטערנ די נעצ פונ די ייִשוווראטנ אינ די ערטער מיט אנ איבערוועגנדיקער ייִדישער באפעלקערונג (שטעטלעכ), אונ אויכ וועגנ דעמ, אז די סאָוועטישע אָרגאנענ זאָלנ ברייטער באדינענ די ייִדישע באפעלקערונג אפ איר מוטערשפראכ.

8. באופטראָגנ דעמ פאָלקאָמפינ פונ אוססר אויסצוארבעטנ אינ א כוידעש צייַט א פראָיעקט פונ קאָנקרעטע מאָסמיטלענ צו פארפינקטלעכנ די שטייַערנ־פאָליטיק אונ די שטייַערנ־פראקטיק בענוגייע די קוסטארנ, וואָס וווינענ אינ די ייִשוווימ פונ שטאָטישנ טיפ, אומאָפהענגיק פונ זייער נאציאָנאלער אָנגעהעריקייַט, אינ דער ריכטונג פונ צוגלייַכנ זיי אינ פראט פונ להאָטעס צו די דאָרפישע קוסטארנ אאוו.

9. באופטראָגנ דעמ פאָלקאָמגעזונט, אז באמ פאנאנדערארבעטנ די אלגעמיינע מאָסמיטלענ צו אָרגאניזירנ מעדיצינישע הילפ פאר דער באפעלקערונג, — זאָל ער לייגנ אכטונג אפ דעמ באזונדערס שווערנ סאניטארנ צושטאנד פונ די ייִדישע שטעטלעכ אונ ייִשוווימ פונ שטאָטישנ טיפ, אונ אָנווייַזנ מיטלענ צו פארבעסערנ דעמ דאָזיקנ צושטאנד.

10. באופטראָגנ דעמ פאָלקאָמיוסט, צוזאמענ מיט די פארינטערעסירטע קאָמיסאריאטנ, ער זאָל אינ דער אלגעמיינער סיסטעמ מיטלענ צומ קאמפ פאר רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכקייַט, פאנאנדערארבעטנ די פראגע וועגנ די מאָסמיטלענ צומ איינשטעלנ א נאָרמאלנ צושטאנד אינ די ייִשוווימ פונ שטאָטישנ טיפ מיט אנ איבערוועגנדיקער ייִדישער באפעלקערונג, באזונדערס א סאָפ מאכנ צו די אומנאָרמאלקייַטנ אינ דער שטייַערנ־אונ שטראפּיר־פאָליטיק אאוו.

פאָרזיצער פונ אלוקראַיִנישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט — ג. פ ע ט ר אָ ו ו ס ק י.

שטעלפארטרעטער פונ פאָרזיצער פונ ראטפאָלקאָמ פונ אוססר — ס ע ר ב י ט ש ע נ ק אָ.

סעקרעטאר פונ אלוקראַיִנישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט — א. ב ו צ ע נ ק אָ.

כארקאָוו, 19 מייַ 1926.

# דעקרעט פונ ווײַסרוסלענדישנ ראטפּאָלקאָמ צומ 10־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע וועגנ דערווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פונ די שטעטלעכ אינ ווססר

1. באוויליקנ דעמ באריכט פונ פאָלקס-קאָמיסאריאט פאר ערד־איניאָנימ וועגנ דער אָפּגעטאָנענער ארבעט אפּנ געביט פונ אײַנאָרדענענ אפּ ערד די יידישע ארבעננדיקע באפעלקערונג אינ ווססר., נעמענדיק צו קענטעניש, אז צומ 10־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט דער פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר ערד־איניאָנימ אײַנגעאָרדנט אפּ ערד 7 951 פאמיליעס אפּ א שטעטכ פונ 49 476 דעסיאטינ.

2. נעמענדיק אינ אכט די היסטאָריש־געשאפענע ווירטשאפטלעכע ניט־אײַנגעאָרדנטקײַט פונ די שטעטלעכ, וואָס אראנק דעמ איז בא א היפשנ טייל פונ דער באפעלקערונג (הויפטזאכלעכ פונ דער יידישער) געווענ אָפּגענומענ די מעגלעכקײַט צו פארנעמענ זיכ מיט פּראָדוקטיווער ארבעט, אונ נעמענדיק אינ אכט, אז דער פּרווו פונ דער סאָוועטישער רעגירונג צו אײַנאָרדענענ די האָרעפּאשנע יידישע באפעלקערונג אונ אנטוויקלענ די קוסטארישע געווערב־קאָאָפּעראציע האָט געגעבנ פּאָזיטיווע רעזולטאטנ — האלטנ פאר נייטיק נאָכ אינעמ לויפנדיקנ ווירטשאפט־יאָר צוצוטרעטנ צומ פּלאנמעסיקנ ווירטשאפטלעכנ אײַנאָרדענענ די שטעטלעכ. באופטראָגנ דעמ מעלוכע־פּלאנ אינ משכ פונ 2 כאדאָשימ אויסצוארבעטנ א קאָנקרעטנ פּלאנ, וואָס זאָל אנטהאלטנ די אנטוויקלונג פונ די ווײַטער אויסגערעכנטע מאָסמיטלענ:

א) די נייטיקײַט אגראריש אײַנצואָרדענענ די שטעטלעכ דורכנ שאפנ ספּעציעלע ערד־פאָנדנ. דורכפירנ די ערד־אײַנאָרדענונג, אָנעמענ אגראָנאָמישע אונ אנדערע מאָסמיטלענ (סערערײַ, גערטנערײַ, מילכ־ווירטשאפט אא.). דער קאָמיסאריאט פאר ערד־איניאָנימ דארפ צושטעלנ אינ מעלוכע־פּלאנ א פּראָיעקט פונ די דאָזיקע מאָסמיטלענ.

ב) פארשטארקנ די טעטיקײַט פונ דער קוסטארישער געווערב־קאָאָפּעראציע אונ אָרגאניזירנ פארשיידענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ.

ג) פארבעסערנ דאָס באזאָרגנ די שטעטלעכ מיט געהילצ־מאטעריאלנ; באזונדערס לייגנ אכט אפּנ אנטוויקלענ די בויונג פונ פײַער־זיכערע געבײַדעס.

ד) אלע ווירטשאפטלעכע מאָסמיטלענ דארפנ באזאָרגט ווערנ מיט געהעריקע קרעדיטנ.

3. זענ, אז אינ פּלאנ פונ לויפנדיקנ יאָר זאָלנ אײַנגעשלאָסנ ווערנ עטלעכע שטעטלעכ אפּ אָנצוהייבנ די ארבעט פונ ווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג.

4. דעמ פּלאנ צושטעלנ דעמ ראטפּאָלקאָמ צו באשטעטיקנ ביזנ 1־טנ יאנוואר 1928 יאָר.

פאָרזיצער פונ ראטפּאָלקאָמ פונ ווססר — גאָלאָדעד

פארוואלטער מיט די ענינ־אָנימ פונ ראטפּאָלקאָמ פונ ווססר — טאָראָז

4־טנ נאָיאבער 1927־טנ יאָר

מינסק.

# אויסצוג פונעם פראָטאָקאָל נומ. 45. זיצונג פונעם פרעזידיום פון צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט פון פססר דעם 24—28־טן מארט 1928

### באטראכט:

וועגן פארפעסטיקן דעם בירעבידזשאנער ראיאָן אינעם ווייַט־מיזרעכדיקן קאנט פון רספסר פארן קאָמיטעט צו איַינאָרדנען די ארבעטנדיקע ייִדן אף ערד („קאָמערד״), וואָס פונקציאָנירט באם פרעזידיום פונעם נאציאָנאליטעטן־ראט פון צאק פססר צוליב די באדערפענישן פון דער איבערוואנדערונג פון די ארבעטנדיקע ייִדן (אריַינגעטראָגן פון דעם „קאָמערד״ און דעם אלפארבאנדישן איבערוואנדערונג־קאָמיטעט; פראָטאָקאָל פון סעקרעטאריאט כון צאק פססר נומ. 41, פונקט 1).

### באשלאָסן:

1. פארפעסטיקן פארן „קאָמערד״ צוליב די באדערפענישן פונעם דורכוויסיקן באזעצן מיט ארבעטנדיקע ייִדן די פרייַע ערדן אינעם בייַאמורער פאס פונעם ווייַטמיזרעכדיקן קאנט, וואָס נעמט אריַין אין זיך דעם בירעבידזשאנער ראיאָן, אין די פאָלגנדיקע לעפּערעכדיקע גרענעצן: איבערן טייַך אמור, מייַרעוודיקער פון דער שטאָט כאבאראָווסק, ביז צו דער לעפּצונג פונעם טייַך כינגאן און מיטן טייַך כינגאן ביז צו דער אייַזנבאן־ליניע; ווייַטער, צאָפנדיקער פונעם אייַזנבאן־פאס צו מיזרעך צו, ביז צו דעם טייַך אורמי, און איבער די טייַכן אורמי און טונגוסקע; און אין מיזרעך־זייַט לויט דער ליניע מייַרעוודיקער פון דער שטאָט כאבאראָווסק.

2. פונעם אָנגעוויזענעם שעטעך אויסשליסן די ערדבאנוץ־שעטעכן פון דער אלטגעזעסענער באפעלקערונג און פון דער קאזאקן־באפעלקערונג, און אויך די שעטעכן, וואָס זייַנען שוין פארנומען מיט איבערוואנדערער, אָדער זייַנען גערעכנט געוואָרן אף זייער נאָמען, ביז ס׳וועט זיך פארענדיקן דער געזעצלעכער טערמין. די שעטעכן, וועלכע באפרייַען זיך אין רעזולטאט פון איַינאָרדענען אף ערד די אָרטיקע באפעלקערונג, צי אין רעזולטאט דערפון, וואָס ס׳האָט זיך פארענדיקט דער געזעצלעכער טערמין פאר די פערזאָנען, וועלכע האָבן פאר זיך פארפעסטיקט ערד־כאלאָקים, נאָר זיי האָבן זיי נאָך ניט פארנומען, דארפן אויך איבערגעגעבן ווערן פאר די באדערפענישן פון דעם איַינאָרדענען אף ערד די ארבעטנדיקע ייִדן.

3. די פרייַע כאלאָקים, וועלכע דער אלפארבאנדישער איבערוואנדערונגס־קאָמיטעט האָט צוגעגרייט אין די גרענעצן פון דעם ראיאָן, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אינעם פונקט 1, דארפן איבערגעגעבן ווערן פאר די אָנגעוויזענע צילן, אָנהייבנדיק פונעם יאָר 1928, און צוליב דעם דארף מען אופהערן אף ווייַטער פארעכענען ערד־כאלאָקים אינעם בירעבידזשאנער ראיאָן ניט לויט די אָרדערס פונעם „קאָמערד״.

4. די גענויע גרענעצן פון דעם ראיאָן, וואָס איז באצייכנט אינעם פונקט 1, איבערגעבן פעסטצושטעלן אפן אָרט דער קאנטישער ערד־פארוואלטונג, דער ראיאָנער איבערוואנדערונג־פארוואלטונג און דעם „קאָמערד״; די רעזולטאטן פון זייער ארבעט מיט אלע מאטעריאלן, נאָך דעם, ווי זיי וועלן באהאנדלט ווערן אין דעם קאנט־אויספירקאָם פונעם ווייַטמיזרעכדיקן קאנט — צושטעלן אין אלפארבאנדישן איבערוואנדערונגס־קאָמיטעט מיט א רעזאָליוציע פונעם פאָלקאָמערד רספסר צו באשטעטיקן.

5. בא גינסטיקע רעזולטאטן פון דעם דורכוויסיקן באזעצן מיט ארבעטנדיקע ייִדן דעם ראיאָן, וואָס איז אָנגעוויזן אין ערשטן פונקט, — האָבן אינזינען די מעגלעכקייַט צו אויסבילדן אף דער טעריטאָריע פון דעם דאָזיקן ראיאָן א ייִדישן נאציאָנאלן אדמיניסטראטיוו־טעריטאָריִעלן איינס.

סעקרעטאר פון צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט פון פססר — א. יענוקידזע.

# אויסצוג פונ דער בײַלאגע צומ פראָטאָקאָל נומ. 324/87. זיצונג פונ ראטפאָלקאָמ פססר, נאָיאבער 1929

17. באטראכט:

וועגנ מאָסמיטלענ צו פארבעסערנ די עקאָנאָמישע לאגע פונ די ייִדישע מאסנ.

באשטימט:

1. אופטראָגנ דעמ מעלוכע־פּלאנ, ער זאָל אײַנשטעלנ — באמ אָנטייל פונ די פארינטערעסירטע אינסטאנצנ — די פינאנסיר־נאָרמעס פאר דער לאנדווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פונ די ארבעטנדיקע ייִדישע איבערוואנדערער. ארויסגייענדיק פונ די באזונדערקייטנ אינ דער עקאָנאָמישער לאגע פונ די איבערוואנדערער, אונ אויכ פונ די באדינגונגענ אינ די אײַנוואנדערונג־ראיאָנענ.

2. אײַנשטעלנ, אז דאָס פינאנסירנ די מאָסמיטלענ פאר דער לאנדווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פונ די ארבעטנדיקע ייִדנ דארפ פאָרקומענ סײַ לויטנ מעלוכישנ בודזשעט סײַ לויט דער סיסטעמ פונ לאנדווירטשאפטלעכנ קרעדיט.

דער מעלוכע־פּלאנ דארפ פעסטשטעלנ צוזאמענ מיט דעמ צענטראלנ לאנדווירטשאפטלעכנ באנק אונ דעמ קאָמערד, וועלכע ווירטשאפטלעכע מאָסמיטלענ ווערנ פינאנסירט לויטנ מעלוכע־געזעצ אונ וועלכע לויטנ לאנדווירטשאפטלעכנ קרעדיט.

3. פאָרלייגנ דעמ אלפארבאנדישנ קאָלווירט־ראט אָנעמענ אלע מיטלענ צו מיטהעלפנ דער קאָלעקטיוויזירונג פונ די איבערוואנדערנדיקע ארבעטנדיקע ייִדנ.

4. פאָרלייגנ דעמ אלפארבאנדישנ ראט פאר פאָלקווירטש.פט אונ פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר טראנספּאָרט פססר פאנאנדערארבעטנ, צוזאמענ מיטנ קאָמערד, די פראגע וועגנ דער אנטוויקלונג פונ אינדוסטריע אונ טראנספּאָרט אינ די ערטער פונ דער דורכויסיקער ייִדישער איבערוואנדערונג (בירע־בידזשאנ).

5. דער פאָלקקאָמארבעט אונ פאָלקאָמפינ פססר דארפנ אָנווײַזנ יעדנ יאָר אסיגנירונגענ אפ קוואליפיצירנ אונ איבערקוואליפיצירנ די ארבעטלאָזע צווישנ דער ייִדישער אָרעמשאפט.

אײַנשטעלנ, אז דאָס קוואליפיצירנ אונ איבערקוואליפיצירנ ארבעטער פאר די אלפארבאנדישע אונטערנעמונגענ דארפ דורכגעפירט ווערנ אפנ כעזשבנ פונ דעמ פאָלקקאָמארבעט אונ דעמ אלפארבאנדישנ העכסטנ ראט פאר פאָלקווירטשאפט, אונ פאר אונטערנעמונגענ פונ דער רעפּובליקאנישער אונ אָרטיקער אינדוסטריע — אפנ כעזשבנ פונ די אנטשפּרעכיקע רעפּובליקאנישע אָרגאנענ.

6. באופטראָגנ דעמ פאָלקקאָמארבעט פססר, ער זאָל, קאָאָרדינירנדיק מיטנ קאָמערד, זיכער־נ דעמ אָפּקלײַב פונ ניט־קוואליפיצירטער ארבעטקראפט פונ דער ייִדישער אָרעמשאפט פאר בוי־ארבעט, וואלד־פארגרייטונג, שאכטעס, ארצ־גרובנס אונ אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ.

7. באופטראָגנ דעמ פאָלקקאָמארבעט פססר ער זאָל קאָאָרדינירנ די פראגע מיטנ קאָמערד אונ פאנאנדערארבעטנ א ריי מאָסמיטלענ צו רעגיסטרירנ אפ דער ארבעט־בירזשע די ייִדישע אָרעמשאפט אינ די ראיאָנענ מיט א קאָמפּאקטער ייִדישער באפעלקערונג.

8. פאָרלייגנ דעמ אלפארבאנדישנ ראט פונ דער געווערב־קאָאָפּעראציע, דעמ פארבאנדישנ העכסטנ ראט פאר פאָלקווירטשאפט אונ דעמ פאָלקקאָמהאנדל פססר צו פארשטארקנ די ארבעט פונ ארומנעמענ די ייִדישע אָרעמשאפט מיט דער קליינער קוסטארישער אינדוסטריע. באזונדערס אָנעמענ מיטלענ:
א) צו פארייניקנ זי אינ קוסטארישע ארטעלנ, ב) באזאָרגנ די ארטעלנ מיט רויסטאָפ אונ קרעדיטנ, ג) אריבערפירנ די ארטעלנ אפ אזעלכע ארבעט־צווײַגנ, וואָס פאָדערנ ניט קיינ דעפּיציטנ רוי־שטאָפ, ד) פארשטארקנ די אָנפירונג מיט די ארטעלנ.

9. באופטראָגנ דעמ אלפארבאנדישנ ראט פונ דער געווערב־קאָאָפּעראציע אונ דעמ מעלוכע־פּלאנ דרינגענדיק אײַנצושליסנ אינ יאָרפּלאנ פונעמ פארבאנדישנ ראט פונ געווערב־קאָאָפּעראציע די נייטיקע מאָסמיטלענ צומ אינטענסיוונ קאָאָפּערירנ די ייִדנ־קוסטארנ אינ די שטעטלעכ. לייגנ אינ יעסאָד דעמ פּלאנ פונ די דאָזיקע מאָסמיטלענ, וואָס עס האָט צוגעשטעלט דער פארבאנדישער ראט פונ געווערב־קאָאָפּעראציע.

געהילפ פונ דעמ פארוואלטער מיט די אינייאָנימ פונ ראטפאָלקאָמ פססר אונ ראט פונ ארבעט אונ שוצ — ס. פלאקסערמאנ.

# וועגן א יִדישן נאַציאָנאַלן אדמיניסטראטיוו־טעריטאָריִעלן איינס אין בירעבידזשאַן

(באַשלוס פון פרעזידיום פון אלרוסלענדישן צענטראַ'ן אויספירקאָמיטעט)

(אויסצוגן פון פראָטאָקאָל פון 30־טן סענטיאבער 1931 יאָר)

1. פאָרלייגן דעם מעלוכע־פּלאַן פון רספסר און דעם ווײַטמיזרעכדיקן אויספירקאָם, צוציִענדיק דעם קאָמערד, טייקעף זיך נעמען פאַנאַנדערארבעטן און צושטעלן ניט שפּעטער ווי אין נאָיאבער ד. י. די קאָנטראָל־ציפערן פאַר אלע צווײַגן פון ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער בויונג אין בירעבידזשאַנער ראַיאָן אויף די יאָרן 1932 און 1933, אָריִענטירנדיק זיך אויף אויסבילדן צו ענדע 1933 י. אין די גרענעצן פון בירעבידזשאַנער ראַיאָן א יִדישן אווטאָנאָמען אדמיניסטראטיוו־טעריטאָריִעלן איינס אינעם באַשטאַנד פון ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט.

2. באַם פאַנאַנדערארבעטן די דאָזיקע קאָנטראָל־ציפערן ארויסגיין פון די פאַראַנענע מעגלעכקײַטן א סאַך צו פאַרשטאַרקן די טעמפּן פונעם ווירטשאַפטלעכן וווּקס פונעם ראַיאָן — אויף דער באַזע פון אנטוויקלען גרויסע אינדוסטריִעלע אונטערנעמונגען אויפן אָרטיקן רויוואַרג (אײַזן, גראַפיט, געהילץ, בוי־מאַטעריאַלן), קוסטאַר־פּראָדוקציע, ראַטווירטישע און קאָלווירטישע בויונג, די געהעריקע וועג־מאָסמיטלען און מעליאָראַטיווע מאָסמיטלען, ווי אויך באַזונדערס פאָרויסזען מאָנמיטלען אויף צו זיכערן די געהעריקע טעמפּן פון בויען וווינהײַזער. אין די דאָזיקע קאָנטראָל־ציפערן פאַרפּראָיעקטירן דעם סכום ארבעטסקראַפט פון יִדישע איבערוואַנדערער אין באַזונדערע צווײַגן פון דער פאָלקווירטשאַפט און די נייטיקע מאָסמיטלען, אז די איבערוואַנדערער זאָלן זיך דאָרט פעסט באַזעצן (הײַזער־בויונג, קולטור־בויונג און אנדערע).

3. דער פאָלקקאָמיסאַר פון רספסר און דער העכסטער ראַט פאַר פאָלקווירטשאַפט פון רספסר דאַרפן טײַ, עס געבן אָנווײַזונגען די אנטשפּרעכיקע ווירטשאַפטלעכע פאַרייניקונגען וועגן דעם, אז באַם אויסארבעטן די קאָנטראָל־ציפערן אויפן יאָר 1932 מוזן זיי ארויסגיין פון דער אײַנשטעלונג, וואָס איז געגעבן אינעם ערשטן פונקט פון דער דאָזיקער באַשטימונג.

4. פאָרלייגן דעם פאָלקקאָמבילד פון רספסר, דעם פאָלקקאָמגעזונט פון רספסר און דעם ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט־אויספירקאָם, זיי זאָלן אָנעמען מיטלען צו פאַנאַנדערוויקלען אין בירעבידזשאַנער ראַיאָן פון 1932 יאָר אָן אזא נעץ קולטור־אויפקלערישע און סאַניטאַר־מעדיצינישע אנשטאַלטן, וואָס זאָל פולשטענדיק באַפרידיקן די באַדערפענישן פון די איבערוואַנדערער, דיסקאָנטירנדיק די ספּעציפישקײַטן פון דער איבערוואַנדערונג אין דעם דאָזיקן ראַיאָן און פאָרויסזען פאַר די דאָזיקע מאָסמיטלען אנטשפּרעכיקע קרעדיטן.

5. פון דער צאָל יִדן, וואָס ענדיקן די הויכשולן, טעכנישע הויכשולן, טעכניקומס, סאָווּפּאַרטשולן אאַ. פאַרבראָנירן א באַשטימטע און גענוגנדיקע צאָל טוער פאַר בירעבידזשאַנער ראַיאָן. דער ווײַטמיזרעכדיקער קאַנט־אויספירקאָם און דער קאָמערד דאַרפן ניט שפּעטער ווי דעם ערשטן אָקטיאבער ד. י. באַשטימען די צאָל נייטיקע קאַדרען פאַרן ראַיאָן אין 1932 יאָר. אנערקענען פאַר נייטיק, אז די דאָזיקע פאָדערונג זאָל אויסגעפילט ווערן אין דער ערשטער ריי — אין מעשעך פון הארבסט־פּעריִאָד ד. י. די קאַדרען־אָפטיילונגען פון די געהעריקע פאָלקקאָמאַטן און אָרגאַנען דאַרפן באַצײַטנס אָנעמען מיטלען, אז די דאָזיקע באַשטימונג זאָל ווערן פּינקטלעך אויסגעפילט.

6. געבן דאָס רעכט דעם בירעבידזשאַנער ראַי־אויספירקאָם פון יאַנוואַר 1932 י. אָן פאַרייניקאַכט אָנצונעמען אין בירגערשאַפט פון ראַטנפאַרבאַנד, לויטן געזעץ פון 22־טן אפּרעל 1931 י. מיט דער שפּעטערדיקער באַשטעטיקונג דורכן ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט־אויספירקאָם.

סעקרעטאַר פון אלצאַק א. קיסעלעוו.

# וועגן פאַרוואַנדלען דעם בירעבידזשאַנער ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן פונעם וויַיטמיזרעכדיקן קאַנט אין א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

(באַשטימונג פון צענטראַלן אויספּירקאָמיטעט פון פססר)

באַטראַכט דעם פאָרשלאָג פונעם אַלרוסלענדישן צענטראַלן אויס-פּירקאָמיטעט וועגן פאַרוואַנדלען דעם בירעבידזשאַנער ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן אין א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, באַשטימט דער צענטראַלער אויספּירקאָמיטעט פון פססר:

די הישטאַדלעס באַפרידיקן, און פאַרוואַנדלען דעם בירעבידזשאַ-נער ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן אין א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינעם באַשטאַנד פון וויַיטמיזרעכדיקן קאַנט.

פאָרזיצער פון צענטראַלן אויספּירקאָמיטעט פון פססר

מ. קאַלינין

סעקרעטאַר פון צענטראַלן אויספּירקאָמיטעט פון פססר

א. יענוקידזע

מאָסקווע, קרעמל, 7-טן מיַי 1934 יאָר

א. קירזשניץ:

די צארישע יערושע.
פרײַדאָרפער יידישער נאציאָנאלער ראיאָן.
די יידישע נאציאָנאלע ראיאָנען אין אוקראינע.
יידישע ארבעטער אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.
קולטור-בויונג צווישן די יידישע מאסן.

ש. בלומבערג:

יידישע קאָלווירטן אין די איבעריקע טיילן פון ראטנפארבאנד.
סאָוועטישע בויונג צווישן די יידישע מאסן.
די סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקייט צוהילף דער יידישער איבערבוי־ארבעט.
די יידישע ארבעטנדיקע אין אויסלאנד העלפן בויען די יידישע אווטאָנאָמע געגנט.

# די צאַרישע יערושע

„א שאנדע דעם פארפלוכטן צאריזם, וועלכער האט געפייניקט און פארפאלגט די יידן. א שאנדע יענע, וואס זייען פיינטשאפט צו יידן, וואס זייען האס צו אנדערע נאציעס“.

לענין.



י אָקטיאבער-רעוואָליוציע, וועלכע האָט באפרייט אלע ארבעטנדיקע פון יעט-ווידער אונטערדריקונג און עקספּלואטאציע, האָט פארניכטעט, נאטירלעך, אויך די נאציאָנאלע אונטערדריקונג און איינגעשטעלט פולשטענדיקע גלייכהייט פאר די האָרעפּאשנע מאסן פון אלע נאציאָנאליטעטן.

שוין די ערשטע טעג פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע — דעם 15-טן נאָיאבער 1917 — האָט דער ראט פון די פאָלקס-קאָמיסארן פארעפנטלעכט א דעקלאראציע וועגן די רעכט פון די רוסלענדישע פעלקער, וועלכע האָט פּראָקלאמירט:

1. די גלייכהייט און סוווערעניטעט פון די רוסלענדישע פעלקער;

2. זייער רעכט אפ פרייער זעלבסטבאשטימונג ביזן אָפּטיילן זיך און בילדן זעלבשטענדיקע מעלוכעס;

3. דאָס אָפּשאפן אלע נאציאָנאלע און נאציאָנאל-רעליגיעזע פּריווילעגיעס און באגרענעצונגען, און

4. די פרייע אנטוויקלונג פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן און עטנאָגראפישע גרופּעס, וואָס לעבן אפ דער טעריטאָריע פון דער ראטן-רעפּובליק.

די ראטנמאכט האָט אָבער, נאטירלעך, ניט גע-קאָנט באנוגענען זיך בלויז מיטן פּראָקלאמירן נאציאָנאלע גלייכבארעכטיקונג. זי האָט זיך באמיט צו פארווירקלעכן א גאנצן קאָמפּלעקס קאָנקרעטע מאָסמיטלען, וועלכע זאָלן פולשטענדיק ליקווידירן אלע שפּורן פון דער צארישער שאָוויניסטישער פּאָליטיק, געזונט מאכן די עקאָנאָמישע לאגע פון די ארבעטנדיקע מאסן פון אלע פריער אונטער-געדריקטע און אָפּגעשטאנענע פעלקער, צוציען זיי צום אקטיוון אָנטייל אין דער סאָציאליסטישער בויונג און אנטוויקלען זייערע קולטורן — נאציאָנא-

לע לויט דער פאָרם און סאָציִאַליסטישע לויטן אינהאַלט.

די דאָזיקע מאָסמיטלען האָבן זיך קאָנקרעט אויסגעדריקט אין שאַפן נאַציִאָנאַלע רעפובליקן און אווטאָנאָמע געגנטן און אינעם פאַרייניקן זיי אין פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע סאָציִאַליסטישע רעפובליקן, וועלכער איז „א לעבעדיקער מוסטער פון דער צוקינפטיקער פאַרייניקונג פון די פעלקער אין אן איינהייטלעכער וועלט-ווירטשאַפט" (סטאַלין); אין אינדוסטריִאַליזירן די נאַציִאָנאַלע רעפובליקן און אווטאָנאָמע געגנטן, וועלכע זײַנען באַם צאַריזם פאַקטיש געווען קאָלאָניעס פון דער רוסישער בורזשואַזיע; אין אויסבילדן אן אינדוסטריעלן פראָלעטאַריִאַט און קאָלווירטישן פויערטום פון די האָרעפּאַשנע מאַסן פון די פריִער אָפגעשטאַנענע פעלקער; אינעם באַזעצן די וואַנדער-פעלקער אַף באַשטענדיקע וווינ-ערטער און באַהעפטן זיי צו פּראָדוקטיווער אַרבעט; אין שאַפן אַלע באַדינגונגען, וואָס זײַנען נייטיק פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אַלע נאַציִאָנאַליטעטן פונעם ראַטן-פאַרבאַנד.

אָט די אַלע מאָסמיטלען זײַנען, פאַרשטייט זיך, אָנגעווענדט געוואָרן אין א פולער מאָס אויך צו די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן און אָרעמשאַפט. אָבער דערפאָלגרײַך פאַרווירקלעכן זיי, ד.ה. פול-שטענדיק ליקווידירן די פאַקטישע נאַציִאָנאַלע אומגלײַכהײַט פון די ייִדישע מאַסן, וועלכע די צאַרישע זעלבסטהערשונג האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן אונטערגעדריקט און פאַרפאָלגט אַף א באַזונדערס גרויזאַמען און ברוטאַלן אופן, איז, נאַטירלעך, געווען פיל שווערער און קאָמפּליצירטער, איידער בא פיל אַנדערע פעלקער פון ראַטן-פאַרבאַנד. צו ליקווידירן די פאַרפלוכטע ירושה פון צאַריזם בא די ייִדישע אַרבעטנדיקע און בא דער ייִדישער אָרעמשאַפט זײַנען דעריבער געווען נייטיק, אויסער די אַלגעמיינע, אויך ספּעציִעלע מאָס-מיטלען, וועלכע די סאָוועטן-רעגירונג האָט פּלאַנמעסיק אָנגעווענדט מיט איר געוויינלעכער אַנטשיידנקײַט און קאָנסעקווענטקײַט אין משך פון די רעוואָליוציע-יאָרן און ווענדט זיי אָן נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג.

קעדיי צו באַקומען א קאָנקרעטע פאָרשטעלונג וועגן די ווירקלעכ קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען, וואָס די סאָוועטן-רעגירונג, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, האָט זיך דערשלאָגן אין אַזא, היסטאָריש גענומען, קורצער צײַט אין דעם ענדגילטיקן לייזן די אַזויגערופענע „אייביקע" „ייִדן-פראַגע", איז דורכויס נייטיק כאָטש אינקורצן אופשטעלן אין זיקאָרן די אויסערגעוויינלעכע לאַגע, אין וועלכער די ייִדישע מאַסן האָבן זיך געפונען אין צאַריש-פריצישן רוסלאַנד, ווו די זאָאָלאָגיש-אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג האָט זיי געבראַכט צום ראַנד פון עקאָנאָמישן און קולטורעלן אונטערגאַנג.

עס איז, פאַרשטייט זיך, ניט מעגלעך — און פילײַכט אויך ניט נייטיק — צו געבן דאָ אַן אויספירלעך בילד פון אַלע פילצאָליקע גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען, ראַפינירטע אינקוויזיציע-אַכזאָריעס, דערנידערונגען, שוידערהאַפטע רעציכעס און מערדערײַען, וואָס די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן זײַנען אין משך פון הונדערטער יאָרן אויסגעשטאַנען אין צאַרישן רוסלאַנד, ווו די אָפיציִעלע פּאָליטיק פון די מאַכטהאָבער איז געווען טיף דורכגעדרונגען מיט ווילד-זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, ווו די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק האָט געשאַפן העכער 700 ספּעציִעל-ייִדישע אויסנאַם-געזעצן, וואָס האָבן פאַקטיש געשטעלט די ייִדישע מאַסן אויסער יעטווידער געזעץ און פאַרורטיילט זיי צום אומפאַרמײַדלעכן אונטערגאַנג. פאַר אונדזער אופגאַבע וועט זײַן פולקום גענוג צו פאַרצייכענען דאָ בלויז די גרונט-שטריכן און מער בולטע אַנטפּלעקונגען פון דער צאַרישער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק און פעסטשטעלן איר קאָלאָסאַלע ווירקונג אַף דער סאָציִאַלער סטרוקטור, אַפן עקאָנאָמישן, רעכטלעכן און קולטורעלן צושטאַנד פון די מיליאָנען ייִדישע אַרבעטנדיקע און אָרעמשאַפט, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען ביז סאַמע דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע.

**דער „טכום"** צווישן די פילצאָליקע און פאַרשיידנאַרטיקע באַגרענעצונגען, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אײַנגעשטעלט פאַר די ייִדישע מאַסן, איז אָן שום צווייפל די גרויזאַמסטע, לויט איר פּראַקטישער באַדײַטונג און לויט אירע פאָלגן, געווען די באַגרענעצונג פונעם וווינרעכט. אין 1791-טן יאָר האָט די קייסערינע קאַטערינע II אַרויסגעגעבן א געזעץ, וואָס האָט באַגרענעצט דאָס וווינרעכט פון דער מיליאָניקער ייִדישער באַפעלקערונג מיט א באַשטימטער טעריטאָריע, וואָס איז באַשטאַנען פון א טייל הײַנטיקן פוילן, ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע. די דאָזיקע טעריטאָריע איז געווען א געשלאָסענע „געטאָ", און אויסער איר האָבן די ייִדישע מאַסן ניט געהאַט קיין רעכט צו וווינען. די גאַנצע איבערי-



פון דער צאַרישער פאַרגאַנגענהייט. שטעטלדיקער האַנדל

קע טעריטאָריע פון דער רוסלענדישער אימפּעריע, די אינדוסטריעלע צענטערס, די הויפּט־שטעט, סיביר, קאַווקאַז, קרים, דאָנבאַס אאַוו. זײַנען פאַר זיי געווען אינגאַנצן פאַרשלאָסן. בלויז פאַר די גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטן און דער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ האָט די צאַרישע זעלבסטהערשונג געמאַכט אַן אויסנאַם: זיי איז געווען דערלויבט צו וווינען קימאַט איבערן גאַנצן לאַנד. אין דעם „תּחום“ גופא איז דאָס וווינרעכט פון די ייִדישע מאַסן געווען שטאַרק באַגרענעצט. זיי האָבן געמעגט וווינען בלויז אין די שטעט און שטעטלעך, אָבער ניט אין די דערפער. אפילו די אָרט־געבוירטיקע ייִדישע אײַנוווינער פון די דערפער האָט מען צוביסלעך פון דאָרטן אַרויסגעשיקט. אין משך פון די 125 יאָר, וואָס עס האָט עקזיסטירט דער „תּחום“, האָט זיך זײַן טעריטאָריע אָפט געענדערט, צענדליקער שטעטלעך פלעגן פּלוצלינג דערקלערט ווערן פאַר דערפער. דאָס האָט געבראַכט צו אָפטע גירושים, וועלכע פלעגן דורכגעפירט ווערן מיט די ווילדסטע גרויזאַמקייטן, און האָבן נאָך מער רויִנירט און פאַראָרעמט צענדליקער טויזנטער ייִדישע האָרעפּאַשניקעס.

דער ווילקיר פון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע אינעם אויסטײַטשן און אינעם אָנווענדן דעם געזעץ וועגן „תּחום“ האָט ממש ניט געהאַט קיין גרענעצן און פלעגט אָפט דערגיין ביז אַנעקדאָטישער ווילדקייט. קי, וואָס האָבן געהערט צו ייִדן, איז געווען פאַרבאָטן צו פּאַשען זיך אויסער דער שטאָט אָדער שטעטל, ווײַל... זייערע באַלעבאַטים האָבן דאָרטן ניט געהאַט קיין וווינרעכט. פיל אָרטיקע סאַטראַפּן פלעגן ניט דערלויבן ייִדן אַרויסצופאָרן אַף די זומער־כאַדאָשים אויסער דער שטאָט. אייניקע פון זיי האָבן אפילע געפּרוּווט צו פאַרבאָטן באַגראָבן ייִדישע מייסים אַף די בעסאַלמענס, וואָס האָבן זיך געפונען אויסער די גרענעצן פון שטאָט.

די, וועמען די נויט האָט געצוווּנגען צו ברעכן דעם געזעץ וועגן „תּחום“, פלעגן אויסשטיין די גרעסטע צאָרעס און מאָראַלישע דערנידעריקונגען. וווינען אומלעגאַל אין אַ שטאָט אויסערן „תּחום“ האָט געהייסן אָפט ניט האָבן קיין נאַכטלעגער און זײַן געצווּנגען ביזן פרימאָרגן צו „שפּאַצירן“ איבער די גאַסן; זײַג שטענדיק פאַריאָגט און פאַרוואָגלט; מוירע האָבן פאַר יעדן פּאָליציִאַנט און הויז־וועכטער און סאָפּקאָלסאָפּ אַרײַנפאַלן אין אַ נאַכט-אונטערזוכונג, נאָך וועלכער די רעכטלאָזע פלעגן געווינלעך מיטן עטאַפּ אַרויסגעשיקט ווערן צוריק אין „תּחום“, אין זייערע שטענדיקע וווינערטער. אַ מיידל אָדער אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט געוואָלט „לעגאַל“ וווינען אויסערן „תּחום“, פלעגט אָפטמאָל אַרויסנעמען אַ צײַגעניש, אַז זי פאַרנעמט זיך מיט פּראָסטיטוציע, און די פּאָליציי האָט געהאַט רעכט צו קאָנטראָלירן, צי זי באַשעפטיקט זיך ווירקלעך מיט דעם דאָזיקן פאַך...

### די עקאָנאָמישע פּאָלגן

צונויפגעשטיקט אין די עקאָנאָמיש-אָפּגעשטאַנענע שטעט און שטעטלעך פון „טכום", ווו די אינדוסטריע איז געווען ביז גאָר שוואַך אַנטוויקלט, האָבן די מיליאָנען ייִדישע אַרבעטנדיקע און אָרעמשאַפט ניט געהאַט, ווו אָנצווווענדן זייער אַרבעטקראַפט. ביפּראַט נאָך, אַז די צאַרישע זעלבסטהערשונג האָט אַפּ אַ „געזעצלעכן" אויפן ביז גאָר פאַרקלענערט אַפילע יענע נישטיקע מעגלעכקייטן, וואָס זייַנען געווען אין „טכום".

אין די אונטערנעמונגען פון דער גרויסאינדוסטריע, אַפן אייַזנבאַן-טראַנספּאָרט, אין פּאָטשט און אַפן טעלעגראַף איז געווען פאַרבאָטן אָנצונעמען ייִדישע אַרבעטנדיקע. צו דער לאַנדווירטשאַפט האָט מען זיי ניט צוגעלאָזן. פאַרקערט, די צאַרישע געזעצן האָבן אָפּגעריסן פון ערדאַרבעט אַ טייל ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, וואָס זייַנען געווען מיט איר פאַרבונדן. פאַרבליבן אַפּ ערד זייַנען בלויז די ייִדישע קאָלאָניסטן אין דאָרעם־אוקראַיִנע און אין געציילטע אַנדערע ראַיאָנען.

קינסטלעך צונויפגעפּרעסט אין דער ענגער שטייַג פון „טכום", ניט האָבנדיק קיין צוטריט צו דער אינדוסטריע, צו דער לאַנדווירטשאַפט און צום מעלוכע-אַפּאַראַט, זייַנען די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס געווען געצוווּנגען צו באַשעפטיקן זיך הויפּטזאַכלעך מיט האַנטווערקערייַ, און אַ באַדייַטנדיקער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג — מיט האַנדל און מעקלערייַ. אַ היפּשער טייל פון דער ייִדישער אָרעמשאַפט איז געווען אינגאַנצן דעקלאַסירט, ניט געהאַט קיין שום באַשעפטיקונג.

ווי שרעקלעך די מיטלאַלטערלעכע צאַרישע געזעצגעבונג און די אַנטיסעמיטישע פּראַקטיק פון די צאַרישע סאַטראַפּן האָבן צעקאַליעטשעט די סאָציאַלע סטרוקטור פון די ייִדישע מאַסן, קאָן מען קלאָר זען פון די פאָלגנדיקע ציפער:

לויט די מאַטעריאַלן פון דער אַלרוסלענדישער פאָלקציילונג פון יאָר 1897, זייַנען איבער 38 פּראָצענט פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג געווען באַשעפטיקט מיט האַנדל, ביז 35 פּראָצ. — מיט האַנטווערקערייַ; 5,5 פּראָצענט האָבן ניט געהאַט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג, איבער 11 פּראָצענט האָבן זיך פאַרנומען מיט פרייַע פּראָפעסיעס (אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, לערער, מעלאַמדים) און בלויז 2,2 פּראָצענט — מיט לאַנדווירטשאַפט.

די געבראַכטע ציפער ניטיקן זיך זיכער ניט אין קיין פאַרטייַטשונגען. עס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך, ווי אויסערסט אומנאָרמאַל עס איז, ווען דרייַ פערטל באַפעלקערונג איז באַשעפטיקט מיט האַנדל און האַנטווערקערייַ, ווען דער שיכט פאַבריק־זאַוואָדישע פּראָלעטאַריער און פּויערים איז ביז גאָר נישטיק, ווען איבער אַ צענטל „פרייַע פּראָפעסיעס" באַטייַט מער ווי אַפּ אַ העלפט מעלאַמדים, מאַגידים, קלעזמער אַדג. ווען 5,5 פּראָצענט זייַנען אָפיציעל „לופט־מענטשן"!

דעם מאַטעריאַלן „וווילשטאַנד" פון די ייִדישע מאַסן כאַראַקטעריזירן גאַנץ בולעט די סאַכאַקלען פון דער עקאָנאָמישער אויספאָרשונג, וואָס די „ייִדישע קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט" („יעקאָ") האָט דורכגעפירט אין די יאָרן 1898 — 1899.

80 פּראָצענט פון אַלע שנייַדער, וואָס זייַנען געוואָרן אויסגעפאָרשט אין פּוילן, האָבן פאַרדינט ווינציקער פון 25 רובל אַ מאָנאַט; בא אַ טייל פון זיי האָט דער מאָנאַטלעכער פאַרדינסט באַטראָפן ניט מער פון 8—9 רובל. אין די געוועזענע וואָלינער און פּאָדאָליער גובערניעס (אוקראַיִנע) האָט דער דורכשניטלעכער יערלעכער פאַרדינסט פון דער מערהייַט שנייַדערס און סטאָליערס באַטראָפן פון 120 ביז 200 רובל, און בא די שוסטער — אַפילע ווינציקער פון 100 רובל. דער פאַרדינסט פון די וועש־נייטערנס איז געווען 25 — 50 רובל אַ יאָר, דה. פון 50 קאָפּ. ביז 1 רובל אַ וואָך.

ניט פיל בעסער איז געווען די מאַטעריעלע לאַגע פון די קליינע הענדלער, וואָס האָבן באַטראָפן די גרעסטע מערהייַט צווישן די, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל. לויט אָפיציעלע יעדיעס, וואָס באַציִען זיך צו דער זעלביקער צייַט, האָט די מערהייַט קרעמלעך אין די גרעסטע 9 שטעט פון „טכום" געהאַט סכוירע אַפּ אַ סומע פון 4 ביז 15 רובל, און דער וועכנטלעכער פאַרדינסט פון זייערע באַלעבאַטים האָט באַטראָפן 2—2,5 רובל.

וויאַזוי עס האָט זיך געלעבט די אָפיציעל דעקלאַסירטע עלעמענטן, און אויך די פּויערים, וואָס האָבן געהאַט אַ פערטל און ווינציקער העקטאַר ערד אַפּ אַ מענטשן, איז ניט שווער פאָרצושטעלן זיך.

די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן — די פאַבריקאַנטן, באַנקירן, ערד־אַרענדאַטערס, גרויסע סאָכרים, אַ טייל פון דער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ — האָט זיך באַם צאַריזם גראָד געלעבט ניט שלעכט. זיי האָבן פאַקטיש ניט געוווּסט פון די באַגרענעצונגען און פאַרפאָלגונגען. אָבער די מיליאָנען

ייִדישע ארבעטנדיקע און אָרעמשאפט האָבן געלעבט אין שרעקלעכן דאלעס און נויט, האָבן זיך מאסנווײַז דעקלאסירט און שנעל געקײַקלט זיך צום פולשטענדיקן עקאָנאָמישן אונטערגאנג.

### פראָצענט-נאָרמע

דאָס צארישע רוסלאנד איז געווען דאָס איינציקע לאנד, ווו פאר דער ייִדישער יוגנט איז געווען קימאט אינגאנצן פארשטעלט דער וועג צו נאָרמאלער שולבילדונג. דער ייִדישער יוגנט, איבערהויפט די קינדער פון דער אָרעמשאפט, האָט די צארישע זעלבסטהערשונג געגעבן די ברייטסטע מעגלעכקײַטן אָנצוהייבן זייער „בילדונג" אין דער מיטלאלטערלעכער טאלמעטוירע אָדער אין כיידער און פארענדיקן זי — אין דער יעשיווע. די טירן פון דער אלגעמיינער שול זײַנען פאקטיש פאר אָט־דער יוגנט געווען אינגאנצן געשלאָסן. אויב אין דער מיטלשול האָט די צארישע זעלבסטהערשונג צוגעלאָזן 10 פראָצענט ייִדישע שילער, און אין די הויכשולן 3—5 פראָצענט, איז קלאָר, אז מיט אָט די „רעכט אפ בילדונג" האָבן געקאָנט באניצן זיך בלויז די קינדער פון די פארמעגלעכע קלאסן, וואָס זײַנען געווען אימשטאנד צוצוגרייטן זיך צו די עקזאמענעס בא די „קאזיאָנע" לערער, האָבן געקאָנט פאָרן לערנען זיך אין אזעלכע שטעט, ווו עס זײַנען געווען ווינציק ייִדישע „קאָנקורענטן" אפ די געציילטע פרײַע פלעצער, האָבן, אין ערגסטן פאל, געקאָנט פאָרן לערנען זיך אין אויסלאנד. פאר די מיליאָנען ייִדישע ארבעטנדיקע און אָרעמשאפט אָבער האָט די פראָצענט־נאָרמע פארשלאָסן אפ זיבן שלעסער אלע מיטלע און העכערע לערן-אנשטאלטן.

### די בלוטיקע פאָגראָמען

איינע פון די ברוטאלסטע אנטפלעקונגען פון דער זאָאָלאָגיש־אנטיסעמיטישער פאָליטיק פון רוסישן צאריזם זײַנען געווען די בלוטיקע ייִדישע פאָגראָמען, וואָס די צארישע סאטראפן האָבן פיל מאָל אָרגאניזירט קימאט אין אלע שטעט און שטעטלעך פון „טכום". אין אלע שווערע מאָמענטן פארן צאריזם, יעדעס מאָל, ווען דער צארישער טראָן פלעגט זיך טרייסלען, פלעגט די זעלבסטהערשונג, קעדיי אָפצווענדן פון זיך דעם צאָרן פון די אויסגעהונגערטע און אופגערעגטע מאסן, אָנרייצן זיי אפ דער ייִדישער אָרעמשאפט, ווי אפן קלוימערשטן הויפט-שולדיקער אין אלע צאָרעס און ליידן, און אונטער דער אָנפירונג און מיטן אקטיוון אָנטייל פון די זשאנדארמען, פאָליציי,

און שפעטער — אויך רעגולערע מיליטער-טיילן, האָט זי אָרגאניזירט הונדערטער ייִדישע פאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער שרעקלעכסטער אכזאָריעס.

ביזן אימפעריאליסטישן קריג האָט די צארישע זעלבסטהערשונג אָרגאניזירט און דורכגעפירט צוויי גרויסע „פאָגראָם־קאמפאניעס", וועלכע האָבן געקאָסט דער ייִדישער אָרעמשאפט און ארבעטנדיקע מאסן צענדליקער טויזנטער קארבאָנעס — דערמאָרדעטע, פארווונדעטע, צעקאליעטשעטע, פארגוואלדיקטע פרויען, צענדליקער טויזנטער ענדגילטיק רויִנירטע, אָן קיין שום מיטלען צום לעבן.

די ערשטע פאָגראָם-„קאמפאניע" האָט דער צאריזם דורכגעפירט אין די יאָרן 1881—1882 באלד נאָך דעם, ווי די דעמלטיקע רעוואָליוציאָנערן (די „נאראָדאָוואָלצעס") האָבן אויסגעפירט זייער טויט-אורטייל איבער דעם קייסער אלעקסאנדער II. דער נײַער קייסער, אלעקסאנדער III, האָט שטארק מוירע געהאט פאר די ארבעטלאָזע און ערדלאָזע פויערים. קעדיי אָפצווענדן זייער צאָרן פון דער זעלבסטהערשונג, פון די פריצים און פאבריקאנטן, האָבן די צארישע הענקער דורך א ווילדער אנטיסעמיטישער העצע צוגעגרייט א באָדן פאר ייִדישע פאָגראָמען, וועלכע זיי האָבן שפעטער געהאָלפן אָרגאניזירן און דורכפירן. די ערשטע פאָגראָם-„קאמפאניע", וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן דעם 15-טן אפרעל 1881 מיטן פאָגראָם אין יעליסאוועטגראד (איצט קיראָווסק), האָט ארומגענומען בא 150 שטעט און שטעטלעך פון אוקראַיִנע, און האָט זיך פארענדיקט דעם 29-טן מארט 1882 מיטן פאָגראָם אין באלטע. די ייִדישע שטאדלאָנים האָבן געפרווּט אפעלירן צו אלעקסאנדער III, נאָר ער האָט זיי פרעך און ציניש געענטפערט: „די מײַרעוו-גרענעצן זײַנען פאר די ייִדן שטענדיק אָפן..."

צווישן דער ערשטער און צווייטער פאָגראָם־„קאמפאניעס" זײַנען פאָרגעקומען עטלעכע איינצלנע פאָגראָמען — אין טשענסטאָכאָוו, קישינעוו און האָמעל. די לעצטע צוויי, איבערהויפט דער קישינעווער פאָגראָם, האָט מיט זײַנע ווילדע בלוטיקע רעציכעס איבערגעשטיגן אלע מערדערײַען פון די פריִערדיקע פאָגראָמען און האָט אופגערודערט די ארבעטנדיקע מאסן פון דער גאנצער וועלט.

די צווייטע פאָגראָם־„קאמפאניע" איז געקומען אלס ענטפער פון דער בלוטיקער צארישער קאָנטער־רעוואָליוציע אפן ערשטן זיג פון דער רעוואָליוציע

פונעם יאָר 1905. די דאָזיקע פּאָגראָם־„קאמפּאניע“, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט דורך דער צענטראַ־לער רעגירונג, און אין וועלכער עס האָבן זיך אַקטיוו באטייליקט רעגולערע מיליטער־טיילן, איבער־הויפּט קאָזאַקן, האָט ארומגענומען איבער 150 שטעט, שטעטלעך און דערפער פון אוקראַינע און א טייל ווײַסרוסלאַנד.

די אַלע פּאָגראָמען זײַנען פּאָרגעקומען אין מעשעך פון צוויי וואָכן — פון העלפט אָקטיאבער ביזן אָנהייב נאָיאבער 1905. לויט דער אָפיציעלער, שטארק פארקלענערטער, סטאטיסטיק זײַנען אין אָט־די פּאָגראָמען דערהארגעט געוואָרן פון 3 500 ביז 4 000 ייִדן און פארווונדעט געוואָרן העכער 10 000 ייִדן. אין דערווירקלעכקייט איז די צאָל קאָרבאָנעס, פארשטייט זיך, געווען א פיל גרעסערע.

בלויז אין איין שטאָט אָדעס זײַנען אין דער צײַט פון פּאָגראָם דערהארגעט געוואָרן 400, פאר־וווּנדעט און צעקאַליעטשעט 1 000 און צערויִנירט געוואָרן העכער 40 טויזנט טענטשן.

די באָלשעוויסטישע פארטיי בעראָש מיט לע־נינען האָט די גאנצע צײַט אנטשיידן באקעמפט די פּאָגראָם־אגיטאציע, מאָביליזירט און אָרגאניזירט די פּראָלעטארישע מאסן צום באוואָפנטן קאמף קעגן די ייִדישע פּאָגראָמען, אלס איינער פון די אנטפּלעקונגען פון דער צארישער קאָנטררעוואָ־ליוציע.

אין צענדליקער שטעט זײַנען די צוגעגרייטע פּאָגראָמען ניט פּאָרגעקומען, אדאנק דער אקטיווער אַרײַנמישונג פון די רעוואָליוציאָנערע ארבע־טער פון פארשיידענע נאציאָנאַליטעטן. אין פיל שטעט האָבן די באוואָפנטע ארבעטער דער־שטיקט די פּאָגראָם־ארויסטרעטונגען באם סאמע אָנהייב. דאָרט, ווו דאָס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, האָבן די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס, מיט געווער אין די הענט מוטיק געקעמפט קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, זייערע אָנפירער און אונטער־העצער.

**ריטועלע פּראָצעסן** די צארישע זעלבסטהערשונג פלעגט פון צײַט צו צײַט לאָזן אין גאנג אויך אזא פארזשאווערט אנטיסע־מיטיש געווער, ווי די מיטלאלטערלעכע ריטועלע פּראָצעסן, די נארישע און אומגעלומפּערטע בא־שולדיקונג, אז ייִדן געברויכן קריסטלעכע בלוט אף פייסעך. אזעלכע פּראָצעסן, וועלכע פלעגן זיך געוויינלעך ציִען יאָרנלאנג און אף אזא אויפן

שאפן גינסטיקע באדינגונגען פאר א ברייטער אנטי־סעמיטישער העצע אף א קלוימערשט קאָנקרעטן באָדן און אין דער זעלביקער צײַט כאדאָשים און יאָרן טעראָריזירן די ייִדישע מאסן פון דער גאנ־צער געגעבענער אומגעגנט, זײַנען אין צארישן רוסלאנד פאָרגעקומען א היפש ביסל. אזעלכע פּראָצעסן זײַנען אין רוסלאנד פאָרגעקומען פאר פּאוועל I (דער כענער בלוט־בייבל), פאר ניקאָלײַ I (דער וועליזשער בלוט־בייבל), פאר אלעקסאנ־דער III אא.

באזונדערס דארף דערמאָנט ווערן דער בייליס־פּראָצעס, וועלכן ניקאָלײַ דעם בלוטיקנס רעגירונג האָט אינסצענירט אין 1912—1913 אין קיִעוו. די באשולדיקונג קעגן דעם ייִדישן אָנגעשטעלטן מענדל בייליס, אז ער האָט קלוימערשט צוליב ריטועלע צוועקן דערמאָרדעט דאָס רוסישע ייִנגל יושטשינ־סקי, האָט, פארשטייט זיך, ניט געהאט קיין שום באָדן. ניט געקוקט אף אלע באמיִונגען און פּראָוואָקאציעס פון דער צארישער יוסטיץ, האָט די אויספאָרשונג, וועלכע האָט זיך געצויגן קימאט צוויי יאָר, ניט גע־קאָנט אויסגעפינען קיין איין וועגנטלעכן באווײַז, וואָס זאָל באשטעטיקן די באשולדיקונג. און דאָך איז דער פּראָצעס פּאָרגעקומען. עמעס, מענדל בייליסן האָט דער געריכט אנערקענט פאר אומשולדיק. אָבער די גאנצע צוויי יאָר, וואָס די אויספאָרשונג און דער פּראָצעס האָבן זיך געצויגן, האָט די אָפיציעלע רעגירונג־פּרעסע און די פּילצאָליקע שווארצמייעדיקע צײַטונגען געהאט די מעגלעכ־קייט צו פירן א ברייטע אנטיסעמיטישע העצע, צו רייצן די אָפּגעשטאנענע שיכטן פון דער בא־פעלקערונג קעגן די ייִדישע מאסן.

**מאסן־אויס־וואנדערונג** דער אויבער־פּראָקוראָר פונעם צא־רישן „הייליקן סינאָד“, דער יעזויִט פּאָבעדאָנאָסצעוו, וואָס האָט אינ־ספּירירט און „טעאָרעטיש“ באגרינדעט די רעאק־ציאָנערע פּאָליטיק פון די לעצטע צוויי ראָמאנאָווס, האָט אזוי פרעכ־ציניש פאָרמולירט די פּאָליטיק, וואָס די צארישע זעלבסטהערשונג דארף אָנווענדן צו די ייִדישע מאסן: „מע דארף—האָט ער געזאָגט—פירן אזא פּאָליטיק, אז איין דריטל ייִדן זאָל זיך שמאדן, דאָס צווייטע — זאָל אויסשטארבן, און דאָס דריטע — עמיגרירן“.

אלעקסאנדער III און ניקאָלײַ II האָבן געטאָן אלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט, קעדיי צו רעאליזירן די פּאָרמול פון זייער יעזויִטישן דערציִער, און דעם לעצטן טייל אירן האָט זיך זיי ווירק־

לעכ אײַנגעגעבנ אויסצופילנ אפ אלע 100 פּראָ־ צענט.

אונטערנ דרוק פונ דער אקטיווער אנטיסעמי־ טישער פּאָליטיק, פונ די פּאָגראָמענ אונ אנדערע רעדיפעס, וואָס האָבנ שרעקלעכ רויִנירט אונ פאר־ אָרעמט די ייִדישע מאסנ, האָבנ פאר די יאָרנ 1881—1914 עמיגרירט פונ צארישנ רוסלאנד ביז צוויי מיליאָנ ייִדנ, דה. א דריטל פונ דער גאנצער ייִדישער באפעלקערונג אינ רוסלאנד. א באזונדערס גרויסע צאָל אויסוואנדערער האָבנ גע־ געבנ די יאָרנ פונ די פּאָגראָמ־כוואליעס, די יאָרנ באלד נאָכנ דערשטיקנ די ערשטע רוסישע רעוואָ־ ליוציע. דענסטמאָל האָבנ אויסגעוואנדערט ביז 150—160 טויזנט מענטשנ א יאָר. עמיגרירט פונ צארישנ רוסלאנד האָבנ קימאט אויסשליסלעכ די ארבעטנדיקע עלעמענטנ. צווישנ די עמיגראנטנ פונ די יאָרנ 1901—1906 זײַנענ געווענ: האנטווער־ קער — 63 פּראָצענט, דינערשאפט — 25 פּראָצענט, ערדארבעטער אונ פּערזאָנענ פונ פרײַע פּראָפע־ סיעס — 1,3 פּראָצענט אונ הענדלער בלויז 1 פּראָ־ צענט. אויסגעוואנדערט האָבנ די ייִדישע ארבעטנ־ דיקע אונ אָרעמשאפט ניט אפ א צײַט, ווי די אויסוואנדערער פונ אנדערע פעלקער, וואָס פלעגנ זיכ מערסטנטייל אינ עטלעכע יאָר ארומ צוריק־ קערנ אינ זייערע היימ-לענדער, נאָר אפ שטענדיק. פונ די איטאליענישע עמיגראנטנ האָבנ זיכ פאר די יאָרנ 1891—1910 קימאט צוויי דריטל (61 פּראָצ.) אומגעקערט צוריק קיינ איטאליע; פונ די רוסישע, אוקראַיִנישע אונ ווײַסרוסישע — 41 פּראָ־ צענט, אונ פונ די ייִדישע — בלויז 8 פּראָצענט. די ייִדישע ארבעטנדיקע, פאר וועלכע דאָס צארי־ שע רוסלאנד איז געווענ א טאָפּלט בייזע שטיפ־ מוטער, האָבנ אפ שטענדיק פארלאָזנ דאָס לאנד פונ „טכום”, גיירושימ אונ בלוטיקע פּאָגראָמענ.

עס וואָלט אָבער געווענ דורכויס ניט ריכטיק פונ דעמ צו מאכנ דעמ אויספיר, אז אלע ייִדישע ארבעטנדיקע האָבנ געזוכט א רעטונג בלויז אינ דער אויסוואנדערונג. די גרעסטע מערהײַט פונ זיי איז, פארקערט, פארבליבנ אינ רוסלאנד, אונ צענדליקער טויזנטער פונ זיי — האָבנ האנט-בא־ האנט מיט די פּראָלעטארישע מאסנ פונ די אנ־ דערע רוסלענדישע נאציאָנאליטעטנ, אינ א היפשנ טייל אינ די רייענ פונ די באָלשעוויסטישע אָרגאניזאציעס, אקטיוו באטייליקט זיכ די גאנצע צײַט אינ קאמפ קעגנ דעמ צאריזמ אונ פארנ זיג פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. ניט ווינ־ ציק רעוואָליוציאָנערע ייִדישע ארבעטער זײַנענ



פונ דער צארישער פארגאנגענהײַט. א ייִדישע פּאַרנאָסע

געפאלנ אפ די באריקאדעס, זײַנענ אומגעקומענ אפ די צארישע טליִעס, אינ קאטערגע אונ אינ פארשיקונג.

**די אימפּעריאליסטישע בלוטבאד**

דער אימפּעריאליסטישער קריג האָט נאָכ מער פארערגערט די עקאָנאָ־ מישע לאגע, פארטיפט די רעכטלאָ־ זיקײַט אונ פארפילפאכט די אנטיסע־ מיטישע פארפאָלגונגענ, מערדערײַענ אונ גוואלדטאטנ בענעגייע די ברייטסטע מאסנ ייִדישע ארבעטנדיקע אונ אָרעמ־ שאפט. די מילכאָמע-פראָנטנ האָבנ, ווי באוווסט, ארומגענומענ אלע טיילנ פונעמ געוועזענעמ „טכומ”. הונדערטער שטעט אונ שטעטלעכ זײַנענ אינגאנצנ אומגעקומענ בייס די שלאכטנ. צענדליקער טויזנ־ טער ייִדישע ארבעטנדיקע זײַנענ פולשטענדיק רויִ־ נירט געוואָרנ אינ רעזולטאט פונ די שלאכטנ, סריי־ פעס, אופרײַסנ ארג. א פיל גרעסערע צאָל ייִדישע

האָרעפאשניקעס, הונדערטער און הונדערטער טויזנטער, זײַנען פולשטענדיק רויִנירט און דעקלאַסירט געוואָרן אין רעזולטאַט פון די פילצאָליקע ראַפינירטע רעדיפעס, מאַסן־אַרויסשיקונגען, רויבערײַען, בלוטיקע פּאָגראָמען און נאָך פיל אַנדערע אַנטפּלעקונגען פון זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אין אָט־דעם פעריאָד געבושעוועט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ציניזם און אומפאַרשעמטקײַט.

קעדיי צו פאַרענטפערן אירע שענדלעכע מאַפּאָלעס, האָט די אָנפירונג פון דער צאַרישער אַרמיי שוין באַלד אין אָנהייב מילכאָמע גענומען העצן קעגן די ייִדן, באַשולדיקנדיק זיי אין שפּיאָנאַזש און פאַראַט. הונדערטער ייִדישע האָרעפאַשניקעס, שטעטלדיקע קרעמער, אָנגעשטעלטע אאַ. זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן צום פעלד־געריכט, ווו קיין שום אויספאָרשונג ווערט ניט געפירט און קיין פאַרטיידיקונג ווערט ניט צוגעלאָזן. א היפשן טייל פון זיי האָט דער דאָזיקער „געריכט" פאַרורטיילט צום טויט, און די טויט־אורטיילן זײַנען באַלד אַפן אָרט אויסגעפילט געוואָרן. אין דער זעלבער צײַט האָט די מיליטער־מאַכט אָנגעהויבן מיט גוואַלט אַרויסטרײַבן די ייִדישע באַפעלקערונג פון די אײַנגעזעסענע ערטער. אין משך פון עטלעכע שאָ האָט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, איבערלאָזנדיק צום צעראַבירן דאָס גאַנצע ביסל האָב און גוטס. שפּעטער האָבן די דאָזיקע גיירושים אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. אין משך פון עטלעכע טעג האָט די מיליטער־מאַכט אַרויסגעטריבן די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון קורלענדער, קאָוונער און אַ טייל גראָדנער גובערניעס — צוזאַמען 190 טויזנט מענטשן. אפילע די אַלטע לײַט פון די מוישעוו־זקיינימס, די קראַנקע און געווינערנס פון די שפּיטאָלן, די זויג־קינדער — אַלע האָבן געמוזט צום אײַנגעשטעלטן טערמין פאַרלאָזן די שטאָט אָדער שטעטל. די אַרויסגעשיקטע האָט מען אין גרעסטן טייל געפירט אין פאַרכאַסמעטע וואַגאָנעס, ווי אַרעסטאַנטן, קיינעם צו זיי ניט צוגעלאָזן, אפילע קיין עסן האָט מען ניט דערלויבט זיי איבערגעבן. ניט זעלטן פלעגט פּאַסירן, אַז די מאַכט־אָרגאַנען פון די שטעט, ווו די אַרויסגעשיקטע האָבן באַדאַרפט באַזעצן זיך, פלעגן זיך אָפּזאָגן אַרײַנצולאָזן זיי, און מע פלעגט מוזן פאַר זיי זוכן אַ צווייטע און אַ דריטע שטאָט. עס זײַנען געווען פאַלן, ווען אַזעלכע צוגן מיט טויזנטער אויסגעהונגערטע, אויסגעמאַטערטע, קראַנקע און דערשלאָגענע אַרויסגעשיקטע האָבן גאַנצע מאָנאַטן געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, ביז מע האָט זיי ערגעץ־ווו אויפגענומען. וויפל פון זיי זײַנען אונטערוועגנס אומגעקומען פון פאַרשיידענע עפּידעמיעס, וויפל פון זיי זײַנען אַראָפּ פון זינען פון די איבערגעלעבטע שרעק און פּײַן, וויפל זײַנען געבליבן גאַנצע און האַלבע אינוואַלידן — קיין גענויע סטאַטיסטיק איז פון דעם ניט פאַראַן, אָבער אומגעפער קאָן מען זיך דאָס לײַכט פאָרשטעלן...

טויזנטער אַרויסגעשיקטע האָט מען, ווי אַרעסטאַנטן, מיטן עטאַפּ מאָנאַטנלאַנג געטריבן קיין סיביר און באַזעצט אין די פאַרוואָרפנסטע דערפלעך פון דער נאַרימער, טורוכאַנסקער און אירקוטסקער טײַגע. טויזנטער זײַנען לאַנגע כאַדאָשים געזעסן אין די טפּיסעס, אַלס אָרוועסלײַט, וואָס האָבן מיט זייערע קעפּ באַדאַרפט גאַראַנטירן די „לאָיאַלקײַט" פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג פון זייערע שטעטלעך צו דער צאַרישער אַרמיי.

אין הונדערטער שטעטלעך האָבן די מיליטער־טיילן, הויפּטזאַכלעך די קאָזאַקן, אָרגאַניזירט בלוטיקע פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ באַזונדערער ווילדקײַט און גרויזאַמקײַט. באַזונדערס שטאַרק האָבן פון די דאָזיקע מיליטערישע פּאָגראָמען געליטן די פרויען. עס איז ניט געווען קיין איין מיליטער־פּאָגראָם אָן מאַסן־פאַרגוואַלדיקונגען פון פרויען — יונגע, אַלטע, 10—12 יאָריקע קינדער, קראַנקע, שוואַנגערע...

**דער בײַטראַג פון די ווײַסגוואַרדייער**

מיט עטלעכע ווערטער דאַרף מען נאָך דערמאָנען די בלוטיקע ייִדישע פּאָגראָמען, וואָס עס האָבן בײַסן בירגערקריג און אינטערווענץ אָרגאַניזירט די ווײַסגוואַרדייִשע און אַטאַמאַנישע באַנדעס פון דעניקין, גריגאָריעוו, פּעטליורע, וורַאַנגעל, מאַכנאָ, טוטוניק, בולאַק־באַלאַכאָוויטש און נאָך צענדליקער אַנדערע גרעסערע און קלענערע קאָנטררעוואָליוציאָנערע „באַטקעס". עס זײַנען אָפיציעל פאַררעגיסטרירט געוואָרן 1 520 ווײַסגוואַרדייִש־באַנדיטישע פּאָגראָמען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען בײַם דעם בירגערקריג אין 911 שטעט און שטעטלעך פון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד. אין אַ טייל שטעט האָבן זיך די פּאָגראָמען איבערגעכאַזערט צוויי, דרײַ, פינף און אפילע צען מאָל. בלויז די צאָל דירעקט דערמאָרדעטע און צום טויט פאַרפּײַניקטע ווערט געשאַצט אין 180—200

טויזנט. דאָס איז אכוץ דער באדייטנדיקער צאָל שפּעטער אומגעקומענע פון שווערע ווונדן, פאַרשיידענע ווענערישע קראנקייטן, מיט וועלכע די באנדיטן האָבן אָנגעשטעקט די פרויען; אויסער די געשטאָרבענע פון כאָליערע, טיפוס און אנדערע עפּידעמישע קראנקייטן, וואָס האָבן זיך אנטוויקלט צווישן די אנטלאָפענע פון די צעגראָמירטע שטעטלעך. איבער 300 טויזנט יעסוימ׳מ זײַנען געבליבן פון די דאָזיקע פּאָגראָמען. די אלגעמיינע צאָל פּאָגראָם-געליטענע האָט דערגרייכט ביז 700 טויזנט, און די מאטעריעלע העזייקעס האָבן באטראָפן צענדליקער מיליאָנען גאָלד-רובלס. צענדליקער גרעסערע און קלענערע שטעטלעך, צומבײַשפּיל, וואָלאָדארקע, באָסלעוו, זנאמענקע, פאסטאָוו אאוו. האָבן די באנדיטן נאָכן צעראבירן פולשטענדיק פארברענט. די פּאָגראָמען האָבן איינגאנצן צערויִנירט טויזנטער און טויזנטער ווירטשאפטן, הײַזער, קלייטן, פאבריקן, האנטווערקערײַען, לאנדווירטשאפטלעכע קאָלאָניעס און פארוואנדלט הונדערטער טויזנטער ארבעטנדיקע אין היימלאָזע, אין דעקלאסירטע, וואָס האָבן געמוזט אָנקומען צו געזעלשאפטלעכער הילף.

★

אָט אזוי זעט אויס אין אלגעמיינע שטריכן די יערושע פונעם פארפלוכטן צאריזם און דער ווײַסגווארדייִשער קאָנטררעוואָליוציע, וועלכע די סאָוועטן-רעגירונג האָט באדארפט ליקווידירן. דאָס איז געווען א ביז גאָר שווערע און קאָמפּליצירטע אויפגאבע, און לייזן זי מיט דערפאָלג האָט געקאָנט בלויז די סאָוועטן-רעגירונג, פארווירקלעכנדיק קאָנסעקווענט די לעניניש-סטאלינישע נאציאָנאלע פּאָליטיק.

# ייִדישע קאָלווירטן אין קרים

## פרײַדאָרפער ייִדישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן און די איבעריקע ייִדישע קאָלווירטן אין קרים



י ייִדישע איבערוואַנדערונג אין קרים איז, ווי באַוווּסט, געגאַנגען און גייט אויך איצט אַף דער טעריטאָריע פון פאַרשיידענע ראַיאָנען פון אָט-דער סאָוועטישער רעפּובליק, ווי יעווּפּאַ-טאָריער, דזשאַנקויער, ביוק־אַנלאַרער, סימפּעראָפּאָ-לער, לענינער אאַ. פאַר די יאָרן פון דער ייִדישער איבערוואַנדערונג זײַנען אין אָט די אַלע ראַיאָנען אויסגעבויט געוואָרן פיל צענדליקער נײַע ייִשובֿים און קאָלווירטן. בײַקומענדיק צאָלרײַכע און פאַרשיידנ-אַרטיקע שוועריקײַטן, האָבן זיך די נײַע ייִשובֿים פאַרפעסטיקט און זײַנען אויסגעוואַקסן אין מאָדערנע מעכאַניזירטע סאָציאַליסטישע ווירטשאַפטן, ווו צענד-ליקער טויזנטער ייִדישע האָרעפּאַשניקעס — נעכטיקע שטעטלדיקע דעקלאַסירטע און אָרעמשאַפט — ווערן איבערדערצויגן און בויען פאַר זיך אַ נײַ לעבן.

אַפן יסוד פון די באַדײַטנדיקע דערגרייכונ־גען פון דער ייִדישער איבערוואַנדערונג אין קרים האָט דאָ די סאָוועטן-רעגירונג נאָך מיט פיר יאָר צוריק אויסגעטיילט אַ באַזונדערן ייִדישן נאַציאָ-נאַל-טעריטאָריעלן אַדמיניסטראַטיוון אײנס — דעם פרײַדאָרפער ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן, * וועלכער פאַרייניקט קימאַט אַ העלפט פון אַלע קרימער ייִדישע איבערוואַנדערישע ייִשובֿים און קאָלווירטן.

**אַלגעמיינע ידיעות**

דער ייִנגסטער צווישן די ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען אין ססר — דער פרײַדאָרפער — איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאַנוואַר 1931 אין באַשטאַנד פון צאָפּנ-

---

* אָנהייב 1935 האָט די קרימער סאָוועטן־רעגירונג אויס־



אלגעמיינער אויסזען פונעמ יידישנ ייִשעוו מײַדאָרפ

מיזרעכדיקנ טייל פונ יעווופאטאָריער ראיאָנ, מײַרעוו־טייל פונ דזשאנקויער אונ א קלײנעמ ערד־באצירק פונ סימפעראָפאָלער. פרײַדאָרפער ראיאָנ פארנעמט א טעריטאָריע פונ 197 טויזנט העקטאר, פונ דעמ איז 167 טויזנט העקטאר ערד פונ לאנדווירטשאפטלעכער באדײַטונג (אקער־ערד, לאָנקעס, גערטנער, פרוכט־סעדער אאוו.). די באפעלקערונג פונעמ ראיאָנ האָט אינ 1933 באטראָפנ 24 טויזנט מענטשנ. פרילינג 1934 האָט דער ראיאָנ אופגענומענ נײַע 1400 נעפאשעס איבערוואנדערער. די ניט־ייִדישע באפעלקערונג פונעמ ראיאָנ באשטייט פונ טאָטערנ, דײַטשנ, רוסנ, אוקראַינער אונ עסטאָנער. דער ראיאָנ איז אדמיניסטראטיוו אײַנגעטיילט אינ 31 דאָרפראטנ: 15 ייִדישע (מיט 34 ייִשוּווימ), 5 טאָטערשע, 2 דײַטשישע אונ 9 נאציאָנאל־געמישטע. דער צענטער פונעמ ראיאָנ געפינט זיכ אינ דעמ נײַעמ ייִשעוו פרײַדאָרפ, וועלכער איז 35 קילאָמעטער ווײַט פונ דער שטאָט יעווופאטאָריע.

### ווּקס פונ דער לאנד־ווירטשאפט

פרײַדאָרפ איז א לאנדווירטשאפטלעכער ראיאָנ, זײַנ גרונט־ספעציאַליטעט איז די פראָדוקציע פונ קערנער־קולטורנ: ווייצ, גערשטנ, האָבער, קוקורוזע. טעכנישע אונ ספעציעלע קולטורנ — לײַנ, בוימוואָל, סאָרגאָ אא. — האָט דער ראיאָנ אָנגעהויבנ זייענ ניט לאנג, אונ דערווײַל איז נאָכ זייער ספעציפישער געוויכט ניט קיינ גרויסער. לעצטנס הייבנ דאָ אָנ צו אנטוויקלענ זיכ באוואָסערטע גערטנער, פרוכט־סעדער אונ ווײַנגערטנער. דער ראיאָנ פארנעמט זיכ אויכ מיט פיצוכט, די וויכטיקסטע באדײַטונג האָט דאָ די שעפסנ־צוכט.

גרויסע דערפאָלגנ האָט דער יונגער פרײַדאָרפער ראיאָנ זיכ דערשלאָגנ אינ דער קאָלווירטישער בויונג. 93,6 פראָצענט פונ אלע אָרעמ־ אונ מיטלפויערימ זײַנענ פאראייניקט אינ קאָלעקטיווע ווירטשאפטנ, אזעלכע קאָלווירטנ איז דאָ פאראנ 92, פונ זיי 36 ייִדישע.

צוהילפ די קאָלווירטנ זײַנענ דאָ פאר די לעצטע יאָרנ אָרגאניזירט געוואָרנ 5 מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס, וועלכע באדינענ די קאָלווירטנ מיט לאנדווירטשאפטלעכנ אינווענטאר (טראקטערס, קאָמבײַנענ, דרעש־מאשינעס אא.) אונ אווטאָ־טראנספאָרט, באזאָרגנ זיי מיט אגראָנאָמישער הילפ, העלפנ זיי ריכטיק אָרגאניזירנ די ארבעט אאוו.

די 5 מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס פונ פרײַדאָרפער ראיאָנ פארמאָגנ 423 טראקטערס, 112 קאָמבײַנענ, 20 ווינדראָוערס, 100 דרעש־מאשינעס, 100 לאסט־אווטאָמאָבילנ אא.—אדאנק אָט דער הויכער טעכנישער באוואָפענונג, זײַנענ דאָ די ארבעט־פראָצעסנ אינ פעלד מעכאניזירט אפ 90 פראָצענט.

אינ 1933 יאָר האָט פרײַדאָרפער ראיאָנ פארזייט 95 407 העקטאר, פונ דעמ 76 726 העקטאר

---

געטיילט א צווייטנ ייִדישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ — לארינ־דאָרפער.

וסטן באם אראָפּנעמען די גערעטעניש פון די פעלדער אאוו. דאָס, צוזאמען מיט דער שלאָגלע-רישער ארבעט פון דער מערהײַט קאָלווירטניקעס, וועלכע האָבן ברייט אָנגעווענדט דעם מעטאָד פון סאָציאַליסטישן געוועט, האָט באדײַטנדיק געהעכערט די גערעאָטנקײַט פון די קאָלווירטישע פעלדער, ווי מע קאָן עס זען פון די פאָלגנדיקע ציפערן, וועלכע באצייכענען די צאָל צענטנערס טוווּע, וואָס די קאָלווירטניקעס האָבן אראָפּגענומען פון א העקטאר:

| | אין 1932 | אין 1933 |
|---|---|---|
| ווייץ | 3,88 | 9,5 |
| גערשטן | 2,5 | 10,8 |
| האָבער | 2,28 | 8,5 |
| קוקורוזע | 1,95 | 7,0 |

אין 1933 האָבן די קאָלווירטניקעס, הייסט עס, אראָפּגענומען פון יעדן העקטאר אין $3-2^1/_2$ און אפילע 4 מאָל מער טוווּע, איידער אין פאָריקן יאָר. איינצלנע, מער פאָרגעשריטענע קאָלווירטן, האָבן זיך דערשלאָגן נאָך א פיל העכערע גערעאָטנקײַט. צב. די קאָלווירטן „אויס אמעראצעס!“ און „וויקאָוו“ האָבן אראָפּגענומען צו 15 צענטנערס גערשטן פון א העקטאר, דער קאָלווירט „קארל מארקס“ האָט באקומען צו 16 צענטנערס קוקורוזע פון א העקטאר אאוו.

פּראקטיש האָט דאָס באטײַט, אז דער ראיאָן האָט אין 1933 באקומען א טאָפּלטע פּראָדוקציע. אין 1932 האָט דער ראיאָן אראָפּגענומען 1 031 346 פּוד ווייץ, און אין 1933 יאָר—1 632 000 פּוד; אין 1932 האָט די גערעטעניש פון אלע קערנער-קולטורן באטראָפן— 1 543 500 פּוד, און אין 1933 יאָר—3 021 102 פּוד.

די שלאָגלערישע ארבעט פון דער איבערוועגנ־דיקער מערהײַט קאָלווירטניקעס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקײַט צו פאנאנדערצאָלן זיך באצײַטנס מיט דער מעלוכע, און די גוטע גערעטעניש — צו פארגרעסערן אין 2,5 מאָל דעם סכום ברויט, וואָס זיי האָבן איר פארקויפט. אין 1932 האָט דער ראַ-יאָן פארקויפט דער מעלוכע 714 474 פּוד ברויט אין אנדערע קערנער־קולטורן, און אין 1933 1 824 474 פּוד. אפילע אין 1934, ניט געקוקט אף די ניט־גינסטיקע מעטעאָראָלאָגישע באדינגונגען, האָט דער ראיאָן פונדעסטוועגן געהאט די מעגלעכקײַט צו פארקויפן דער מעלוכע 1 299 117 פּוד טוווּע.

די העכערונג פון דער גערעטעניש האָט, פאר־שטייט זיך, שטארק געהעכערט די האכנאָסע פון די קאָלווירטניקעס. אין 1932 זײַנען דאָ געווען א ריי קאָלווירטן, ווו דער טאָג־ארבעט האָט באטראָפן ווינציקער פון א קילאָגראם ברויט, קימאט א דריטל



ער טראקטעריסט פונעם קאָלווירט „וואָיא־נאָווא“

קערנער־קולטורן און 12 741 הא דורכאקער-קולטורן. אין 1934 יאָר — 120 627 העקטאר.

אין 1933, אדאנק דער גרויסער אָרגאניזאטע־רישער הילף, וואָס די קאָלווירטן האָבן באקומען פון די פּאָליטישע אָפּטיילן בא די מאשין־טראקטע-רישע סטאנציעס, האָט זיך דאָ באדײַטנדיק פאר-בעסערט די קוואליטעט פון אלע ארבעט-פּראָצעסן, און עס זײַנען אין גרונט אָפּגעהיט געוואָרן די מער וויכטיקע פאָדערונגען פון דער אגראָ־וויסנ־שאפט. דער פארזיי איז דורכגעפירט געוואָרן צו דער צײַט און אין מאקסימאל קורצע טערמינען. די זוימען זײַנען פריער דורכגערייניקט געוואָרן. מע האָט געפירט אן אנטשיידענעם קאמף קעגן די ווילד-גראָזן און פעלד־מאשכיסים. מע האָט אויך ניט פארצויגן דעם שניט, ניט דערלאָזן קיין פאר־

קאָלווירטניקעס האָבן באַקומען פאַר א טאָג-אַרבעט פון 1 ביז 2 קילאָגראַם, מער פון 5 קילאָגראַם האָט קיין איין קאָלווירטניק ניט באַקומען. אין 1933 אָבער האָבן קימאַט א דריטל קאָלווירטניקעס באַקומען פאַר א טאָג-אַרבעט מער פון 5 און ביז 20 קילאָגראַם. א קאָלווירטניק, וואָס האָט צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אויסגעאַרבעט 5—6 הונדערט טעג — און אַזעלכע זײַנען ניט קיין זעלטנהײַט — האָט, הייסט עס, באַקומען פאַר זײַן אַרבעט ביז 600—700 פּוד ברויט.

אין דער עקאָנאָמיק פונעם ראַיאָן פאַרנעמט א באַשטימט אָרט אויך די פיצוכט. איר צושטאַנד כאַראַקטעריזירן די פאָלגנדיקע ציפער: רינדער (קי, אָקסן) פאַרמאָגט דער ראַיאָן 8 705, כאַזייִרים — באַ 5,5 טויזנט, שעפּסן — העכער 43 טויזנט און פערד באַ 3,5 טויזנט. אין ראַיאָן איז אויך פאַראַן אן אינקובאַטער, וועלכער האָט אין 1933 געגעבן העכער 30 טויזנט הינדלעך.

אין 1933 האָט דער ראַיאָן פאַרקויפט דער מעלוכע: 5 000 פּוד פלייש, באַ 500 טויזנט ליטער מילך, באַ 5 000 פּוד שעפּסן-קעז אא.

אויסער די קאָלווירטן זײַנען אין פרײַדאָרפער ראַיאָן פאַראַן צוויי סאָוועטישע ווירטשאַפטן: א טוווע-ראַטווירט „1-טער מײַ" און א שעפּסן-ראַטווירט „טאַהײַלי". ביידע ראַטווירטן זײַנען טעכניש גוט באַוואָפנט, פאַרמאָגן א טראַקטאָרן-פּאַרק, קאָמבײַנען און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס. ביידע ראַטווירטן אַנטוויקלען מיט האַסטיקע טעמפּן זייער ווירטשאַפט און זײַנען פאַררעכנט צווישן די פאָרגעשריטנסטע ראַטווירטן אין קרים.

**דער קול-טור-אופ-שטײַג**

היפּשע דערגרייכונגען האָט פרײַדאָרפער ראַיאָן צו פאַרצייכענען אויך אפן געביט פון קולטור-שטייגערישער בויונג. פאַר די לעצטע יאָרן איז דאָ אויסגעוואַקסן א גאַנצע פאַרצווײַגטע נעץ דערציִונג- און בילדונג-אַנשטאַלטן פאַר קינדער פון פאָרשול און שול-עלטער, קולטור-אַנשטאַלטן פאַר דערוואַקסענע, אייגענע צײַטונגען אאוו.

וועגן דעם פאַרנעם און די טעמפּן פון דער קולטור-בויונג אין פרײַדאָרפער ראַיאָן קאָן מען אורטיילן לויט די פאָלגנדיקע ציפער. זומער 1933 האָבן אין ראַיאָן פונקציאָנירט 8 סטאַציאָנאַרע יאַסליעס און 90 סעזאָנע יאַסליעס און שפּיל-פּלעצער פאַר קינדער פון ביזפאָרשול- און פאָרשול-עלטער. די שפּיל-פּלעצער האָבן אַרומגענומען באַ 2 000 קינדער. אין די גרעסערע קאָלווירטן האָט מען די שפּיל-פּלעצער איבערגעלאָזן אַרבעטן אויך אפ די ווינטער-מאָנאַטן. אַלגעמיינע אָנפאַנג- און מיטל-בילדונג גיבן דאָ 75 שולן, אין זיי לערנען זיך 3 764 שילער. צווישן די שולן זײַנען פאַראַן 10 זיבניאָריקע (שולן פאַר קאָלווירטישער יוגנט). די אינטערנאַטן באַ די דאָזיקע שולן באַדינען 250 קינדער.

אפ צו באַזאָרגן דעם ראַיאָן מיט קאַדרען פאַר די קאָמפּליצירטע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס איז דאָ פאַראַן א ספּעציעלע טראַקטאָריסטן-שול.

די קולטורעלע באַדערפענישן פון דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג ווערן באַפרידיקט דורך די פאַרשיידנאַרטיקע קולטור-אויפקלער-אַנשטאַלטן: לייענשטיבלעך, קלובן, אָוונטן-קורסן, ביבליאָטעקן, קולטור-באַזעס באַ די פּאָליט-אָפּטיילן, ראַדיאָ אא. די צאָל לייענשטיבלעך און קלובן איז פאַרן לעצטן יאָר אויסגעוואָקסן פון 10 ביז 19. איבערהויפּט האָט זיך פאַרשטאַרקט די ראַדיאָפיצירונג פונעם ראַיאָן, אַדאַנק דער איניציאַטיוו און דער אַקטיווער מיטהילף פון די פּאָליט-אָפּטיילן. בייס די פעלד-אַרבעטן — באַם זייען און אַראָפּנעמען די גערעטעניש — ווערט די קולטור-מאַסן-אַרבעט אַריבערגעטראָגן אין פעלד, ווו עס געפינען זיך די קאָלווירטניקעס. צו אָט דער צײַט קומט אָפּט אין ראַיאָן דער קרימער ייִדישער קאָלווירטישער טעאַטער, וועלכער באַדינט די קאָלווירטניקעס אפן פעלד גופא.

פרײַדאָרפער ראַיאָן פאַרמאָגט א ביז גאָר רײַכע נעץ אייגענע צײַטונגען, וועלכע שפּילן דאָ א באַדײַטנדיקע ראָליע אין מאָביליזירן די ברייטסטע מאַסן קאָלווירטניקעס צום קאַמף פאַר בעסער אָרגאַניזירן די אַרבעט, פאַר אָנווענדן אין דער לאַנדווירטשאַפט די מאָדערנע אַגראָטעכניק, פאַר העכערן די גראָטקײַט פון די קאָלווירטישע פעלדער און אַזויאַרום, דערשלאָגן זיך א פאַרמעגלעך קולטורעל לעבן. אויסער די פיל צענדליקער וואַנטצײַטונגען און ביולעטענס, וואָס דערשײַנען פעריאָדיש אין אַלע קאָלווירטן און אין פיל בריגאַדעס, זײַנען אין ראַיאָן פאַראַן 8 געדרוקטע צײַטונגען: א ראַיאָנישע — „לענינוועג" — און 7 באַ די פּאָליטאָפּטיילן פון די מאַשין-טראַקטאָרישע סטאַנציעס און די ראַטווירטן.

אַלס צײַגער פון דעם קולטור-אויפשטײַג אין ראַיאָן קאָן דינען דער פאַקט, וואָס פון די דאָרפקאָרן איז אויסגעוואָקסן א היפּשע ליטעראַרישע גרופּע.



א מיטיק אינ פעלד

צוזאמענ מיטנ וווּקס פונ די קולטור־ אונ בילדונג-אנשטאלטנ וואקסט, נאטירלעכ, אויכ די ארמיי קולטור־טוער — דערציִער, לערער, שטיבלער אאוו. די פאראנענע קולטור־קאדרענ זײַנענ אָבער דערווײַל נאָכ ווײַט ניט גענוג אפּ צו באפרידיקנ די אלצ וואקסנדיקע קולטור־באדערפענישנ פונ די קאָלווירטישע מאסנ. קעדיי אויסצושמידנ אייגענע קולטור-קאדרענ, ווערנ דאָ לעצטנס דורכגעפירט פאַרשיידענע קורסנ (פאר דערציִערנס, שטיבלער, ביבליִאָטעקערס, אָנפירער פונ דראמאטישע קרײַזנ אדג.). אנ אקטיוונ אָנטייל אינ העכערנ די קוואליפיקאציע פונ די פרײַדאָרפער קולטור־טוער נעמט דער ייִדישער אָפּטייל פונ מאָסקווער פּעדאגאָגישנ אינסטיטוט, וועלכער גיט די לערער מעטאָדישנ אינסטרוקטאזש אאוו.

פאר די לעצטע יאָרנ האָט זיכ באדײַטנדיק פארבעסערט אויכ די מעדיצינישע באדינונג פונ די ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס פונ ראיאָנ. דער ראיאָנ פארמאָגט איצט 3 שפּיטאָלנ, צוויי מעדיצינישע פּונקטנ אונ צוויי אמבולאטאָריעס, אינ וועלכע עס ארבעטנ 7 דאָקטוירים.

**פאָרגעשריטענע קאָלווירטנ**

פרײַדאָרפער ראיאָנ האָט זיכ די לעצטע צוויי יאָר ארויסגערוקט אינ די רייענ פונ די בעסטע אונ פאָרגעשריטנסטע ראיאָנענ פונ דער קרימער סאָוועטישער רעפּובליק. די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ פונ ראיאָנ האָבנ באוויזנ מוסטערנ פונ ווירקלעכער שלאָגלערישער ארבעט סײַ באם דורכפירנ דעם פארזיי, סײַ באם אראָפּנעמענ אונ באארבעטנ די גערעטעניש, סײַ באם אָפּליפערנ דאָס ברויט דער מעלוכע.

א קאָלאָסאלע ראָליע אינעם ארויספירנ פרײַ-



קרים. ייִדישע קאָלווירטישע יוגנט אפ דער פײַערונג פון פארלייגן א נײַעם יישעוו

דאָרפ אין די רייען פון די פאָרגעשריטענע ראַיאָנען, אין פארפעסטיקן זײַנע קאָלעקטיווע ווירטשאפטן און אין דערנענטערן די קאָלווירטניקעס צו א פארמעגלעכ לעבן האָבן געשפילט די פאָליטאָפטיילן בא די מאשין-טראקטערישע סטאנציעס. אונטער זייער ווירקונג און דירעקטער אָנפירונג האָבן זיכ דורכשניטלעכע קאָלווירטן אין איין יאָר געענדערט ניט צו דערקענען.

װעגן איינעם אזא קאָלווירט — „דער עמעס" הייסט ער, — האָט אויספירלעכ דערציילט אין מאָסקווער „עמעס" פון 11-טן יאנוואר 1934 דער פאָרשטייער פין קאָמערד אין פרײַדאָרפער ראַיאָן.

דער קאָלווירט „עמעס" פאראייניקט 83 פאמיליעס — 344 מענטשן; ארבעטספייִקע זײַנען צווישן זיי פאראן 186. פון די 83 פאמיליעס האָבן 26 אײַנגעוואנדערט אהער אין יאָר 1926, 14 — אין 1927, 14 — אין 1932 און 29 — אין יאָר 1933. אין אָט דעם יאָר האָט דער קאָלווירט פארזייט 1455 העקטאר: 850 העקטאר ווינטער־טווּע און 605 זומער-קולטורן. אויסער דעם, פארמאָגט דער קאָלווירט 20 העקטאר ווײַנגאָרטן, 50 העקטאר באוואסערטן גאָרטן און 834 שעפסן. אין קאָלווירט איז פאראן א סילאָס־טורעם צו קאָנסערווירן פיטער פארן פי אפ ווינטער, א שעפסנשטאל און דרײַ ארטעזיִאנישע ברינעמער. פערד זײַנען אין קאָלווירט פאראן ניט מער פון 35, און בא אזא פארזיי־שעטעכ איז עס ניט גענוג. פונדעסטוועגן, אדאנק דער גוטער און שלאָגפערישער ארבעט, האָט דער קאָלווירט דורכגעפירט אלע ארבעט־פראָצעסן צו דער צײַט און ווי געהעריק. אפילע די נײַע איבערוואנדערער, וואָס זײַנען געקו־



פרײַדאָרף. באַם דרעשן די נײַע גערעטעניש

מען שוין נאָכן פאַרזייִ, האָבן באַוויזן מוסטערן פון שלאָגלערישער ארבעט און אָנגעיאָגט, לויט דער צאָל פאַרדינטע טעג־ארבעט, פיל פון די אלטע און דערפאַרענע קאָלווירטניקעס. אזוי האָבן געארבעט, צומבײַשפּיל, די נײַע איבערוואַנדערער כרעסטאָוויצקי, קאָמיסאַרטשיק, פישעלעוויטש און נאָך 15 אנדערע פאַמיליעס.

אלע זײַנע פליכטן פאַר דער מעלוכע האָט דער קאָלווירט „דער עמעס" אויסגעפילט פינקטלעך און צו דער צײַט: נאָך פאַרן אײַנגעשטעלטן טערמין האָט ער זיך פאַנאַנדערגעצאָלט מיט דער מאַשינ־טראַקטערישער סטאַנציע פאַר דער ארבעט פון די מאַשינעס בייס דעם פאַרזייִ, דעם שניט און דעם דרעשן און האָט פאַרקויפט דער מעלוכע דעם סכום ברויט, וואָס ער האָט באַדאַרפט צושטעלן — צוזאַמען 27 טויזנט פּוּד.

אַפ 83 פאַמיליעס פאַרמאָגט דער קאָלווירט „עמעס" 97 דירעס. אויסער דעם זײַנען אין קאָלווירט פאַראַן נאָך 13 ניט-פאַרענדיקטע הײַזער. קימאַט אלע אלטע קאָלווירטניקעס, אויסער 4, האָבן אין זייער אינדיווידועלן באַנוץ א מילכ-קו, אייניקע אפילע צו צוויי און א היפּשער טייל — א קו מיט א קאַלב. פון די נײַע איבערוואַנדערער, וואָס זײַנען אָנגעקומען אין 1933, האָבן דערווײַל קי אָ־ער קעלבלעך בלויז 15 פאַמיליעס. לעצטנס האָט דער קאָלווירט באַקומען א ספּעציעלן קרעדיט אַפ אײַנצוקויפן קעלבער אויך פאַר די איבעריקע נײַע איבערוואַנדערער.

דער קאָלווירט „עמעס" איז ווײַט ניט פון די סאַמע שטאַרקסטע און פאַרפעסטיקטע קאָלווירטן פון פרײַדאָרפער ראַיאָן. מע וואָלט געקאָנט אָנרופן א ריי קאָלווירטן, ווי צב. „סטאַלין", „פרײַהײַט", „לענינסוועג" אא., וועלכע זײַנעןווירטשאַפטלעך פיל מעכטיקער פונעם „עמעס" און האָבן פיל גרעסערע דערגרייכונגען פון אים. די באַדײַטנדיקע דערפאָלגן פון אזא דורכשניטלעכן קאָלווירט, ווי „עמעס", זײַנען אָבער מער כאַראַקטעריסטיש פאַרן ראַיאָן. זיי באַווײַזן קלאָר און בוילעט, אז דער ראַיאָן, אינגאַנצן גענומען, גייט און וועט אינגיכן ארויסגיין אַפן ברייטן שליאַכ פון עקאָנאָמיש־קולטורעלן אופשטײַג, אז גאָר אינגיכן וועלן אלע זײַנע קאָלווירטן ווערן פאָרגעשריטענע און די קאָלווירטניקעס — פאַרמעגלעכע.

* * *

א גאַנץ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן די רעזולטאַטן פון דער ייִדישער איבערוואַנדערונג אין אלע טיילן פון קרים און וועגן די קאָנקרעטע דערגרייכונגען, וואָס די ייִדישע האָרעפאַשנע מאַסן האָבן זיך דאָ דערשלאָגן אין דער קאָלווירטישער און קולטורעלער בויונג, גיבן די פאָלגנדיקע ציפער און פאַקטן, וועלכע שליסן אין זיך אײַן אויך דעם איבערוואַנדערישן טייל פון פרײַדאָרפער ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן.

**ערד-פאָנדן און באַפעל-קערונג**

די ייִדישע איבערוואַנדערישע קאָלווירטן אין קרים באַניצן איצט פולקום באַהערשטע ערד-פאָנדן 199 851 העקטאַר, דערפון 137 152 העקטאַר אקער-ערד, און די איבעריקע לאָנקעס, בײַ־הויפיקע גערטנער, וועגן אדג. די דאָזיקע



נאָך דער ארבעט (קרים)

ערד־פאָנדן געפינען זיך אין פרײַדאָרפער, יעווּפאַטאָריער, דזשאַנקויער, ביוק־אָנלארער, סייטלערער, אישונער, לענינער און אקמעטשעטער ראַיאָנען. אפ די קרימער ערד-פאָנדן זײַנען ביז איצט אויסגעבויט געוואָרן 87 נײַע יידישע איבערוואנדערישע יישוּוים. צום 1־טן יול 1933 האָט די יידישע איבערוואנדערישע באפעלקערונג פון די דאָזיקע יישוּוים באטראָפן 25 000 נעפּאשעס. פאר די פרילינג־מאָנאטן פון 1934 י. זײַנען אפ די קרימער ערד־פאָנדן געקימען נײַע 600 איבערוואנדערישע פאמיליעס, דה. בא 2,5 טויזנט מענטשן.

מע מוז אָבער אנערקענען, אז ווײַט ניט אלע יידישע איבערוואנדערער, וואָס קומען אין די קרימער קאָלווירטן, פארבלײַבן דאָ און פארפעסטיקן זיך אין דער לאנדווירטשאפט. צוליב פארשיידענע סיבעס, דעריקער צוליב די ניט גענוגע טעמפּן פון דער הײַזער-בויונג און קולטור־שטייגערישער באדינונג, אָפטמאָל אויך צוליב דעם ניט-ריכטיקן אָפּקלײַב פון די איבערוואנדערער אין די שטעטלעך, פארלאָזט א טייל פון זיי די קאָלווירטן, באזעצט זיך אין די אינדוסטריעלע צענטערס פון קרים און אוקראינע.

א געוויסער טייל פון אָט די איבערוואנדערער קערט זיך אויך אום צוריק אין די שטעטלעך, פון וועלכע זיי זײַנען געפאָרן קיין קרים.

**קאָלווירטישע בויונג**

די יידישע איבערוואנדערער אפ די קרימער ערד־פאָנדן זײַנען אלע פארייניקט אין קאָלעקטיווע ווירטשאפטן. די אלגעמיינע צאָל יידישע קאָלווירטן איז 87. מיטן וווּקס פון דער יידישער איבערוואנדערישער באפעלקערונג און דער מעכאניזירונג פון די לאנדווירטשאפטלעכע פראָצעסן איז דער פארזיי-שעטעך פון די יידישע קאָלווירטן באזײַטנדיק אויסגעוואקסן. אין 1925 האָבן די יידישע איבערוואנדערער דאָ פארזייט 12 300 העקטאר, אין 1928 — 43 820 העקטאר און אין 1934 — 82 689 העקטאר. פאר די פארגאנגענע 9 יאָר האָט זיך דער פארזיי-שעטעך אלזאָ פארגרעסערט אין זיבן מאָל. א ביז גאָר וויכטיקע ענדערונג איז פאָרגעקומען אויך אין דעם אסאָרטימענט קולטורן, וואָס די איבערוואנדערער זייען. די ערשטע יאָרן האָבן זיי געזייט קימאט אויסשליסלעך קערנער־קולטורן: ווייץ, האָבער, גערשטן, קוקורוזע. די לעצטע יאָרן האָבן זיי ארײַנגעפירט אין זיי־פארקער אויך פארשיידענע ווערטפולע טעכנישע און ספּעציעלע קולטורן, ווי לײַן, בוימוואָל, סאָרגע, גאָרטנווארג אא., וועלכע פארנעמען שוין איצט א גאנץ היפּש אָרט. אין 1934 יאָר האָבן די יידישע איבערוואנדערשע קאָלווירטן פארזייט ווינטער-קולטורן, הויפּטזאכלעך ווייץ — 43 273 העקטאר, פרייִקע זומערדיקע קערנער-קולטורן 23 196 העקטאר, טעכנישע און דורכאקער־קולטורן — 10 687 העקטאר, פיטער-גראָזן — 1 393 העקטאר, גערטנער — 2 133 העקטאר אאוו. א קאָלאָסאַלע און פארשיידנארטיקע הילף באקומען די יידישע איבערוואנדערשע קאָלווירטן מיצאד די 10 מאשין־טראקטערישע סטאנציעס. אין 1926 זײַנען אלע יידישע איבערוואנדערשע קאָלווירטן באדינט געוואָרן דורך 34 טראקטערס, און אין 1933 האָבן זיי די מאשין-טראקטערישע סטאנציעס באדינט מיט 510 טראקטערס, 70 קאָמבײַנען, לאסט-אווטאָ־



מע קאָרמעט קעלבלעך

מאָבילן, שנײַד־מאשינעס, דרעש־מאשינעס און פיל אנדערע.

דער וווּקס פון פארזיי־שעטעכ, די מעכאניזירונג פון אלע גרונט־פּראָצעסן, דאָס אָנווענדן די עלעמענטארע אגראָנאָמישע קלאָלים און די בעסערע ארבעט-אָרגאניזירונג האָבן קאָלאָסאל פארגרעסערט און פארבעסערט די פעלדצוכט־פּראָדוקציע פון די ייִדישע קאָלווירטן.

אין יאָר 1931 האָבן די ייִדישע קאָלווירטן אראָפּגענומען פון זייערע פעלדער 2 375 טויזנט פוד קערנער־קולטורן און פון דעם פארקויפט דער מעלוכע און באצאָלט די מאשין-טראקטערישע סטאנציעס 1 567 טויזנט פוד, און אין יאָר 1933 האָבן זיי אראָפּגענומען פון זייערע פעלדער 2 657 טויזנט פוד און פון דעם פארקויפט דער מעלוכע און באצאָלט די מאשין-טראקטערישע סטאנציעס 1 604 טויזנט פוד. צוזאמען מיט די 540 טויזנט פור גאָרטנווארג, האָבן די ייִדישע קאָלווירטן אין 1933 אראָפּגענומען פון זייערע פעלדער 3 197 טויזנט פוד, אָנשטאָט 2 402 טויזנט פוד אין יאָר 1931.

מע דארף באזונדערס פארצייכענען די באדײַטנדיקע דערפאָלגן, וואָס די ייִדישע איבערוואנדערער האָבן זיך דערשלאָגן אפן געביט פון גערטנערײַ און ווײַנגערטנערײַ. זיי זײַנען געווען אין דעם געביט די פּיאָנערן אין די סטעפּעס פון צאָפן־קרים. אין 1930 האָבן זיך מיט גערטנערײַ באשעפטיקט בלויז 8 איבערוואנדערשע קאָלווירטן, וועלכע האָבן פארזייט 129 העקטאר באוואסערטע גערטנער, און אין 1933 זײַנען אזעלכע גערטנער געווען שוין אין 79 קאָלווירטן, און דער פארזיי־שעטעכ פון די דאָזיקע גערטנער איז אויסגעוואָקסן ביז 1 620 העקטאר (צוזאמען מיט די ניט-באוואסערטע ביז 2 133 העקטאר). אין די גרעסערע גערטנערײַ־קאָלווירטן זײַנען אויסגעבויט געוואָרן 30 עלעקטרישע פּאָמפּעס, וועלכע גיבן אין 10 שאָ ארבעט ביז 5 מיליאָן עמער וואסער. די 4 ייִדישע קאָלווירטן פון סאקער מאסיוו (יעווּפּאטאָריער ראיאָן) זײַנען פארייניקט מיט דער סעוואסטאָפּאָלער עלעקטראָסטאנציע. די עלעקטריפיצירונג פון די גאָרטן-ברינעמער האָט שטארק פארגרעסערט דעם וואסער־באלאנס פון די גערטנער און פארגרינגערט די ארבעט באם באוואסערן זיי. די גערטנערײַ איז איינע פון די רענטאבלסטע ווירטשאפט־צווײַגן. אין 1932 האָבן די קאָלווירטניקעס אראָפּגענומען פון 837 העקטאר גערטנער 236 700 פוד גרינס, וועלכע זיי האָבן פארקויפט פאר 900 טויזנט רובל. דורכשניטלעך באקומען די ייִדישע קאָלווירטניקעס האכנאָסע פון א העקטאר גאָרטן, אָפּהענגיק פון דער קולטור, פון 2 058 ביז 8 556 רובל.

די ייִדישע קאָלווירטניקעס זײַנען אויך געווען די פּיאָנערן פון ווײַנגערטנערײַ אין צאָפן-קרים. ביז די ייִדישע איבערוואנדערער זײַנען אין דזשאנקויער, סייטלערער און ביוק-אָנלארער ראיאָנען קיין ווײַנגערטנער ניט געווען. פון די 87 ייִדישע קאָלווירטן זײַנען אין 61 שוין פארפלאנצט ווײַנגערטנער אפ א שעטעכ פון 948 העקטאר. אויסער דעם זײַנען צוגעגרייט נאָך 232 העקטאר צו פארברייטערן די אלטע און פלאנצן נײַע ווײַנגערטנער. אין 1933 האָבן א טייל פון די יונגע ווײַנגערטנער פון די ייִדישע קאָלווירטן שוין געגעבן א גערעטעניש בעערעך פון א 30 טויזנט פוד ווײַנטרויבן.

פרוכט-סעדער פארמאָגן די ייִדישע קאָלווירטן 251 העקטאר.

א גאנצ אָנגעזען אָרט אין דער ווירטשאפט פון די ייִדישע קאָלווירטן פארנעמט די פיצוכט. קי



עלעקטריפיצירונג פונ ייִדישנ קאָלווירט (קרימ)

זײַנענ אינ די ייִדישע קאָלווירטנ פאראנ 4 922, פונ דעמ 2 608 אינ די קאָלווירטישע מילכ־פערמעס אונ 2 314 אינ אינדיווידועלנ באנוצ פונ די קאָלווירטניקעס; אויסער דעמ, זײַנענ אינ די פערמעס פאראנ נאָכ 1 463 קעלבער, אונ עס האָדעווענ זיכ בא די קאָלווירטניקעס 813 קעלבער. שעפסנ פארמאָגנ די ייִדישע קאָלווירטנ 16 066, כאזיירימ 7 198 (פונ דעמ 4 500 אינ אינדיווידועלנ באנוצ פונ די קאָלווירטניקעס) אונ הינער 58 500 (פונ דעמ 43 500 בא די קאָלווירטניקעס). ארבעט־פערד, צוזאמענ מיט יונגווארג, פארמאָגנ די קאָלווירטנ 2 903. אינ 1933 האָבנ די ייִדישע קאָלווירטנ פארקויפט דער מעלוכע 1,5 מיליאָנ פוד מילכ, 1 800 פוד שעפסנ-קעז, 18 000 פוד פלייש אונ 28 000 קילאָגראמ וואָל פונ א גאָר הויכנ סאָרט.

**וווילײַנ-אָרדענונג**

ווענ די ערשטע ייִדישע איבערוואנדערער זײַנענ געקומענ אפ די קרימער פאָנדנ, האָבנ זיי דאָ געפונענ הוילנ סטעפ, אונ די ערשטע צײַט האָבנ זיי געמוזט לעבנ אינ בײַדלעכ אָדער ערד-שטיבלעכ. פאר די דורכגעגאנגענע יאָרנ זײַנענ אפ אָט די הוילע סטעפעס אויסגעוואָקסנ 87 ייִשוּווימ, וועלכע האָבנ א גאנצ לײַטישנ אויסזענ.

עס זײַנענ פאר אָט דער צײַט דאָ אויסגעבויט געוואָרנ 4 486 ווײנונגענ, 67 געבײַדעס פאר שולנ אונ אנדערע לערנ־אנשטאלטנ, 19 געבײַדעס פאר דאָרפראטנ, 3 פאר שפיטאָלנ, 15 פאר לייענשטיבלעכ, 68 קי־ אונ פערד-שטאלנ, 100 סילאָס-טורעמס, 22 הינער־שטאלנ, 4 אינקובאטער־סטאנציעס, 12 שפײַכלערס פאר די מאשינעס, 21 שעפסנשטאלנ, 2 גרויסע רעמאָנט-ווארשטאטנ, 3 האָלצזאוואָדנ, א האָטעל פאר די איבערוואנדערער, 12 באראקעס, 9 בעדער, 1 בעקערײַ, 2 מילנ, 10 קעזקאָכערײַענ, 12 הײַזער פאר קאָאָפּעראַטיוונ, 1 אגראָפונקט אא. קעדיי צו באזאָרגנ די נײַע ייִשוּווימ מיט וואסער, זײַנענ דאָ אויסגעגראָבנ געוואָרנ 459 געווײנלעכע ברינעמער אונ 136 ארטעזיִאנישע. 10 קאָלווירטנ זײַנענ עלעקטריפיצירט. אינ איינ קאָלווירט ווערט דורכגעפירט וואסערלייטונג.

**געווערב-ארטעלנ**

אינ די קרימער ייִדישע קאָלווירטנ זײַנענ די לעצטע יאָרנ אָרגאניזירט געוואָרנ 64 געווערב-ארטעלנ, אינ וועלכע עס זײַנענ אינ די ווינטערדיקע מאָנאטנ באשעפטיקט ביז 1 700 קאָלווירטניקעס, ריכטיקער — קאָלווירטניצעס. אינ 41 טריקאָטאזש-ארטעלנ זײַנענ באשעפטיקט 1 037 מענטשנ, אינ 12 היט-ארטעלנ — 360, אינ 4 גלאָז-ארנ עלנ — 138, אינ 4 וועב-אונ שפינ־ארטעלנ 83 אאוו. פארנ ווינטער־פעריִאָד פונ 1933 האָבנ די ייִדישע קאָלווירטניצעס אונ קאָלווירטניקעס געהאט האכנאָסע פונ די געווערב־ארטעלנ ביז 950 טויזנט רובל. די מערהײַט געווערב־ארטעלנ ארבעטנ אפנ אייגענעמ לאנדווירטשאפטלעכנ רויווארג (וואָל, שטרוי אא.).

אינ די מאָנאטנ, וואָס זײַנענ פרײַ פונ פעלד־ארבעט, גיבנ די געווערב-ארטעלנ א געוויסנ פארדינסט איבער אָנדערהאלבנ טויזנט קאָלווירטישע פרויענ; זיי ארבעטנ איבער א טייל פונ דער קאָלווירטישער לאנדווירטשאפטלעכער פראָדוקציע אונ זײַנענ, פארשטייט זיכ, ביז גאָר נוצלעכ פאר דער פארפעסטיקונג פונ די קאָלווירטנ.

**סאָציִאל-קולטורעלע בויונג**

צוזאמענ מיט דער עקאָנאָמישער פארפעסטיקונג, פארשטארקט זיכ אויכ די סאָציִאל־קולטורעלע בויונג אינ די קרימער ייִדישע קאָלווירטנ.

די גרעסטע אכטונג ווערט, פארשטייט זיכ, אָפּגעגעבנ דער דערציִונג אונ בילדונג פונ די קינדער.



שלאָגלערנס פונעם קאָלווירט „סאָצדאָרף״ (קרים)

פאר די קינדער ביז פאָרשול-עלטער עקזיסטירן אין מעשעכ פון די זומעררי̇קע מאָנאטן יאסליעס. די יאסליעס באזאָרגן אלע קינדער, וואָס באזוכן זיי, מיט דערנערונג און א גוטער אופזיכט. פאר די קינדער פון פאָרשול-עלטער זײַנען געשאפן געוואָרן 16 סטאציאָנארע און 60 סעזאָנע קינדער-גערטנער און שפיל-פלעצער. ברייט איז דאָ אנטוויקלט די שול־נעץ, די אלגעמיינע בילדונג איז דאָ שוין פארווירקלעכט. אין 73 אָנפאנג־שולן לערנען זיך 2269 קינדער און אין 14 שולן פאר קאָלווירטישער יוגנט (מיטלשולן) – 1717 יונגנטלעכע. קוואליפיצירטע קאדרען פאר דער לאנדווירטשאפט און פאר די ייִדישע שולן ווערן געגרייט אין די צוויי לאנדווירטשאפטלעכע טעכניקומס, וואָס זײַנען דאָ פאראַן, און אין דעם ייִדישן אָפטייל פון דעם פעאָדאָסיער פעדאגאָגישן טעכניקום.

די קולטור-באדערפענישן פון דער דערוואקסענער באפעלקערונג פון די ייִדישע קאָלווירטן ווערן באפרידיקט דורכ קולטור-אופקלער־אנשטאלטן. עס פונקציאָנירן דאָ 15 אָוונט־שולן פאר דערוואקסענע, 22 לייענשטיבלעך, 12 סטאציאָנארע ביבליאָטעקן, 4 ראדיאָ-קנופן אא. — לעצטנס האָט זיך אָרגאניזירט אין דער הויפט־שטאָט פון קרים (סימפעראָפאָל) א באוועגלעכער ייִדישער קאָלווירטישער טעאטער, וועלכער באזוכט פעריאָדיש אלע ייִדישע קאָלווירטן.

א ברייטע קולטור-מאסעווע ארבעט וויקלען פאנאנדער צווישן די ייִדישע קאָלווירטניקעס די פאָליטאָפטיילן בא די מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס. בא אלע פאָליטאָפטיילן זײַנען אָרגאניזירט קולטור־באזעס, וועלכע באדינען אלע קאָלווירטן, וואָס זײַנען צו זיי צוגעפעסטיקט. א גרויסע אופמערקזאמקײַט לייגן די פאָליטאָפטיילן אפ דער ראדיאָפיצירונג פון די קאָלווירטן. דער סאקער פאָליטאָפטייל האָט אויסגעבויט א זעלבשטענדיקע ראדיאָ-סטאנציע. די קאָלווירטן פון קאדישער פאָליטאָפטייל זײַנען דעם לעצטן ווינטער ראדיאָפיצירט געוואָרן. א היפשע צאָל ראדיאָ-אופנעמערס זײַנען פאראַן אויכ אין די קאָלווירטן פון די איבעריקע ראיאָנען.

שוואכער איז דערווײַל די מעדיציניש־שטייגערישע נעץ. די ייִדישע קאָלווירטן ווערן באדינט דורכ 3 שפיטאָלן, 2 אמבולאטאָריעס, 7 מעדיצינישע פונקטן, 25 געזעלשאפטלעכע גאָרקיכן און 13 בעקערײַען.

אינעם באהערשן די קרימער סטעפעס, אין דער בויונג פון די ייִדישע ייִשווים און קאָלווירטן, האָבן געשפילט און שפילן אויכ איצט א ביז גאָר באדײַטנדיקע ראָליע דער קאָמערד און געזערד.

דער קאָמערד פירט אָן מיט דער איבערוואנדערונג און אופנעם פון די נײַע איבערוואנדערער, באקומט און טיילט פאנאנדער די מעלוכע־קרעדיטן, באטייליקט זיך אָפעראטיוו אין דער איבערוואנדערשער בויונג, באזאָרגט די נײַע איבערוואנדערער מיט דערנערונג ביז דער ערשטער גערעטעניש, קויפט אײַן פאר די איבערוואנדערשע קאָלווירטן ארבעט-פי און פאר די קאָלווירטניקעס — קי, קעלבער אאוו. דער קאָמערד האָט זײַנע באפולמעכטיקטע אין אלע וויכטיקע קרימער אײַנאָרדענונג־ראיאָנען, און אויכ אן אלקרימער פאָרשטייערשאפט, א בוי-קאָנטאָר אא.

דער אלפארבאנדישער געזערד האָט זיך ביז 1930 באטייליקט אין דער אָפעראטיווער ארבעט: געבויט די ייִשווים פאר א טייל איבערוואנדערער, צוגעגרייט ערד־מאסיוון פאר דער לאנדווירטשאפט

אאוו. איצט באטייליקט זיכ דער געזערד אקטיוו נאָר אינ ווערבירנ אונ אָפּקלײַבנ די איבערוואנדערער אונ אינ זייער קולטור-מעדיצינישער באדינונג. די דאָזיקע ארבעט פירט דורכ דער געזערד טיילווײַז דורכ זײַנע אָרטיקע אָרגאניזאציעס, אונ טיילווײַז דורכ זײַנ קרימער פאָרשטייערשאפט.

א היפּשע ארבעט האָט דאָ געפירט אונ פירט טיילווײַז אויכ איצט דער „אגראָדזשוינט“. די ערשטע יאָרנ האָט דער „אגראָדזשוינט“ געהאָלפנ די איבערוואנדערער מיט לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, מיט זײַנ אָנטייל אינ דער הײַזער־בויונג, אונ שפּעטער האָט ער זיכ אקטיוו באטייליקט אינ דער אנטוויקלונג פונ באוואסערטער גערטנערײַ, ווײַנגערטנערײַ אונ געוויערב־ארטעלנ.

**אפנ וועג צו פארמעג־לעכקײַט**

די ייִדישע קאָלווירטנ, באזונדערס די מער פאָרגעשריטענע פונ זיי, האָבנ זיכ שוינ פעסט געשטעלט אפנ וועג, וועלכער פירט זיי זיכער צו א פארמעגלעכ לעבנ. דאָ האָבנ מיר שוינ אזעלכע קאָלווירטנ, ווי צב., „ריקאָוו“ (דזשאנקוייצר ראיאָנ), ווו די קאָלווירטניקעס האָבנ אינ 1933 באקומענ צו 12–14 קילאָגראמ ברויט פאר א טאָג-ארבעט, אנדערש געזאָגט, ווו די קאָלווירטניקעס האָבנ פארנ יאָר ארבעט באקומענ צו 3—4—5 הונדערט אונ מער פוד ברויט. דאָס איז אויסער מעזומענ געלט אונ פארשיידענע אנדערע לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ, אויסער דער גערעטעניש פונ זייערע אינדיווידועלע גערטנער, אויסער די מילכיקס פונ די אינדיווידועלע קי, אויסער די הינער אא.

„ריקאָוו“ איז טאקע פונ די גאָר פאָרגעשריטענע קאָלווירטנ. נאָר אויב מע זאָל נעמענ די דורכשניטלעכע, מיטעלע קאָלווירטנ, איז אינ גרעסטנ טייל זײַנענ זיי שוינ אויכ אפנ וועג צו פארמעגלעכקײַט.

אָט, צומבײַשפּיל, ווי עס האָט אפנ אלקרימער צוזאמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער געשילדערט די לאגע פונ דעמ איבערוואנדערשנ ייִדישנ קאָלווירט „האָרעפּאשניק“ זײַנ פאָרזיצער:

„אפנ וויסטנ סטעפּ איז פאר קארגע דרײַ יאָר אויסגעוואָקסנ א ייִשעוו פונ 180 פאמיליעס פונ געוועזענע לופט־מענטשנ, וועלכע קעמפנ ניט ערגער פונ די בעסטע קאָלווירטניקעס פאר א פאָרגעשריטנ פארמעגלעכ לעבנ. מיר האָבנ באהערשט א מאסיוו פונ 4 000 העקטאר. אונדזער קאָלווירט איז עלעקטריפיצירט, מיר פארמאָגנ 3 גרויסע ליכטיקע קי-שטאלנ, 3 סילאָס־טורעמס, 130 בעהיימעס אונ 160 קעלבער. דעמ פּלאנ פונ ברויט-אָפּליפערנ דער מעלוכע האָבנ מיר אויסגעפילט פארנ טערמינ, 44 טויזנט פוד ברויט ארויסגעפירט פאר דער מעלוכע, פאנאנדערגעצאָלט זיכ מיט דער מאשינ־טראקטערשער סטאנציע אונ אָנשטאָט פאראיאָריקע 2,5 קילאָ ברויט מיט 1 ר. 70 קאָפּ. פאר א טאָג-ארבעט, האָבנ מיר הײַאָר 6 קילאָ ברויט מיט 3 ר. מעזומענ געלט. פאראיאָרנ האָבנ מיר ניט פארמאָגט קיינ בעהיימעס פאר פערזענלעכנ געברויכ, הײַאָר האָבנ מיר שוינ 50 בעהיימעס. מיר האָבנ אויסגעטיילט 30 קעלבער אפּ פרעמירנ די בעסטע שלאָגלער. כוץ דעמ וועלנ מיר באזאָרגנ 50 קאָלווירטניקעס מיט קעלבער“.

אזנ זעלביקנ וועג האָבנ זיכ שוינ פעסט געשטעלט נאָכ פיל צענדליקער קרימער ייִדישע קאָלווירטנ.

# ייִדישע נאציִאָנאלע ראיאָנע אינ אוקראיִנע

## קאלינינדאָרפער ייִדישער נאציִאָנאלער ראיאָנ

### פונ סיידע-מענוכע ביז קאלינינדאָרפ

נאָכ מיט 125 יאָר צוריק, פארנ קייסער אלעקסאנדער I, זײַנענ אפ די פוסטע אונ וויסטע כערסאָנער סטעפּעס געקומענ הונדערטער אָרעמע ייִדישע פאמיליעס, וועלכע די צארישע סאטראפּנ האָבנ ארויסגעטריבנ פונ זייערע אלטע היימענ — פונ די ליטווישע אונ ווײַסרוסלענדישע דערפער אונ ייִשווים, אונ נאָכ יאָרנ אורמענטשלעכער האָרעוואניע, הונגער, נויט אונ פּײַנ, האָבנ זיי דאָ אויסגעבויט עטלעכע ייִדישע קאָלאָניעס, ווי סיידעמענוכע, באָבראָווי-קוט אא.

איבער 100 יאָר האָבנ די דאָזיקע קאָלאָניעס עקזיסטירט ביז דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, אונ איבער 100 יאָר האָט די מערהײַט פונ זייער באפעלקערונג—די ייִדישע קאָלאָניסטישע אָרעמשאפט—געליטנ פונ שרעקלעכער דרײַפאכער אונטערדריקונג, שקלאפערײַ אונ עקספּלואטאציע, געראנגלט זיכ מיטנ דאָעס אונ נויט, געווענ פארזונקענ אינ עלנט אונ פארצווייפלונג. די פאקטישע באלעבאטים פונ די קאָלאָניעס, פונ די פעלדער, וואָס די אָרעמשאפט האָט מיט איר שווייס באגאָסנ, אונ אויכ פונ זייער גערעטעניש, זײַנענ געווענ די עטלעכע צענדליק אופגעקומענע קאָלאָניסטישע גווירימ, וואָס האָבנ פארוואנדלט זייערע אָרעמע „ברידער" אינ עמעסע פּאראָבקעס. ניט פיל בעסער איז געווענ די לאגע אויכ פונ דעמ מיטעלנ ייִדישנ קאָלאָניסט. די ערד-באצירקנ פלעגנ זיכ פונ דאָר צו דאָר פארקלענערנ. קויפנ אָדער נעמענ אינ ארענדע א נײַעמ ערדכײַלעק האָט דער קאָלאָניסט ניט געהאט קיינ רעכט, אונ פונ דעמ אייגענעמ שטיקל ערד איז שווער, זייער שווער געווענ צו מאכנ א לעבנ.

די אימפּעריִאַליסטישע מילכאָמע האָט איבערגעלאָזן קימאַט אַלע אָרעמע און מיטעלע ווירטשאַפטן אָן אַרבעטספּייִקע, שפּעטער האָבן די בלוטיקע ווײַסגוואַרדייִשע פּאָגראָמען נאָך מער פאַרערגערט די אַזוי אויך גענוג שווערע לאַגע פון די אַלטע ייִדישע קאָלאָניעס.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט געמאַכט א סאָף צו דער הערשאַפט פון די קאָלאָניסטישע גוויִרים און פון די אַרומיקע רוסישע פּריצים, און שפּעטער, אַז די ראַטנמאַכט האָט זיך באַפעסטיקט, האָט זי אויסגעטיילט 42 000 העקטאַר שוואַרצערד אַפּ צו באַזעצן אַרום די אַלטע ייִדישע קאָלאָניעס נײַע ייִדישע איבערוואַנדערער.

דאָס איז געווען אין יאָר 1924. עס זײַנען דורכגעגאַנגען איינע 3 יאָר, און דער גאַנצער אַרום האָט זיך געענדערט — ניט צו דערקענען. אַרום די 4 אַלטע קאָלאָניעס זײַנען אויסגעוואָקסן 33 נײַע ייִדישע יישוּווים. אַפּ די סטעפּעס האָבן זיך באַוויזן טראַקטערס און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס. אָנשטאָט די קליינע צעשפּליטערטע אינדיווידועלע ווירטשאַפטן, האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קאָלווירטן, און זייער צאָל איז געוואָקסן פון יאָר צו יאָר.

דאָס נײַע, יונגע, סאָוועטישע האָט דרייסט אָנגעגריפן, און דאָס אַלטע איז צוביסלעך, ניט אָן געראַנגל, אָפּגעטראָטן אַפּצ ווײַטער און ווײַטער — ביז סיידעמענוכע איז אינגאַנצן פאַרשווּנדן און אַפּ איר אָרט איז אַנטשטאַנען קאַלינינדאָרף.

דאָס איז געשען דעם 22-טן מאַרט 1927, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער אין ראַטנפאַרבאַנד ייִדישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן, וועלכער האָט, לויטן ווילן פון די דעלעגאַטן פון דעם ערשטן ראַטנצוזאַמענפאָר, באַקומען דעם נאָמען קאַלינינדאָרף.

**אין האָמטיקן וווּקס**

די אַכט יאָר, וואָס דער ערשטער ייִדישער ראַיאָן עקזיסטירט, זײַנען פאַר אים געווען יאָרן פון אַנטוויקלונג און וווּקס אַפּ אַלע אַנטשיידנדיקע געביטן פון זײַן בויונג.

וואָס האָט קאַלינינדאָרפער ראַיאָן מיט זיך פאָרגעשטעלט צום מאָמענט פון זײַן אָרגאַניזירונג, אָנהייב 1927? זײַן טעריטאָריע האָט דענסטמאָל באַטראָפן 58 טויזנט העקטאַר, פון דעם זײַנען בא 27 טויזנט געווען באַזעצט מיט נײַע ייִדישע איבערוואַנדערער, אַרום 20 טויזנט האָבן געהערט צו די 4 אַלטע ייִדישע קאָלאָניעס און 11 טויזנט האָבן זיך געפונען אין באַנוץ פון עטלעכע אוקראַיִנישע און דײַטשישע דערפער, וואָס זײַנען געווען אײַנגעשלאָסן אין דעם ייִדישן ראַיאָן. די גרעסטע מערהײַט פּויערים האָט געפירט זייער ווירטשאַפט אינדיווידועל. די טעכנישע באַוואָפענונג פון דער לאַנדווירטשאַפט איז געווען א שוואַכע. דער פאַרזיי־שעטעך האָט באַטראָפן בלויז עטוואָס מער פון 20 טויזנט העקטאַר, ד.ה. בא 35 פּראָצענט פון דעם גאַנצן ערד־שעטעך, וואָס די ווירטשאַפטן האָבן פאַרמאָגט. ביז גאָר שוואַך איז אויך געווען די נעץ סאָציִאַל־קולטורעלע אַנשטאַלטן אַפּ צו באַדינען די באַפעלקערונג פון ראַיאָן: אינגאַנצן 11 שולן און פון זיי בלויז איינע זיבניאָריקע.

פאַר די דורכגעגאַנגענע אַכט יאָר האָבן זיך די קאַלינינדאָרפער קאָלווירטניקעס דערשלאָגן ביז גאָר באַדײַטנדיקע און וויכטיקע דערגרייכונגען.

די טעריטאָריע פון ראַיאָן האָט זיך פאַרברייטערט ביז 75 טויזנט העקטאַר. די צאָל יישוּווים איז אויסגעוואָקסן ביז 49, פון זיי 39 ייִדישע און 10 אוקראַיִנישע און דײַטשישע. אָנשטאָט 7 דאָרפראַטן אין 1927, פאַראייניקט איצט קאַלינינדאָרפער ראַיאָן 11 דאָרפראַטן — 8 ייִדישע, 2 אוקראַיִנישע און 1 דײַטשישן.

פון יאָר צו יאָר איז געוואָקסן דער פאַרזיי־שעטעך. אין יאָר 1927 האָט ער באַטראָפן 23 920 העקטאַר, אין 1928 יאָר—24 402, אין 1929 יאָר— 26 724, אין 1930 יאָר—48 786, אין 1931 יאָר—50 097, אין 1932 יאָר—51 733, אין 1933 יאָר—52 000. פאַר 7 יאָר איז דאָ דער פאַרזיי־שעטעך, אַלזאָ, אויסגעוואַקסן קימאַט אין 2,5 מאָל. פאַר אָט דעם פּעריאָד האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט די געראָטנקײַט פון די קאַלינינדאָרפער קאָלווירטישע פעלדער, ווי מע קאָן זען פון די פאָלגנדיקע ציפער. פון א העקטאַר פעלד האָט מען אַראָפּגענומען (אין צענטנערס):

| | 1927 | 1933 |
|---|---|---|
| ווינטער־ווייץ | 4,45 | 8,3 |
| זומער־ווייץ | 1,31 | 8,4 |
| גערשטן | 2,10 | 10,3 |
| האָבער | 1,44 | 8 |
| פּראָסע | *1,06 | 6 |
| קוקורוזע | *3,7 | 7,3 |

* אין 1928.

דער וווּקס פון דער געראָטנקײַט איז, ווי מיר זען, א ביז גאָר באַדײַטנדיקער לויט אַלע פעלד־קולטורן, וואָס די קאַלינינדאָרפער קאָלווירטניקעס זייען.



א גאָרטן-בריגאדע בא דער ארבעט

אזעלכע דערגרייכונגען האָבן די קאָלווירטניקעס געקאָנט דערשלאָגן זיך נאָר אדאנק די קאָלאָסאלע דערפאָלגן פון ראיאָן אין דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג פון דער לאנדווירטשאפט. צום סאָף פון ערשטן פינפיאָר איז קאלינינדאָרפער ראיאָן געקומען א דורכויס קאָלעקטיוויזירטער. די טויזנטער קליינע צעשפליטערטע אינדיווידועלע ווירטשאפטן האָבן זיך פאראייניקט אין 39 קאָלווירטן.

די קאָלעקטיוויזירונג פון ראיאָן האָט געמאכט פאר מעגלעך אריבערצופירן זײַן לאנדווירטשאפט אפּ א פיל העכערער טעכנישער באזע. אין 1927 זײַנען אין דעם גאנצן ראיאָן געווען ניט מער פון 3 טראקטערס, און איצט פארמאָגן די 2 מאשינטראקטערישע סטאנציעס, וואָס באדינען די קאָלווירטן: 130 טראקטערס, 23 קאָמבײַנען, 23 לאסט־אווטאָמאָבילן, 61 טראקטערנע דרעש־מאשינעס, לאָקאָמאָבילן און פיל אנדערע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס.

אדאנק דער מעכטיקער טעכנישער באוואָפענונג, האָבן די קאָלווירטן באקומען די מעגלעכקייט צו פארגרעסערן פון יאָר צו יאָר דעם פארזיי־שעטעך פון טעכנישע און דורכאקער־קולטורן, וואָס פאָדערן פיל ארבעט ארום זיך. אין 1931 זײַנען מיט אָט די קולטורן געווען פארזייט 6 384 העקטאר, און אין 1932 – 7 786 העקטאר: 2 282 — זונרויזן, 3 837 — קוקורוזע, 524 — קארטאָפל, 525 — לײַן, 382 — גאָרטנווארג און 236 — זענעפט. אין 1933 איז דער פארזיי־שעטעך פון גאָרטנווארג נאָך מער אויסגעוואָקסן און האָט באטראָפן 567 העקטאר.

מיט שנעלע טעמפּן אנטוויקלען זיך אין קאלינינדאָרפער ראיאָן ווײַנגערטנערײַ און פרוכט־סעדערײַ. דער שעטעך פון ווײַנגערטנער איז פאר אָט די יאָרן דאָ אויסגעוואָקסן פון 84 ביז 153 העקטאר און פרוכט־סעדער — פון 33 ביז 67 העקטאר. קאלינינדאָרף פארמאָגט א גוט אויסגעשטאטן ווײַנקעלטער, וועלכער ארבעט איבער די פּראָדוקציע פון די ווײַנגערטנער.

א באשטימט אָרט אין דער לאנדווירטשאפט פון ראיאָן פארנעמט אויך די פיצוכט. בײַם דער ראיאָן האָט זיך אָרגאניזירט האָבן קימאט א העלפט ווירטשאפטן ניט געהאט קיין פערד און 25 פּראָ־

צענט — קיין קי. איצט פאַרמאָגן די קאָלווירטן און קאָלווירטניקעס 5 360 שטיק רינדער, 4 113 כאַזיירים און 1 272 פערד. די צאָל קאָלווירטישע מילך־פּער־מעס האָט זיך פאַרגרעסערט פון 6 אין 1931־טן יאָר ביז 24 אין 1934־טן יאָר. די צאָל כאַזיירים־פּערמעס איז פאַר די זעלביקע יאָרן אויסגעוואָקסן פון 4 ביז 22. מיט א גאָר קליינעם אויסנאַם פון 7 פּראָצענט פאַרמאָגט איצט יעדער קאָלווירטניק א קו אָדער א קאַלב אין זײַן אינדיווידועלן באַנוץ; אין אינדיווידועלן באַנוץ פון די קאָלווירטניקעס געפינען זיך אויך 938 כאַזיירים. פאַרן פי זײַנען אין ראַיאָן אויסגעבויט געוואָרן: 48 קי־שטאַלן, 41 פערד־שטאַלן, 18 כאַזיירים־שטאַלן און 25 סי־לאָס־טורעמס צו קאָנסערווירן אָפּ ווינטער פיטער פאַרן פי.

אכוץ די גרויסע רעמאָנט־וואַרשטאַטן בא די מאַשין־טראַקטערישע סטאַנציעס, פאַרמאָגט קאַלי־נינדאָרפער ראַיאָן אויך אייניקע אנדערע אונטער־נעמונגען, ווי א שמידערײַ, א שלאָסער־וואַרשטאַט, א דרוקערײַ, א טריקאָטאַזש־ און א שוסטער־וואַרשטאַט.

* * *

אָפּ די כערסאָנער יידישע איבערוואַנדערשע ערד־מאַסיוון, ווי אָפּ די איבערוואַנדערשע מאַסיוון פון קריוואָראָג און מאַריופּאָל, איידער פון זיי זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן די דרײַ יידישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען — קאַלינינדאָרפער, סטאַלינדאָרפער און נײַזלאַטאָפּאָלער — האָט מיט דער גאַנצער אַר־בעט פון אופנעמען און אײַנאָרדענען די איבער־וואַנדערער, בויען די נײַע יישוווים, אופהייבן רוי־ערד, אנטוויקלען די פּיצוכט, באַזאָרגן די קולטור־שטייגערישע און מעדיצינישע באַדינונג אאוו. אָנ־געפירט דער קאָמערד בא דער מאַמאָשעסדיקער הילף פון געזערד, „אגראָדזשוינט", און טיילווײַז „יעקאָ". דער קאָמערד און געזערד העלפן אויך איצט באַדײַטנדיק דער בויונג און פאַרפעסטיקונג פון די יידישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען פון אוקראַינע.

קולטור־אופּ־שטײַג

אָפּ דער באַזע פון די גוירטשאַפט־לעכע דערפאָלגן וואַקסט און פאַר־שטאַרקט זיך פון יאָר צו יאָר די סאָציאַל־קולטורעלע בויונג אין ראַיאָן. דאָס קאָן מען אָמבעסטן זען פון דעם, וויאַזוי עס וואַרן סיסטע־מאַטיש פאַרגרעסערט די אַסיגנירונגען פון ראַיאָ־נישן בודזשעט אָפּ בילדונג און געזונט־אָפּ־היטונג.

| יאָר | סומע פון בודזשעט | הויצאָעס אָפּ בילדונג | הויצאָעס אָפּ געזונט־אָפּ־היטונג |
|---|---|---|---|
| 1930 . . . . | 229 928 | 96 314 | 51 616 |
| 1931 . . . . | 734 174 | 350 565 | 116 518 |
| 1932 . . . . | 902 200 | 461 682 | 165 590 |
| 1933 . . . . | 1 253 800 | 550 700 | 217 200 |

די לעצטע פיר יאָר זײַנען די אַסיגנירונגען אָפּ סאָציאַל־קולטורעלער בויונג, אַלזאָ, אויסגעוואָקסן מער ווי אין 5 מאָל!

די דאָזיקע טאַבעלע איז אגעוו ביז גאָר אינ־טערעסאַנט און באַלערנדיק פון נאָך א שטאַנדפונקט. זי באַווײַזט קלאָר און בולעט, וויאַזוי די סאָוועטישע מעלוכע־אָרגאַנען פאַרטועט די בודזשעט־מיטלען, וואָס פאַר א קאָלאָסאַלע אופמערקזאַמקײַט זיי גיבן אָפּ דער באַפרידיקונג פון די קולטור־שטייגערישע באַדערפענישן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. פון 1,25 מיליאָן רובל, וואָס עס האָט אין 1933 באַטראָפן דער בודזשעט פון קאַלינינדאָרפער ראַיאָן, זײַנען העכער 0,75 מיליאָן, דה. העכער 60 פּראָצענט אויסגעגעבן געוואָרן אָפּ דער קולטור־שטייגערישער באַדינונג פון דער באַפעלקערונג.

קאַלינינדאָרפער ראַיאָן איז אין אָט דער הינ־זיכט, פאַרשטייט זיך, ניט קיין אויסנאַם.

די נעץ קולטור־שטייגערישע אנשטאַלטן, וואָס איז פאַר די לעצטע יאָרן אויסגעבויט געוואָרן אין די קאָלווירטן פון קאַלינינדאָרפער ראַיאָן, באַשטייט פון קינדער־יאַסליעס און קינדער־גערטנער אָפּ 2 000 קינדער, 22 אָנפאַנג־שולן, 14 זיבניאָריקע שולן און 1 צעניאָריקע מיט 2 595 שילער, 2 טעכניקומס (פּעדאַגאָגישער און לאַנדווירטשאַפטלעכער), 35 שולן פאַר ניט־געניטע גראַמעטנע, א ראַיאָנישע צײַטונג „קאָלווירט־עמעס", 2 צײַטונגען בא די מאַשין־טראַקטע־רישע סטאַנציעס, א גרויס צענטראַל קולטור־הויז אין קאַלינינדאָרף, 12 קלובן און 5 רויטע ווינקלען אין די קאָלווירטן, א טעאַטער, 7 קי־נאָ־טעאַטערס, פון דעם איין קלאַנג־קינאָ, 3 ראַדיאָ־קנופּן, 10 ביבליאָטעקן, 3 שפּיטאָלן, 7 אַמ־בולאַטאָריעס, 1 אָפּרו־הויז, 2 פעלדשער־פונקטן, 3 אַפּטייקן, 1 קינדער־קאָנסולטאַציע, 1 ציין־קאַ־בינעט, 10 בעדער אאַ.

א באַזונדערע אופמערקזאַמקײַט פאַרדינען די צוויי קאַלינינדאָרפער טעכניקומס.

דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניקום געפינט



א סאָצגעוועט אפּ בעסער דורכפירן דעם פרילינג־פּאַרזײ (סטאַלינדאָרפער ראַיאָן, אוקראַיִנע)

זיך אין דער אלטער ייִדישער קאָלאָניע לוואָווע. אין אים לערנען זיך 143 יוגנטלעכע פון די ייִדישע קאָלווירטן. דער טעכניקום פאַרמאָגט א היפּשע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַזע פאַר דער פּראָדוציר־פּראַקטיק פון די סטודענטן, פאַרשיידענע קאַבינעטן, לאַבאָראַטאָריעס אדג. דעם ערשטן ארויסלאָז האָט דער טעכניקום געהאַט אין 1932. דעמלט האָבן פאַרענדיקט דעם קורס אַלס אגראָטעכניקער 52 סטודענטן און זײַנען אוועק ארבעטן אַפּ די פעלדער פון די ייִדישע קאָלווירטן.

דער צווייטער טעכניקום, דער פּעדאַגאָגישער, איז נאָך גאָר א יונגער. ער עקזיסטירט ערשט צוויי יאָר. זײַן אויפגאַבע איז—באַזאָרגן די וואַקסנדיקע שול־נעץ פון ראַיאָן מיט קוואַליפיצירטע לערער. אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום לערנען זיך 92 סטודענטן אין עלטער פון 16 ביז 20 יאָר, הויפּטזאַכלעך קינדער פון די ייִדישע קאָלווירטניקעס. דער טעכניקום פאַרמאָגט א גאַנץ קוואַליפיצירטן פּעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל, א פיזישן קאַבינעט אאַ. דער טעכניקום וועט הײַיאָר אויפנעמען נײַע 60 סטודענטן, און פאַר אים ווערט איצט געבויט א נײַע גרויסע ספּעציעל צוגעפּאַסטע געבײַדע.

**שוין גאָר נאָענט צו פאַרמעגלעכע**

די לעצטע 2 יאָר זײַנען פאַרן קאַלינינדאָרפער ראַיאָן, ווי פאַר אַלע ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען און פאַר דער גאַנצער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט אין ראַטנפאַרבאַנד, געווען יאָרן פון אָנגעשטרענגטן קאַמף פאַר דער ענדגילטיקער פאַרפעסטיקונג פון דער קאָלווירטישער אָרדענונג, פאַר פאַרוואַנדלען די קאָלווירטן אין פאָרגעשריטענע און אַלע קאָלווירטניקעס אין פאַרמעגלעכע. ווי אין גרעסטן טייל פון לאַנד, אַזוי האָט זיך דער דאָזיקער קאַמף אין קאַלינינדאָרפער ראַיאָן אויך פאַרענדיקט מיט א פולשטענדיקן גלענצנדיקן ניצחון פון די סאָציאַליסטישע קאָלווירטן.

די גוטע, איבערגעגעבענע, שלאָגלערישע ארבעט פון די קאָלווירטניקעס איז באַלוינט געוואָרן מיט א פילפאַכיק געהעכערטער גערעטעניש פון די סאָציאַליסטישע פעלדער. דאָס האָט שטאַרק אויפגעהויבן דעם מאַטעריעלן ניוואָ און וווילשטאַנד פון די קאָלווירטישע מאַסן. אין 1932 האָט א טאָג־ארבעט אין דורכשניט איבערן גאַנצן ראַיאָן באַטראָפן 1,7 קילאָגראַם ברויט, און אין 1933 יאָר—8 קילאָגראַם. אין די מער פאָרגעשריטענע קאָלווירטן איז דער ווערט פון א טאָג־ארבעט געווען פיל העכער: אין קאָלווירט „רויטער אָקטיאַבער" 15 קילאָגראַם, אין „וועג צום סאָציאַליזם", „סמידאָוויטש" און „ראָט־פראָנט" 16 קילאָגראַם אאַוו.

וואָס דאָס באַטײַט פאַרן וווילשטאַנד פון די קאָלווירטישע מאַסן און פאַר יעדער קאָלווירטישער פאַמיליע באַזונדער, קאָן מען זען פון די פאָלגנדיקע פאַקטן און ציפער.

אין יאָר 1932 האָט די אָרטיקע קאָאָפּעראַציע פאַרקויפט די קאָלווירטניקעס אינדוסטריעלע סחורעס פאַר 1 663 680 ר. און אין 1933—פאַר 2 455 868 רובל. און דערבײַ האָט די קאָאָפּעראַציע ניט געקאָנט באַפרידיקן דעם גאַנצן נאָכפרעג פון די

קאָלווירטניקעס אפּ קליידער, שוכוואַרג, מעבל, וועלאָסיפּעדן, פּאַטעפאָנען אאא.

דער קאָלווירט „סמידאָוויטש“ האָט אראָפּגענומען אין דורכשניט צו 12 צענטנער פון א העקטאר און פאר יעדן טאָג־ארבעט ארויסגעגעבן צו 16 קילאָגראַם ברויט, פון דעם באוואסערטן גאָרטן האָט דער קאָלווירט אראָפּגענומען 6 000 פוד קארטאָפל, 4 000 פוד פּאָמידאָרן, 1 500 פוד קרויט, 600 פוד מערן; אפּ ווינטער האָט דער קאָלווירט פארזייערט 1 500 פוד קאווענעס און 250 פוד פּאָמידאָרן. אין „סמידאָוויטש“ איז סאָפּ פאָריקן יאָר אויסגעבויט געוואָרן א נייער קלוב, א שטאל פאר 120 פערד, א שטאל פאר 400 הינער, א נייע געביידע פאר דער קאָנטאָר און אָפּגערעמאָנטירט 8 הייזער פאר נייע איבערוואנדערער.

דער קאָלווירט „וועג צום סאָציאליזם“ האָט בא א גערעטעניש פון 12 צענטנער פון א העקטאר אראָפּגענומען פון זיינע פעלדער: 132 704 פוד קערנער-קולטורן, 7 200 פוד קוקורוזע, 2 400 פוד קערלעך, 17 400 פוד גאָרטנוואַרג, 3 990 פוד פרוכט, 2 400 פוד ווייַנטרויבן. דער קאָלווירט פארמאָגט 72 קי און קעלבלעך, 70 פערד, א גוטן ווייַנקעלטער אאא. אין 1933 האָט ער פארלייגט א פלאנצנ־גאָרטן אפּ א מיליאָן ווייַנטרויבן־פלאנצן, אוועקגעשטעלט אן אינקובאטער פאר 25 000 אייער, אויסגעבויט א נייַ הויז אפּן ווייַנגאָרטן, געעפנט צוויי רויטע ווינקלען און צוויי שולן פאר דערוואקסענע.

אזעלכע און ענלעכע קאָלווירטן זיינען אין קאלינינדאָרפער ראיאָן פאראן ניט ווייניק.

און וואָס האָט דאָס יאָר 1933 קאָנקרעט געגעבן יעדער קאָלווירטישער פאמיליע באזונדער?

דער שלאָגלער פון קאָלווירט „וועג צום סאָציאליזם“ **מאָטל רוקמאן**, וועלכער האָט צוזאמען מיט זיין פאמיליע אויסגעארבעט 820 טעגארבעט, האָט באקומען: 410 פוד ברויט, 51 פוד קאָרן, 26 פוד גערשטן, 102 פוד הירזש, 10 פוד קערלעך, 74 פוד קארטאָפל, 5 פוד ווייַנטרויבן, 5 פוד פרוכטן, 75 פוד גאָרטנוואַרג. דאָס איז אויסער מעזומענע געלט און אויסער דאָס גאָרטנוואַרג, וואָס ער האָט אראָפּגענומען פון זיין אייגענעם גאָרטן.

**גאָדל טארטאקאָווסקי**, דער געוועזענער באָסלעווער (קיעווער געגנט) וואסערטרעגער און איצט שלאָגלער פון קאָלווירט „רויטער אָקטיאבער“, וועלכער האָט געארבעט צוזאמען מיט דער פרוי און דריי טעכטער, האָט באקומען: 1 097 פוד ברויט, 21 פוד קערלעך, 20 פוד ווייַנטרויבן, 54 פוד עפל, גאָרטנוואַרג און מעזומענע געלט. די טארטאקאָווסקיס האָבן א גוטע, גערוימע וווינונג, א מילכ־קו, א גרויסן גאָרטן, וועלכער האָט געגעבן א סאך קארטאָפל, בורעקעס, פאסאָליעס.

**יִצחאָק־יאנקעוו סערדצע** איז פאר דער רעוואָליוציע געווען א פאסטעכ אין דער אלטער ייִדישער קאָלאָניע באָבראָווי־קוט, איצט איז סערדצע א שלאָגלער אין קאָלווירט „רויטער אָקטיאבער“, ער האָט א וווינונג פון צוויי צימערן מיט א קיך, א מילכ־קו, א גאָרטן. פארן יאָר ארבעט האָט ער באקומען 500 פוד ברויט, פרוכטן, גאָרטנוואַרג און מעזומענע געלט.

**אווראָם קאפלאן** פון קאָלווירט „סמידאָוויטש“ האָט באקומען 600 פוד ברויט, 36 פוד קארטאָפל, 15 פוד קרויט, 18 פוד קערלעך, 5 פוד הירזש, שטרוי און פּאָלאָווע פאר זיין קו. אויסער דעם, האָט ער אראָפּגענומען א רייַכע גערעטעניש פון זיין אינדיווידועלן גאָרטן.

די רוקמאנס, טארטאקאָווסקיס, סערדצעס און קאפלאנס, וועלכע זיינען אין ראיאָן פאראן אין א היפשער צאָל, זיינען שוין גאָר נאָענט צו פארמעגלעכע.

## נייַזלאטאָפּאָליער ייִדישער נאציאָנאלער ראיאָן

**אלגעמיינע ידיעות** דער צווייטער (לויט דער צייט פון זיין אָרגאניזירונג) ייִדישער נאציאָנאלער ראיאָן אין אוקראַיִנע איז דער נייַזלאטאָפּאָליער. ער איז אָרגאניזירט געוואָרן הארבסט 1929 אין באשטאנד פון 12 אלטע ייִדישע קאָלאָניעס, 25 נייע איבערוואנדערישע ייִשוֹוים, 15 אוקראַיִנישע און 2 דייַטשישע ייִשוֹוים. דער ראיאָן פארנעמט א טעריטאָריע פון 44 193 העקטאר, אין דעם 38 667 העקטאר אקער־ערד, און די איבעריקע לאָנקעס, סעדער, ווייַנגערטנער, הויפן אדג. די באפעלקערונג פון ראיאָן איז באשטאנען פון 1 791 ייִדישע פאמיליעס, 635 אוקראַיִנישע און רוסישע און 74 דייַטשישע. די אלגעמיינע צאָל נעפאשעס איז געווען 12 148 (איצט 13 600). דער ראיאָן איז אדמיניסטראטיוו אייַנגעטיילט אין 10 דאָרפראטן—9 ייִדישע און איינער אן אוקראַיִנישער.

פאר די 5 יאָר, וואָס נייַזלאטאָפּאָליער ראיאָן עקזיסטירט, אלס זעלבשטענדיקער אדמיניסטראטיווער איינס, האָט ער געמאכט א היפשן שריט



שלאָגלערנס פונעם קאָלווירט „פאבריציוס“ (נייַזלאטאָפּאָליער ראיאָן, אוקראינע)

פאָרויס און האָט באַדייַטנדיק פארפעסטיקט זייַן ווירטשאפטלעכע לאגע.

**פעלדצוכט**

פעלדצוכט איז דער וויכטיקסטער ווירטשאפט-צווייַג פון נייַזלאטאָפּאָליער ראיאָן. די אנטוויקלונג פון דער פעלדצוכט באשטימט אין גרונט דעם וווּקס און די ווירטשאפטלעכע פארפעסטיקונג פון ראיאָן. אדאנק דעם שנעלן וווּקס פון דער קאָלעקטיוויזאציע און דער מעכטיקער טעכנישער באוואָפענונג, האָט דער ראיאָן אפן פערטן יאָר פון זייַן עקזיסטענץ באהערשט דעם גאנצן שעטעך אקער־ערד, וואָס ער האָט פארמאָגט. אין 1930 האָט דער פארזיי־שעטעך פון ראיאָן באטראָפן 31 315 העקטאר, אין 1931 יאָר — 32 930 און אין 1932 יאָר — 38 120 העקטאר.

פון 1932 האָט נייַזלאטאפּאָליער ראיאָן, ווי די גאנצע סאָציאַליסטישע לאנדווירטשאפט פון ראטנפארבאנד, די גרונט-אופמערקזאמקייַט קאָנצענטרירט אפ צו פארבעסערן די קוואליטעט פון דער פעלדצוכט, אפ העכערן די גערעטנקייַט פון די קאָלווירטישע פעלדער. אייניקע רעזולטאטן האָט דער ראיאָן שוין דערשלאָגן זיך. דער שעטעך פון הארבסט-פארזיי האָט זיך פארגרעסערט פון 17,7 ביז 42,9 פּראָצענט פון דעם אלגעמיינעם פארזיי־שעטעך. עס איז באַדייַטנדיק אויסגעוואָקסן דער שעטעך פון טעכנישע און דורכאקער־קולטורן. נאָך אין יאָר 1932 האָט דער ראיאָן פארזייט 3 180 העקטאר קוקורוזע, 1 620 — זונרויזן, 1 490 — גאָרטנוווארג, 1 090 — לייַן און 3 330 — פיטער-גראָזן, צוזאמען 11 550 העקטאר.

אָנהייב 1932-טן יאָר איז נייַזלאטאָפּאָליער ראיאָן שוין אין גרונט געווען דורכויס קאָלעקטיוויזירט. די צאָל קאָלעקטיוויזירטע ווירטשאפטן איז געווען 2 406, דה. 96 פּראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל אָרעם-און מיטלפויערשע ווירטשאפטן אין ראיאָן. אָט די אלע ווירטשאפטן האָבן זיך פאראייניקט אין 30 קאָלווירטן, וועלכע פאראייניקן איצט 99,9 פּראָצ. אָרעם־מיטלפויערשע ווירטשאפטן פון ראיאָן.

אין 1929, איידער דער ראיאָן איז געווען אָרגאניזירט, איז די טעכנישע באוואָפענונג פון דער לאנדווירטשאפט דאָ געווען א ביז גאָר שוואכע. דער גאנצער ראיאָן איז באדינט געוואָרן דורך 19 טראקטערס. נאָכן אָרגאניזירן דעם ראיאָן איז דאָ געשאפן געוואָרן א מאשין־טראקטערישע סטאנציע, וועלכע האָט באַדייַטנדיק פארשטארקט די מעכאניזירונג פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטפּראָצעסן. די מטס צוזאמען מיטן ראטווירט פארמאָגן: 103 טראקטערס, 29 קאָמבייַנען, 42 טראקטערנע אקערס, 16 מאָטאָרן, 36 דרעש-מאשינעס אאא. א היפשן לאנדווירטשאפטלעכן אינווענטאר פארמאָגן איצט אויך די קאָלווירטן (325 זיי-מאשינעס, 395 שנייַד-מאשינעס און פארשיידענע אנדערע). פאר דער מאשין-טראקטערישער סטאנציע האָט מען דאָ אויסגעבויט א גרויסן גאראזש פאר די טראקטערס,

א רעמאָנט־ווארשטאט אונ 8 הײַזער פאר אירע ארבעטער.

די בעסערע קוואליטעט פונ דער פעלד־ארבעט, די מער אופמערקזאמע באציִונג צו די קלאָלים פונ דער אגראָ־וויסנשאפט, די פארבעסערטע ארבעט־אָרגאניזירונג האָבנ בא די מער פאָרגעשריטענע קאָלווירטנ היפּש געהעכערט די גערעאָטנקײַט פונ זייערע פעלדער. צומבײַשפּיל, דער קאָלווירט „אוואנגארד” האָט אינ 1932 אראָפּגענומענ פונ א העקטאר: ווינטער־ווייצ — 2,8 צענטנער, קאָרנ — 5,5 צענטנער, זומער־ווייצ — 3,8 צענטנער, האָבער — 7,2 צענטנער אונ קוקורוזע — 8,5 צענטנער, אונ אינ 1933 האָט דער זעלביקער קאָלווירט אראָפּגענומענ פונ די זעלביקע פעלדער: ווינטער־ווייצ — 6, קאָרנ — 6,5, זומער־ווייצ — 9, האָבער — 12 אונ קוקורוזע — 25 צענטנער.

באשטימטע דערגרייכונגענ קאָנ דער נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָנ פארצייכענענ אויכ אפנ געביט פונ ווײַנגערטנערײַ אונ פרוכט־סעדערײַ. אינ 1930־טנ יאָר זײַנענ אפ דער טעריטאָריע פונ נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָנ געווענ ניט מער פונ 6,5 העקטאר ווײַנגערטנער, אינ 1931 האָט זיכ דער שעטעכ ווײַנגערטנער פארגרעסערט ביז 48 העקטאר, אינ 1932 ביז 69 אונ אינ 1934 ביז 119 העקטאר. פרוכט־סעדער פארמאָגט דער ראיאָנ 40 העקטאר.

פרילינג 1934 האָט זיכ אפ דער טעריטאָריע פונ נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָנ אָרגאניזירט א טווע־ראטווירט. פארנ ראטווירט זײַנענ אויסגעטיילט געוואָרנ נײַע 5 400 העקטאר ערד, פונ דעמ האָט ער שוינ האיאָר פארזייט 2 060. די מעכאנישע באזע פונ דעמ ראטווירט באשטייט דערווײַל פונ 17 טראקטערס, 7 לאסט־אווטאָמאָבילנ אא. באמ ראטווירט האָט זיכ אָרגאניזירט א ספעציִעלע בוי־קאָנטאָר, וואָס בויט וווינונגענ פאר די ארבעטער, אונ אויכ געזעלשאפטלעכע אונ ווירטשאפטלעכע געבײַדעס. אז דער ראטווירט וועט פארזייענ דעמ גאנצנ שעטעכ ערד, וואָס מע האָט פאר אימ אויסגעטיילט, וועט ער געבנ יערלעכ דער מעלוכע בא א פערטל מיליאָנ פוד ברויט.

### פיצוכט

א היפּש אָרט פארנעמט אינ דער ווירטשאפט פונ נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָנ די פיצוכט.

אינ ראיאָנ זײַנענ פאראנ 8 מילכ־פערמעס, וועלכע פארמאָגנ 2 340 קי, אָקסנ אונ קעלבלעכ, 8 פערמעס ספעציִעל צו האָדעווענ קי־יונגווארג, וועלכע פארמאָגנ 733 קעלבער, אונ 4 כאזיירימ־פערמעס מיט 2 400 כאזיירימ.

מער אויספירלעכע מאטעריאלנ וועגנ דעמ צושטאנד אונ אנטוויקלונג פונ דער פיצוכט פארמאָגנ מיר פאר די יאָרנ 1930—1934. די דאָזיקע מאטעריאלנ שילדערנ די לאגע אזוי:

| צאָל פי | 1930 | 1934 |
|---|---|---|
| מילכ־קי . . . . . . . . | 3 500 | 5 800 |
| כאזיירימ . . . . . . . . | 1 100 | 4 400 |
| שעפּסנ . . . . . . . . | 400 | 600 |
| בינשטאָקנ . . . . . . . | 380 | 749 |

ווי מע קאָנ זענ פונ די געבראכטע ציפער, איז די פיצוכט אינ ראיאָנ פאר די געגעבענע יאָרנ באמערקבאר אויסגעוואָקסנ. פארקלענערט האָט זיכ בלויז די צאָל פונ ארבעט־פי (אָקסנ אונ איבערהויפּט פערד), וואָס עס איז אנ ערנסטער דורכרײַס. צו ליקווידירנ דעמ דאָזיקנ דורכרײַס ווערט לעצטנס געלייגט פיל אכט אונ אופמערקזאמקײַט.

עס איז נייטיק צו פארצייכענענ, אז צו יענער צײַט האָבנ זיכ 1 851 קי אונ קעלבער געפונענ אינ אינדיווידועלנ באנוץ פונ די קאָלווירטניקעס.

אינ ראיאָנ זײַנענ אויסגעבויט געוואָרנ פארנ קאָלווירטישנ פי 7 קי־שטאלנ פאר 600 קי, 18 פערד־שטאלנ פאר 745 פערד, 7 שטאלנ פאר 500 קעלבער אונ 10 שטאלנ פאר 650 כאזיירימ. עס איז אָנגעמערקט צו בויענ נײַע 11 שטאלנ פאר קי אונ קעלבער, אונ 2 קראָליקעס־שטאלנ. סילאָסטורעמס פארמאָגט דער ראיאָנ פאר 5 000 טאָנ פיטער.

דאָס קאָלווירטישע פי איז, אזויארומ, ניט שלעכט באזאָרגט מיט די נייטיקע געבײַדעס אונ פיטער־באזע, אונ דאָס שאפט גינסטיקע באדינגונגענ פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער סאָציִאליסטישער פיצוכט.

אינ נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָנ הייבט אויכ אָנ אנטוויקלענ זיכ די בינענצוכט, וועלכע איז זייער א רענטאבעלער ווירטשאפט־צווײַג. אינ 1932 זײַנענ אינ ראיאָנ געווענ 500 בינשטאָקנ, אונ אינ 1933 יאָר — 700, וועלכע האָבנ געגעבנ בא 1 000 פוד האָניק. אינ 1934 איז די צאָל בינשטאָקנ אויסגעוואָקסנ ביז 750.

די בינענצוכט איז דערווײַל קאָנצענטרירט הויפּטזאכלעכ אינ איינ ווירטשאפט—אינ דעמ קאָלווירט „עמעס”. דער קאָלווירט פארמאָגט א ספעציִעלנ ערד־שעטעכ פונ 100 העקטאר, וועלכער איז פאר-



באם דרעשן די נײַע גערעטעניש אין קאָמונע „עמעס" (נײַזלאטאָפּאָליער ראַיאָן, אוקראַינע)

זייט מיט האָניק־געוויקסן. אפֿן הויף פֿון דער בינען־פֿערמע גופֿע זײַנען אפֿ א שעטעכ פֿון 6 העקטאר פֿארפֿלאנצט 12 טויזנט פֿארשיידענע ביימער. דער קאָלווירט האָט אויסגעבויט 3 ווינטערשטאלן פֿאר די בינען. די פֿערמע פֿארמערט די בינען קינסטלעך און פֿירט אויס די בעסטע בינען-מוטערס. בא דער פֿערמע ווערן ווינטערצײַט דורכגעפֿירט צוויימאָנאטלעכע קורסן אפֿ צו העכערן די קוואליפֿיקאציע פֿון די בינענציכטלער און אפֿ צוגרייטן קאדרען פֿאר די קאָלווירטן, וואָס הייבן אָן אײַנצופֿירן בא זיך בינענצוכט.

**קולטור־בויונג** ביז גאָר באַדײַטנדיקע דערפֿאָלגן האָט דער נײַזלאטאָפּאָליער ראַיאָן דערשלאָגן זיך אפֿן געביט פֿון פֿארבעסערן די קולטור־שטייגערישע באַדינונג פֿון די קאָלווירטישע מאסן. אמבעסטן קאָן מען דאָס זען פֿון דעם, וויאַזוי עס וואקסן קעסיידער די בודזשעט־אסיגנירונגען אפֿ דער קולטור־שטייגערישער בויונג.

אין 1929/30 יאָר האָט דער בילדונג־בודזשעט פֿון ראַיאָן באטראָפֿן 76 טויזנט רובל, אין 1930/31 — 156 טויזנט, אין 1931/32 — 283 טויזנט, אין 1932/33 — 300 טויזנט און אין 1934—463 000 רובל. דער בודזשעט אפֿ געזונט-פֿארהיטונג איז אויסגעוואָקסן פֿון 31 טויזנט רובל אין 1929-טן יאָר ביז 283 טויזנט רובל אין יאָר 1934. אנטשפּרעכיק איז געוואקסן און פֿארברייטערט זיך די נעץ שולן און קולטור־שטייגערישע אנשטאלטן.

די נעץ פֿאָרשול־אנשטאלטן באשטייט דאָ פֿון 10 יאסליעס, קינדער־גערטנער און 30 קינדער־פּלעצער. די צאָל שולן איז אויסגעוואָקסן פֿון 23 אין 1928-טן יאָר ביז 26 אין 1934. פֿארגרעסערט האָט זיך דעריקער די צאָל זיבניאָריקע שולן. אין 1929 זײַנען דאָ געווען בלויז 2 זיבניאָריקע שולן און איצט — 4 זיבניאָריקע און 3 צעניאָריקע. אין 1929 האָבן די זיבניאָריקע שולן ארויסגעלאָזן 50 יוגנטלעכע, אין 1934 יאָר—180. די צאָל לערערס איז אויסגעוואָקסן פֿון 58 ביז 90, און די צאָל שול-קינדער — פֿון 1 460 ביז 2 196.

אלע זיבניאָריקע שולן זײַנען פּאָליטעכניזירט, זיי פֿארמאָגן פֿארשיידענע ווארשטאטן מיט דעם נייטיקן פּאָליטעכנישן אינווענטאר, וועלכע באקענען די קינדער מיט פֿארשיידענע אינסטרומענטן, געוווינען זיי צו צו באשטימטע ארבעט-פּראָצעסן אאוו.

וועגן דער ארבעט פֿון די פֿאָרשול-אנשטאלטן און שולן קאָן מען אורטיילן לויט די פֿאָלגנדיקע פֿאקטן. צומבײַשפּיל, די יאסליעס בא דעם קאָלווירט „עמעס", ווי עס באשטעטיקט די נײַזלאטאָפּאָליער ראַיאָנע צײַטונג, זײַנען א מוסטער פֿון קינדערדערציִונג. האלב אכט אינדערפֿרי באקומען די קינדער ברויט מיט האָניק אָדער מיט פּוטער און מילך אָדער קאווע, 11 אזייגער — א מאנע-קאשע, 2 אזייגער א מיטיק פֿון צוויי געריכטן, אינאָוונט פּוטער מיט ברויט און מילך. עס איז אײַנגעשטעלט א באשטימטער רעזשים פֿארן גאנצן טאָג. די קינדער האלט מען זויבער־ריין, די יאסליעס, אויסער דעם, וואָס זיי האָדעווען גוט די קינדער, שאפֿן זיי א מעגלעכקײַט פֿאר די פֿרויען פֿון די

קאָלווירטניקעס צו באטייליקן זיך אין דער ארבעט און אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון דעם קאָלווירט.

די שולן פון נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָן האָבן ניט לאנג באקומען א גוטע אָפּשאצונג פון אוקראַיִנישן פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר בילדונג.

דורכ ספּעציעלע באשטימונגען פון בילדונג־קאָמיסאריאט זײַנען די נײַזלאטאָפּאָליער צעניאָריקע און די נײַ־דראָוואָקער זיבניאָריקע שולן אנערקענט געוואָרן פאר מוסטער־שולן. דער בילדונג-קאָמיסאריאט האָט פאָרגעלייגט דעם דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנטלעכן בילדונג-אָפּטייל אָפּגעבן די דאָזיקע שולן א באזונדערע אויפמערקזאמקײַט, באזאָרגן זיי מיט אויסשטאטונג פאר ווארשטאטן און ארבעט־צימערן, דערקאָמפּלעקטירן די אויסשטאטונג פון די קאבינעטן, באזאָרגן די נײַזלאטאָפּאָליער שול מיט אָנשויכלעכע לערן-מאכשירים אא. די באשטימונג פון בילדונג-קאָמיסאריאט שטרײַכט אונטער די גוטע ארבעט פון דעם לערער־קאָלעקטיוו.

נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָן פארמאָגט אויך א היפּשע נעץ קולטור־אנשטאלטן פאר דערוואקסענע. דער אנאלפאבעטיזם און האלב-אנאלפאבעטיזם איז דאָ אין גרונט שוין ליקווידירט. עס זײַנען פאראן אין ראיאָן 13 קלובן, 57 רויטע ווינקלען, 4 סטאציאָנארע ביבליאָטעקן, 1 סטאציאָנארע און 4 באוועגלעכע קינאָ-טעאטערס, א זאָאָטעכניקום, אין וועלכן עס לערנען זיך ביז הונדערט סטודענטן, א ראיאָנישע צײַטונג „קאָלווירט-שטערן" און א צײַטונג בא דער מאשין־טראקטערישער סטאנציע „באוועגער פון קאָלעקטיוויזאציע".

עס זײַנען דאָ אויך אויסגעבויט געוואָרן א שפּיטאָל, 4 אמבולאטאָריעס, 15 מעדיצינישע פּונקטן, 4 בעדער, א צײַן־קאבינעט אא.

**בארג-ארוף**

נײַזלאטאָפּאָליער ראיאָן פארמאָגט א היפּשע צאָל פאָרגעשריטענע קאָלווירטן, וועלכע האָבן זיך שוין, אדאנק דער ערלעכער שלאָגלערישער ארבעט פון דער מערהײַט קאָלווירטניקעס, אָרגאניזאציאָנעל־ווירטשאפטלעך פארפעסטיקט און געשטעלט זיך אפּן וועג צו פארוואנדלען זייערע מיטגלידער אין פארמעגלעכע.

אזא איז דער קאָלווירט „שלאָגלער". דער דאָזיקער קאָלווירט האָט זיך אָרגאניזירט אין יאָר 1930, אין באשטאנד פון 14 פאמיליעס. איצט פארייניקט ער 50 פאמיליעס און מיט 90 ארבעטספייִקע פארזייט ער 550 העקטאר ערד, פון דעם 330 העקטאר קערנער-קולטור, און די איבעריקע — קוקורוזע, זונרויזן, פּראָסע אא. „שלאָגלער" גייט שטענדיק אין די ערשטע רייען פון די סאמע פאָרגעשריטענע קאָלווירטן פון ראיאָן. אלע זײַנע פליכטן פאר דער פּראָלעטארישער מעלוכע פילט ער אויס פּינקטלעך אין די אײַנגעשטעלטע טערמינען. אדאנק דער גוטער ארבעט, וואקסט קעסיידער דער ווילשטאנד פון די קאָלווירטניקעס. אלע קאָלווירטניקעס האָבן אין זייער אינדיווידועלן באנוץ א קו, האָדעוועס געגנדו און הינער, זייערע אינדיווידועלע גערטנער (אין דורכשניט בא א האלבן העקטאר). דער ווערט פון א טאָג־ארבעט האָט דאָ אין 1933 באטראָפן 4 קילאָגראם ברויט און 3 רובל מעזומענע געלט, דה. פיל מערער איידער פאראיאָרן.

א היפּשן שריט פאָרויס האָט געמאכט אויך דער קאָלווירט „דזערזשינסקי". אין 1932 האָט דאָ דער טאָג־ארבעט באטראָפן 1,8 קילאָגראם ברויט, אין 1933 — 7 קילאָגראם. דאָס יאָר האָט דער קאָלווירט אויסגעבויט 2 שטאלן פאר די קי און פערד, אן ארטעזיאַנישן ברונעם, וועלכער האָט געקאָסט 25 טויזנט רובל, און געקויפט א דינאמאָ-מאשין און אלע אנדערע נייטיקע מאטעריאלן צו עלעקטריפיצירן דעם קאָלווירט.

א פאָרגעשריטענער קאָלווירט איז אויך „פאָרויס". אין 1932 האָט ער פון די פארזייטע 546 העקטאר אראָפּגענומען 18 900 פוד ברויט, און אין 1933 יאָר—27 312 פוד. דער קאָלווירט האָט פארן טערמין פאנאנדערגעצאָלט זיך מיט דער מעלוכע און מיט דער מאשין־טראקטערישער סטאנציע.

פאר דער גוטער ארבעט זײַנען די קאָלווירטניקעס באלוינט געוואָרן מיט א פיר מאָל געהעכערטן ווערט פון דעם טאָג-ארבעט. אין 1932 האָט ער באטראָפן 1,5 קילאָגראם ברויט און 27 קאָפּ., און אין 1933 באטרעפט ער 7 קילאָגראם ברויט און 1 רובל 25 קאָפּ. מעזומענע געלט. דער קאָלווירטניק דרובעצקי האָט אפּ 3 מענטשן באקומען 180 פוד ברויט, דער 16 יאָריקער אָסטראָווסקי האָט פאר זיך און דער מוטער באקומען 100 פוד ברויט אאוו. קימאט אלע קאָלווירטניקעס האָבן צו איינע — צוויי קי.

צווישן די גוט פארפעסטיקטע ווירטשאפטן געפינט זיך אויך דער קאָלווירט „עמעס". נאָכן אויספילן אלע פליכטן פאר דער מעלוכע און פאנאנדערצאָלן זיך מיט דער מאשין-טראקטערישער סטאנציע, נאָכן פארשיטן דעם פארזיי און סטראכיר-פאָנדן און נאָכן פארגרייטן פוראזש אפּן גאנצן ווינטער איז בא דעם קאָלווירט איבערגעבליבן אזוי-



קאָלווירטישע פערד (קאַלינינדאָרף, אוקראַיִנע)

פיל ברויט, אז ער האָט געקאָנט ארויסגעבן צו 4 קילאָגראַם פאר א טאָג-ארבעט. דער קאָלווירטניק־שלאָגלער רווון קלוגער האָט באקומען פארן יאָר ארבעט 420 פוד ברויט, יאָסל כאַנאנאָוו — 280 פוד, מאריאַסע פערלינע — 255 פוד אאוו. אויסער ברויט, האָבן די קאָלווירטניקעס באקומען פאר די טעג-ארבעט: האָניק, וויינטרויבן, מאלינעס, גאָרטנווארג. דער קאָלווירט האָט אין 1933 היפּש פארשטארקט זיין ווירטשאפט. ער האָט פארגרעסערט די צאָל בינשטאָקן פון 500 ביז 660, וועלכע האָבן געגעבן בא 1 000 פוד האָניק, ער פארמאָגט 205 קי, 3 אָקסן, 135 קעלבער און 212 כאַזיירים. דאָס איז אויסער די 60 קעלבער און 140 כאַזיירים, וואָס דער קאָלווירט האָט ארויסגעגעבן די בעסערע קאָלווירטניקעס פאר זייער אינדיווידועלן באנוץ. דער קאָלווירט האָט אויסגעבויט א נייע געביידע פאר דער שול, א קו־שטאל אא.

דער דערפאָלג פון די קאָלווירטן איז, פארשטייט זיך, פריִער און מער פון אלץ דער דערפאָלג פון די קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס, וועלכע זיינען אומגעהייער אויסגעוואָקסן, איבערדערצויגן, ווי פונדאָסניי געבוירן געוואָרן.

כייקע רויכמאַן, א שטעטלדיק יונג ווייבל, איז אין קאָלווירט „טשובאר" געוואָרן איינע פון די בעסטע שלאָגלערנס, פארנומענ זיך מיט „מענערשער" ארבעט — געאקערט, דערלאנגט צום באראבאן באם דרעשן. פאר איר גוטער ארבעט איז כייקע פיל מאָל פרעמירט געוואָרן. בא די לעצטע איבערוואלן פון דער קאָלווירט-פארוואלטונג האָט מען כייקען איינשטימיק אויסגעוויילט אין פארוואלטונג און טאקע אפ דער זעלביקער פארזאמלונג אויסגעוויילט זי אויך פאר א בריגאדיר, דה. פארן אָרגאניזאטער און אָנפירער פון א גרויסן טייל ווירטשאפט. די ארבעט פון א בריגאדיר איז א ביז גאָר שווערע און פאראנטוואָרטלעכע, און דאָך ספראוועט זיך כייקע מיט איר אויסגעצייכנט. אומעטום פילט זיך איר שארף באלעבאטיש אויג, איר פעסטע אָרגאניזאטערישע האנט. דאָס אנערקענען אלע קאָלווירטניקעס, זי האָט דערוואָרבן בא זיי דעם גרעסטן אווטאָריטעט.

און כייקע איז איינע פון פיל. אזעלכע קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס פארמאָגן די יִידישע סאָציִאליסטישע דערפער אין די הונדערטער און טויזנטער.

## סטאלינדאָרפער יִדישער נאציִאָנאלער ראיאָן

**דער דורכגעמאכטער וועג**

סטאלינדאָרפער ראיאָן איז אָרגאניזירט געוואָרן אין יול 1930. לויט זיין טעריטאָריע און באפעלקערונג איז ער דער גרעסטער פון אלע יִדישע נאציִאָנאלע ראיאָנען אין אוקראַיִנע. ער פארנעמט א טעריטאָריע פון 101 550 העקטאר און האָט א באפעלקערונג פון קנאַפּע 30 000 מענטשן. צווישן זיי בא 15,5 טויזנט אלטע יִדישע קאָלאָניסטן און נייע איבערוואנדערער, און די איבעריקע — אוקראַיִנער, רוסן און

דייַטשן. דער ראיאָן איז ארמיניכטראטיוו אייַנגעטיילט אינ 23 דאָרפראטנ: 10 ייִדישע, 2 אוקראַיִנישע, 2 דייַטשישע און 9 מיט א געמישטער באפעלקערונג.

אינ סטאלינדאָרפער ראיאָנ איז פארווירקלעכט די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאציע. אלע ווירטשאפטנ זייַנענ פארייניקט אינ קאָלווירטנ. פונ די 91 קאָלווירטנ, וואָס דער ראיאָנ פארמאָגט, זייַנענ 29 איבערוואנדערשע. די סאָציאַליסטישע איבערבויונג פונ דער לאנדווירטשאפט האָט שטארק מיטגעהאָלפנ דעמ ווּקס פונ איר טעכנישער באוואָפענונג. די קאָלווירטנ פונ סטאלינדאָרפער ראיאָנ ווערנ באדינט דורכ 3 מאשינ-טראקטערישע סטאנציעס, וועלכע פארמאָגנ 216 טראקטערס, 21 קאָמבייַנענ, 23 לאסט־אווטאָמאָבילנ און אנדערע קאָמפליצירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. אינ די מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס צוזאמענ מיט די קאָלווירטנ זייַנענ פאראנ: 2 370 אקערס, 1 639 באָראָנעס, 613 זייי־מאשינעס, 613 שנייַד-מאשינעס, 116 גארבנ-בינדערס, 16 היי־שנייַדערס אא.

פאר די עטלעכע יאָר, וואָס דער ראיאָנ עקזיסטירט, האָט זיכ די פעלדצוכט היפש פארברייטערט און פארבעסערט לויט איר קוואליטעט. אינ 1931 האָט דער פארזיי־שעטעכ באטראָפנ 59,5 טויזנט העקטאר, און אינ 1934 — 62,7 טויזנט. פונ יאָר צו יאָר פארגרעסערט זיכ דער שעטעכ פונ הארבסט־פארזיי, און באזונדערס פונ ווינטער־ווייצ: אינ 1932 האָט דער ראיאָנ פארזייט 19 490 העקטאר ווינטער־ווייצ, און אינ 1933 — 26 041.

סטאלינדאָרפער ראיאָנ פארמאָגט א היפשנ שעטעכ ווייַנגערטנער און פרוכט־סעדער. אינ 1932 זייַנענ דאָ געווענ 197 העקטאר ווייַנגערטנער, אינ 1933 יאָר — 221. פרוכט־סעדער זייַנענ אינ ראיאָנ פאראנ 149 העקטאר.

א גאנצ אָנגעזוענ אָרט פארנעמט אינ דער ווירטשאפט פונ סטאלינדאָרפער ראיאָנ די פיצוכט. דעמ צושטאנד פונ דער פיצ־כט אינ גאנצנ ראיאָנ כאראקטעריזירט די פאָלגנדיקע ציפער:

| | |
|---|---|
| קי | 13 578 |
| כאזיירימ | 9 500 |
| פערד | 5 152 |
| שעפסנ | 1 021 |
| הינער (אינ די קאָלווירטנ) | 80 000 |

דער גרעסטער טייל קאָלווירטיש פי געפינט זיכ אינ פערמעס. אינ ראיאָנ זייַנענ פאראנ 81 מילכ-פערמעס מ־ט 5 750 קי, 84 כאזיירימפערמעס מיט 2 873 כאזיירימ. דאָס קאָלווירטישע פי איז גוט באזאָרגט מיט אלע נייטיקע און ספעציעל־צוגעפאסטע געבייַדעס. אינ ראיאָנ זייַנענ פאראנ: 85 פערד-שטאלנ פאר 5 000 פערד, 27 קי־שטאלנ פאר 2 200 קי, 21 קעלבער-שטאלנ פאר 1 200 קעלבער און 23 כאזיירימ־שטאלנ פאר 1 500 כאזיירימ. סילאָס-טורעמס און גריבער פארמאָגט דער ראיאָנ בעערעכ אפ 10 טויזנט טאָנ.

א היפשע צאָל פי פארמאָגנ דאָ אויכ די קאָלווירטניקעס פאר זייער אינדיווידועלנ געברויכ: קי און קעלבער העכער 4 000, הינער, גענדז, ענטלעכ אא.

אייניקע קאָלווירטנ, צומבייַשפיל, „רויטארמייער", אא. הייבנ אָנ צו אנטוויקלענ בינענצוכט.

אינ ראיאָנ זייַנענ אויכ פאראנ אייניקע אונטערנעמונגענ: א פוטער-זאוואָד, דרייַ אייל-זאוואָדנ, 4 מילנ, דרייַ ציגל-זאוואָדנ, א טריקאָטאזש־פאבריק.

גאנצ ברייט האָט זיכ אינ סטאלינדאָרפער ראיאָנ פאנאנדערגעוויקלט די קולטור־בויונג. עס זייַנענ דאָ פאראנ: ביז 10 סטאציִאָנארע און 70 סעזאָנע קינדער-גערטנער, וועלכע נעמענ ארומ דרייַ טויזנט קאָלווירטישע קינדער פונ פאָרשולעלטער; אינ 70 שולנ, צווישנ זיי 30 זיבנ־יאָריקע, לערנענ זיכ 7 000 קינדער, דה. אלע קינדער פונ שול־עלטער. די שולנ ווערנ באדינט דורכ 250 לערער. די שולנ זייַנענ ניט שלעכט פאָליטעכניזירט, פיל פונ זיי פארמאָגנ גוט אויסגעשטאטע ווארשטאטנ, ארבעט־צימערנ, קאבינעטנ. עס זייַנענ דאָ אויכ פאראנ צוויי טעכניקומס: א פעדאגאָגישער און א לאנדווירטשאפטלעכער; אינ לעצטנ לערנענ זיכ 143 סטודענטנ. פאר די דערוואקסענע האָבנ דאָ פונקציאָנירט אָוונט-שולנ, אינ וועלכע 1 800 קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס האָבנ אינ גרונט ליקווידירט זייער אנאלפאבעטיזמ. דער ראיאָנ פארמאָגט אויכ אנ ארבעטער־פאקולטעט און קורסנ, וואָס גרייטנ טוער פאר פארשיידענע פאכנ. פונ יאָר 1931 עקזיסטירט דאָ א ייִדישער קאָלווירטישער טעאטער, וועלכער באדינט אלע דרייַ ייִדישע נאציִאָנאלע ראיאָנענ פונ אוקראַיִנע.

די נעצ קולטור-אופקלער־אנשטאלטנ, וואָס דער ראיאָנ פארמאָגט, באשטייט פונ: 74 לייענשטיבלעכ, 24 קלובנ, 25 ביבליאָטעקנ, 2 סטאציִאָנארע און 6 באוועגלעכע קינאָ-טעאטערס, א היפשער טייל קאָלווירטנ איז אויכ ראדיִאָפיצירט. א וויכטיקע ראָליע אינ לעבנ פונ ראיאָנ שפילט די אָרטיקע צייַ־


דער אגראָנאָם קאָנטראָלירט דעם זריִע־מאטעריאל (סטאלינדאָרפער ראיאָן, אוקראינע)

טונג „סטאלינדאָרפער עמעס". די צײַטונג פארמאָגט א גרויסע ארמיי דאָרפישע קאָרעספאָנדענטן אין אלע ווינקעלעך פון ראיאָן, אין אלע קאָלווירטן, פערמעס, בריגאדעס. געדרוקטע צײַטונגען דערשײַנען אויך בא די מאשין־טראקטערישע סטאנציעס. געשריבענע וואנטצײַטונגען דערשײַנען רעגולער אין אלע קאָלווירטן און אפילע אין באזונדערע בריגאדעס.

פון שטייגערישע אנשטאלטן דארפן פארצייכנט ווערן: 9 סטאציאָנארע שפיטאָלן, 45 מעדיצינישע פונקטן, 9 געזעלשאפטלעכע גאָרקיכן, 10 געברויכ־קאָאָפעראטיוון מיט 29 פיליאלן אא.

די געלט־אסיגנירונגען פון ראיאָנישן בודזשעט אף דער קולטור-מעדיצינישער באדינונג פון די קאָלווירטניקעס האָבן באטראָפן: אין יאָר 1931 — 747 733 רובל, אין 1932 — 925 300 רובל און אין 1933 — 972 100 רובל.

אין 1934 איז אין ראיאָן געפירט געוואָרן א ברייטע און פארצווײַגטע בויונג: אויסגעבויט א קולטור־הויז אף 350 פלעצער, מיט א בינע פארן ייִדישן קאָלווירטישן טעאטער, אויסגעבויט א גרויסע געבײַדע פאר דער 10־יאָריקער ייִדישער שול. עס איז פארענדיקט געוואָרן די בויונג פון דרײַ עלעקטרישע סטאנציעס — אין סטאלינדאָרף, איזלוטשיסטע און קראסינע. עס ווערן געבויט אן אוניווערסאלער מאגאזין, אן אינדוסטריעלער קאָמבינאט און א פאָטשט-געבײַדע. עס איז אויסגעבויט געוואָרן א נײַער שפיטאָל אף 40 בעטלעך. עס ווערן אויך געבויט 220 הײַזער פאר איבערוואנדערער. אף אָט די אלע בויונגען האָט די מעלוכע אסיגנירט בא 2,5 מיליאָן רובל. אויסער דעם ווערן אין די קאָלווירטן געבויט 14 קי-שטאלן, 5 פערד־שטאלן, 2 כאזיירים־שטאלן, 10 טוועע־שפײַכלערס אא.

#### קאָלווירטישער זיג

די לעצטע 2 יאָר האָט דער סטאלינדאָרפער ראיאָן געמאכט א גרויסן שריט פאָרויס אפן וועג צו פארפעסטיקן זײַן סאָציאליסטישע לאנדווירטשאפט. אף אלע עטאפן פון לאנדווירטשאפטלעכן יאָר, באם אויספילן אלע וויכטיקערע פראָדוציר־פראָצעסן און פאָליטיש־ווירטשאפטלעכע קאמפאניעס, איז סטאלינדאָרפער ראיאָן שטענדיק געווען צווישן די ערשטע און פאָרגעשריטענע אין דער פאָרגעשריטענער דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט, צו וועלכער ער געהערט.

דעם פרילינג־פארזיי פון 1933 האָבן די קאָלווירטן פון סטאלינדאָרפער ראיאָן געענדיקט די ערשטע אין דער גאנצער געגנט. באם פארזיי זײַנען אין גרונט אויסגעפילט געוואָרן די מער וויכטיקע פאָדערונגען פון דער אגראָטעכניק. אויך באם יעטן די קאָלווירטישע פעלדער, באם אופהײבן שווארצברוך, באם צוגרייטן זיך צום אראָפנעמען די גערעטעניש איז סטאלינדאָרפער ראיאָן געווען צווישן די ערשטע.

די וויכטיקסטע קאמפאניע, וואָס אנטשיידט די רעזולטאטן פון גאנצן לאנדווירטשאפטלעכן יאָר, — די שניט־קאמפאניע — איז דאָ אויסגעקומען דורכצופירן אין זייער שווערע באדינגונגען. צו דער צײַט פון שניט האָבן זיך אָנגעהויבן טאָגטעגלעכע רעגנס, וועלכע האָבן צוגעבויגן דאָס גאנצע ברויט צו דער ערד און קיין שום שנײַד-מאשין האָט עס ניט גענומען. פארמאָגנדיק א גרויסע צאָל שנײַד־מאשינעס, האָבן די קאָלווירטניקעס ניט געקאָנט מיט זיי באניצן זיך און געמוזט א באדײַטנדיקן טייל פון פארזיי-שעטעך אראָפנעמען מיט סערפן און קאָסעס, דה. מיט די הענט. דאָס האָט, פארשטייט זיך, שטארק פארצויגן די ארבעט.

די רעגנס האָבן אויך געשטערט צו פאָרסירן דאָס דרעשן פון אראָפגענומענעם ברויט. די דורכגענעצטע גארבן האָט מען ניט געקאָנט ניט דרעשן און ניט סקירדעווען. די אָפגעדראָשענע קערנער זײַנען געווען אף אזויפיל פײַכט, או מע האָט זיי ניט געקאָנט פירן צום עלעוואטער.

די שניט-קאמפאניע האָט זיך צוליב דעם אומגעהייער פארצויגן. אָנשטאָט 12 טעג, ווי עס איז

געווען אָנגעמערקט אינ פּלאַנ, איז אויסגעקומענ צו שנײַדנ גאנצע 25 טעג. קעדיי אָנצוהאַלטנ די צײַט, האָט מענ געמוזט ארבעטנ מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגענ. דעמ גאנצנ קאָמפּלעקס ארבעט-פּראָצעסנ פונ דער אראָפּנעמ־קאמפּאניע האָט מענ געמוזט דורכפירנ אינ שטארק פארקירצטע טערמינענ.

אונ די סאָציאַליסטיש-איבערדערצויגענע קאָלווירטישע מאסנ זײַנענ בײַגעקומענ אלע פילצאָליקע שוועריקײַטנ אונ דערשלאָגנ זיכ א גלענצנדיקנ זיג אויכ אינ דער אראָפּנעמ־קאמפּאניע. צומ 6־טנ סענטיאבער האָבנ אלע קאָלווירטנ פונ סטאלינדאָרפער ראיאָנ פולשטענדיק פארענדיקט די ברויט-אָפּליפערונג דער מעלוכע אונ אינגאנצנ פאנאנדערגעצאָלט זיכ מיט די מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס, וואָס צוזאמענ האָט דאָס באטראָפנ 1 316 232 פוד ברויט.

מיט די זעלביקע שלאָגלערישע טעמפּנ האָבנ די קאָלווירטנ גלײַכצײַטיק דורכגעפירט אויכ די איבעריקע ווירטשאפטלעכע קאמפּאניעס. צומ 5-טנ סענטיאבער האָבנ די קאָלווירטנ אויסגעפילט דעמ גאנצנ יאָר-פּלאנ פונ פוטער־אָפּליפערונג אונ פארקויפט דער מעלוכע 3 000 פוד פוטער. סטאלינדאָרפער ראיאָנ האָט דער ערשטער אינ דער גאנצער געגנט פארענדיקט די אָפּליפערונג פונ קארטאָפל אונ גאָרטנווארג. צומ 16-טנ אָקטיאבער האָבנ די קאָלווירטנ פארענדיקט דעמ הארבסט-פארזיי. דער ראיאָנ האָט אויכ אויסגעפילט אונ איבערגעשטיגנ די פּלענער פונ פלייש־ אונ האָניק-אָפּליפערונג, געלט־מאָביליזירונג אאוו.

דעמ דאָזיקנ גלענצנדיקנ זיג, וועלכער האָט ארויסגערוקט דעמ סטאלינדאָרפער ראיאָנ אינ די ערשטע רייענ פונ די סאמע פאָרגעשריטענע ראיאָנענ פונ דער געגנט, האָבנ די קאָלווירטניקעס דערשלאָגנ זיכ אינ רעזולטאט פונ אָנגעשטרענגטער ארבעט אונ קאמפּ, אינ רעזולטאט פונ ריכטיקנ אָרגאניזירנ אונ צעשטעלנ די קרעפטנ, אינ רעזולטאט פונ די ברייט פאנאנדערגעוויקלטע סאָציאַליסטישע ארבעט־מעטאָדנ — דעמ סאָציאַליסטישנ געוועט אונ שלאָגלערײַ, — וועלכע זײַנענ ארײַנגעדרונגענ אינ אלע קאָלווירטנ, אינ אלע בריגאדעס אונ רינגענ.

אזוי טרײַ, אזוי איבערגעגעבנ, מיט אזא ענטוזיאזמ האָבנ די קאָלווירטניקעס אונ קאָלווירטניצעס נאָכ קיינמאָל פריִער ניט געארבעט.

**פריידיקע סאכאקלענ**

די אָנגעשטרענגטע, איבערגעגעבענע ארבעט פונ דער קאָלווירטישער מאסע איז, פארשטייט זיכ, ניט געגאנגענ פארלאָרנ. פאר דער ערנסטער אונ אופמערקזאמער באציִונג צו די פאָדערונגענ פונ דער אגראָ-וויסנשאפט, פארנ געוויסנהאפטנ אָפּהיטנ זיי, האָבנ די סאָציאַליסטישע פעלדער באלוינט די קאָלווירטניקעס פונ סטאלינדאָרפער ראיאָנ מיט אזא גרויסער גערעטעניש, וועלכע האָט איבערגעשטיגנ אפילע די סאמע אָפּטימיסטישע דערווארטונגענ.

אינ פארגלײַכ מיטנ 1932-טנ יאָר האָט זיכ די גערעטנקײַט דאָ אינ 1933 געהעכערט אזוי (אינ צענטנער פונ א העקטאר):

| נאָמענ פונ קאָלווירט | ווינטער־ווייץ | | קאָרנ | | גערשטנ | | האָבער | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1982 | 1933 | 1932 | 1933 | 1932 | 1933 | 1932 | 1933 |
| „באָטווינ" . . . . . . . . | 4 | 17 | 3,5 | 12 | 4 | 18 | 5 | 20 |
| „רויטארמייער" . . . . . | 4,5 | 15 | 4 | 11 | 6 | 12 | 4 | 13 |
| „טרוד־פּאָלאָסא" . . . . . | 2,7 | 11,5 | 6 | 11 | 9,8 | 14 | 10 | 14 |
| קאָמונע „50־טער קאוו־פּאָלק" | 3,1 | 15,0 | 3,6 | 9 | 6,8 | 19 | — | — |
| „טשערוואָני פראפּאָר" . . . | 2 | 15,4 | 4,6 | 14 | 10 | 18,4 | 11 | 15,1 |

לויט אלע גרונט-קולטורנ האָבנ די קאָלווירטניקעס פונ סטאלינדאָרפער ראיאָנ אינ 1933 אראָפּגענומענ א 3—4 מאָל העכערע גערעטעניש, איידער אינ 1932־טנ יאָר.

אנטשפּרעכיק איז אויסגעוואָקסנ דער באטרעפ פונ א קאָלווירטישנ טאָג-ארבעט, אונ בעמיילע שוינ, דער גאנצער ווילשטאנד־ניוואָ פונ די קאָלווירטניקעס. אינ די קאָלווירטנ „קארל־ליבקנעכט" אונ „12־טער אָקטיאבער" האָט דער טאָג-ארבעט באטראָפנ 10 קילאָגראמ ברויט, אינ „רויטארמייער"—



אין דער קאָלווירטישער ביבליאָטעק (קאַלינינדאָרפער ראַיאָן, אוקראַינע)

13,7, אין „באָטווין" — 15,9, אין „טרוד־פּאָלאָסא" — 16, אין „טשערוואָני פּראַפּאָר" — 16,8 און אין „רויטן אָקטיאַבער" — 22,5 קילאָגראַם.

און דאָס איז בלויז קערנער־קולטורן. אויסער דעם, האָבן די קאָלווירטניקעס אויך גאָרטנוואַרג, פּרוכט, ווײַנטרויבן, פאַרשיידענע פּראָדוקטן פון דער פיצוכט, וועלכע ווערן אויך צעטיילט לויט די טעג־אַרבעט.

עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אויסאַרבעטן פאַר א יאָר 4—5 הונדערט און אפילע 6 הונדערט טעג־אַרבעט איז פאַר א דורכשניטלעכער קאָלווירטישער פאַמיליע ניט קיין מאַקסימום, נאָר גיכער א מינימום, און אונדז וועט ווערן פולשטענדיק קלאָר, ווי פריידיק עס זײַנען געווען פאַר די קאָלווירטישע מאַסן פון סטאַלינדאָרפער ראַיאָן די סאַכאַקלען פון 1933-טן יאָר.

עטלעכע לעבעדיקע בײַשפּילן וועלן דאָס באַווײַזן נאָך קלאָרער און בולטער.

אין זייער ראַפּאָרט צום XVI יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָבן די קאָלווירטניקעס פון קאָלווירט „רויטאַרמייער" אַזוי געשילדערט זייערע דערגרייכונגען פאַרן לעצטן ווירטשאַפטלעכן יאָר:

„אויסער דער גרויסער גערעטעניש פון די קערנער־קולטורן, האָט דער קאָלווירט באַקומען גרויסע רעזולטאַטן אויך פון דעם קאָלווירטישן גאָרטן. „מיר האָבן געהאַט 6 העקטאַר קאַבאַקעס. קאָנט איר זיך ניט פאָרשטעלן, וויפל מיר האָבן איצט קאַבאַקעס. שוין א פּאָר מאָנאַטן, אַז מיר האָדעווען מיט זיי 60 קי. שוין אָפּגעלייזט פאַר קאַבאַקעס 6 טויזנט רובל און א גאַנצן ווינטער האָבן מיר נאָך קאַבאַקעס אַף פיטער פאַר די קי. מיר האָבן אויך געהאַט אָנדערהאַלבן העקטאַר אוגערקעס, האָבן מיר שוין אָפּגעלייזט 1 600 רובל געלט, און אַלע קאָלווירטניקעס האָבן זיך פאַרגרייט אַף ווינטער. פון 5 העקטאַר פּאַסאָליעס האָבן מיר אַראָפּגענומען 300 פּוד. אויסער דעם, האָבן מיר נאָך בוריט און קאַרטאָפל... בינשטאָקן האָבן מיר פאַראַיאָרן געהאַט 38, און הײַאָר 65. פאַר האָניק האָבן מיר פאַראַיאָרן אָפּגעלייזט 3 600 רובל, און הײַאָר 8 000 רובל. 20 טויזנט רובל האָבן מיר אָפּגעלייזט פאַר ווײַנטרויבן. אין דער מילך־פערמע האָבן מיר פאַראַיאָרן געהאַט 20 קי, הײַאָר 28 און 26 קעלבער. 8 טויזנט רובל האָבן מיר אָפּגעלייזט פאַר מילך. פאַראַיאָרן האָבן מיר געהאַט 21 כאַזיירים, איצט האָבן מיר 26, אויסער די 56, וואָס מיר האָבן פאַרטיילט צווישן די קאָלווירטניקעס".

מיט אַזעלכע און ענלעכע באַלאַנסן פון קאָלווירטישן זיג און וווּקס זײַנען געקומען צום גרויסן פּראָלעטאַרישן יאָנטעוו נאָך צענדליקער און צענדליקער קאָלווירטן און פיל הונדערטער קאָלווירטישע פאַמיליעס פון סטאַלינדאָרפער ראַיאָן.

מאָרדכע פּעקלער פון קאָלווירט „פּראָגרעס" האָט פאַרענדיקט דאָס לעצטע ווירטשאַפטלעכע יאָר מיט אַזאַ באַלאַנס:

„איך מיט מײַן פאַמיליע — דערציילט ער אין „סטאַלינדאָרפער עמעס" — זײַנען שוין דאָס נײַנטע יאָר מיטגלידער פון קאָלווירט „פּראָגרעס". מײַן פאַמיליע באַשטייט פון 5 מאַן, פון זיי זײַנען אַרבעטפייִקע איך און מײַנע צוויי זין. האָבן מיר ביז צום 5־טן נאָיאַבער אויסגעאַרבעט 890 טעג־אַרבעט. אַף יעדן טאָג־אַרבעט האָבן מיר דערווײַל באַקומען אַן אַוואַנס 4,3 קילאָגראַם בוריט, אַף הײַנטיקן טאָג האָב איך שוין באַקומען פון קאָלווירט 83 פּוד קאָרענע מעל, 18 פּוד ווייצענע, 51 פּוד ווייץ, 18 מיט א האַלבן פּוד



לוואָוער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניקום (קאַלינינדאָרפער ראַיאָן)

קערלעך און 35 פוד גערשטן, אַלץ צוזאַמען 185 פוד ברויט.

„אַרויסגייענדיק פון דעם כעזשבן פון 8 מיט אַ האַלבן קילאָגראַם קערנער אויף אַ טאָג־אַרבעט, וואָס אונדזער קאָלווירט וועט אויסצאָלן, קומט מיר נאָך פון קאָלווירט אַ 275 פוד ברויט.

„אַכוץ דעם, האָב איך מיט מײַנע זין אויס־גערעכנט, אַז ביז דעם ערשטן יאַנוואַר 1934 יאָר קאָנען מיר נאָך אויסאַרבעטן 150 טעג־אַרבעט. אַמווייניקסטנ וועלן מיר פאַר זיי באַקומען נאָך 85 פוד ברויט.

„הײַיאָר האָב איך פאַרזייט בײַ דער שטוב אַ גאָרטן, — עפּעס ווייניקער פון אַ העקטאַר. האָב איך פון אים אַראָפּגענומען: 60 פוד קאַרטאָפל, 40 פוד בוריקעס, 8 פוד קרויט, 3 פוד ציבעלע, 4 פוד פאַסאָליעס, 2 פוד אַרבעס, 200 פוד קאַבאַקעס און 50 פוד קוקורוזע. די אַלע פּראָדוקטן זײַנען מיר גענוג אויף דעם יאָר צו עסן, אַכוץ דעם, וואָס פון קאָלווירטישן באַשטאַנד האָב איך באַקומען 70 פוד קאַווענעס און 2 פוד ווײַנטרויבן.

„...הײַנט מײַן בעהיימע, מײַנע 30 הינער, 8 קאַטשקעס און 11 ענדיקעס...".

„פ ו ן  אַ  פ אַ ר אָ ב ע ק  אַ  ק אַ פּ צ ן  צ ו  אַ  פ אַ ר מ ע ג ל ע כ ן  ק אָ ל ו י ר ט נ י ק" — אָט אַזוי קאָן מען אינקורצן רעזומירן דעם לעבנ־סאַכאַקל פון ג י ט ל  ג אָ ל ד ק י נ פון קאָלווירט „רויטאַרמייער".

„איך בין אַלט אינגאַנצן 24 יאָר — דערציילט ג. גאָלדקין אין זעלביקן נומער „סט. עמעס". צו 10 יאָר בין איך געבליבן אָן עלטערן.

„מיט מיר זײַנען געבליבן נאָך צוויי שוועס־טער און אַ ברודערל. דער אַזויגערופענער שפּײַ־זער בין איך געווען.

„קיין ווירטשאַפט איז בײַ אונדז ניט געווען. האָב איך שוין פון 10 יאָר אָן אָנגעהויבן גיין אַרבעטן אַלס באַטראַק צו די באַלעגופים, וואָס זײַ־נען נאָך דעמלט געווען אין קאָלאָניע נײַ־קאָוונע, אַזויאַרום האָב איך זיך אָפּגעמוטשעט אַ לאַנגע צײַט. 11 יאָר יונגע מי האָב איך אָפּגעגעבן אויף די באַלעגופים, און איך האָב גאָרנישט דער־גרייכט.

„אין 1928 יאָר בין איך פון די ערשטע אַרײַן אין קאָלווירט, וועלכער האָט זיך אָרגאַניזירט בײַ אונדז אין קאָלאָניע. עמעס, אין קאָלווירט איז די ערשטע יאָרן געווען שווער, אָבער איך האָב דערפילט, אַז איך בין אויך אַ באַלעבאָס, אַז דאָס, וואָס איך אַרבעט, איז דאָס אויף אונדזער אייגענער ווירטשאַפט, ניט פאַרן באַלעגופ.

„אין רעזולטאַט פון מײַן איבערגעגעבענער אַר־בעט אין קאָלווירט האָט די פאַרוואַלטונג מיך אַרויסגעשטעלט אויף איינעם פון די פאַראַנטוואָרט־לעכסטע באַצירקן פון אַרבעט, אַלס קאָניוך. אויף דער אַרבעט בין איך שוין באַלד אַ יאָר.

„פאַר דעם יאָר, דאָס הייסט, ביז דעם ערשטן נאָיאַבער, האָב איך אויסגעאַרבעט 340 טעג־אַרבעט. אין אונדזער קאָלווירט טראָגט אויס 13 קילאָגראַם אויף אַ טאָג־אַרבעט. 137 פוד ברויט האָב איך שוין באַקומען. נאָך אַ 140 קומט מיר אַרויס. פאַר די צוויי כאַדאָשים ביז דעם ערשטן יאַנוואַר וועל איך צום ווייניקסטן אויסאַרבעטן 60 טעג־אַרבעט; אין אַלגעמיין, וועל איך האָבן ניט ווייניקער פון 300 פוד ברויט אויפן יאָר.

„אויף עסן איז מיר אַריבער און אַריבער גענוג 60 פוד (מײַן פאַמיליע באַשטייט אינגאַנצן פון 3 עסערס). אַכוץ דעם האָב איך פון מײַן גאָרטן פאַרשיידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, וואָס איז מיר גענוג און גענוג.



יונגע הינדעלעך פון אינקובאטער (סטאלינדאָרפער ראיאָן)

„איך פארמאָג ניט קיין שלעכטע בעהיימע מיט א קאלב פון 9 כאדאָשים און אויפעס.

„פון דעם קאָלווירט וועט מיר נאָך ארויסקומען א ביסל געלט. עס טראָגט אויס צו 3 רובל אפ א טאָג - ארבעט — 400 טעג - ארבעט איז 1200 רובל געלט.

„אָפטמאָל הייב איך אָן זיך צו באטראכטן, און דאָס הארץ הייבט זיך אָן בא מיר צו פרייען. איך, דער פריערדיקער באטראק, קאפצן, בין איצט אין קאָלווירט א שלאָגלער און פארמאָג א בעהיימע און ברויט אריבער און אריבער, וואָס איך וועל נאָך האָבן אפ צו פארקויפן, פארשיידענע פראָדוקטן, איינגעשאפט זיך א שטוב, א קאלב, געלט באקומען פון קאָלווירט, איך האָב אין וואָס ארויסצוגיין צווישן מענטשן. קאָן איך טאקע גאָר ניט אָפשאצן, ווי טייער עס איז בא מיר דער קאָלווירט, די ראטנמאכט, די פארטיי”.

און וויפל נאָך אזעלכע פעקלערס און גאָלדקינס זיינען פאראן אין סטאלינדאָרפער, און אויך אין די איבעריקע יידישע נאציאָנאלע ראיאָנען, פונקט ווי איבערן גאנצן שעטעך פונעם קאָלאָסאלן ראטנפארבאנד?

★

אָט די אלע ווירקלעכע קאָלאָסאלע דערפאָלגן האָבן די יידישע נאציאָנאלע ראיאָנען פון אוקראינע דערשלאָגן זיך אין קאמף קעגן ערנסטע און פארשיידנארטיקע שוועריקייטן, וועלכע זיינען קימאט אומפארמיידלעך באם באהערשן נייע ערד־מאסיוון, באם בויען נייע יישוווים אין סטעפ.

אפ זייער אנטוויקלונג-וועג האָבן די יידישע נאציאָנאלע ראיאָנען פון אוקראינע געהאט אויך ערנסטע דורכרייסן, איבערהויפט אפן געביט פון פארפעסטיקן די נייע איבערוואנדערער. צוליבן אָפטמאָל שלעכטן אָרגאניזירן דעם אופנעם און די איינאָרדענונג פון די נייע איבערוואנדערער האָט א היפשער טייל פון זיי פארלאָזן די ראיאָנען, און דאָס פלעגט צייטנווייז שאפן אין די יידישע קאָלווירטן א ביז גאָר אָנגעשטרענגטע לאגע מיט ארבעטקראפט. עס פלעגט ניט זעלטן אויספעלן ארבעט־הענט אפ אראָפצונעמען און באארבעטן די גערעטעניש.

פאר די יאָרן 1933—1934 האָט זיך די לאגע אויך אין דער הינזיכט היפש פארבעסערט. די ראיאָנען און די קאָלווירטן גרייטן זיך איצט בעסער צו צום אופנעם און איינאָרדענען די נייע איבערוואנדערער, און אדאנק דעם האָט זיך זייער אָפפלוס צוליב די אָנגעוויזענע סיבעס ביז גאָר פארקלענערט.

# ייִדישע קאָלווירטן אין די איבעריקע טיילן פון ראטנפארבאנד

## ווײַסרוסלאנד און אוקראַינע



אכוץ דער פלאנישער איבערוואנדערונג אפ די דורכויסיקע ערד־פאָנדן, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעטיילט אין קרים און אין אוקראַינע, קומט פאָר אן אינטענסיווע ערד־אײַנאָרדענונג פון דער ייִדישער אָרעמשאפט ארום די שטעטלעך — זייערע שטענדיקע וווינערטער — און אויך אפ די ספּעציעלע פאָנדן, וואָס עס טיילן פאר זיי אויס די אָרטיקע שטאָטישע, ראיאָנע און געגנטלעכע אויספיר־קאָמיטעטן.

באזונדערס איז זיך פאנאנדערגעוואָקסן די דאָזיקע ארבעט אין צוזאמענהאנג מיט די מאָסמיטלען, וואָס די אוקראַינישע און ווײַסרוסישע סאָוועטישע רעפובליקאנישע רעגירונגען האָבן אָנגענומען קע־יי געזונט צו מאכן די עקאָנאָמישע לאגע פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג. א גרויסן שוואונג האָט באקומען אויך די בײַשטעטלדיקע ערד־אײַנאָרדענונג אין די יאָרן 1929—1931, אין דער צײַט, ווען די קאָלווירטישע באוועגונג האָט ארומגענומען די גאנצע סאָוועטישע לאנדווירטשאפט.

**ייִדישע ערד־אײַנאָרדענונג אין ווײַסרוסלאנד**

די ערשטע, וואָס האָט בא זיך גענומען דורכפירן די ערד-אײַנאָרדענונג פון דער ייִדישער דעקלאסירטער אָרעמשאפט, איז געווען די ווײַסרוסישע רעגירונג.

אינעם באשלוס, וואָס דער צענטראלער אויספיר-קאָמיטעט פון ווססר האָט אָנגענומען זומער 1924, ווערט געזאָגט:

„די לאנגדויערנדיקע רעדיפעס און גזיירעס האָבן פארצאמט דעם וועג פאר די ייִדישע האָרעפאשנע מאסן אין א גאנצער ריי געביטן פון פראָדוקטיווער ארבעט. די ייִדן זײַנען געווען פארשפארט אין די גובערניעס פון „טכום", נאָר אפילע אין די דאָזיקע גובערניעס האָבן זיי ניט געהאט




דער ערשטער אלווײַסרוסלענדישער צוזאמענפאָר פונ ייִדישע פויערימ אינ 1924 יאָר

קיינ רעכט צו באזעצנ זיכ אויסער די שטעטלעכ אונ שטעט. ייִדנ איז געווענ פארבאָטנ צו באזיצנ ערד, אפילע צו וווינענ אינ דאָרפ״.

„ווי באגרענעצט דער פרײַער ערד־פאָנד אינ ווײַסרוסלאנד זאָל ניט זײַנ, — ווערט ווײַטער געזאָגט אינ דעמ אָנגעוויזענעמ באשלוס, — האלט דאָכ דער פרעזידיום פונ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט, אז אפנ דאָזיקנ פראָנט האָבנ גלײַכע רעכט צוזאמענ מיט דער אָרטיקער פויערישער באפעלקערונג אויכ יענע, וועמענ די באגרענעצונג־געזעצנ פונ דער צארישער רעגירונג האָבנ פארצאמט דעמ צוטריט צו ערד״.

אינ איינקלאנג מיט דעמ דאָזיקנ באשלוס איז אויכ איבערגעארבעט געוואָרנ דער ערד־קאָדעקס פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער רעפובליק, אונ לויט אימ איז דער ייִדישער אָרעמשאפט געגעבנ געוואָרנ דאָס רעכט צו באקומענ ערד אינ דער ערשטער ריי.

שוינ אינ 1928 יאָר, צומ צווייטנ אלווײַסרוסלענדישנ צוזאמענפאָר פונ די ייִדישע פויערימ אונ צומ ערשטנ צוזאמענפאָר פונ ווײַסרוסישנ געזערד, זײַנענ אינ ווײַסרוסלאנד געווענ 9 100 ייִדישע פויערשע פאמיליעס מיט 48 225 נעפאשעס אונ מיט אנ ערד־באנוצ פונ 62 198 העקטאר. אויב מע זאָל די דאָזיקע ציפער פארגלײַכנ מיט דער צאָל ייִדישע פויערימ ביז דער רעוואָליוציע — 1 882 פאמיליעס מיט 11 300 העקטאר, — וועט ווערנ קלאָר, ווי קאָלאָסאל עס איז געשטיגנ די ייִדישע ערד־אײַנאָרדענונג אינ ווײַסרוסלאנד אינ די רעוואָליוציע-יאָרנ.

די דינאמיק פונעמ וווקס פונ די ייִדישע פויערימ אינ ווײַסרוסלאנד באווײַזט די פאָלגנדיקע טאבעלע :

| יאָרנ | צאָל מיש־פּאָכעס | צאָל נע־פאשעס | שעטעכ אינ העקטאר |
|---|---|---|---|
| 1924 | 6 105 | 33 996 | 31 497 |
| 1925 | 7 006 | 37 942 | 44 478 |
| 1926 | 7 781 | 41 862 | 50 485 |
| 1927 | 8 098 | 43 447 | 56 560 |
| 1928 | 9 101 | 48 225 | 62 198 |
| 1929 | 9 303 | 49 296 | 64 822 |

עס פעלט א גענויע סטאטיסטיק וועגן דער ייִדישער פויערשער באפעלקערונג אין די לעצטע יאָרן. אָבער די טיילווייַזע יעדיעס, וואָס זייַנען צונויפגעזאמלט געוואָרן, דערציילן וועגן אן אָנופהערלעכן וווּקס פון דעם ייִדישן ערד־באנוץ, און פון דער צאָל ייִדישע קאָלווירטניקעס.

אין 1924 יאָר זייַנען אין ווייַסרוסלאנד געווען 31 ייִדישע קאָלווירטן מיט 336 פאמיליעס און 1 590 נעפּאשעס. אין די יאָרן 1924 — 1929 איז די ייִדישע פויערים־מאסע אין ווייַסרוסלאנד אנטשלאָסן אוועק אפן וועג פון קאָלעקטיוויזאציע. צום אָנהייב 1930 זייַנען שוין אין ווייַסרוסלאנד געווען 245 ייִדישע קאָלווירטן מיט א פארזיי־שעטעך פון 30 372 העקטאר ערד.

אין 1928 יאָר איז דער ווייַסרוסישער קאָמערד צוגעטראָטן אייַנצוּאָרדענען די ארבעטסנדיקע ייִדן אפ גרויסע ערד־מאסיוון, וואָס נייטיקן זיך אין מעליאָראציע און אויסוואָרצל־ארבעט. די דאָזיקע קאָלאָניזיר-פאָנדן פארנעמען א טעריטאָריע פון 3 511 העקטאר. פון זיי — דער זאכאָדער פאָנד — 2 880 העקטאר, קאָמאראָווער — 264 העקטאר און קאלינקאָוויטשער — 367 העקטאר. די אָנגעוויזענע פאָנדן זייַנען אויסגערעכנט אפ 250 פאמיליעס.

כאָטש דאָס באהערשן די דאָזיקע מאסיוון איז אָנגעקומען זייער שווער, האָט זיך א גרויסער טייל איבערוואנדערער אפ זיי שוין אייַנגעאָרדנט, אויסגעבויט הייַזער, און אריבערגעפירט אהין זייערע פאמיליעס.

אין 1929 יאָר האָט די ווייַסרוסישע רעגירונג אויסגעטיילט פאר דער ייִדישער ערד־אייַנאָרדענונג נייַע ערד־מאסיוון אין מינסקער ראיאָן,—ארום 3 500 העקטאר.

די אָפּעראטיווע ארבעט אפ די דאָזיקע ערד־פאָנדן איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם ווייַסרוסישן געזערד, אכוץ דער שטענדיקער ארבעט, וואָס ער פירט אפ צו באדינען די בייַשטעטלדיקע ייִדישע און פילצאָליקע געמישטע קאָלווירטן אין אָרדענונג פון שעפסטום.

אפן ווייַסרוסלענדישן צוזאמענפאָר פון די קאָלווירטניקעס-שלאָגלער אין 1933 יאָר אין מינסק איז צווישן די דעלעגאטן אויך געווען פאָרגעשטעלט א היפשע גרופע ייִדישע קאָלווירטניקעס־שלאָגלער פון די ייִדישע און געמישטע קאָלווירטן. 41 ייִדישע קאָלווירטניקעס זייַנען בייַגעווען אפן צוזאמענפאָר אלס דעלעגאטן. צווישן זיי 16 פון די ייִדישע קאָלווירטן, 23 פון די געמישטע און 2 פון ווייַסרוסישע. אלע דעלעגאטן־קאָלווירטניקעס זייַנען פרעמירט געוואָרן איבער 60 מאָל. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט אויסגעארבעט פון 250 ביז 350 טעג-ארבעט.

קאָלווירט „סאָציאַליס־טישער וועג"

דער דעלעגאט פון צוזאמענפאָר כ' זשאמע באס פון קאָלווירט „סאָציאַליסטישער וועג" (פאריטשער ראיאָן) האָט דערציילט וועגן זייַן קאָלווירט („אָקטיאבער" פון 25 מארט 1933):

„אונדזער קאָלווירט פארמאָגט איצט 150 ווירטשאפטן, צווישן זיי 125 ייִדישע און 25 ווייַסרוסישע און פוילישע. מיר האָבן זיך גוט צונויפגעלעבט. מיר האָבן אויסגעבויט 3 שטאלן אפ 100 בעהיימעס יעדערער, א פערד־שטאל אפ 100 פערד, א סילאָס-טורעם, וואָס נעמט ארייַן 3 000 פּוד סילאָס, א גאראזש פאר 2 טראקטערס. מיר האָבן אָנגעלעבט א היפשע ווירטשאפט, 100 פערד, 305 פארגעזעלשאפטלעכטע פי און כוץ דעם 125 אינדיווידועלע בעהיימעס בא די קאָלווירטניקעס.

אונדזער קאָלווירט פארמאָגט 900 העקטאר אקערערד און א גרויסן גאָרטן פון 100 העקטאר.

פאראיאָרן האָבן מיר געהאט האכנאָסע פון אונדזער קאָלעקטיווער ווירטשאפט 489 469 רובל, פון דעם גאָרטן 161 680 רובל און דאָס איבעריקע פון דעם, וואָס מיר האָבן פארקויפט דער מעלוכע: פלייש — 73 צענטנער, מילך — 43 צענטנער, שמאנט — 20 צענטנער, פּוטער — 19 צענטנער, קארטאָפל — 50 טאָן.

ווי איר זעט, קאָנען מיר זיך שוין ניט נאָר אליין באזאָרגן, נאָר אויך מיטהעלפן אונדזער סאָוועטישער מעלוכע, וועלכע האָט אונדז פארזיכערט און העלפט אונדז וואקסן, גיט אונדז קרעדיט, העלפט אונדז מיט מאשינעס אאוו.

פאר יעדן טאָג־ארבעט באקומט דער קאָלווירטניק געלט און פּראָדוקטן: ברויט, קארטאָפל, גאָרטנווארג אא. פאראן בא אונדז געזינדן, זעליקמאן מוישע, קורצער מוישע יאנקעוו, אא, וואָס האָבן אויסגעארבעט ביז 900 טעג־ארבעט.

אזוי זייַנען מיר באזאָרגט מיט לעבנ-מיטלען. און קולטור? וועגן דעם וועט אייַך אויך דערציילן יעדער קאָלווירטניק אונדזערער. מיר האָבן א ייִדישע 7־יאָריקע שול, א קלוב, די קאָלווירטניקעס שרייַבן אויס צענדליקער צייַטונגען. מיר האָבן א ביבליאָטעק, און וויפל קינדער פון די קאָלווירט־

ניקעס לערנען זיך אין די אוניווערסיטעטן, טעכניקומס און אנדערע שולן!

וויאַזוי ארבעטן אונדזערע קאָלווירטניקעס? איך וועל דערציילן בלויז איין פאקט. עס איז געווען אין דער צײַט פון היי-שניט. בא אונדז איז געווען א דורכרײַס אין קאָסיען. געבליבן ווייניק טעג — און הונדערט העקטאר לאָנקע. נאָר ענטוזיאַזם פון די בריגאדעס קאָן אלץ באוויַיזן. מיר האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט און אין א צוויי־וואָכיקן טערמין האָבן מיר אויסגעפילט די אופגאבע — אָפּגעקאָסיעט!"

אזוי האָט באשריבן דער קאָלווירטניק **שאמע באס** דאָס לעבן פון קאָלווירט „סאָציאַליסטישער וועג".

**אינערלעך־ראיאָנישע און בײַשטעטלדיקע ערד־אײַנאָרדענונג אף אוקראַינע**

א באדײַטנדיקן פארנעם האָט באקומען די ייִדישע בײַשטעטלדיקע און אינערלעך־ראיאָנישע ערד־אײַנאָרדענונג אויך אף אוקראַינע. אין א ריי געגנטן פון דער לינק־ברעגיקער און רעכט־ברעגיקער אוקראַינע איז אין די יאָרן 1920—1928 אנטשטאנען א גרויסע צאָל ייִדישע לאנדווירטשאפטלעכע קאָלעקטיוון.

לויט די סטאטיסטישע ידיעות פון 1926 יאָר האָבן זיך דאן געפונען אף אוקראַינע 252 קאָלעקטיוון מיט 4 113 מישפּאָכעס, וועלכע האָבן פארנומען אן ערד-שעטעך פון ארום 35 000 העקטאר און געציילט בא 20 000 עסער.

צום ערשטן יול 1930 זײַנען אף אוקראַינע געווען 377 ייִדישע קאָלווירטן. די דאָזיקע קאָלווירטן האָבן געציילט 18 101 פאמיליעס מיט אן ערד־שעטעך פון 91 966 העקטאר.

די ייִדישע בײַשטאָטישע קאָלווירטן קולטיווירן בא זיך אכוץ טוווע אויך פארשיידענע אינטענסיווע קולטורן: ווײַנגערטנערײַ, טאבעק, האָפּן. זיי פארנעמען זיך אויך מיט פּראָדוצירן פארשיידענע מילכפּראָדוקטן.

דער גרעסטער טייל ייִדישע אינערלעך־ראיאָנישע קאָלווירטן קאָנצענטרירן זיך אין אָדעסער געגנט, ארום פערוואָמײַסק און אין דער מאָלדאווישער ראטן־רעפּובליק.

באזונדערס באדײַטנדיק זײַנען די דערגרייכונגען אפן געביט פון צוציִען די ייִדישע דעקלאַסירטע אָרעמשאפט צו ערדארבעט אין אָדעסער געגנט. אכוץ קאלינינדאָרפער ראיאָן, וועלכער גייט אויך ארײַן אדמיניסטראטיוו אין אָדעסער געגנט, געפינען זיך דאָרטן 78 ייִדישע קאָלווירטן. אין מעשעך פון די יאָרן 1931—1932 זײַנען אין אָדעסער געגנט באזעצט געוואָרן אף ערד אריבער 20 טויזנט מאן.

ניט ווייניק ייִדישע שטעטלשע אָרעמשאפט איז אויך ארײַנגעטראָטן אין די געמישטע קאָלווירטן, וואָס האָבן זיך די לעצטע יאָרן פארמערט אף אוקראַינע.

**קאָלווירט א. נ. קאהאנאָוויטש**

א מוסטער פון די דאָזיקע אינטערנאציאָנאלע קאָלווירטן איז דער קיִעווער בײַשטאָטישער קאָלווירט אפן נאָמען פון כ׳ קאהאנאָוויטש.

דער קאָלווירט אפן נאָמען פון כ׳ קאהאנאָוויטש איז הײַנט צו טאָג א מעכטיקע לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוציר־קערפּערשאפט מיט א יאָר־אומזאַץ פון איבער א מיליאָן רובל. ער באשטייט פון 50 קאָלווירטניקעס—ייִדן, אוקראַינער, פּאָליאקן, טאָטערן, וואָס האָבן זיך גוט אײַנגעלעבט צוזאמען און שאפן א געמיינזאם נײַ לעבן. די קאָלווירטניקעס שטאָלצירן מיט זייער קאָלווירטיש פארמעגן: 240 העקטאר אקער־פעלד, 400 העקטאר לאָנקעס, א מוסטערהאפטע מילכ־פערמע פון 160 קי, 100 כאזיירים, 60 פערד, 10 אָקסן, 5 נײַע צוזאמענוויגונגען, א מעכאניזירטע דאמפּ־מיל און א וואסערמיל, ווארשטאטן צום איבערארבעטן טאָמאטן, א שוסטער־ און א סטעלמאכ־ווארשטאט.

נאָר דעריקער שטאָלצירן די קאָלווירטניקעס מיט דעם, וואָס זיי פילן שטענדיק אויס פארן טערמין זייערע פארפליכטונגען פאר דער מעלוכע. „די מעלוכע גיט אונדז און מיר גיבן איר. פאראיאָרג האָבן מיר אָפּגעגעבן דער מעלוכע 70 צענטנער פלייש, 3 600 פוד קארטאָפל, 52 טאָן קרויט".

די קאָלווירטישע גאָרקיך ארבעט אויסגעצייכנט. פאר 80 קאָפּ. א טאָג באקומט יעדער קאָלווירטניק דרײַ מאָל אין טאָג געשמאק עסן. ניט ערגער איז אויך באזאָרגט די קינדער־באפעלקערונג פון קאָלווירט. דער קינדער־גאָרטן באשטייט פון צוויי גרופּעס: א ייִדישע און אן אוקראַינישע. אפן ערשטן בליק איז שווערלעך אונטערצושיידן די ייִדישע קינדער פון די ניט-ייִדישע. די ייִדישע קינדער קענען שוין אף אויסווייניק דעם אוקראַינישן רעפּערטואר צום ערשטן מײַ, און פארקערט: די אוקראַינישע קינדער זינגען פרײַ די מײַ־לידער אף ייִדיש.

דער קאָלווירט האָט צו פארדאנקען דעם אופּ־

שטײַג זײַנעמ דער פעסטער פארטײיִשער אָנפירונג. די 8 פארטײ־מיטגלידער אונ 25 קאָמיוגיסטנ פונ קאָלווירט גײענ אינ אוואנגארד אונ מאָביליזירנ די קאָלווירטניקעס צו ארבעטנ שלאָגלעריש. דעמ כ׳ גאָלדשטײנס (פּאָרזיצער פונ קאָלווירט) אָנפירונג בינדט ניט די איניציאַטיוו פונ די בריגאדירנ, באצירק־פארוואלטערס אונ שלאָגלערס, נאָר פאר־קערט: די ריכטיקע קרעפטנ־פארטײלונג, די שטרענגע פּלאַנישקײַט אונ דער קאָנטראָל איבער איר אויס־פירונג, דער ריכטיק אוועקגעשטעלטער ארבעט־דיסקאָנט שאפט דעמ באָדנ פאר ענטוזיאַסטישער ארבעט.

מענטשנ האָבנ זיכ איבערגעקאָכט, איבערגע־שמאָלצנ, די קלײנ־אײגנטימערישע פסיכאָלאָגיע ווערט פארשוווּנדנ אונ איר אָרט פארנעמט די נײַ־געשאפענע, געזונטע פסיכאָלאָגיע, א סאָציאַליס־טישע באציִונג צו קאָלעקטיווער מי. („דער שטערנ" פונ 10־טנ מײַ 1934).

## גרוזיע (טראנסקאווקאז)

אינ דער שײנער, זוניקער, בארגיקער גרו־זיע וווינט שוינ פיל יאָרהונדערטער א באדײַטנ־דיקע ייִדישע באפעלקערונג. פאר דער רעוואָלוציע איז דאָס געווענ א פארשטויסענע, פאראָרעמטע, מוירעדיקע אָפּגעשטאנענע מאסע. א פארשפארטע אינ די ענגע שמוציקע „געטאָ"־גאסנ, האָט זי געצויגנ איר נישטיקע כאיונע פונ ארשינ אונ וואָגשאָל.

די אָקטיאבער־רעוואָלוציע האָט ארײַנגעלויכטנ אויכ אינעמ דאָזיקנ פארוואָרפענעמ ווינקל, אונ אינ משעכט פונ 13 יאָר (די גרוזינישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק איז געגרינדעט געוואָרנ אינ 1921 יאָר) האָט זי ראדיקאל געענדערט דעמ סאָציאַלנ באשטאנד אונ די עקאָנאָמישע לאגע פונ די גרוזינישע ייִדנ.

אינ גרוזיע געפינענ זיכ איצט ארומ 35 טויזנט ייִדנ. פונ זײ זײַנענ זיבנ טויזנט ארײַנגעצויגנ גע־וואָרנ דורכ דער ראטנרעגירונג אינ דער אינדו־סטריע אונ לאנדווירטשאפט. צווײ אָרגאניזאציעס העלפנ דער רעגירונג אינ דער דאָזיקער ארבעט: דער גרוזינישער געזערד אונ דער „יעווקאָמבעד" (קאָמיטעט אפ אײַנאָרדענענ די ייִדישע אָרעמשאפט).

די איבערבוי־ארבעט צווישנ די ייִדישע אר־בעטנדיקע אינ גרוזיע האָט זיכ דערהויפּט פאנאנ־דערגעוויקלט אינ די לעצטע 5 יאָר. פאר דער צײַט זײַנענ אנטשטאנענ אײניקע צענדליק אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ, וואָס באשעפטיקנ די ייִדישע אָרעמשאפט אינ די שטעט, אונ 15 ייִדישע לאנד־ווירטשאפטלעכע קאָלעקטיוו ווירטשאפטנ, וואָס זײַנענ צעוואָרפנ איבער דער גאנצער ברײט פונ לאנד, פונ די סובטראָפּישע אדזשאריסטאנער ברעג־געס ביז דער גרענעצ פונ אזערבײַדזשאנ.

### ייִדישע ערד-אײַנ־אָרדענונג אינ גרוזיע

אינ 1928 יאָר האָבנ די ייִדישע קאָלווירטנ אינ גרוזיע פאראײניקט 90 מישפּאָכעס (332 נעפאשעס) אפ אנ ערד־שעטעכ פונ 914 העקטאר. צומ 1931 יאָר איז די צאָל קאָל־ווירטישע פאמיליעס אויסגעוואָקסנ ביז 370 אונ דער ערד-באזיִצ ביז 1 414 הא. אינ 1933 יאָר האָבנ די קאָלווירטנ געצײלט 515 פאמיליעס (2 314 נע־פאשעס) אונ 1 540 העקטאר.

פונ יאָר צו יאָר ווערנ די ייִדישע קאָלווירט־ניקעס אלצ פעסטער אונ פארמעגלעכער. אויב אינ 1928 יאָר האָבנ די ייִדישע קאָלווירטניקעס פאר־מאָגט אינגאנצנ 12 שטיק רינדער אונ 12 פערד, האָבנ זײ שוינ איצט 118 שטיק פי אונ 30 פערד. אינ 1932 יאָר האָבנ די ייִדישע קאָלווירטניקעס אויס־געארבעט 35 228 טעג־ארבעט, אינ 1933 דערגרײכט די צאָל טעג־ארבעט 60 245. אפ אײנ טאָג־ארבעט אינ 1932 יאָר האָט יעדער קאָלווירטניק אינ טי־ריפאָנער קאָלווירט פארדינט 4,2 קילאָגראמ ווײצ, אינ ציטעליגאָרער קאָלווירט—1,6 קילאָגר. ווײצ אונ 2 רובל געלט, אינ קוטאיִסער קאָלווירט 7,5 קי־לאָגראמ ווײצ.

אינ 1933 יאָר האָט זיכ די צאָל פּראָדוקטנ אפ אײנ טאָג־ארבעט היפּש פארגרעסערט. דער טיריפאָנער קאָלווירט האָט געגעבנ זײַנע מיטגלי־דער 12,5 קילאָגראמ ווײצ א טאָג אונ 1 רובל 60 קאָפּ. געלט. דער ציטעליגאָרער קאָלווירט—5 קלג. ווײצ אונ 1 רובל געלט אאזוו.

אײניקע בײַשפּילנ: דער מיטגליד פונ טירי־פאָנער קאָלווירט אבראמ קעסעראָוו האָט צוזאמענ מיט זײַנ זונ אויסגעארבעט 328 טעג-ארבעט. זײער פארדינסט איז באשטאנענ פונ: 869 קילאָגראמ ווײצ, 656 קילאָגראמ גערשטנ, 2 327 קילאָגראמ קוקורוזע, 15,10 קילאָגר. צוקער, 900 רובל אונ קימאט 2 טאָנ פיטער פאר די פי.

דער מיטגליד פונ אכאלציכער ייִדישנ קאָל־ווירט בענאָ מעטרזאשווילי, האָט אויסגעארבעט 290 טעג־ארבעט אונ האָט באקומענ: 124 קילאָ־גראמ קוקורוזע, 812 קלג. קארטאָפל, 87 קלג. ווײצ, 72 קלג. גערשטנ, 453 קלג. עפּל, 145

קלג. ציבעלעס, 580 קלג. טאָמאטן, האָניק, פוטער, קעז, מילך, גרינס און דערצו נאָך 1 200 רובל.

דער גרוזינישער געזערד העלפט די ייִדישע קאָלווירטן אפ פארשיידענע געביטן: ער פינאנסירט זייער הײַזער-בויונג, גיט קרעדיט אפ אינווענטאר, זאָרגט פאר זייערע קולטווּעלע און מעדיצינישע באדערפענישן.

לעצטנס האָבן א ריי ייִדישע קאָלווירטן אין גרוזיע אײַנגעפירט בא זיך ראדיאָ און קינאָ. זיי ווערן באזאָרגט מיט צײַטונגען, ביכער און מעדיקאמענטן. אין קאָלווירט ציטעליגאָרא, וואָס פארמאָגט שוין אייגענע 44 הײַזער, ווערט פארענדיקט די בויונג פון אן עלעקטרישער סטאנציע. דער טיריפאָנער קאָלווירט פירט אײַן בא זיך וואסער-לייטונג.

די ייִדישע קאָלווירטניקעס, אָט די נעכטיקע אײַנוווינער פון די שמוציקע, פארוואָרלאָזטע, גרוזינישע ייִדישע קווארטאלן מיט זייער מיטלאלטער-לעכן לעבן-שטייגער, האָבן געבראכט צו זיך מאָדערנע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס און בויען זייער ווירטשאפט לויט די נײַסטע מעטאָדן.

די קולטורן, וואָס ווערן פארזייט אין די ייִדישע קאָלווירטן, זײַנען פארשיידנארטיק: ווייץ און גערשטן, קוקורוזע, קארטאָפל, גרינס, ווײַנטרויבן, עפל, טאבעק, טיי אאוו.

**קאָלווירט „דריטער אינטערנאציאָנאל“**

איינער פון די אינטערעסאנטסטע איז דער קאָלווירט „דריטער אינטערנאציאָנאל“ אין מוכראני מיט אן אינטערנאציאָנאלן מיטגלידער-באשטאנד פון ייִדן, גרוזינער און ארמענער. דער קאָלווירט איז אָרגאניזירט געוואָרן אין 1930 יאָר. לעכאטכילע זײַנען אין אים ארײַנגעטראָטן 17 ווירטשאפטן, פון זיי 12 ייִדישע. דער ערד-שעטעך איז באשטאנען פון דרײַ העקטאר. שוער און פײַנפוף זײַנען געווען די ערשטע טריט פונעם קאָלווירט. די קאָלווירטניקעס — ניט געוווינט מיט דער ארבעט, ערד ווייניק — האָט מען זיך גענומען צו אויפעס-צוכט, אָרגאניזירט א ציגל-זאוואָד. אין 1931 יאָר האָט דער קאָלווירט באקומען נאָך ערד און זיך פארנומען מיט פעלד-צוכט. אין 1932 יאָר זײַנען אין קאָלווירט שוין געווען 17 ייִדישע פאמיליעס. דעם זעלביקן יאָר איז אויסגעבויט געוואָרן א קאָלעקטיווע שטאל, מע האָט אײַנגעקויפט דעם נייטיקסטן לאנדווירטשאפטלעכן אינווענטאר, דער קאָלווירט האָט זיך פארנומען מיט ווײַנגערטנערײַ.

אין 1933 יאָר איז דער ערד-שעטעך פון קאָלווירט ווידער פארגרעסערט געוואָרן. די צאָל ייִדישע פאמיליעס איז אויסגעוואָקסן ביז 22. די מיל, וואָס דער קאָלווירט האָט אויסגעבויט, האָט פאר צוויי כאדאָשים געגעבן 60 פוד מעל.

אין 1933 יאָר האָט דער קאָלווירט געהאט א גלענצנדיקע געררעטעניש.

ווער זײַנען די שלאָגלער פון קאָלווירט? דאָס איז יויסעף באזאזאשווילי. ער האָט אויסגעארבעט 186,6 טעג-ארבעט. טבילעלאשווילי האָט אויסגעארבעט 208,5 טעג-ארבעט, גאבא דאווראשווילי, איליא באזאזאשווילי און מזארעאולאוו. יעדער פון זיי האָט פארדינט צענדליקער קילאָגראמען פארשיידענע פראָדוקטן, וואָס זיכערן אים און זײַן פאמיליע א זאט לעבן ביז דער נײַער געררעטעניש.

אין 1934 יאָר ווערט ווידער פארגרעסערט דער ערד-שעטעך פון קאָלווירט. אפ 133 נעפאשעס פארמאָגט ער איצט $51^1/_2$ העקטאר. ייִדישע פאמיליעס זײַנען שוין איצט פאראן 26. מיט לאנדווירטשאפטלעכן אינווענטאר איז ער פארזאָרגט. דער קאָלווירט וואקסט און מיט אים וואקסן אויך די פלענער און פערספעקטיוון אפ ווײַטער.

דער קאָלווירט האָט אויך דערגרייכונגען אפן קולטורעלן געביט. אין 1933 יאָר איז אינגאנצן ליקווידירט געוואָרן דער אנאלפאבעטיזם צווישן זײַנע מיטגלידער. אין דער שול פון קאָלווירט לערנען זיך 30 קינדער. עס ווערט אָרגאניזירט א פונקט פאר זויג-קינדער. 12 ייִדישע פרויען נעמען אן אקטיוון אָנטייל אין דער ווירטשאפט און איינע פון זיי, ראכעל באזאזאשווילי, איז באלוינט געוואָרן מיט א שלאָגלער-ביכל.

**קאָלווירט „אדזשא-ריסטאנער געזערד“**

די ייִדישע קאָלווירטניקעס אין גרוזיע האָבן זיך ארויסגעוויזן פאר ניט קיין שלעכטע טיי-פלאנטאטערס. אין דער סאָוועטישער פלאָרידע, ניט ווײַט פון באטום, עקזיסטירט שוין אייניקע יאָר דער ייִדישער קאָלווירט „אדזשאריסטאנער געזערד“. זײַנע גרונט-קולטורן זײַנען טיי און ציטרוסן. אין 1933 יאָר האָט דער קאָלווירט אָפגעליפערט דרײַ טאָן טיי פון ערשטן סאָרט און 1 טאָן פון צווייטן. די טיי-פלאנטאציע פון „אדזש.



דער ערשטער טיי־אראָפּנעם אינעם קאָבולעטער ייִדישן קאָלווירט „אד־זשאראָזעט" (גרוזיע)

געזוערד" ווערט איצט פארגרעסערט. אין 1934 יאָר האָט דער קאָלווירט זיך פארפליכטעט צו פארטאָפּלען זײַנע פּלאנטאציעס.

די וויסטע, פאריפּעשטע כורוועס אין די גרוזיניש-ייִדישע קווארטאלן פארשווינדן און אף זייער אָרט וואקסן אויס מאָדערנע ליכטיקע הײַזער. די פּילצאָליקע אינדוסטריעלע ארטעלן פון „יעווקאָמבעד", די ייִדישע קאָלווירטן, די ייִדישע קולטורעלע אינסטיטוציעס אין גרוזיע זײַנען אויך אזעלכע ליכטיקע געבײַדעס, וואָס די ראטנמאכט האָט אויסגעבויט אפן אָרט פון פארשאָלטענעם נעכטן.

## דאגעסטאן (צאָפן־קאווקאז)

די בארג־ייִדן אָדער קאווקאזער ייִדן וווינען אין די בערג און אף די פלאכן פון צאָפן־קאווקאז: דערהויפּט אין דאגעסטאן און אזערבײַדזשאן. זייריידן א שפּראך, וואָס הייסט טאטיש — איינער פון די פילצאָליקע קאווקאזער דיאלעקטן. זייער אויסזען — א געמיש פון סעמיטישן און מאָנגאָלישן טיפּ. זייער לעבנשטייגער ביז דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע — אָפּגעשטאנענע און קאָנסערוואטיוו, די פרויען אונטערדריקט און אָפּגעטיילט, די מאסע שטארק רעליגיעז און אומוויסנדיק.

איצט איז די גאנצע ייִדישע באפעלקערונג אין דאגעסטאן צוגעצויגן צו פּראָדוקטיווער ארבעט — אין די צאָפן־קאווקאזער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אין די קאָאָפּערירטע קוסטארישע ארטעלן און אין דער סאָציאליסטישער לאנדווירטשאפט.

עס איז פארברייטערט געוואָרן די נעץ פון די בארג־ייִדישע שולן מיט טאטיש אלס אונטעריכט־שפּראך; ס'איז קימאט אינגאנצן ליקווידירט דער אנאלפאבעטיזם פון דער דערוואקסענער באפעלקערונג; עס ווערן ארויסגעגעבן לערנביכער אף דער מוטער־שפּראך אאוו.

### ייִדישע ערד-אײַנאָרדענונג אין דאגעסטאן

די פּלאנמעסיקע ערד-אײַנאָרדענונג פון די בארג-ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן קימאט אין איין צײַט מיט דער אלגעמיינער ייִדישער ערד-אײַנאָרדענונג. מיט דעם האָט זיך פארנומען דער דאגעסטאנער קאָמערד, — די דאגעסטאנער רעפּובליקאנישע אָפּטיילונג פון צענטראלן קאָמערד. זײַן נאָענטסטער מיטהעלפער איז געווען דער געזערד.

די ערד־אײַנאָרדענונג פון די בארג-ייִדן האָט זיך געפירט אף צוויי אויפאנים: דורך אויסטיילן מאסיווע ערד־פאָנדן אין פארשיידענע געגנטן פון דאגעסטאן און אנדערע צאָפן־קאווקאזער ראיאָנען און אויך דורכן אָרגאניזירן ערדארבעטער־ און ווײַנגערטנער-קאָלעקטיוון אין נאָענטסטער שכיינעס מיט די שטעט מיט א באדײַטנדיקער בארג־ייִדישער באפעלקערונג.

אין די ערשטע יאָרן פון דער פּלאנישער ערד-אײַנאָרדענונג האָבן די געהעריקע ראטן־אָרגאנען אויסגעטיילט פאר די בארג־ייִדן אין מאָזדאָקער ראיאָן 2 500 הא, אין סטעפּנאָווער ראַ־

יאָר — 6 000 הא, אין קיזליאַרער קרײַז — 10 000 הא, אכוץ דעם אין אזערבײַדזשאַן (טראַנסקאַווקאַז) — ארום 1 000 הא.

ניט אומעטום איז די איבערוואַנדערונג געגאַנגען מיט דערפאָלג. די ערשטע איבערוואַנדערער האָבן זייער פיל געליטן איבערן מאַנגל אין וואַסער, פון דער מאַלאַריע (פיבער־קראַנקײַט), וואָס איז פאַרשפּרייט אין אייניקע דאַגעסטאַנער ראַיאָנען. א טייל האָט זיך אומגעקערט צוריק אין די אויסוואַנדערונג-ערטער. די מערהײַט אָבער האָט ארויסגעוויזן א שטאַרקן ווילן צו רײַסן ענדגילטיק מיט דער פאַרגאַנגענהײַט און זיך אײַנשליסן אין דער גרויסער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס קומט פאָר אין לאַנד.

די רעזולטאַטן פון דער איבערוואַנדערונג זײַנען ביז גאָר באַדײַטנדיקע. איבער 26 פּראָצענט פון דער באַרג-ייִדישער דאַגעסטאַנער באַפעלקערונג פאַרנעמט זיך איצט מיט לאַנדווירטשאַפט. די צאָל ייִדישע קאָלווירטן איז די לעצטע יאָרן קעסיידער געוואַקסן. אין 1930 יאָר האָט דאַגעסטאַן פאַרמאָגט 20 באַרג־ייִדישע קאָלווירטן מיט 477 ווירטשאַפטן. צום ערשטן אווגוסט 1931 זײַנען אין דאַגעסטאַן שוין געווען 22 קאָלווירטן מיט 525 ווירטשאַפטן. אָנהייב 1933 איז די צאָל קאָלווירטן דערגאַנגען ביז 27 מיט 550 ווירטשאַפטן. דער גרעסטער טייל פון זיי קאָנצענטרירט זיך ארום דער שטאָט דערבענט. זיי פאַרמאָגן א פאַרזיי-שעטעכ פון קימאַט 1 000 העקטאַר און 324 העקטאַר ווײַנגערטנער. אכוץ די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלווירטן זײַנען אין דאַגעסטאַן פאַראַן אויך א ריי ייִדישע פישער־קאָלווירטן, וואָס פאַרייניקן ארום 500 פאַמיליעס און אויך א באַדײַטנדיקע צאָל אינדיווידועלע, דערהויפּט ווײַנגערטנערישע ווירטשאַפטן.

אין דאַגעסטאַן זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן דרײַ ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַטן, וואָס פאַרייניקן ארום 400 פאַמיליעס.

**איבערוואַנדערונג אין מאָזדאָקער ראַיאָן**

ווי דערמאָנט, איז די איבערוואַנדערונג פון די באַרג־ייִדן פאָרגעקומען דערהויפּט אפ ספּעציעלע ערד־פאָנדן, וואָס די רעגירונג האָט פאַר זיי אויסגעטיילט. די לעצטע יאָרן האָט זיך די דאָזיקע איבערוואַנדערונג קאָנצענטרירט דעריקער אין מאָזדאָקער ראַיאָן (צאָפן־קאַווקאַז). אדאַנק דער הילף פון די אָרטיקע סאָוועטישע און פּאַרטייִשע אָרגאַנען, באַזונדערס אָנטייל פון צאָפן-קאַווקאַזער געזערד, זײַנען אין גאָר א קורצער צײַט אויסגעוואַקסן צוויי ווויל-אײַנגעאָרדנטע איבערוואַנדערישע ייִשובים, גדאַנשטאַקאָווקע און באָגדאַנאָווקע, וואָס פאַרייניקן 195 באַרג-ייִדישע פאַמיליעס. די ייִשובים פאַרמאָגן אייגענע נאַציאָנאַלע ראַטן.

**קאָלווירט „באַגדאַ-נאָווקע"**

די 125 באַרג־ייִדישע פאַמיליעס פון קאָלווירט „באַגדאַנאָווקע" ציילן 700 נעפאַשעס, פון זיי 260 אַרבעט־פייִקע.

אין 1933 יאָר איז דורך באָגדאַנאָווקע דורכגעפירט געוואָרן א באַוואַסערונג-קאַנאַל, אזוי, אז אלע קאָלווירטישע ווירטשאַפטן זײַנען באַזאָרגט מיט גרינס פון די אייגענע גערטנער. דער קאָלווירט פאַרמאָגט אַן ערד-שעטעכ פון 4 000 הא, פון דעם זײַנען 1 500 הא פאַרזייט מיט פאַרשיידענע קולטורן, 1 200 הא בילדן דעם רעזערוו און 1 000 הא זײַנען פאַרנומען מיט גרינס-גערטנער. די קאָלעקטיווע ווירטשאַפט פון קאָלווירט ציילט 36 פערד, 480 שעפסן, 13 קי, 35 יונגע פי, 10 אָקסן, אכוץ דעם אויפעס. אין 1933 יאָר, אדאַנק דעם פּאָליטאָפּטייל, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין באָגדאַנאָווקע, האָט זיך באַדײַטנדיק פאַרבעסערט די אַרבעט אין קאָלווירט. עס האָט זיך געהויבן די אַרבעט־דיסציפּלין, עס האָבן זיך ארויסגעוויזן א ריי שלאָגלער, אאַוו.

דער קאָלווירט האָט פאַרנומענע אין מאָזדאָקער ראַיאָן דאָס צווייטע אָרט לויט דער קוואַליטעט און צאָל פון אַרונטערגענומענעם בוימוואָל. דאָס זעלבע איז אויך מיט קוקורוזע און מיט ווייץ.

איינער פון די בעסטע קאָלווירטניקעס שלאָגלער איז דער כאַוועזער איזכאַיעוו כעווראַן. זײַן אַרבעט איז אַנערקענט געוואָרן פאַר א מוסטער־האַפטער.

אין 1933 יאָר האָט יעדער קאָלווירטניק באַקומען פון דער גערעטעניש אפ זײַן כיילעק $5^1/_2$ קילאָגראַם ווייץ פאַר יעדן טאָג־אַרבעט. אין אלגעמיין האָבן די באָגדאַנאָווקער קאָלווירטניקעס אויסגעאַרבעט אין 1933 יאָר 60 800 טעג־אַרבעט, אָנשטאָט 31 000 אין פאָריקן יאָר.

אין דער אַרבעט נעמען אָנטייל יונג און אַלט, פון דער 20־יאָריקער מאַשיר איזראַעליעוונאַ ביז דער 75־יאָריקער גוגערטשי עלדאַראָווא.



שלאָגלערנ אלעיעווא פונ קאָלווירט „זעלינסקי" (אובעקיסטאנ)



ווײַנטרויבנ־אראָפנעמ אינ ייִדישנ קאָלווירט (גרוזיע)



א ייִדישע פרוי א פאסטעך (אוקראַינע)

אגעוו דארף דאָ פארצייכנט ווערן די אקטיווע ארבעט פון דער בארג־ייִדישער פרוי, דער פריִערדיקער שקלאפן, וואָס האָט קיינמאָל ניט געטאָרט ארויסזאָגן איר מיינונג, ניט דערווידערן דעם מאן און די עלטערן, ניט ארויסגיין פון אירע באגרענעצטע קיך־איניאָנים, שוין אָפגערעדט פון געזעלשאפטלעכער טעטיקייט און קאָלעקטיווער ארבעט.

**קאָלווירט „גאַנשטאַ־קאַווקע“**

דער קאָלווירט גאנשטאקאָווקע ציילט 311 נעפאשעס. אלע קאָלווירטניקעס זײַנען באזאָרגט מיט נײַע, גוט אויסגעבויטע הײַזער.

דער קאָלווירט פארמאָגט 2 200 העקטאר ערד, 145 קי, 136 כאזיירים, 21 אָקסן, 5 פערד, קראָליקעס און אויפעס. די בעסטע שלאָגלער פון קאָלווירט זײַנען די כאוויירים שימשן אלכאזאָוו, עמאל דאגאיעוו, ליפגא ראזאיעווא, אָסיא שוביעוו, בוכא אראָנאָוו אא. דער קאָלווירט האָט באקומען פאר זײַן מוסטער־ארבעט די איבערגייענדיקע פאָן פון מאָזדאָקער ראַיאָן. אפ דער פײַערונג פון 17־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע זײַנען 11 קאָלווירטניקעס פרעמירט געוואָרן מיט פארשיידענע ווערטפולע זאכן. דער קאָלווירט פארמאָגט א שול, וווּ עס לערנען זיך 58 קינדער. עס איז פאראן א דראמאטישער קרײַז, א כאָר, א ביבליאָטעק, א קלוב, עס דערשײַנט א קאָלווירטישע וואנטצײַטונג.

די שטאָט דערבענט האָט ביזן 1932 יאָר פארמאָגט א ייִדיש פערטל מיטן נאָמען „מאגאל“. א מוירעדיק פארפלאָנטערטע נעץ פון גאסן און געסלעך, ניט קיין ברוקירטע, פארגאָסענע מיט שמוץ, די הײַזעלעך קליינינקע, ליימענע, האלב פינצטערע. אין די דאָזיקע געסלעך האָט זיך יאָרהונדערטער געשטיקט די בארג־ייִדישע באפעלקערונג אין איר מיזרעכדיקער אָפגעשטאנענקײַט און מיטלאלטערלעכן פאנאטיזם.

אזוי ווי אין גרוזיע, איז אויך די דאָזיקע נעסט פון פינצטערקײַט און עפּידעמיע אויסגעוואָרצלט אפ אייביק. עס ווערט אראָפּגעטראָגן א הויז נאָך א הויז און אפ זייער אָרט וואקסן אויס נײַע ברייטע און גרויסע קאָמונאלע הײַזער מיט פילע דירעס, אפ זייער אָרט אנטוויקלען זיך אין דער נאָענטקײַט פון דערבענט ערדארבעטער־ און פישער־קאָלווירטן, וווּ עס ווערט געשאפן א נײַער מענטש מיט א נײַער פסיכיק.

און אז די פריִערדיקע דערבענטער טוישווים: כיזקיאָ, איליאהו, נאפטאיל און הונדערטער אזוינע ווי זיי, קוועטשן דעם ווײַן פון זעק אָנגעפילטע מיט ווײַנטרויבן, ווען זיי זעען פאר זיך זייער קאָלווירטישן פארזיי, די בוימוואָל־פלאנטאציעס, די קוקורוזע־פעלדער, פילן און וויסן אז דער „מאגאל“ האָט די שליטע איבער זיי שוין פארלאָרן.

## אוזבעקיסטאן (מיטל־אזיע)

צוזאמען מיט אלע אנדערע אוזבעקיסטאנער, טורקמעניסטאנער און טאדזשיקיסטאנער ארבעטנדיקע האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע באפרײַט פון קאָלאָניאלן יאָך אויך די ייִדישע מאסן פון מיטל־אזיע. די אָרטיק געבוירענע ייִדישע באפעלקערונג, די אזוי־גערופענע בוכארער ייִדן האָבן זיך אין גאָר א קורצער צײַט אײַנגעגלידערט אין דער סאָציאליסטישער בויונג פון מיטל־אזיע און באוויזן פאנאנדערצוּוויקלען א ברייטע עקאָנאָמישע און קולטורעלע ארבעט.

אין 1926 יאָר האָט די אוזבעקיסטאנער סאָוועטישע רעגירונג אין א ספּעציעלן דעקרעט פראָקלאמירט די גרינדונג פון אוזבעקיסטאנער קאָמערד. ניט קיין לײַכטע אופגאבע איז פאר אים געשטאנען. עס האָבן געדארפט באזײַטיקט ווערן אומגעהייערע שוועריקײַטן, ווײַל דער איבערגאנג צו ערדארבעט איז פארן מיטל־אזיאטישן ייִדן געווען פארבונדן מיט א ראדיקאלן איבערבראָך פון זײַן גאנצן לעבנשטייגער. ער האָט געדארפט בײַטן ניט נאָר זײַן וווינאָרט, נאָר אויך זײַן אומגעבונג און ווירטשאפטלעכע טעטיקײַט.

לויט דער פאָלקצייִלונג פון 1926 יאָר ציילט די אָרטיק געבוירענע ייִדישע באפעלקערונג אין אוזבעקיסטאן 18 172 נעפאשעס, די גרעסטע צאָל



א ייִדישער קאָלווירטניק פון דאגעסטאַן

פון זיי קאָנצענטרירט זיך אין די שטעט סאמארקאנד, בוכארע, טאשקענט און קאָקאנד.

**ווירטשאפטלעכע און קולטורעלע דערגרייכונגען**

די גרעסטע צאָל ייִדישע ארבעטער אין די אָנגעוויזענע פונקטן ארבעטן אין דער נאָדל- און דער זייַד־אינדוסטריע. פאר די לעצטע דרייַ יאָר האָט זיך זייער צאָל קימאט פארטאָפּלט: פון 1 379 אין 1930 יאָר ביז—2 500 אין 1933. אין די קוסטארישע געווערבארטעלן און אונטערנעמונגען פון אוזבעקיסטאַנער געזערד זייַנען באשעפטיקט 3 000 ארבעטער.

א געוויסע צאָל אוזבעקיסטאַנער ייִדן ארבעטן אויך אלס אָנגעשטעלטע אין די סאָוועטישע, ווירטשאפטלעכע און קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזאציעס.

א באזונדער אָרט פארנעמט די סאָוועטישע קולטורעלע בויונג צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג. דאָ איז אויסגעקומען אופצואקערן די פארלאָזנסטע און פארווילדסטע פלאַסטן, פּונ יאָרהונדערטער אָנגעזאמלטע פאָרורטיילן, זיך באפרייַען פון פארשימלטע טראדיציעס און פון לאנג שוין אויסגעוועפּטע אווטאָריטעטן.

אין 1930 יאָר האָבן אין אוזבעקיסטאַן פונקציאָנירט 30 ייִדישע סאָוועטישע שולן מיט 3 000 קינדער און 120 לערער. אין 1933 יאָר האָט זיך די צאָל פארגרעסערט ביז 4 800 שילער און 170 לערער.

ייִדישע פאָרשוף-אנשטאלטן האָט אוזבעקיסטאַן פארמאָגט אין 1930 יאָר — 7, אין 1933 יאָר — 16.

פון העכערע לערן־אנשטאלטן זייַנען פאראן— 2 טעכניקומס, א פעדאגאָגישער און א לאנדווירטשאפטלעכער מיט 350 צוהערער. אכוץ דעם געפינען זיך אין די אלגעמיינע סאָוועטישע מיטל־אזיאטישע הויכשולן און טעכניקומען ארום 400 אוזבעקיסטאַנער ייִדישע סטודענטן.

אין 1930 יאָר האָט די ייִדישע באפעלקערונג אין אוזבעקיסטאַן פארמאָגט 10 קלובן און 13 רויטע טשייַכאנעס (דאָרפישע קולטורעלע טייהייַזער). אין 1933 יאָר האָט זיך זייער צאָל באדייַטנדיק פארמערט: 15 קלובן און 28 רויטע טשייַכאנעס.

אין אוזבעקיסטאַן דערשייַנען אף דער אָרטיקער ייִדישער שפּראך (א טאדזשיקישער דיאלעקט) צוויי פעריאָדישע אויסגאבעס: די צייַטונג „בייראָקי-מיכנאט“ אָרגאן פון דעם אוזבעקיסטאַנער צענטראלן פארטיי־קאָמיטעט און דער זשורנאל „כאיאטי-מיכנאט“ אָרגאן פון אוזבעקיסטאַנער געזערד.

דער אלגעמיינער קולטורעלער וווּקס פון דער ייִדישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג האָט ארויסגערופן די באדערפעניש אין אן אייגענעם טעאטער. אין 1932 יאָר איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער מעלוכישער ייִדישער טעאטער מיט א קאָלעקטיוו פון 35 ארטיסטן. דער טעאטער באדינט דעריקער די ארבעטנדיקע און קאָלווירטישע מאסן. אכוץ דעם טעאטער איז אויך אנטשטאנען א גאנצע ריי דראמאטישע ליבהאָבערישע קרייַזלעך אין קאָקאנד, מארגעלאן אאַזוו.

שטארק צעוואָקסן איז זיך אויך די פארלעגערישע ארבעט אף דער אָרטיקער ייִדישער שפּראך. פאר די יאָרן 1925—1930 זייַנען דערשינען סאך־אקל 44 ייִדישע ביכער. אין די יאָרן



ייִדישער קאָלווירט „אָזעט“, בונאקטקער ראיאָן (דאגעסטאַן)

1930—1932 — 206 ביכער. אין 1933 יאָר זײַנען דערשינען 128 ביכער (450 דרוקבויגנ).

אין 1933 יאָר איז באַם אוזבעקיסטאַנער פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע שרײַבער געשאַפן געוואָרן א ייִדישע סעקציע, וועלכע פאַרייניקט אַרום 12 יונגע ייִדישע דיכטער פּראָזאַיִקער און דראַמאַטורגן.

די דאָזיקע היפּשע קולטורעלע אַרבעט באַזירט זיך אַף די ווירטשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אוזבעקיסטאַן: די אויבן געבראַכטע ציפער וועגן דער צאָל ייִדישע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע און דאָס פּלאַנישע אַרײַנציִען די ייִדישע מאַסן אין דער סאָציִאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט.

אין דעם לעצטן געביט זײַנען די דערגרייכונגען באַזונדערס אָנזעעוודיק.

**ייִדישע קאָלווירטן**

אין 1930 יאָר זײַנען אין אוזבעקיסטאַן געווען 15 ייִדישע קאָלווירטן, וואָס האָבן פאַרייניקט 666 ווירטשאַפטן מיט אַן ערד־באַנוץ פון 2 290 העקטאַר. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרייניקונג און פאַרגרעסערונג פון די קאָלווירטן האָט זיך זייער אַלגעמיינע צאָל פאַרקלענערט. אין 1933 יאָר זײַנען אין אוזבעקיסטאַן געווען 14 ייִדישע קאָלווירטן מיט 1 054 ווירטשאַפטן (א פאַרגרעסערונג אַף 63 פּראָצענט) מיט אַן ערד־שעטעך פון 3 255 העקטאַר.

דער גרעסטער טייל פון די ייִדישע קאָלווירטן קולטיווירן בא זיך בוימוואָל.

די ייִדישע קאָלווירטן האָבן אין 1933 יאָר אויסגעפילט אלע זייערע מעלוכע-פאַרפליכטונגען אַף 113,7 פּראָצענט אָנשטאָט די 33,8 פּראָצענט אין 1931 יאָר. זיי האָבן אויך אויסגעפילט זייערע ווירטשאַפטלעכע פּלענער בענעגייע דער פאַרגרייטונג פון ברויט, פלייש, פּוטער, וואָל, קאַראַקול אאוו.

אין די קאָלווירטן האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט א היפּשע קולטורעלע אַרבעט. עס פונקציִאָנירן קלובן, קורסן אַף ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם, קינדער-פלעצער, אַמבולאַטאָריעס אדג.

**קאָלווירט א.נ. „באַבעשקא“**

איינער פון די בעסטע קאָלווירטן איז דער קאָלווירט אַף באַבעשקאָס נאָמען, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פון סאַמאַרקאַנד. די ווירטשאַפט זײַנע איז א געמישטע: אַכוץ טוווע און טעכנישע קולטורן, פאַרנעמט ער זיך אויך מיט ווײַנגערטנערײַ.

דער קאָלווירט איז אַן אינטערנאַציִאָנאַלער. ער פאַרייניקט 150 ווירטשאַפטן, דער גרעסטער טייל פון זיי זײַנען ייִדישע, פאַראַן אָבער אויך א באַדײַטנדיקע צאָל אוזבעקישע און רוסישע.

אין 1933 יאָר האָט דער קאָלווירט פאַרזייט 714 העקטאַר. פון דעם — 15 העקטאַר בוימוואָל, 40 — לוצערנע, 6 — פעפער, 15 — קאַרטאָפל, 51 — ווײַנגערטנער אאוו.

דער קאָלווירט האָט זיך אײַנגעשאַפט א לאַנדווירטשאַפטלעכן אינווענטאַר: 4 טראַקטערס, 1 קאָמבײַן, 4 זיי־מאַשינעס, 1 דרעשמאַשין, 3 שטרוי־שנײַדער, אאוו. אלע פּראָצעסן זײַנען מעכאַניזירט. עס איז אויך אויסגעוואָקסן די קאָל־

ווירטישע טשערעדע: 33 פערד, 20 אָקסן, 10 מויל־אייזלען, 45 קי, 32 שעפּסן.

מיטן קאָלווירט פירט אָן א פעסטע פאַר־וואַלטונג. זייַנ ווילשטאנד האלט אינ איינ וואקסנ אונ צוזאמענ מיט דעמ וואקסט אויכ דער וויל-שטאנד פונ זייַנע מיטגלידער. אינ 1930 יאָר האָט יעדער קאָלווירטניק פאר א טאָג־ארבעט באקומענ — 90 קאָפּ. אינ 1931 יאָר — 4,78 רובל, אינ 1932 — 8,15 רובל, אינ 1933 — 16 רובל.

דאָס איז איינער פונ די בעסטע קאָלווירטנ.

אָבער זייַנע דערגרייכונגענ זייַנענ אויכ כאראק-טעריסטיש פאר די איבעריקע.

עס פארבעסערט זיכ די אָנפירונג, די פארמעגלעכקייַט פונ די קאָלווירטניקעס וואקסט פונ טאָג צו טאָג, די קולטור-ארבעט נעמט ארומ אלצ גרעסערע שיכטנ פונ דער באַ-פעלקערונג.

אדאנק דער נאציאָנאלער פּאָליטיק פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי אונ פונ דער ראטנמאכט זייַנענ די יידישע מאסנ פונ אוזבעקיסטאנ ארויס אפ א ברייטנ וועג פונ סאָציאליסטישער בויונג.

# יִדישע ארבעטער אין דער סאָציִאַליסטישער אינדוסטריע

„די סאמע ערשטע אופֿגאבע [פֿון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע] איז צו ליקווידירן קאָנסעקווענט אלע רעשטלעך פֿון נאציִאָנאלער אומגלײַכהײַט אין אלע צווײַגן פֿונעם געזעלשאפֿטלעכן און ווירטשאפֿטלעכן לעבן, און, פֿריִער פֿאר אלץ, פּלאנמעסיק אײַנפּלאנצן די אינדוסטריע אין די ראנד-געגנטן".

רעזאָלוציע פֿונעם X צוזאמענפֿאָר רקפּ(ב)

## די ערשטע רעזולטאטן



ין די יאָרן פֿון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע און איבערהויפּט, נאטירלעך, אינעם פּעריִאָד פֿון דעם ערשטן פֿינפֿיאָר, וועלכער איז דערפֿאָלגרײַך אויסגעפֿילט געוואָרן אין פֿיר יאָר, איז אין ראטנפֿארבאנד, אין רעזולטאט פֿונעם שטורמישן וווּקס פֿון דער סאָציִאַליסטישער אינדוסטריע און קאָנסעקווענטן פֿארווירקלעכן די לעניניש־סטאלינישע נאציִאָנאלע פּאָליטיק, קאָלאָסאל אויסגעוואָקסן די צאָל יִדישע ארבעטער. די נײַע און רעקאָנסטרויִרטע סאָציִאַליסטישע אינדוסטריִעלע אונטערנעמונגען האָבן פֿאר זיי ברייט און גאסטפֿרײַנטלעך פֿאנאנדערגעעפֿנט זייערע טירן.

שוין אין די ערשטע יאָרן פֿון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, ווי נאָר די ראטנמאכט האָט באזיגט אירע אינערלעכע און אויסערלעכע סאָנים און גענומען זיך אופֿשטעלן די אינדוסטריע, וואָס איז געוואָרן רויִנירט אינעם אימפּעריִאַליסטישן קריג און אינעם בירגערקריג, הייבט זיך אָן דער פּראָצעס פֿון אקטיווון ארײַנציִען די יִדישע ארבעטנדיקע אין דער פֿאבריק-זאוואָדישער אינדוסטריע.

אין אָט דעם פּעריִאָד, ווען קיין נײַע פֿאבריקן און זאוואָדן זײַנען ניט געבויט געוואָרן, ווען אלע אָנשטרענגונגען פֿון דער סאָוועטן-רעגירונג זײַנען געווען קאָנצענטרירט קימעט בלויז אף אופֿשטעלן די רויִנירטע אונטערנעמונגען, האָט דער פּראָצעס פֿון אינדוסטריִאַליזירן די יִדישע ארבעטנדיקע מאסן, נאטירלעך, ניט געקאָנט אנטוויקלען זיך מיט האסטיקע טעמפּן. אָבער אפֿילע אין די זייער שווערע באדינגונגען פֿון אָט די יאָרן איז די צאָל יִדישע ארבעטער קעסיידער געוואָקסן. שוין אין אָט דעם ערשטן פּעריִאָד זײַנען אין באשטאנד פֿון די יִדישע ארבעטער פֿאָרגעקומען אויך ביז גאָר וויכטיקע קוואליטאטיווע ענדערונגען. עס האָט זיך היפּש



יידישע יוגנט פארט קיין מאגניטאָגאָרסק צו ווערן קוואליפיצירטע ארבעטער

פארגרעסערט דער פראָצענט יידישע פאבריק־ארבעטער און פארקלענערט דער פראָצענט יידישע ארבעטער אין דער קוסטארישער אינדוסטריע. עס האָט זיך שטארק געענדערט דער פראָפעסיאָנעלער באשטאנד פון די יידישע ארבעטער. עס איז באדייטנדיק אויסגעוואָקסן דאָס ספעציפישע געוויכט פון די מעטאליסטן אפן כעזשבן פון די טראדיציאָנעלע „יידישע“ פאכן, ווי שניידעריי, לעדער־ארבעט אדג. ביז גאָר כאראקטעריסטיש זיינען אויך די געאָגראפישע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין באשטאנד פון די יידישע ארבעטער: באדייטנדיקע מאסן יידישע ארבעטער, דרוקער, פאבריק־ארבעטער, האָבן זיך באוויזן אויסער דעם אזויגערופענעם „טכום“ — אין מאָסקווע, לענינגראד — וווּ ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע זיינען קיין יידישע ארבעטער ניט געווען. עס האָט זיך שטארק פארגרעסערט דער פראָצענט קוואליפיצירטע פאכלייט צווישן די יידישע ארבעטער.

אָט די אלע פראָצעסן האָט אנטפלעקט און גענוי פעסטגעשטעלט די אלפארבאנדישע דעמאָגראפישע פאָלק־ציילונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דעקאבער 1926. די מאטעריאלן פון דער דאָזיקער פאָלק־ציילונג שילדערן אזוי אָט די אלע פראָצעסן:

די אלגעמיינע צאָל יידישע ארבעטער האָט סאָך 1926 באטראָפן 155 טויזנט, פון זיי האָבן געארבעט אין די אונטערנעמונגען פון אוקראינע 93 181 (60,8%), — ווייסרוסלאנד — 25 214 (16,3%), אין רספסר און אין די איבעריקע טיילן פון ראטנפארבאנד — 34 600 (22,9%), שוין די יאָרן פונעם אופשטעלונג־פעריאָד האָבן אריינגעבראכט אין די אונטערנעמונגען פון געוועזענעם צענטראל־רוסלאנד בא 35 000 יידישע ארבעטער. בלויז אין מאָסקווע און לענינגראד האָט די פאָלקציילונג פארעגיסטרירט בא 12 000 יידישע ארבעטער.

צווישן די איינצלנע אינדוסטריע-צווייגן זיינען די יידישע ארבעטער געווען פארטיילט אזוי: קימאט א העלפט (44,8%) זיינען געווען פאבריק-ארבעטער, בא א פערטל (24,8%) האָבן געארבעט אין קוסטארישע אונטערנעמונגען, אין טראנספאָרט-אונטערנעמונגען — 4,3%, בוי-ארבעטער — 2,2%, אין דער לאנדווירטשאפט — 1,6% און אין פארשיידענע — 22,3%.

צווישן די פאבריק־ארבעטער זיינען קימאט א פערטל געווען מעטאליסטן, צווישן זיי א באדייטנדיקע צאָל מאָנטיאָרן, טאָקערס; צווישן די טראנספאָרטלער איז שוין געווען א טייל אייזנבאן-ארבעטער (ארום 4%), צווישן די פארשיידענע — א געוויסע צאָל בארגארבעטער.

די פאכקענטעניש פון די יידישע ארבעטער אין אָט דעם פעריאָד כאראקטעריזירן די פאָלגנדיקע ציפער. פון די 98 809 יידישע ארבעטער, וואָס האָבן געענטפערט אפ דער דאָזיקער פראגע, זיינען 66 546 (67,3%) געווען קוואליפיצירטע ארבעטער. צוויידריטל קוואליפיצירטע ארבעטער איז ביכלאל א גאָר הויכער פראָצענט, ביפראט נאָך, אז א היפשער טייל פון זיי זיינען דענסטמאָל נאָך געווען אָדער אינגאנצן נייע ארבעטער, אָדער ניט לאנג איבער-

געקוואליפיצירטע אינ נײַע פאכנ. עס איז גאנצ נאטירלעכ, וואָס דעמ גרעסטנ פּראָצענט קוואליפי־צירטע ייִדישע ארבעטער האָבנ געגעבנ אזעלכע פאכנ, ווי לעדער-ארבעטער (97,4%) דרוקער (91,3%), נאָדל־ארבעטער (90%), דערפאר איז אָבער ביז גאָר אינטערעסאנט צו פארצייכענענ, אז אויכ צווישנ די ייִדישע מעטאליסטנ־ארבעטער זײַנענ געווענ 88,7 פּראָצ. קוואליפיצירטע פּאכלײַט.

אָט אזוי זעענ אויס אינ אלגעמיינע שטריכנ די הויפּט־ענדערונגענ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ אינ דער צאָל אונ אינעמ באשטאנד פונ די ייִדישע ארבעטער אינ רעזולטאט פונ די ערשטע שריט פונ דער ראטנמאכט צו אינדוסטריאליזירנ די ייִדישע אר־בעטנדיקע מאסנ.

**מיט פאַר־שטאַרקטע טעמפּנ**

אינ מעשעכ פונ די נאָענטסטע דרײַ יאָר, דה. אינ רעקאָנסטרוקטיווג פּע־ריאָד, ווענ עס האָט זיכ פאנאנ־דערגעוויקלט דער סאָציאליסטישער אָנגריפ איבערנ גאנצנ פראָנט אונ עס האָבנ זיכ ביז גאָר פארגיכערט די טעמפּנ פונ אינדוסטריא־ליזירנ דאָס לאנד, האָבנ זיכ באדײַטנדיק פאר־שטארקט אויכ די פּראָצעסנ פונ רעקאָנסטרוירנ דעמ סאָציאלנ באשטאנד פונ די ייִדישע ארבעטנ־דיקע מאסנ, אונ אלס אָרגאנישער באשטאנדטײל פונ אָט די פּראָצעסנ — דער ווײַטערדיקער אונ פארגי־כערטער וווּקס פונ דער צאָל ייִדישע ארבעטער.

פונ 1927 ביז 1928/29 איז די צאָל ייִדישע ארבעטער אויסגעוואָקסנ פונ 149 299* ביז 182 610 — א פארגרעסערונג אפ 22 פּראָצענט.

אינ באזונדערע טײלנ פונעמ ראטנפארבאנד זײַנענ די טעמפּנ פונ אָט דעמ וווּקס געווענ פארשיידענע. אינ אוקראינע איז די צאָל ייִדי־שע ארבעטער פאר אָט דעמ פּעריאָד אויס־געוואָקסנ אפ 14 פּראָצ., אינ ווײַסרוסלאנד — אפ 23 פּראָצ., אינ רספסר — אפ 44,1 פּראָצ. דער דאָ־זיקער אונטערשייד דערקלערט זיכ דעריקער מיט דעמ, וואָס אינ ווײַסרוסלאנד האָט זיכ דער אינ־דוסטריאליזיר-פּראָצעס אָנגעהויבנ עטוואָס שפּעטער, איידער אינ אוקראינע, דעריבער איז דאָ איצט גע־ווענ שטארקער דער וווּקס פונ די ייִדישע ארבע־טער. אינ רספסר האָט זיכ אינ אָט די יאָרנ פאר־שטארקט דער צופלוס פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע פונ דעמ געוועזענעמ „טכומ“, פאר וועלכע די גרוי־סע אינדוסטריעלע צענטערס האָבנ געהאט א באזונ־דערע צוציִונגס־קראפט. אז דאָס איז אזוי, קאָנ מענ זענ דערפונ, וואָס אינ מאָסקווע, צב., האָט זיכ די צאָל ייִדישע ארבעטער פאר אָט די יאָרנ פארגרעסערט פונ 5 865 ביז 10 675, דה. אפ גאנצע 82 פּראָצענט, אינ לענינגראד — פונ 5 755 ביז 9 716, דה. אפ 68,8 פּראָצ. אאוו. אאוו.

וועגנ די אינערלעכע איבערשיכטונג־פּראָצעסנ צווישנ די ייִדישע ארבעטער פאר אָט די יאָרנ זײַנענ פאראנ מער אויספירלעכע מאטעריאלנ בלויז וועגנ אוקראינע אונ ווײַסרוסלאנד. פונ אָט די מאטעריאלנ קאָנ מענ זענ, אז אינביידע פארבאנדישע רעפּובליקנ זײַנענ אינ די דאָזיקע דרײַ יאָר באזונדערס שטארק אויסגעוואָקסנ די ייִדישע פאבריק-ארבעטער: אינ אוקראינע פונ 41 111 ביז 53 118, דה. אפ 31 פּראָצ. אונ אינ ווײַסרוסלאנד — פונ 11 052 ביז 15 630, דה.



כ׳ לײזערמאנ — אײנער פונ די בעסטע שלאָגלער פונעמ זאוואָד „אנדרע מארטי“ (אָדעס)

* בלויז אינ אוססר, ווססר, רספסר, אָנ די איבעריקע פאר־באנדישע רעפּובליקנ.

אפ 42 פראָצ. די צאָל ייִדישע אַרבעטער אין דער קוסטאַר-אינדוסטריע האָט זיך אין אוקראַיִנע פאַרקלענערט אפ 10 פראָצ. און אין ווײַסרוסלאַנד איז זי געבליבן קימאַט סטאַביל. עס האָט זיך אויך היפש פאַרגרעסערט די צאָל ייִדישע בוי־אַרבעטער, באַזונדערס אין ווײַסרוסלאַנד.

ביז גאָר אינטערעסאַנט זײַנען די גרונט-ענדערונגען, וואָס זײַנען אין אָט די יאָרן פאָרגעקומען אינעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון די ייִדישע אַרבעטער. די צאָל מעטאַליסטן איז אויסגעוואָקסן אין ווײַסרוסלאַנד אפ 44 פּראָצ, און אין אוקראַיִנע אפ 24 פּראָצ.; האָלץ־אַרבעטער אפ 19 און 55 פּראָצ., לעדער־אַרבעטער — אפ 56 און 44 פּראָצ., טעקסטיל-אַרבעטער — אפ 34 און 43 פּראָצ.; כימיקער — אפ 44 און 20 פּראָצ.

אין אָט די יאָרן איז אין ביידע אָנגערופענע רעפּובליקן גרינטלעך רעקאָנסטרויִרט געוואָרן די נײַ-אינדוסטריע. אָנשטאָט די קליינע האַלב-קוסטאַרישע אונטערנעמונגען זײַנען אויסגעוואָקסן גרויסע פאַבריקן, אין וועלכע אַלע גרונט-פּראָצעסן זײַנען מעכאַניזירט. עס איז דעריבער פולקום נאַטירלעך, וואָס אין אָט דעם אינדוסטריע־צווײַג האָט זיך די צאָל ייִדישע אַרבעטער פאַר די דאָזיקע יאָרן באַזונדערס פאַרגרעסערט: אין ווײַסרוסלאַנד — אפ 79 פּראָצ. און אין אוקראַיִנע — אפ 95 פּראָצ.

פון אָנהייב רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד, מיט דער פאַרשטאַרקונג פון די אינדוסטריאַליזיר־טעמפּן אין לאַנד, האָבן זיך אויך פאַרגיכערט די טעמפּן פון אַרײַנציִען די ייִדישע אַרבעטנדיקע אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע און אײנצײַטיק האָבן זיך בא די ייִדישע אַרבעטער באַדײַטנדיק געהעכערט די קוואַליפיקאַטיווע צײַגערס פון זייער וווּקס.

### פּלאַנמעסיקע קאַדרען-צוגרייטונג פאַר דער אינדוסטריע

פונעם 1928/29 יאָר, ד.ה. פונעם ערשטן יאָר פון דעם ערשטן פינפיאָר, ווען די טעמפּן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג האָבן זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט, האָט דער אַלפאַרבאַנדישער צענטראַלער אויספירקאָמיטעט באַשטימט פאַרברייטערן די פונקציעס פון „קאָמערד“ און האָט אפ אים אַרופגעלייגט א נײַע אויפגאַבע — אפ א פּלאַנמעסיקן אויפן צוגרייטן פון דער שטעטלשער יוגנט קוואַליפיצירטע קאַדרען פאַר די נײַע גיגאַנטן פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע. די סאָוועטן־רעגירונג האָט, פאַרשטייט זיך, אַסיגנירט אפ דעם די נייטיקע געלטמיטלען.

אין וואָס האָט זיך קאָנקרעט אויסגעדריקט די דאָזיקע פּלאַנמעסיקע אַרבעט? דעריקער אין דעם, וואָס דער צענטראַלער און די רעפּובליקאַנישע קאָמערדן האָבן מיט דער הילף פונעם „געזערד“, לויט אָפּמאַכן מיט פאַרשיידענעווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און טעכנישע קורסן, אָפּגעקליבן אין די שטעטלעך און געשיקט אין די פאַבריק-זאַוואָדישע שולן און אפ אינדוסטריעלע קורסן א באַשטימטע צאָל האָרעפּאַשנע יוגנט, ווו זי האָט באַקומען א באַשטימטע קוואַליפיקאַציע און איז דערנאָך געבליבן אַרבעטן אין די אַנטשפּרעכיקע אונטערנעמונגען.

ווי גרויס איז געווען דער פאַרנעם פון דער דאָזיקער אַרבעט? אין 1929/30 זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אָרדערס צו פאַרוועבירן יוגנטלעכע: דורכן צענטראַלן קאָמערד — אפ 15,2 טויזנט מענטשן און דורך די רעפּובליקאַנישע — אפ 18,5 טויזנט מענטשן, צוזאַמען — אפ 33,7 טויזנט מענטשן. פון די 15,2 טויזנט אָרדערס, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער צענטראַלער קאָמערד, זײַנען געווען באַשטימט: העכער 2,5 טויזנט פאַר די פאַבריק־זאַוואָדישע און בריגאַדיר־שולן פון די גרויסע אוראַלער, קערטשער, לענינגראַדער, גאָרקער זאַוואָדן און איוואַנאָווער טעקסטיל־פאַבריקן, בא 1 700 — פאַר די שולן פון אײַזנבאַן-טראַנספּאָרט, בא 8 000 — פאַר די צענטראַלע בוי-קורסן אא.

אפן קומענדיקן 1931 יאָר האָט דער צענטראַלער קאָמערד אָנגעמערקט אַרויסצוגעבן נײַע 13,7 טויזנט אָרדערס, פון זיי: אפ 2 100 דערוואַקסענע אַרבעטער — פאַר די קערטשער און סעוואַסטאָפּאָלער זאַוואָדן, אפ 4 000 יוגנטלעכע — פאַר די פאַבריק־זאַוואָדישע שולן און פאַרשיידענע קורסן אין קרים, אפ 5 000 יוגנטלעכע — פאַר די פאַבריק-זאַוואָדישע שולן פון די אינדוסטריעלע שטעט פון אוקראַיִנע (כאַרקאָוו, דניעפּראָפּעטראָווסק, אָדעס, ניקאָלײַעוו, קריוואָראָג אא.), 1 500 יוגנטלעכע — פאַר די פאַבריק-זאַוואָדישע שולן פון ווײַסרוסלאַנד, 500 — פון מײַרעוו-געגנט און 600 — פון אוראַל.

דעם גאַנצן אָנגעמערקטן פּלאַן האָט זיך דעם קאָמערד, צוליב פאַרשיידענע סיבעס, ניט אײַנגעגעבן אויסצופילן; אויך פון די יוגנטלעכע, וואָס זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין די פאַבריק־זאַוואָדישע שולן, האָבן זיך ניט אַלע פאַרפעסטיקט אין זיי. אָבער א ביז גאָר באַדײַטנדיקער טייל פון זיי איז פאַרבליבן אין די אונטערנעמונגען און אין מעשעך פון עטלעכע יאָר געוואָרן קוואַליפיצירטע אַרבע־



כ׳ באָרוכאָוויטש — דער בעסטער שלאָגלער פונעמ זאוואָד „יאנוואר־אופשטאנד“ (אָדעס)

טער. פיל פונ זיי זײַנענ שוינ איצט מײַסטערס, אָנפירערס פונ בריגאדעס, אפילע שעפנ פונ גאנצע צעכנ.

עס דארפ פארצייכנט ווערנ, אז קימאט אינ אלע אונטערנעמונגענ, וווהינ דער קאָמערד האָט געשיקט יוגנטלעכע, זײַנענ שפּעטער געקומענ לויט דער אייגענער איניציאַטיוו — ריכטיקער, לויט דער איניציאַטיוו פונ די נײַע ייִדישע פאבזאוושילער, — נאָכ הונדערטער יוגנטלעכע פונ די זעלבע שטעטלעכ, וועלכע האָבנ זיכ פארפעסטיקט אינ די אונטערנעמונגענ אונ זײַנענ מיט דער צײַט געוואָרנ קוואליפיצירטע ארבעטער.

די פלאנמעסיקע ארבעט אפ צוצוגרייטנ קוואליפיצירטע קאדרענ פאר דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע אונ ארײַנציִענ אינ איר די ייִדישע יוגנטלעכע אָרעמשאפט פונ די שטעטלעכ האָט, פארשטייט זיכ, געהאט א באשטימטע באדײַטונג אונ אפנ געגעבענעמ עטאפ האָט זי, נאטירלעכ, געווירקט אפ דער צאָל אונ דער קוואליטעט פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ, וואָס זײַנענ אינ אָט די יאָרנ ארײַנגעצויגנ געוואָרנ אינ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ.

מע דארפ אָבער ניט פארגרעסערנ די ראָליע פונ דעמ דאָזיקנ פאקטאָר. עס האנדלט זיכ דאָכ וועגנ די ערשטע דרײַ יאָר פונ ערשטנ פינפיאָר, ווענ די אינדוסטריעלע בויונג האָט זיכ אנטוויקלט מיט גיגאנטישע טעמפּנ, ווענ די ארבעטלאָזיקײַט איז שוינ געווענ אינגאנצנ ליקווידירט, ווענ די נײַע אונ רעקאָנסטרויִרטע אונטערנעמונגענ אונ פילצאָליקע גראנדיִעזע בויונגענ האָבנ, פארקערט, אָנגעהויבנ צו שפּירנ א באשטימטנ מאנגל אינ ארבעטקראפט. עס איז דעריבער פולשטענדיק קלאָר, אז דער גרונט־קאנאל, דורכ וועלכנ די ייִדישע ארבעטנדיקע האָבנ זיכ אינ אָט די יאָרנ ארײַנגעגאָסנ אינ גרויסע מאסנ אינ דער אינדוסטריע, איז געווענ ניט די פלאנמעסיקע ארבעט פונ קאָמערד, נאָר דער זעלביקער נאטירלעכער פראָצעס, וואָס האָט אינ אָט דעמ צײַט־אָפּשניט ארײַנגעצויגנ אינ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ מיליאָנענ נײַע ארבעטער פונ אלע אנדערע פעלקער.

אינ דער ריכטיקײַט פונ דער דאָזיקער באהויפּטונג איז ניט שווער צו איבערצײַגנ זיכ פונ די ציפער, וועלכע כאראקטעריזירנ די אינדוסטריאליזיר־פראָצעסנ צווישנ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ אינ רעזולטאט פונ דעמ דערפאָלגרײַכנ אויספילנ דעמ ערשטנ פינפיאָר־פלאנ אינ 4 יאָר.

### צו די סאכאקלענ פונעמ ערשטנ פינפיאָר

אויספירלעכע סטאטיסטישע מאטעריאלנ, וואָס כאראקטעריזירנ די דאָזיקע פראָצעסנ בענעגייע די ייִדישע מאסנ פונ גאנצנ ראטנפארבאנד, זײַנענ פאראנ סיסטעמאטיזירטע, לײַדער, בלויז פאר דער ערשטער העלפט פונ דעמ פינפיאָר, דה. ביז האלב 1931 יאָר. די דאָזיקע מאטעריאלנ, וועלכע עס ברענגט אינ זײַנ ארבעט דער באקאנטער סאָוועטישער עקאָנאָמיסט, ל. זינגער,* זײַנענ ביז גאָר כאראקטעריסטיש אינ פיל הינזיכטנ.

אינ אוקראיִנע איז די צאָל ייִדישע ארבעטער פאר דער ערשטער העלפט פונ ערשטנ פינפיאָר

* ל. זינגער: די ייִדישע באפעלקערונג אינ פססר, 1933 (רוסיש) אונ ל. זינגער: ייִדנ פראָלעטאריִער אינ פססר, מאָסקווע, 1933.

(ביז מיטנ 1931) אויסגעוואָקסנ פונ 100,8 טויזנט ביז 195 000, דה. אפ 93,9 פראָצ., אינ ווייַסרוסלאנד — פונ 28,8 טויזנט ביז 52 טויזנט, דה. אפ 81,1 פראָצ., אונ אינ די איבעריקע רעפובליקנ אונ געגנטנ פונ ראטנפארבאנד -- פונ 34,3 טויזנט ביז 95 טויזנט, דה. אפ 176,9 פראָצ. אינ גאנצנ ראטנפארבאנד האָט די צאָל ייִדישע ארבעטער דעמלט באטראָפנ 342 טויזנט.

ווי מע קאָנ קלאָר זענ פונ די געבראכטע ציפער, איז די צאָל ייִדישע ארבעטער אויסגעוואָקסנ שוינ אינ דער ערשטער העלפט פונ זיגרייַכנ פינפיאָר אפ 178,1 טויזנט מענטשנ, דה. אפ אזא צאָל, וועלכע שטייַגט אריבער די אלגעמיינע צאָל ייִדישע ארבעטער אינ ראטנפארבאנד צומ מאָמענט פונ דער פאָלקצייילונג סאָפ 1926 (153 טויזנט). די צאָל ייִדישע ארבעטער אינ אוקראיִנע האָט זיכ זינט דער פאָלקציילונג אויכ מער ווי פארטאָפלט (אפ 109,2 פראָצ.) אונ אינ ווייַסרוסלאנד איז זי געשטיגנ אפ 106,3 פראָצ. באזונדערס שטארק אָבער זייַנענ געוועזנ די וווּקס-טעמפּנ אינ די געגנטנ אויסער דעמ געוועזענעמ „טכומ". דאָ איז די צאָל ייִדישע ארבעטער אויסגעוואָקסנ אפ 193,5 פראָצ.

אינטערעסאנט זייַנענ אויכ די צייַגערס פונ די קוואליטאטיווע ענדערונגענ, וואָס דער אָנהייב פונ ערשטנ פינפיאָר האָט אריינגעטראָגנ אינ באשטאנד פונ די ייִדישע ארבעטער. אינ ווייַסרוסלאנד האָט זיכ דער פראָצענט ייִדישע פאבריק־ארבעטער פארגרעסערט פונ 44,7 ביז 58,0 פראָצ. אונ אינ אוקראיִנע — פונ 47,2 ביז 51,7 פראָצ. אנדערש גערעדט, אינ אָט די ביידע פארבאנדישע רעפובליקנ, ווו עס זייַנענ קאָנצענטרירט איבער צוויי דריטל פונ דער אלגעמיינער צאָל ייִדישע ארבעטער אינ ראטנפארבאנד, איז שוינ מער ווי א העלפט פונ זיי געוועזנ פארנומענ אינ דער פאבריק־אינדוסטריע. אויכ אינ די וויכטיקערע געגנטנ פונ רספסר איז קימאט א העלפט ייִדישע ארבעטער געוועזנ פארטראָטנ אינ דער פאבריק-אינדוסטריע. אינ קרימ האָבנ די ייִדישע פאבריק-ארבעטער באטראָפנ 49,3 פראָצ., אינ לענינגראדער געגנט — 48,1 פראָצ. אונ אינ מאָסקווער געגנט — 39,8 פראָצענט. אינ אָט דער צייַט איז באדייַטנדיק אויסגעוואָקסנ אויכ די צאָל ייִדישע טראנספּאָרטלער אונ בוי־ארבעטער. אינ ווייַסרוסלאנד האָבנ די דריי גרופּעס ארבעטער באטראָפנ 71,8 פראָצ. פונ דער אלגעמיינער צאָל ייִדישע פראָלעטאריער, אינ אוקראיִנע — 64.5 פראָצ., אינ לענינגראדער געגנט — 55,5 פראָצ., אינ קרימ — 53,8 פראָצ. אונ אינ מאָסקווער געגנט — 47,3 פראָצ.

אינ דער צווייטער העלפט פונ ערשטנ פינפיאָר זייַנענ די טענדענצנ פונ צאָליקנ אונ קוואליטאטיוונ וווּקס פונ די ייִדישע ארבעטער, נאטירלעכ, נאָכ מער פארשטארקט געוואָרנ.

קיינ אלגעמיינע סטאטיסטישע מאטעריאלנ, וואָס זאָלנ גענוי פעסטשטעלנ די אנטוויקלונג פונ די אינדוסטריאליזיר־פראָצעסנ צווישנ די ייִדישע מאסנ צומ סאָפ פונ ערשטנ פינפיאָר זייַנענ נאָכ דערווייַל ניט פאראנ. אָבער א געוויסע פאָרשטעלונג וועג דעמ, — אונ א בעפיירעש נאָענטע צו דער ווירקלעכער זאכלאגע, — גיבנ די מאטעריאלנ פונעמ פינפיאָר־פלאנ, וועלכע עס האָט אינ זייַנ צייַט פארעפנטלעכט דער קאָמערד.

לויט אָט די מאטעריאלנ האָט די אלגעמיינע צאָל ייִדישע ארבעטער באדארפט אויסוואקסנ צומ סאָפ פונ ערשטנ פינפיאָר (1932/33) ביז 480 טויזנט. א ריזיקער וווּקס, וואָס בלויז אינ ראטנפארבאנד האָט מענ געקאָנט וואגנ אפ אזא צו פארמעסטנ זיכ!

לויט אָט די אָנגאבנ, האָט, אינ רעזולטאט פונ דעמ דערפאָלגרייַכ פארענדיקטנ ערשטנ פינפיאָר, די צאָל ייִדישע פאבריק-זאוואָדישע ארבעטער באדארפט אויסוואקסנ ביז 273 טויזנט, בוי־ארבעטער ביז 62 טויזנט, לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער (אינ די ראטווירטנ אונ מאשינ־טראקטערישע סטאנציעס) ביז 48,4 טויזנט, אייַזנבאנ־ארבעטער — ביז 13,5 טויזנט אאוו.

פונ 25 טויזנט ייִדישע פאבריק־ארבעטער ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע (וואָס פאר א „פאבריקנ" אונ „זאוואָדנ" עס זייַנענ געוועזנ פארנ צאריזמ אינ „טכומ" איז גוט באוווּסט!) ביז צו איבער א פערטל מיליאָנ ייִדישע ארבעטער אינ די גיגאנטנ פונ דער סאָציאליסטישער אינדוסטריע, וואָס זייַנענ דורכויס מעכאניזירט, אויסגעשטאט מיט די קאָמפליצירטסטע מאשינעס,—דאָס איז ווירקלעכ א קאָלאָסאלער מעהאלעכ, וועלכנ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ האָבנ געקאָנט דורכמאכנ פאר אזא קורצנ צייַט־אָפשניט בלויז אינ לאנד פונ די ראטנ, ווו עס בויט זיכ דערפאָלגרייַכ אונ מיט האסטיקע טעמפּנ די קלאסנלאָזע סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

וויאזוי דאָס דערפאָלגרייַכע אויספילנ דעמ ערשטנ פינפיאָר־פלאנ האָט געענדערט דעמ פראָפעסיאָנעלנ צוזאמענשטעל פונ די ייִדישע אינדוסטריעלע ארבעטער, קאָנ מענ קלאָר אונ בולטעס זענ פונ די



(ס יִדישע יונגע ארבעטער פונ קעסל־צעכ פונ קערטשער מעטאלורגישנ זאוואָד

סטאטיסטישע מאטעריאלנ פונ דעמ אַלוקראַינישנ ראט פ״נ די פראָפעסיאָנעלע פארײנענ.

פונ די 156 007 יִדישע פאבריק-ארבעטער, וואָס זײַנענ געווענ פּ״רעגיסטרירט אינ די פראָפעסיאָנעלע פארײנענ פונ אוקראַינע צומ 1־טנ יול 1933, האָבנ געארבעט אינ דער:

| | |
|---|---|
| באַרג־ארצ־ אונ קוילנ־אינדוסטריע. . . | 1 582 |
| מעטאלורגישער . . . . . . . . . | 8 009 |
| מאשינבוי־אינדוסטריע. . . . . . . | 7 797 |
| אווטאָ־אוויאָ־עלעקטרע־טעכנישער. . . | 6 114 |
| כימישער. . . . . . . . . . . | 4 332 |
| פאָרצעלײַ־ אונ צעמענט־אינדוסטריע. . | 1 670 |
| האָלצ־באַארבעטונג. . . . . . . . | 4 987 |
| פאפיר־פּאָליגראפישער. . . . . . . | 9 850 |
| לײַנ־טעקסטיל־אונ־טריקאָטאזש־אינדוסטריע | 9 575 |
| ניי־אינדוסטריע. . . . . . . . . | 13 708 |
| שפּײַז־אינדוסטריע. . . . . . . . | 28 703 |
| פארשײדענע. . . . . . . . . . | 60 590 |

עס זײַנענ ביז גאָר אינטערעסאנט די נײַסטע סטאטיסטישע מאטעריאלנ, וואָס באווײַזנ, ווי שטאַרק עס איז אויסגעוואָקסנ צומ סאָפ פונ ערשטנ פינפיאָר דאָס ספּעציפישע געוויכט פונ די יִדישע ארבעטער אינ פארשײדענע צווײַגנ פונ דער שווערער אינדוסטריע.

פונ די דערמאָנטע מאטעריאלנ פונ אַלוקראַינישנ ראט פונ די פראָפעסיאָנעלע פארײנענ קאָנ מענ זענ, אז אינ דער טאָרפ־אינדוסטריע באטרעפנ די יִדישע ארבעטער 9 פראָצענט פונ דער אלגעמײנער צאָל ארבעטער, אינ דער נאפט־אינדוסטריע — 16,9 פראָצ., אינ דער בארג־אינדוסטריע — 2,1 פראָצ., מעטאלורגישער — 25 פראָצ., מאשינבוי־אינדוסטריע — 15,3 פראָצ., טראקטערנ־אינדוסטריע — 8,8 פראָצ., אווטאָמאָבילנ אונ אוויאציע־אינדוסטריע— 20,6 פראָצ., עלעקטרע-טעכנישער — 11,7 פראָצ., גומי-כימישער — 34,5 פראָצ., אינ דער אינדוסטריע פונ קאָלירטע מעטאלנ — 8,4 פראָצ., אינ דער אינדוסטריע פונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס — 12,7 פראָצ., אאוו.

צענדליקער טויזנטער קוואליפיצירטע יִדישע ארבעטער בא די קאָמפּליצירטסטע ווערקשטעלנ, מאשינעס אונ גוס-אויוונס פונ דעמ דניעפּראָפּעטראָווסקער מעטאַלורגישנ גיגאנט, כארקאָווער טראקטערנ-זאוואָד, לוגאנסקער לאָקאָמאָטיוונ-זאוואָד, ני-קאָלײַעווער שיפבוי-זאוואָד, אינ די מעכאניזירטע קוילנ-שאכטעס פונ דאָנבאס, אינ די זאוואָדנ פונ דניעפּערקאָמבינאט, אָדעס, קיִעוו, זאפּאָראָזשיע, קריוואָראָג, קיראָווסק — אָט דאָס באטײַטנ די דאָזיקע טרוקענע ציפער, דאָס האָט דער ערשטער פינפיאָר געגעבנ די יִדישע ארבעטנדיקע מאסנ פונ דער סאָוועטישער אוקראַינע!

זאָלנ פארצײכנט ווערנ נאָכ ביז גאָר פארביקע ציפער פונ דעמ זעלבנ מינ.

אינ דער אינדוסטריע פונ אײַזנבאנ-אונ האפנבויונג זײַנענ אינ אוקראַינע געווענ באשעפטיקט 16 134 יִדישע ארבעטער, אפנ אײַזנבאנ־טראנספּאָרט — 4 958, אפנ וואסער-טראנספּאָרט — 3 556, אפנ שטאָטישנ אווטאָ־טראנספּאָרט (שאָפערס) — 3 262 אונ אפנ פּאָטשט-טעלעגראפ — 2 649.

ווער זײַנענ, לויט זײער סאָציאַלנ באשטאנד, די נײַע יִדישע ארבעטער, וואָס קומענ די לעצטע יאָרנ אינ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע? פונ אלע נײַע יִדישע ארבעטער, וואָס האָבנ זיכ אינ 1932־טנ יאָר ארײַנגעגאָסנ אינ די סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגענ פונ אוקראַינע, זײַנענ געווענ: ארבעטער (זיכער, הויפטזאכלעכ, שטעטלדיקע) — 40,5 פראָצ., קאָלווירטניקעס אונ מענטשנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט דער לאנדווירטשאפט — 16,3 פראָצ., אָנגעשטעלטע — 18,8 פראָצ., קוסטארנ — 22,8 פראָצ., געוועזענע הענדלער — 1 פראָצ., פארשײדענע — 0,6 פראָצ.

וועגנ א טײל פונ די נײַע ארבעטער זײַנענ פאראנ מאטעריאלנ אויכ וועגנ זײער געשלעכט אונ עלטער. צווישנ די נײַע מיטגלידער פונ די פראָפעסיאָנעלע פארײנענ זײַנענ געווענ 55,1 פראָצ. מאנצבילנ אונ 44,9 פראָצ. פרויענ; 28,2 פראָצ. פונ זײ זײַנענ יוגנטלעכע ביז 17 יאָר, 36,3 פראָצ. אינ עלטער פונ 18 ביז 23 יאָר, 12,9 פראָצ. — פונ 24 ביז 29 יאָר אונ בלויז 22,6 אינ עלטער פונ 30 יאָר אונ מער.

אינ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע ווערנ, הײסט עס, לעצטנס ארײַנגעצויגנ קימאט א העלפט פרויענ אונ בא צווײ דריטל יוגנטלעכע.

מיר האָבן די מעגלעכקײַט צו ברענגען אייניקע נײַע, האַגאַם ווײַט ניט פולע, סטאַטיסטישע ידיעות אויך וועגן ווײַסרוסלאַנד.

צום 1־טן אָקטיאַבער 1927 זײַנען אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון ווײַסרוסלאַנד געווען פאַרעגיסטרירט 57 204 מיטגלידער — ייִדן, און צום 1־טן אָקטיאַבער 1932 איז זייער צאָל אויסגעוואָקסן ביז 83 815. אַנדערש געזאָגט, אינעם פּעריאָד פון ערשטן פינפיאָר האָט זיך די צאָל ייִדן, וואָס לעבן פון לוין־אַרבעט, פאַרגרעסערט אויף 26 613, דה. קימאַט אויף א העלפט.

מיט וואָס פאַר א טעמפּ עס איז אין פּעריאָד פון ערשטן פינפיאָר געוואָקסן אין ווײַסרוסלאַנד די צאָל ייִדישע פאַבריק־אַרבעטער, קאָן מען זען פון די פאָלגנדיקע ציפערן:

צום 1־טן יול 1929 זײַנען אין די ווײַסרוסלענדישע פאַבריקן און זאַוואָדן געווען באַשעפטיקט 14 323 ייִדישע אַרבעטער, צום 1־טן יאַנוואַר 1930 יאָר — 16 623, צום ערשטן יאַנוואַר 1933 יאָר — 23 520 און צום 1־טן יולי 1933 יאָר — 24 962. פאַר אָט די פיר יאָר איז די צאָל ייִדישע פאַבריק־אַרבעטער אין ווײַסרוסלאַנד, אַלזאָ, אויסגעוואָקסן אויף 10 639, אָדער 74 פּראָצענט.

דער קעסיידערדיקער האַסטיקער וווּקס פון די ייִדישע אַרבעטער אין די נײַע אינדוסטריעלע גיגאַנטן אין מאָסקווע, לענינגראַד, גאָרקי (געוו. ניזשני־נאָווגאָראָד), אוראַל, מײַרעוו־סיביר, מינסק, האָמעל אאַ., די טויזנטער ייִדישע אַרבעטער־שלאָגלער אין די מעטאַלורגישע, אווטאָטראַקטערנע, מאַשינבויערישע זאַוואָדן, אין די עלעקטרעמעכאַנישע, כימישע און אַנדערע זאַוואָדן פון אָט די אינדוסטריעלע צענטערס — זיי זײַנען דער איבערצײַגנדיקסטער באַווײַז, אַז די טענדענצן, וועלכע עס אָנטפּלעקן די מאַטעריאַלן וועגן אוקראַינע, זײַנען אָן שום צווייפל כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר די איבעריקע פאַרבאַנדישע רעפּובליקן, פאַרן גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד.

**אין די פאָדערשטע רייען**

די ייִדישע אַרבעטער פון די נײַע און רעקאָנסטרויִרטע אונטערנעמונגען, וואָס קעמפן האַנט בא האַנט מיט זייערע רוסישע, אוקראַינישע, ווײַסרוסישע און אַנדערע כאַווײרים פאַר באַהערשן די קאָמפּליצירטע מעכאַניזמען און די נײַע טעכנאָלאָגישע פּראָצעסן, פאַר אויספילן און איבערשטײַגן זייערע פּראָדוציר־פּלענער, פאַר אַרויסלאָזן פּראָדוקציע פון דער בעסטער קוואַליטעט, טיילן אויס פון זייערע רייען אין יעדן זאַוואָד, אין יעדער פאַבריק צענדליקער און צענדליקער עמעסע שלאָגלער, ענטוזיאַסטן פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

אין די גרויסע זאַוואָדן פון מאָסקווע, לענינגראַד, גאָרקי, מאַגניטאָגאָרסק, קוזבאַס, ראָסטאָוו־דאָן, כאַרקאָוו, אָדעס, דניעפּראָפּעטראָווסק, מינסק, וויטעבסק, האָמעל איז פאַראַן היפש ייִדישע אַרבעטער־שלאָגלער, וועלכע זײַנען פאַרעכנט פאַר די כאָשעווסטע לײַט פון זייערע אונטערנעמונגען. זיי קען גוט דער גאַנצער פילטויזנטיקער קאָלעקטיוו אַרבעטער און אינזשעניער־טעכנישע טוער. וועגן זיי שרײַבט מען אין די פאַבריק־צײַטונגען. זיי ווערן אַרויסגעשטעלט אַלס מוסטער. זיי ווערן פּרעמירט, אָפטמאָל אַפילע באַלוינט זיי די רעגירונג מיטן לענין־אָרדען. זייערע פּאָרטרעטן ווערן אַרויסגעשטעלט אין די אַרבעטער־קלובן, אין די שלאָגלער־אַלײַען פון די פּראָלעטאַרישע אָפּרופּאַרקן. ווי אַלע פאָרגעשריטענע אַרבעטער־שלאָגלער, ווערן זיי אַמבעסטן פאַרזיכערט מאַטעריעל און שטייגעריש, באַקומען די בעסטע וווינונגען אאַוו.

ווער זײַנען זיי אָט די בעסטע שלאָגלער, די כאָשעווע לײַט פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע? פונוואַנען זײַנען זיי געקומען אין די גיגאַנטישע זאַוואָדן און פאַבריקן? ווי פילן זיי זיך צווישן די נײַסטע און קאָמפּליצירטסטע מאַשינעס? ווי באַציִען זיך צו זיי די ניט־ייִדישע אַרבעטער, די ספּעציאַליסטן, די אַדמיניסטראַציע?

אָט איז דער בריגאַדיר פון כאַרקאָווער עלעקטרעמעכאַנישן זאַוואָד (כעמז), מישע קאָנצעדאַל. מישע איז נאָך גאָר יונג, קוים 20 יאָר אַלט. אין 1933 האָט ער נאָך געאַרבעט אַלס געוויינלעכער שלאָסער אין שטאַמפּיר־צעך פון זאַוואָד און באַקומען א דורכשניטלעכן געהאַלט לויט דער 4-טער קאַטעגאָריע. און פאַר איין יאָר איז מישע אַזוי אויסגעוואָקסן, אַז מע האָט אים באַשטימט פאַר א בריגאַדיר, אין צײַטונג איז געווען זײַן פּאָרטרעט, און דער באַצירק-מעכאַניק קען פון אים ניט אָנלויבן זיך. מישעס בריגאַדע רעכנט זיך פאַר איינע פון די בעסטע אויפן זאַוואָד. פון מאָנאַט צו מאָנאַט שטײַגט זי איבער איר פּראָדוציר־פּלאַן. די גאַנצע בריגאַדע האָט אָפּגעגעבן דעם טעכנישן עקזאַמען אויף „אויסגעצייכנט" און „גוט"; די קוואַליפיקאַציע פון אַלע אַרבעטער פון מישעס בריגאַדע האָט זיך שטאַרק געהעכערט און אַדאַנק דעם האָט זיך געהעכערט זייער פאַרדינסט. אויך

מישעס לוין-טאריף האָט זיך פאר דער צײַט אופגעהויבן ביז צו דער זעקסטער קאטעגאָריע.

אָט אזוי איז אויך דער בריגאדיר העלפער אפן בערעזינער קאָמבינאט (באָריסאָוו, ווײַסרוסלאנד). העלפער איז ערשט מיט 5 יאָר צוריק געקומען אפן זאוואָד. פאר אָט דער צײַט האָט ער אזוי באנומען זײַן פאך, אז ער האָט שוין ארײַנגעטראָגן פיר פּאָרשלאָגן וועגן ראציאָנאליזירן פארשיידענע ארבעט-פּראָצעסן. די פּאָרשלאגן זײַנען פארווירקלעכט געוואָרן און גיבן א באדײַטנדיקן עפעקט. העלפער איז א גלענצנדיקער אָנפירער פון זײַן בריגאדע. ער האָט אויסגעצייכנט אָרגאנִזירט די ארבעט, די ווייניקער קוואליפיצירטע ארבעטער לערנט ער, באווײַזט, ווי צו ארבעטן, ווי צו באגיין זיך מיט די ווערקשטעלן. פאר זײַן גוטער ארבעט און אויסגעצייכנטער אָנפירונג מיט דער בריגאדע, — די בריגאדע פילט אויס איר פּראָדוציר-פּלאן אף 107 און אפילע אף 111 פּראָצ., — איז העלפער עטלעכע מאָל פּרעמירט געוואָרן.

אין העלפערס בריגאדע ארבעט דער יונגטלעכער פּראדלין, וועלכער איז געקומען אין קאָמבינאט פון קינדער-היים. איצט איז שוין פּראדלין א קוואליפיצירטער ארבעטער, א שלאָגלער, וועלכער גיט פּראָדוקציע פון גוטער קוואליטעט.

דאָוויד לעווין, א יאָסעם אָן טאטע-מאמען, איז געקומען אין כארקאָווער לאָקאָמאָטיוון-זאוואָד פון א קוסטארישן ווארשטאט, ווו ער איז געווען א לערנייִנגל. 16 יאָר איז ער דעמלט אלט געווען. נאָך 5 יאָר ארבעט, קען לעווינען דער גאנצער טראקטער-צעך, דער גאנצער פּילטויזנטיקער קאָלעקטיוו פונעם גרויסן זאוואָד. אלע ווייסן, אז דאָוויד לעווין פירט אָן מיט דער ארבעט אפן קאָמפּליצירטן ווערקשטעל „בראון", וועלכער ארבעט בא אים די גאנצע צײַט אָן אונטערברעכונגען, און גיט פּראָדוקציע פון דער העכסטער קוואליטעט. לעווינס בריגאדע פילט אויס יעדן כוידעש איר פּלאן אף 110—120 פּראָצ. דאָוויד לעווין ארבעט א סאך איבער זיך, ער לייענט פיל טעכנישע ליטעראטור, וואָס האָט א שײַכעס צו זײַנע ארבעט-פּראָצעסן און צו זײַן קאָמפּליצירטן ווערקשטעל. לעווינס ווערקשטעל איז א מוסטער פארן גאנצן צעך. ער הייסט טאקע אזוי „דער ווערקשטעל — דער אינסטרוקטער". אף לעווינס ווערקשטעל דארפן זיך אָריִענטירן אלע אײַבעריקע. לעווין האָט אויסגעהאלטן דעם טעכנישן עקזאמען אף „אויסגעצייכנט". ער איז פיל מאָל פּרעמירט געוואָרן און באקומען א צײַגעניש פון


א ייִדישער ארבעטער פון דער קיִעווער 8-טער שוך-פאבריק

אן ערן-שלאָגלער. אָט אזוי איז פאר איינע פינף יאָר אויסגעוואקסן אפן סאָציִאליסטישן זאוואָד דער געוועזענער קוסטארישער לערנייִנגל.

שאפּיר איז מיט 14 יאָר צוריק אָנגעקומען אלס לערנייִנגל אין גוס-צעך פון אָדעסער ווערקשטעלבוי-זאוואָד אף לענינס נאָמען. פאר די 14 יאָר איז פון לערנייִנגל אויסגעוואָקסן א מײַסטער פון א גאנצן זאוואָד-אָפּטייל. אין אָט דעם זאוואָד ארבעטן 631 ייִדישע ארבעטער און פון זיי לערנען זיך אין טעכנישע קרײַזן, קעדיי צו באהערשן די טעכניק פון זייער ארבעט, 131 מענטשן. צווישן די בעסטע שלאָגלער פון אָט דעם זאוואָד זײַנען פארצייכנט די ייִדישע ארבעטער ליבערפארב, קאזאצקי, ליזע ראָזענבערג, וועלכע איז אָנגעקומען אין גוס-צעך אלס שווארצארבעטערן, און נאָך פיל אנדערע.

דער עלטערער ארבעטער פון איינעם פון די

גרעסטע מאָסקווער זאוואָדן „שאַריקאָפּאָדשיפּניק“, שימען גינזבורג, ווי ער דערציילט אין מאָסקווער „עמעס“ פון 7-טן נאָיאַבער 1933, האָט פארן צאַריזם דורכגעמאכט א שווערן און פּײַנפולן וועג פון א שטעטלדיקן ייִדישן ארבעטער, וועלכער איז שרעקלעך עקספּלואַטירט געוואָרן, שטענדיק ארומגעוואנדערט, קוים פארדינט אפ ברויט מיט וואסער. אין 1930 יאָר איז שימען גינזבורג אָנגעקומען אפ די צענטראַלע אינדוסטריע-קורסן און נאָכן ענדיקן זיי האָט מען אים געשיקט ארבעטן אפן מאָסקווער קאַלינין-זאוואָד און אין 1931, ווען עס האָט זיך אויסגעבויט דער וועלט־גיגאַנט „שאַריקאָפּאָדשיפּניק“, האָט מען אים אריבערגעפירט אין איינעם פון די צעכן פון אָט דעם זאוואָד.

אָט ווי שימען גינזבורג, וואָס איז איינער פון צענדליקער טויזנט אזעלכע, ווי ער, שילדערט זײַן איצטיקן לעבן:

„איך פארדין 340 רובל א כוידעש. אין זאַוואָד האָב איך באקומען א גוטע וווינונג, איצט גיט מען מיר נאָך א בעסערע, אין וועלכער איך וועל ארײַנשטעלן נײַע מעבל, געלט דערויף האָב איך שוין. ניט לאנג איז מען געקומען צו מיר אין וווינונג, בא מיר קיין זאך ניט געפרעגט און קיין זאך ניט גטבעטן און מע האָט די וווינונג אָפּגערעמאָנטירט, אויסגעווײַסט, אלץ ארומגעוזען, און קיין איין קאָפּעקע בא מיר ניט געבעטן.

„בא מיר אין שטוב, ווי בא די טויזנטער אנדערע ארבעטער פונעם זאוואָד, איז שטענדיק פאַראן צוקער, פלייש, פּוטער, גרויפּן, קאָנדיטערײַ. אויסער דעם עס איך ביליקע און גוטע מיטיקן אין דער גאָרקיכ פון זאוואָד. מײַן טאָכטער, וועלכע לערנט זיך, עסט ווידער א גוטן, געשמאקן מיטיק אין גאָרקיכ פון דער שול.

„די איינציקע און גרעסטע זאָרג מײַנע איז דער צעכ, דער זאוואָד.

„איך בין שטאָלץ דערמיט, וואָס איך ארבעט אפ איינעם פון די גרעסטע גיגאַנטן אין ראַטנפארבאנד“.

דאָס אייגענע דערציילט אין זעלביקן נומער „עמעס“ וועגן זײַן ארבעט און לעבן דער ארבעטער-שלאָגלער פון א צווייטן מאָסקווער אינדוסטריעלן גיגאַנט — פון דעם אווטאָמאָבילן-זאוואָד אפ סטאַלינס נאָמען — שלוימע יערוכימאָוו:

„פיר יאָר, אז איך ארבעט אפן אווטאָ־זאוואָד אפ כאַווער סטאַלינס נאָמען. פאר דער צײַט בין איך זיך צונויפגעוואקסן מיטן זאוואָד. איך בין אויסגעוואָקסן אפ דעם דאָזיקן גיגאַנט, מע האָט מיך אוועקגעשטעלט אפ א פאראנטוואָרטלעכער ארבעט.

„ווען, אין וועלכע צײַטן פאר דער רעוואָליוציע האָב איך, שוין אן עלטערער ייִדישער ארבעטער, געזען אזא זאָרג וועגן ארבעטער? אזוינס איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זײַן. ווען האָב איך מיט אזא אימפּעט און איבערגעגעבנקײַט געארבעט? איך ארבעט די גאנצע צײַט אלס שלאָגלער, און דערפאר האָט מיך דער זאוואָד באלוינט מיט אן ערן־גראַמעטע, איך שטײַג שטענדיק איבער דעם פּלאַן און בין עטלעכע מאָל פּרעמירט געוואָרן. פאר מײַן שלאָגלערישער ארבעט ווער איך שלאָגלעריש באזאָרגט. זאָלן ריידן פאקטן: לויט דער אָנווײַזונג פון דעם דאָקטער, עס איך אין דער דיִעטישער גאָרקיכ. און דער גאנצער טאָג עסן קאָסט מיר ניט מער ווי 85 קאָפּעקעס. דאָס איז נאָר אין גאָרקיכ, הײַנט ווו איז דאָס, וואָס איך באקום אין אָפּטייל פאר ארבעטער-באזאָרגונג? פריִער פאר אלץ דארף ניט איך און ניט מײַן פרוי און ניט די קינדער גיין אין מאגאזין. אלץ טראָגט מען ארײַן אין שטוב. אָט האָט מען דעם 2-טן נאָיאַבער ארײַנגעטראָגן: עפּל, פלייש, קרויט, קארטאָפל, קאָנפעקטן, צוקער, פארשיידענע זיסע געבעקס, מילכ און פּוטער פאר די קינדער. די קינדער עסן מיטיקן אין דער שול־גאָרקיכ. אלע דרײַ קינדער לערנען זיך אין דער מוסטער-שול באם זאוואָד און מיר צאָלן דאָרטן אפילע קיין קאָפּעקע ניט.

„די קינדער, די פרוי און איך זײַנען באזאָרגט מיט קליידער...

„דער זאוואָד פארענדיקט איצט בויען א נײַעם וווינונג־קאָרפּוס, און פאר מיר וועלן דאָרטן זײַן צוויי גרויסע ליכטיקע צימערן.

„איז אז דו דערמאָנסט זיך דאָס אמאָליקע לעבן און פארגלײַכסט דאָס מיט דעם הײַנטיקן, מיט דעם אייגענעם זיכערן מאָרגנדיקן טאָג און מיט דער גרויסער צוקונפט פאר די קינדער, פארן גאנצן סאָציאַליסטישן לאנד אונדזערן, ווילט זיך נעמען פאר מענטשן דערציילן די אינווייניקסטע פרייד, וואקסן אויס די קויכעס, ברענט נאָכ מער די ארבעט אונטער די הענט.

„אכ, ווי גוט עס איז צו לעבן און ארבעטן אפ א סאָציאַליסטישן גיגאַנט, אין סאָציאַליסטישן לאנד!“

יאָ, די ייִדישע ארבעטער, ווי די מיליאָנען ארבעטער און ארבעטנדיקע פון אלע אנדערע פעלקער פון ראַטנפארבאנד, ווייסן אויסגעצייכנט און פילן, „ווי גוט עס איז צו לעבן און ארבעטן אין סאָציאַליסטישן לאנד“...

# יידנ אינ דער קאָאָפּערירטער קוסטארישער אינדוסטריע

## אָקטיאבער—דער באפרייַער



ווישנ די פארשיידענע שיכטנ פונ די יידישע האָרעפּאשנע מאסנ, וועלכע די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט באפרייַט פונ עקספּלואטאציע, דאלעס אונ נויט אונ פארוואנדלט אינ אקטיווע, פולבארעכטיקטע אונ פולווערטיקע בויער פונ סאָציאליזמ, פארנעמענ א ביז גאָר אָנגעזענ אָרט די קוסטארנ.

ביז דער רעוואָליוציע האָבנ די האנטווערקער באטראָפנ איבער א דריטל פונ דער גאנצער יידישער באפעלקערונג אינ צארישנ רוסלאנד. בא 30 פּראָצענט פונ דער אלגעמיינער צאָל האנטווערקער זייַנענ געווענ פעסטע באלמעלאָכעס — באלעבאטימ, וועלכע האָבנ עקספּלואטירט א באדייַטנדיקע צאָל געדונגענע ארבעטער אונ אומזיסטע לערנייִנגלעכ אונ עקאָנאָמיש געדריקט די אָרעמע אונ אפילע מיטעלע האנטווערקער.

די עקאָנאָמישע לאגע פונ אָט די צוויי גרופּעס, וועלכע האָבנ באטראָפנ בא 70 פּראָצ. פונ דער אלגעמיינער צאָל זעלבשטענדיקע האנטווערקער, איז ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע געווענ אנ אויסערסט שווערע. צווישנ די האנטווערקער־יעכידימ, צוליב זייער גרויסער צאָל אונ דעמ באגרענעצטנ אָפּזאצ־מארק, האָט געהערשט א שרעקלעכע קאָנקורענצ, וועלכע האָט שטארק פארקלענערט זייער אזוי אויכ נישטיקנ פארדינסט. די האנטווערקער פונ דעמ גרעסטנ טייל פאכנ—שנייַדער, בויער, סטאָליארעס, מופּיארעס, שטוקאטורנ, מאליארעס אא.—האָבנ שטארק געליטנ פונ סעזאָנער ארבעטלאָזיקייַט. אינ דורכשניט האָבנ זיי געהאט ארבעט ניט מער ווי 6—8 כאדאָשימ אינ יאָר. א היפּשנ טייל פונ זייער פארדינסט פלעגנ בא זיי צונעמענ די פארמיטלער, וואָס פלעגנ אופקויפנ זייער פּראָדוקציע, אונ די פּראָצענטניקעס, וואָס פלעגנ אויסלייַענ געלט אפ רויווארג.



א רעדער־ארטעל (שטשעדרין, ווײַסרוסלאַנד)

בֿא אזעלכע באדינגונגען, האָרעוועדיק שווער פון באגינען ביז שפּעט אין דער נאכט, צו 15—17 שאָ אין מעסלעס, פלעגן די אָרעמע, און אָפטמאָל אפילע אויך די מיטעלע האנטווערקער־יעכידים, ניט פארדינען אפילע אף ברויט צו זאט. דער דורכשניטלעכער פארדינסט פון אזא שנײַדער, צב. איז געווען 180 רובל א יאָר. אין אזעלכע שטעטלעך, ווי קראסנאָפּאָליע (ווײַסרוסלאנד) האָט דער דורכשניטלעכער פארדינסט פון א האנטווערקער באטראָפן, ווי מע קאָן זען פון דער ספּעציִעלער אויספאָרשונג, וואָס דאָרטן איז דורכגעפירט געוואָרן, ניט מער ווי 165 רובל א יאָר, בא א מאקסימום פון 900 רוב. און א מינימום פון 25 רוב., דה 50 קאָפּ. א וואָך.

די סאָוועטישע רעגירונג האָט ראדיקאל געענדערט די לאגע פון די אָרעמע און מיטעלע האנטווערקער. זי האָט זיי פון האלב־דעקלאסירטע פארוואנדלט אין געזעלשאפטלעך־נוצלעכע ארבעטנדיקע, פארפעסטיקט זייער עקאָנאָמיק און שטארק אופגעהויבן דעם ניוואָ פון זייער וווילשטאנד. א היפּשן טייל פון זיי, דעריקער זייערע קינדער, האָט די סאָוועטישע רעגירונג ארײַנגעצויגן אין דער מעלוכישער אינדוסטריע און פארוואנדלט אין פאבריק־ארבעטער. די איבעריקע האָט זי דורכ א ריי ספּעציִעלע מאָסמיטלען און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע להאָטעס געגעבן די מעגלעכקײַט צו פארייניקן זיך אין געווערב־קאָאָפּעראטיוון, וואָס עס האָט באפרײַט יעדן האנטווערקער באזונדער פון זאָרגן וועגן קרעדיט, רויוואַרג, אָפּזאַץ פון דער פּראָדוקציע אדג.

די טיפע ענדערונגען, וואָס זײַנען אין די יאָרן פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע פאָרגעקומען אין דער לאגע פון די האנטווערקערישע מאסן, זײַנען, נאטירלעך, געקומען ניט מיטאמאָל, נאָר עטאפּנווײַז, און די עטאפּן זײַנען ענג פארבונדן מיטן אלגעמיינעם אנטוויקלונג־וועג, וואָס דער גאנצער ראטנפארבאנד האָט דורכגעמאכט אין אָט דעם צײַט־אָפּשניט.

### א זיכערער וועג

אין די יאָרן פונעם ווידערופבוי־פּעריִאָד, ווען די גאנצע אופמערקזאמקײַט און אלע קרעפטן פון דער סאָוועטן־רעגירונג זײַנען געווען קאָנצענטרירט אף אופשטעלן די גרונט־צווײַגן פון דער רויִנירטער פאָלקווירטשאפט, האָט די הילף פון דער סאָוועטן־רעגירונג די ייִדישע אָרעמע און מיטעלע קוסטארן זיך אויסגעדריקט דעריקער אין דעם, וואָס זי האָט געגעבן די מעגלעכקײַט א טייל פון די דעקלאסירטע עלעמענטן פון זיי אריבערצוגיין אף ערדארבעט, איבערוואנדערן אף די אוקראַיִנער און קרימער ערד־פאָנדן, אָדער באזעצן זיך אין די בײַשטעטלדיקע לאנדווירטשאפטלעכע ארטעלן און קאָמונעס.

באשטימטע ענדערונגען זײַנען אין אָט דעם פּעריִאָד פאָרגעקומען אויך אין דער סאָציִאלער און פּראָפעסיִאָנעלער סטרוקטור פון די ייִדישע קוסטארן, וואָס זײַנען פארבליבן בא זייער באשעפטיקונג. ווי עס האָט בא־



מינסקער רויטפאָניקער טריקאָטאזש ארטעל

וויזנ די אלפארבאנדישע דעמאָגראפישע פאָלקציילונג סאָפ יאָר 1926, האָט זיכ אינ אָט די ערשטע יאָרנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע שטארק פארקלענערט די צאָל לוינ־ארבעטער אינ דער קוסטארישער אינדוסטריע. אויב ביז דער רעוואָליוציע האָבנ זיי, צוזאמענ מיט די לערנייִנגלעכ, באטראָפנ קימאט 50 פראָצענט פונ דער אלגעמיינער צאָל באשעפטיקטע אינ דער קוסטארישער אינדוסטריע, איז זייער ספעציפיש געוויכט צו דער צייַט פונ דער פאָלקציילונג פונ 1926 געפאלנ ביז 15 פראָצענט, כאָטש די אלגעמיינע צאָל ייִדנ אינ דער קוסטארישער אינדוסטריע האָט זיכ אינ דעמ זעלביקנ פעריִאָד פארגרעסערט אפ 25 פראָצענט אונ איז אויסגעוואָקסנ ביז בעערעכ 200 טויזנט מענטשנ.

אייניקע ענדערונג-טענדענצנ האָט די פאָלקציילונג אנטפלעקט אויכ אינ דעמ פראָפעסיִאָנעלנ באשטאנד פונ די ייִדנ-קוסטארנ. עס האָט זיכ פארקלענערט אפ 6 פראָצ. דאָס ספעציפישע געוויכט פונ די שנייַדער אונ לעדער-ארבעטער, וועלכע האָבנ ביז דער רעוואָליוציע באטראָפנ העכער 55 פראָצ. פונ דער אלגעמיינער צאָל ייִדנ־קוסטארנ, אונ עס האָט זיכ עטוואָס פארגרעסערט דער פראָצענט טעקסטילער (פונ 2,4 ביז 5,1) אאוו.

אינ די יאָרנ פונעמ רעקאָנסטרוקטיוונ פעריִאָד, אונ איבערהויפט אינ אָנהייב פונעמ ערשטנ זיגרייַכנ פינפיאָר, ווענ די ארבעטלאָזיקייַט איז פולשטענדיק ליקווידירט געוואָרנ אונ די סאָציִאליסטישע בוייונג האָט זיכברייט פאנאנדערגעוויקלט איבערנ גאנצנ לאנד, האָט די סאָוועטנ־רעגירונג פאָרגענומענ א ריי קאָנקרעטע מאָסמיטלענ אפ צו פארשטארקנ די קוסטארישע אינדוסטריע אונ גרינטלעכ צו פארבעסערנ די עקאָנאָמישע לאגע פונ די ייִדישע קוסטארישע מאסנ.

נאָכ דעמ 19-טנ מייַ 1926 האָט דער אלוקראיִנישער צענטראלער אויספיר-קאָמיטעט אָנגענומענ א באשלוס וועגנ פארווירקלעכנ א גאנצנ קאָמפלעקס קאָנקרעטע מאָסמיטלענ צו פארבעסערנ די לאגע פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ. אינ דעמ דאָזיקנ באשלוס ווערט אונטערגעשטראָכנ די באדערפעניש פונ דער ייִדישער שטעטלדיקער יוגנט אינ פראָפעסיִאָנעל-טעכנישער בילדונג, אונ דער בילדונג־קאָמיסאריִאט ווערט באופטראָגט מאקסימאל צו באפרידיקנ די דאָזיקע באדערפעניש. די זעלביקע באשטימונג באופטראָגט דעמ פינאנצ־קאָמיסאריאט צו פארלייַכטערנ די שטייַערנ־פאָליטיק בענעגייע די שטאָטישע אונ שטעטלדיקע קוסטארנ אאוו.

דעמ 3-טנ נאָיאבער 1927 האָט דער ראט פונ די פאָלקס-קאָמיסארנ פונ ווייַסרוסלאנד באשלאָסנ אויסצוארבעטנ א פלאנ פונ פארווירקלעכנ א ריי מאָסמיטלענ אפ אייַנצואָרדענענ ווירטשאפטלעכ די שטעטלעכ. אינעמ פלאנ איז געווענ פאָרויסגעזענ צו פארשטארקנ די טעטיקייַט פונ דער קוסטארישער געווערב־קאָאָפעראציע. אינ אפרעל 1928 האָט די ווייַסרוסלענדישע סאָוועטנ-רעגירונג באשטעטיקט

דעמ פלאנ פונ אײַנאָרדענענ אינ דער ערשטער ריי 9 שטעטלעכ. אינ די דאָזיקע 9 שטעטלעכ האָט דער פלאנ פאָרויסגעזענ צו אָרגאניזירנ 47 קוסט־טאר־ארטעלנ און ארײַנציִענ אינ זיי 738 שטעטל־דיקע פאמיליעס. אפ צו פארווירקלעכנ דאָס, האָט די רעגירונג אויסגעטיילט 124 טויזנט רובל. אינ מעשעכ פונ דרײַ יאָר (1928—1930) זײַנענ ענלעכע מאָסמיטלענ דורכגעפירט געוואָרנ מיט דערפאָלג אינ 27 שטעטלעכ.

אזעלכע און ענלעכע מאָסמיטלענ האָט אינ די זעלביקע יאָרנ פארווירקלעכט אויכ די אוק־ראיִנישע סאָוועטנ־רעגירונג. אינ פעוורال 1929 האָט די סאָוועטנ־רעגירונג פונ אוקראיִנע אנערקענט פאר נייטיק: 1) צו באפרידיקנ מאקסימאל די באדער־פענישנ פונ די שטעטלדיקע קוסטארנ אינ רויווארג און האלב־פאבריקאטנ; 2) אָרגאניזירנ אינ די שטעט־לעכ א ריי נײַע געווערבנ; 3) פארברייטערנ די קרעדיטנ פאר די שטעטלדיקע געווערב־קאָאָפערא־טיונ; 4) אָרגאניזירנ קורסנ צו העכערנ די קוואליפיקאציע פונ דער קוסטארישער יוגנט אאוו.

ביז גאָר וויכטיקע מאָסמיטלענ האָבנ אָנגע־מערקט און פארווירקלעכט אויכ די אלפארבאנדישע רעגירונג־אָרגאנענ.

דער נאציִאָנאליטעטנ־ראט באמ אלפארבאנדישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט, אויסהערנדיק אנ אויס־פירלעכנ באריכט פונ דעמ פאָרזיצער פונ קאָמערד, פ. סמידאָוויטש, האָט אָנגענומענ די פאָלגנדיקע באשלוסנ וועגנ די ייִדישע קוסטארנ: אָרגאניזירנ די ייִדישע קוסטארנ אינ קאָאָפעראטיווע געווערב־ארטעלנ, ארײַנציִענ די ייִדישע אָרעמשאפט אינ דער קוסטארישער אינדוסטריע און באזאָרגנ די ייִדישע קוסטארנ און זייערע קאָאָפעראטיונ מיט רויווארג און די נייטיקע קרעדיטנ, פארבעסערנ דעמ אָפזאצ פונ זייער פראָדוקציע און פארברייטערנ די נעצ פונ דער קוסטארישער שילערײַ צווישנ דער ייִדי־שער יוגנט.

אינ נאָיאבער 1929 האָט די אלפארבאנדישע סאָוועטנ־רעגירונג אינ איר דעקרעט וועגנ די מאָס־מיטלענ צו פארבעסערנ די עקאָנאָמישע לאגע פונ די ייִדישע מאסנ אָנגעוויזנ דעמ אלפארבאנדישנ געווערב־ראט, דעמ העכסטנ ראט פאר פאָלקווירט־שאפט און דעמ האנדל־קאָמיסאריִאט אפ דער ניי־טיקײַט נאָכ מער צו פארשטארקנ דאָס ארײַנציִענ די ייִדישע אָרעמשאפט אינ דער קוסטארישער אינ־דוסטריע און מאקסימאל מיטצוהעלפנ דער ווײַטער־דיקער אנטוויקלונג און פארשטארקונג פונ דער דאָזיקער אינדוסטריע.

אינ 1930 האָט דער אלרוסלענדישער צענט־ראלער אויספיר־קאָמיטעט, און שפעטער אויכ דער אוקראיִנישער און ווײַסרוסלענדישער, אופגעשטעלט דאָס וואלרעכט בא די אָרעמע און מיטלע ייִדישע קוסטארנ, וואָס זײַנענ צוליב זייער פריִערדיקער סאָציִאלער לאגע געווענ וואלרעכטלאָזע. דאָס האָט זיי געגעבנ די מעגלעכקײַט ארײַנצוטרעטנ אינ די געווערב־ארטעלנ און באניצנ זיכ מיט דער הילפ און מיט די אלע להאָטעס, וואָס די קאָאָפערירטע קוסטארנ האָבנ באקומענ פונ דער רעגירונג.

אָט די אלע פלאנמעסיקע מאָסמיטלענ פונ דער סאָוועטנ־רעגירונג האָבנ, פארשטייט זיכ, שטארק מיטגעהאָלפנ איבערצובויענ די סאָציִאלע און פראָ־פעסיִאָנעלע סטרוקטור פונ די ייִדישע קוסטארישע מאסנ, פארייניקנ זיי אינ גרעסערע פעסטע גע־ווערב־ארטעלנ, מעכאניזירנ די פראָדוציר־פראָצעסנ, העכערנ די ארבעט־פראָדוקטיוויקײַט און ביז גאָר פארבעסערנ די עקאָנאָמישע לאגע און דעמ קול־טורעלנ צושטאנד פונ די קוסטארנ.

אינ די לעצטע יאָרנ פונעמ ערשטנ פינפיאָר, אינ צוזאמענהאנג מיטנ אלגעמיינעמ אופשטײַג פונ דער קאָאָפערירטער געווערב־אינדוסטריע, האָבנ זיכ די איבערבוי־פראָצעסנ צווישנ די ייִדישע קוסטארנ נאָכ מער פארגיכערט און פארשטארקט.

די צאָל לוינ־ארבעטער האָט זיכ פונ יאָר צו יאָר פארקלענערט און ענדלעכ איז זי קימאט אינ־גאנצנ פארשווּנדנ. די גרעסטע מערהײַט אָרעמע און מיטלע קוסטארנ זײַנענ ארײַנגעצויגנ געוואָרנ אינ דער געווערב־קאָאָפעראציע, וועלכע האָט ארונ־טערגעפירט אונטער דער קוסטארישער אינדוסטריע א פעסטנ עקאָנאָמישנ און טעכנישנ באָדנ. די קאָמפליצירטע פראגנ פונ באזאָרגנ די געווערבנ מיט רויווארג און אָפזעצנ די פראָדוקציע ווערנ שוינ איצט רעגולירט אינ אלגעמיינ־מעלוכישער אָרדענונג. אָנשטאָט צו ארבעטנ בא זיכ אינ שטוב מיט די פרימיטיוועסטע אינסטרומענטנ, אינ די ערגסטע סא־ניטארע באדינגונגענ, זײַנענ די קוסטארנ אריבער־געפירט געוואָרנ אינ גרויסע, טעכניש גוט אויס־געשטאטע אונטערנעמונגענ, ווו א גרויסער טייל ארבעט־פראָצעסנ איז מעכאניזירט. דאָס פארלײַכ־טערט די ארבעט און פארגרעסערט די ארבעט־פראָדוקטיוויקײַט און דעמ פארדינסט פונ יעדנ קוס־טאר. עס האָט זיכ גאנצ באדײַטנדיק געענדערט אויכ דער פראָפעסיִאָנעלער צוזאמענשטעל פונ די

ייִדישע קוסטאַרן. אַפּנ כּעושבנ פון דער נײַ־אינ־דוסטריע, אונ טײלווײַז אויכ פון דער לעדער־, שפּײַז־ אונ טריקאָטאַזש־אינדוסטריע, איז קענטיק אויסגעוואַקסנ די צאָל ייִדישע קוסטאַרנ אינ דער מעטאַלורגישער קוסטאַרישער אינדוסטריע, אינ די האָלצאַרבעט־אַרטעלנ, טעקסטיל־געווערבנ אאַ.

די דאָזיקע באַהויפּטונגען קאָנ מענ אילוסטרירנ מיט אַזעלכע ציפער:

אינ דער קאָאָפּערירטער קלײנ־אינדוסטריע פונ אוקראַינע זײַנענ צום 1־טנ יאַנוואַר 1934 געווענ פאַרײניקט 46 104 ייִדנ, פונ זײ: אינ קיִעווער געגנט— 10 960, כאַרקאָווער — 2 550, דאָנעצער — 2 131, אָדעסער—8 347, ווינניצער — 9 932, כאַרקאָווער—5 954, דניעפּראָפּעטראָווסקער—4 939 אונ אינ דער מאָל־דאַווער סאָוועטנ־רעפּובליק—1 231.

ביז גאָר אינטערעסאַנט זײַנענ די סטאַטיס־טישע מאַטעריאַלנ, וועלכע כאַראַקטעריזירנ די די־נאַמיק פונ דער קאָאָפּערירטער קלײנ־אינדוסטריע אינ ווײַסרוסלאַנד אונ דעמ אָנטײל פונ די ייִדישע אַרבעטנדיקע אינ איר:

| יאָרנ | צאָל קאָאָפּע־רירטע ארטעלנ | אַלגעמיינע צאָל מיטגלידער | צאָל מיטגלידער ייִדנ | באַטרעפ פונ דער פּראָדוקציע (אינ מיליאָנ רובל) |
|---|---|---|---|---|
| 1928 . . . . | 617 | 10 957 | 7 669 | 42 |
| 1929 . . . . | 799 | 18 087 | 11 880 | 70 |
| 1930 . . . . | 935 | 31 985 | 19 778 | ניטאָ קיינ ידיעות |
| 1931 . . . . | 1 020 | 37 302 | 22 007 | 131 |
| 1932 . . . . | 1 253 | 46 228 | 25 425 | 141 |

אינ מעשעכ פונ יאָר 1933 איז די אַלגעמײנע צאָל מיטגלידער פונ די קאָאָפּערירטע ארטעלנ אויס־געוואַקסנ ביז 48 156, אונ דער באַטרעפ פונ זײער פּראָדוקציע—ביז 166 מיליאָנ רובל.

דער דערפאָלגרײַכ אויסגעפירטער ערשטער פינפיאָר־פּלאַנ האָט, אַזויאַרום, ליקווידירט צוזאַמענ מיט אַלע איבעריקע רעשטנ פונ דער פאַרפלוכטער צאַרישער ירושע אויכ די האַלב־הונגעריקע עק־זיסטענצ אונ פאַרצווײפלטע לאַגע פונ די ייִדישע קוסטאַרישע מאַסנ, צוגעצויגנ זײ צומ אַקטיוונ אָנ־טײל אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג אונ אַרויפ־געפירט אַפּנ ברייטנ שליאַכ צו אַ פאַרמעגלעכנ אונ קולטורעלנ לעבנ.

**עטלעכע פונ פיל**

עטלעכע קאָנקרעטע לעבעדיקע בײַ־שפּילנ וועלנ קלאָר אונ בוילעט באַווײַזנ, וואָס פאַר אַ מעכטיקנ שריט פאָרויס די ייִדישע קוסטאַרישע מאַסנ האָבנ דורכ־געמאַכט אינ די יאָרנ פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָ־ליוציע, ווי שטאַרק זײ זײַנענ אויסגעוואַקסנ אונ האָבנ זיכ איבערדערצויגנ אינ די סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגענ, וואָס פאַר אַ קאָ־לאָסאַלע דערפאָלגנ זײ האָבנ זיכ דערשלאָגנ אַפּנ געביט פונ פאַרבעסערנ זײערע אַרבעט־באַדינגונגענ אונ זײער קולטורעל־מאַטעריעלנ וווילשטאַנד.

דער מינסקער טריקאָטאַזש־אַרטעל אַפּנ נאָמענ פונ נ. קרופּסקאַיאַ האָט אינ אַלפאַרבאַנדישנ קאָנ־קורס אַפּנ בעסטנ ארטעל באַקומענ די ערשטע פּרעמיע—5 000 רובל. וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר דער דאָזיקער ארטעל? דער מינסקער טריקאָטאַזש־אַרטעל איז די לעצטע יאָרנ שטאַרק מעכאַניזירט געוואָרנ. ביז יאָר 1931 זײַנענ דאָ געווענ 90 מענטשנ באַ הילצערנע רעדלעכ אונ פאַר אַנ אַר־בעטסטאָג אויסגעוויקלט קוימ אַ האַלבנ קילאָגראַמ זײַד. אינ יאַנוואַר 1931 האָט דער ארטעל אוועק־געשטעלט 2 שפּול־מאַשינעס, וועלכע האָבנ פאַר־גיכערט די אַרבעט אינ 11 מאָל! אינ מײַ פונ דעמ זעלביקנ יאָר זײַנענ מעכאַניזירט געוואָרנ די ער־שטע זאָקנ־טריקאָטאַזש־מאַשינעס אונ אינ יול— אַלע שטריק־מאַשינעס. דער אַרטעל האָט זיכ באַ־צײַטנס באַזאָרגט מיט רוישטאָפ פאַר אַ האַלבנ מיליאָנ רובל אונ דאָס האָט אימ געגעבנ די מעג־לעכקײַט צו קאָנצענטרירנ די הויפּט־אויפמערקזאַמקײַט אַפּ דער קוואַליטעט פונ דער פּראָדוקציע. איצט לאָזט דער אַרטעל אַרויס די בעסטע פּראָדוקציע פאַרנ ברייטנ געברויכ: זאָקנ, קלײדער, היטלענ אאַ.

אינ אַרטעל ווערנ ברייט אָנגעווענדט די סאָ־ציאַליסטישע אַרבעט־מעטאָדנ—דער סאָצגעוועט אונ די שאָקלערײַ—אונ אַדאַנק דעמ האָט ער זײַנ פּראָדוציר־פּלאַנ לויט אַלע צײַגערס אויסגעפירט אַפּ 110,8 פּראָצענט.

דער סלוצקער (ווײַסרוסלאַנד) אינוואַלידנ־אַרטעל האָט ניט לאַנג געפײַערט זײַנ צעניאָריקנ יובילײ. באַמ אָנהײב האָט דער אַרטעל מיט זיכ פאָרגע־שטעלט אַ קלײנ וואַרשטאַטל. בעסאַכאַקל האָבנ אינ אימ געאַרבעט 15 מענטשנ. פאַר די 10 יאָר איז דער אַרטעל שטאַרק אויסגעוואַקסנ אונ פאַרוואַנדלט זיכ אינ אַ באַדײַטנדיקער ווירטשאַפטלעכ פעסטער סאָציאַליסטישער אונטערנעמונג.

אינעמ אַרטעל אַרבעטנ איצט 160 מענטשנ.

אין דעם אַרטעל זײַנען פֿאַראַן עטלעכע גרויסע צעכן. דער רימער־צעך, וועלכער איז איינער פֿון די גרעסטע אין ראַיאָן, אַרבעט אויסשליסלעך פֿאַר די קאָלווירטן. דער צעך פּראָדוצירט שפּאַן־אינווענטאַר—כאָמוטן, שלייעס אאַ. צו די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאַמפּאַניעס שיקט דער אַרטעל אַרויס זײַנע בריגאַדעס אין די קאָלווירטן צו רעמאָנטירן דאָרטן אויפֿן אָרט דעם קאָלווירטישן שפּאַן-אינווענטאַר.

בײַ דעם רימער-צעך איז פֿאַראַן אַ שוסטער-אָפּטיילונג, וועלכע פּראָדוצירט שיך, וואַליקעס, סאַנדאַלן, און אַ צעך פֿון געפֿלאָכטענע קוישלעך.

דער אַרטעל האָט אַן אייגענע האַנדל-נעץ פֿון 19 קרייטן, דורך וועלכע ער זעצט אָפּ דעם גאַנצן טייל פֿון זײַן פּראָדוקציע, וואָס איז באַשטימט פֿאַרן מאַסן־געברויך. דער אַרטעל פֿאַרמאָגט אַן אייגענע גאָרטן, וועלכע באַזאָרגט זײַנע מיטגלידער מיט געשמאַקע, נאַרהאַפֿטע און ביליקע מיטיקן.

דער מאָלעוו-פּאָדאָלסקער (אוקראַיִנע) מעטאַל- און זייגער-אַרטעל האָט מיט דרײַ יאָר צוריק פֿאַרייניקט 20 געוועזענע דעקלאַסירטע, און איצט אַרבעטן אין אים 150 מענטשן. אַלע צעכן זײַנען מעכאַניזירט און אויסגעשטאַט מיט קאָמפּליצירטע מאַשינעס. דער אַרטעל האָט פֿון די יוגנטלעכע דערצויגן געניטע, קוואַליפֿיצירטע פֿאַכלײַט, וועלכע האָבן גוט באַהערשט סײַ די מאַשינעס סײַ די טעכנאָלאָגישע פּראָצעסן. אין אַרטעל איז פֿאַראַן אַ מעכאַנישער צעך, אַן אינסטרומענטאַלער, אַ שלאָסער-צעך און אַ סטאָליער־צעך. אין 1931־טן יאָר האָט דער אַרטעל אויסגעאַרבעט פּראָדוקציע (וואַנטזייגערס) פֿאַר 435 טויזנט רובל, אין 1933—פֿאַר 610 טויזנט רובל. אין 1934 יאָר לאָזט דער אַרטעל אַרויס 200 זייגערס אַ טאָג. אדאַנק דער הויכער קוואַליפֿיקאַציע פֿונעם טעכנישן פּערסאָנאַל און פֿון אַ היפּשן טייל אַרבעטנדיקע, האָט דער אַרטעל אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אַזעלכע קאָמפּליצירטע דעטאַלן, וועלכע מע פֿלעגט פֿריִער אימפּאָרטירן פֿון אויסלאַנד. אַ העלפֿט אַרבעטנדיקע אין אַרטעל זײַנען מוסטערהאַפֿטע שלאָגלער. אדאַנק דער גוטער אַרבעט פֿונעם אַרטעל, האָט זיך דער מאָנאַטלעכער פֿאַרדינסט אין פֿאַרגלײַך מיטן 1931 יאָר פֿאַרגרעסערט אויף 80 פּראָצענט.

וויאַזוי דער סאָציאַליסטישער אַרטעל האָט איבערדערצויגן זײַנע מיטגלידער, קאָן מען אַם-בעסטן זען אויפֿן בײַשפּיל פֿונעם געוועזענעם דעקלאַסירטן גורעוויטש. גורעוויטש איז איצט פֿון די בעסטע שלאָגער אין צעך און דער אַקטיווסטער אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. גורעוויטש איז אַ מיטגליד פֿון אַרטעל־פֿאַרוואַלטונג, פֿון קולטור־ראַט און פֿאָרזיצער פֿון דער קאַסע פֿאַר קעגנזײַטיקער הילף. גורעוויטש איז פֿאַר זײַן גוטער אַרבעט שוין עטלעכע מאָל פּרעמירט געוואָרן.

דער צווייטער מאָלעוו-פּאָדאָלסקער מעטאַל־אַרטעל האָט זיך אָרגאַניזירט ערשט מיט אָנדערהאַלבן יאָר צוריק, און פֿאַר אָט דער קורצער צײַט איז ער אויסגעוואָקסן אין אַ גאַנץ פֿעסטער סאָציאַליסטישער אונטערנעמונג.

דער אַרטעל אַרבעט אין אַ גרויסער, ליכטיקער געבײַדע, פֿאַרמאָגט אַ מאָטאָר, וועלכער באַוועגט צענדליקער מאַשינעס און ווערקשטעלן, שנײַד-פּרעסן, שטאַמפּן, מעכאַניזירטע עקבערס אאַ. אין אַלע נײַן צעכן איז ריין און ליכטיק. די צעכן און די ווערקשטעלן ווערן גוט באַלויכטן מיט עלעקטרע. דער אַרטעל אַרבעט אין צוויי וואַכטעס—צו 40 מענטשן אין אַ וואַכטע.

דער אַרטעל פּראָדוצירט אײַזערנע בעטן, גליטשערס, טשוועקעס, טיילן פֿון קעראָסין-לאָמפּן, טיילן פֿאַר הײַזער־בויונג אדג. דעם לעצטן פֿערטל פֿון 1933 האָט דער אַרטעל אַרויסגעלאָזן 2 860 בעטן, 15 000 שלעסער, 1 500 קילאָגראַם טשוועקעס אאַוו. זײַן פּראָדוציר־פּלאַן האָט דער אַרטעל איבערגעשטיגן אויף 15—25 פּראָצענט.

אַזעלכע פֿאָרגעשריטענע, גוט פֿאַרפֿעסטיקטע אַרטעלן זײַנען אין די שטעט און שטעטלעך פֿון אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד און רספסר פֿאַראַן אין די הונדערטער. אין קיִעוו, אָדעס, בערדיטשעוו, באָברויסק, מינסק, וויטעבסק, דניעפּראָפּעטראָווסק, האָמעל, מאָסקווע, לענינגראַד, טולע, סמאָלענסק, בריאַנסק, סימפֿעראָפּאָל, טיפֿליס, באַקו זײַנען פֿאַראַן הונדערטער אַרטעלן, וואָס באַשעפֿטיקן צענדליקער טויזנט ייִדישע קוסטאַרן, וועלכע שטײַגן איבער פֿיל מאָל אַ סך פֿון די פֿאַבריק-זאַוואָדישע אונטערנעמונגען פֿון צאַרישן רוסלאַנד סײַ לויט דער צאָל אַרבעטער, סײַ לויט דער אויסשטאַטונג, סײַ לויט דעם סכום פּראָדוקציע, וואָס זיי לאָזן אַרויס.

**דער קוסטאַר אַרן שווײַגער און זײַן מישפּאָכע**

אַרן שווײַגער איז אַלט 46 יאָר. ביז דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט ער געאַרבעט אין אַ סטאָליער־וואַרשטאַט און קיינמאָל ניט געקאָנט פֿאַרדינען אויף גענוג ברויט פֿאַר זײַן פֿרוי און קינדער. ביז 1930 האָט ער געאַרבעט אַלס אַ קוסטאַר — יאָכיד.

אין 1930 יאָר איז שווײַגער אריַינגעטראָטן אין קאמענעצער ארטעל „האָלצארבעטער" און פון דעמלט אָן האָט זיך פאר אים און זײַן פאמיליע אָנגעהויבן א נײַ לעבן.

ארן שווײַגער ארבעט אָרנטלעך און איבערגעגעבן. ער איז איינער פון די בעסטע שלאָסער אין ארטעל. פאר זײַן גוטער ארבעט האָט אים דער ארטעל 3 מאָל פרעמירט.

„מײַן מישפּאָכע, וואָס באשטייט פון 7 מענטשן,— דערציילט שווײַגער אין דער כארקאָווער צײַטונג „דער קוסטאר", — איז זאט, אָנגעטאָן, און מיר וווינען אין א גוטער דירע פון 4 צימערן, אויסגעשטאטע מיטן בעסטן מעבל. איך באטייליק זיך אויך אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון אונדזער ארטעל. איך ארבעט אין דער קולטור־קאָמיסיע".

שווײַגערס עלטערער זון, בערל, איז נאָכן ענדיקן די 5־יאָריקע שול אריַינגעטראָטן אין ארטעל צו לערנען זיך סטאָליערײַ. אין א יאָר צײַט האָט ער באהערשט דעם פאך און קעדיי צו פארפולקומען זיך, האָט אים דער ארטעל געשיקט אף ספּעציעלע קורסן קיין בעלאָצערקאָוו. נאָכן ענדיקן די קורסן האָט בערל זיך אומגעקערט אין ארטעל און ארבעט איצט אלס בריגאדיר פון דער עלטער מעבל-בריגאדע.

שווײַגערס צווייטער זון, ייִסראָעל, ארבעט אויך אין דעם זעלביקן ארטעל. ער איז איינער פון די בעסטע און פלינקסטע ארבעטער און פארדינט 300 רובל א כוידעש. ייִסראָעל שווײַגער האָט אויך געענדיקט די 5־יאָריקע שול, נאָר דאָס באפרידיקט אים ניט, און ער גרייט זיך איצט אריַינצוטרעטן אין א הויכשול.

שווײַגערס ייִנגסטער זון, יאנקל, ארבעט אויך אין ארטעל. ער איז א שלאָסער און מע האָט אים שוין עטלעכע מאָל פרעמירט. ער פארדינט 200 רובל א כוידעש.

וויִאזוי עס לעבט און פילט זיך איצט אין ראטנפארבאנד א ייִדישער קוסטאר, האָט בא א געלעגנהײַט ניט לאנג פּאָשעט און אופריכטיק דערציילט אין דער זעלביקער צײַטונג די פרוי און מוטער פון דער באשריבענער קוסטארן-פאמיליע, רייזע שווײַגער:

„אונדז האָט זיך נאָך קיין מאָל ניט געלעבט אזוי גוט ווי איצט. דער מאן און די זין ארבעטן אין ארטעל און פארדינען גוט. איך בין פארנומען אין דער היים, און איך זיץ אויך ניט ליידיק.

„פרילינג האָבן מיר פארזייט א האלבן העקטאר גאָרטן־קולטורן, און צוזאמען מיט דער טאָכטער גאָלדע און מײַן מיזיניקל יאָסקע האָבן מיר עס באארבעט. איצט האָבן מיר אראָפּגענומען 75 פוד קארטאָפל, 20 פוד קוקורוזע, 25 פוד בורעקעס, 60 קעפּלעך קרויט, א מייע דיניעס און אנדערע קלייניקייטן.

„מײַנע קינדער זײַנען אלע אײַנגעאָרדנט. מײַן גאָלדע האָט האיאָר געענדיקט די 7-יאָריקע שול, און איצט שטודירט זי פאר אן אקושערקע.

„יאָסקע, דער פּיִאָנער מײַנער, איז דער בעסטער שילער פון דער דריטער גרופּע פון דער צווייטער 7-יאָריקער שול. די לערער האלטן אים אין איין לויבן.

„ווען איך פארגלײַך, וויִאזוי האָרעפּאשנע סטאָליערס האָבן אמאָל געלעבט בא אונדז אין שטעטל, ווען איך דערמאָן זיך, ווי מיר פלעגן אויסגעריסן ווערן, ווען ארן האָט געארבעט בא יענעם, קאָן איך זיך ניט פארצײַען, פארוואָס ער איז אזוי שפּעט אריַינגעטראָטן אין ארטעל.

„מיר האָט זיך אפילע קיין מאָל ניט געכאָלעמט, אז מיר וועלן אזוי גוט לעבן"...

דאָס אייגענע וואָלטן וועגן זייער איצטיקן לעבן געקאָנט דערציילן די פרויען פון נאָך טויזנטער און טויזנטער אזעלכע ייִדישע קאָאָפּערירטע קוסטארן, וואָס ארבעטן שלאָגלעריש אין די ארטעלן פון אוקראיִנע, ווײַסרוסלאנד און די איבעריקע פארבאנדישע רעפּובליקן. מיט פארשיידענע ווערטער, אין פארשיידענע אויסדריקן וואָלטן זיי אלע דערציילט איינס און דאָס זעלבע:

— אדאנק דער פּראָלעטאריִשער רעוואָליוציע, אין רעזולטאט פון די גיגאנטישע דערפּאָלגן פון דער סאָציִאליסטישער בויונג און דער קאָנסעקווענט דורכגעפירטער לעניניש־סטאַלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק, זײַנען זיי באפרײַט געוואָרן פון שרעקלעכער עקספּלואטאציע, דאלעס, נויט און פארצווייפלונג און האָבן זיך דערשלאָגן א זאט, פארמעגלעך און קולטורעל לעבן.

וואָס פאר א מעהאלעך, וואָס פאר א קאָלאָסאלער מעהאלעך עס איז פון אלטער מייטעס פון דאָוויד בערגעלסאָנס „באם דניעפּער" ביז אלטער שווײַגער, דעם קאָאָפּערירטן סאָוועטישן קוסטאר!

# סאָוועטישע בויונג צווישן די ייִדישע מאסן


ריי שוועריקייטן איז געשטאנען פאר דער סאָוועטישער בויונג צווישן די ייִדישע מאסן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אויסטיילן באזונדערע ייִדישע טעריטאָריעלע געביטן, ווי אַלע פראגעס, וואָס זײַנען פארבונדן מיט דער סאָוועטישער בויונג, וואָלטן בעמיילע געלייזט געוואָרן, איז די ערשטע צײַט, צוליב דער צעוואָרפנקײַט פון דער ייִדישער באפעלקערונג, געוועזן אומעגלעך. ערשט אין 1924 יאָר, נאָך דעם, ווי עס זײַנען ליקווידירט געוואָרן די רעשטן פון בירגערקריג אין ווײַסרוסלאנד און אוקראַינע, ווי די ייִדישע באפעלקערונג איז אמערסטן קאָנצענטרירט, איז אויך געשאפן געוואָרן א באַדן פאר א פלאנמעסיקער ברייטער אדמיניסטראטיווער בויונג צווישן דער שטעטלדיקער און דער דאָרפישער האָרעפאשנער ייִדישער מאסע.

**נאציאָנאלע ראטן**

די פראקטישע ראטן-בויונג צווישן די נאציאָנאלע מינדערהײַטן אף אוקראַינע האָט זיך פארנומען אין דער ערשטער ריי מיטן אויסטיילן טעריטאָריאַל־אדמיניסטראטיווע נאציאָנאלע דאָרפראטן און ראיאָנען און מיטן באדינען די דאָזיקע מינדערהײַטן אף זייער מוטער־שפראך. זינט דאָס יאָר 1925 איז די צאָל ייִדישע נאציאָנאלע ראטן אף אוקראַינע קעסיידער געוואָקסן. אין די פינף יאָר, פון 1925 ביז 1930, איז די צאָל ייִדישע דאָרפראטן אויסגעוואָקסן פון 19 ביז 24 און די צאָל ייִשעוו־ראטן—פון 19 ביז 66. די ייִדישע באפעלקערונג, וואָס וווינט קאָמפאקט אין די דערפער, זײַנען דורך די נאציאָנאלע דאָרפראטן ארומגעכאפט געוואָרן קימאט אף 100 פראָצ. די לעצטע 6 יאָר זײַנען אף אוקראַינע געשאפן געוואָרן דרײַ ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען: קאלינינדאָרפער, סטאלינ־דאָרפער, און נײַ-זלאטאָפאָליער. די




די געבײַדע פון מינסקער וואָקזאַל (די אויפשריפטן זײַנען אויף די פיר אָפיציעלע מעלוכע־שפּראַכן פון ווײַסרוסלאַנד: ווײַסרוסיש, רוסיש, פויליש, ייִדיש)

דאָזיקע ערשטע ייִדישע נאַציאָנאַלע אדמיניסטראַטיוו־טעריטאָריעלע איינסן זײַנען אנטשטאַנען אויף די דורכויסיקע ערד־מאַסיוון, וואָס די אוקראַיִנישע ראַטן־רעגירונג האָט אויסגעטיילט פאַר דער ערד־אײַנאָרדענונג פון דער ייִדישער שטעטלדיקער אָרעמשאַפט. א גרויסע ארבעט איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אויף אוקראַיִנע אין פראַט פון אויסבילדן טוער פאַר די נאַציאָנאַלע ראַטן.

אין ווײַסרוסלאַנד האָבן אין 1931 יאָר פונקציאָנירט 78 נאַצ. ראַטן, פון זיי 27 ייִדישע (23 שטעטלדיקע און 4 דאָרפישע). אַלע נאַציאָנאַלע ראַטן נעמען ארום אין ווײַסרוסלאַנד אומגעפער 35 טויזנט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אין מײַרעוו־קאַנט, ווו עס געפינט זיך א פילצאָליקע ייִדישע באַפעלקערונג, זײַנען פאַראַן 11 נאַציאָנאַלע ראַטן.

באַזונדערס באַדײַטנדיקע דערגרייכונגען קאָנען פאַרצייכנט ווערן אויפן געביט פון ראַטן־בויונג אין דער קרימער אווטאָנאָמער רעפּובליק. אויף די מאַסיווע מעלוכישע ערד־פאָנדן, וואָס ווערן זײַט 1924 יאָר באַזעצט מיט ייִדישע איבערוואַנדערער, זײַנען אנטשטאַנען צענדליקער ייִדישע ייִשובֿים, וואָס האָבן אויסגעטיילט 29 ייִדישע דאָרפראַטן. אין 1930 יאָר איז אין קרים אָרגאַניזירט געוואָרן דער פרײַדאָרפער ייִדישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן מיט אַן ערד־שטעטך איבער 240 טויזנט העקטאַר.

אָנהייב 1935 יאָר איז אין דער קרימער ראַטן־רעפּובליק אויסגעטיילט געוואָרן א צווייטער ייִדישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן—דער לאַרינדאָרפער.

ענדלעך קומט ביראָבידזשאַן, די איצטיקע ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט אויפן ווײַטן מיזרעך. אין סעפּטיאַבער 1931 האָט דער אויפאַרבאַנדישער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט אָנגענומען א באַשלוס וועגן שאַפן אין ביראָבידזשאַן א ייִדישן נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלן אדמיניסטראַטיוון איינס. דער דאָזיקער איינס עקזיסטירט שוין. צוערשט לאַנגזאַם, דערנאָך מיט אַלץ שנעלערע טעמפּן, איבערבויענדיק זיך אין גאַנג, ליקווידירנדיק אין דער אייגענער עקאָנאָמיק און פּסיכיק די רעשטלעך פון דער פאַרשאָלטענער פאַרגאַנגענהײַט, זײַנען די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן שטופנווײַז פון נאַציאָנאַלע ראַטן דורך נאַציאָנאַלע ראַיאָנען, צוגעקומען ביז דער העכסטער שטופע — ביז אַן אווטאָנאָמער מעלוכישער אויסבילדונג, דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, וועלכע האָט די פּערספּעקטיוו און די אויפגאַבע פאַרוואַנדלט צו ווערן אין א ייִדישער סאָוועטישער רעפּובליק.

**ייִדיש — אַן אָפיציעלע שפּראַך**

א וויכטיקער מאָמענט פון דער ראַטן־בויונג צווישן די ייִדישע מאַסן איז דאָס באַדינען זיי אויף דער מוטערשפּראַך — אויף ייִדיש. באַזונדערס באַדײַטנדיק זײַנען די דערגרייכונגען פון ווײַסרוסלאַנד אויפן געביט פון דורכפירן די גלײַכבארעכטיקונג פון די נאַצמינדערישע שפּראַכן: ווײַסרוסיש, ייִדיש, רוסיש און פויליש. דאָס זײַנען די אָפיציעלע מעלוכע־שפּראַכן, וואָס זײַנען אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע מעלוכע־אנשטאַלטן אין זייערע באַציִונגען מיט דער באַפעלקערונג. די געזעצגעבונג פון ווײַסרוסלאַנד פאָדערט, אַז א געוויסע צאָל מיטאַרבעטער פון די מעלוכישע, קאָאָפּעראַטיווע און געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן זאָלן באַהערשן, אַחוץ ווײַסרוסיש און רוסיש, אויך ייִדיש און פויליש. אַלע אָפיציעלע שטאַמפּן און שילדן אין ווײַסרוסלאַנד זײַנען אין פיר שפּראַכן, יעדן בירגער ווערט דערלויבט ארויסצוטרעטן עפנטלעך אויף וועלכער שפּראַך ס'איז אים באַקוועם.



אין יִדישן מיליציע-באַצירק (קאלינינדאָרפער ראיאָן)

אין אוקראַיִנע, ווו יעדער בירגער האָט (פונקט ווי אור־מעטום אין סאָוועטן-פארבאנד) דאָס רעכט צו ווענדן זיך אין די אָפיציִעלע אנשטאלטן און באקומען פון זיי אן ענטפער אף זײַן מוטער־שפּראַך, איז געשאפן געוואָרן א גאנצע ריי אזוי־גערופענע „געמישטע" אָדער „צוויי־שפּראַכיקע" ראטן. די דאָזיקע ראטן און אלע זייערע אנשטאלטן באדינען די באפעלקערונג אף צוויי שפּראַכן. אלע זייערע ווענדונגען, פאראָרדענונגען און באשלוסן ווערן פארעפנטלעכט און געדרוקט אף צוויי שפּראַכן.

עס דארף פארצייכנט ווערן די באזונדערע פאָרם, וואָס די נאצמינדישע ארבעט האָט ערטער־ווײַז אָנגענומען אין אוקראַיִנע. דאָס זײַנען די נאצסעקציעס בא די שטאָטראטן. אין א ריי פונקטן האָבן די דאָזיקע סעקציעס פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע טעטיקײַט און ארײַנגעצויגן אין דער ראטן־בויונג באדײַטנדיקע שיכטן פון דער יִדישער באפעלקערונג.

ביז גאָר אָנגעזען איז דער אָנטייל פון יִדן אין די פארשיידענע סאָוועטישע אנשטאלטן. אין די העכסטע געזעצגעבערישע סאָוועטישע אינסטיטוציעס, פאָלקס־קאָמיסאריאטן, קאָמאנדירן־באשטאנד פון דער רויטער ארמיי, יאם- און לופט־פלאָט, — אומעטום האָבן די באפרײַטע יִדישע מאסן ארויס־גערוקט זייערע בעסטע זין און טעכטער.

**יִדישע גע-ריכט-קאמערן און מיליציע**

א באזונדער אָרט אינעם באדינען די יִדישע באפעלקערונג אף איר מוטער־שפּראַך פארנעמען די יִדישע געריכט-קאמערן און מיליציע-באַצירקן אין אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאנד. אגעוו, דארף דאָ דערמאָנט ווערן, אז אפילע אין די ניט־נאציִאָנאלע געריכטן גיבן די סאָוועטישע גרונט־געזעצן די צדאָדים דאָס רעכט צו באניצן זיך אין גע־ריכט מיט דער מוטער־שפּראַך.

די צאָל יִדישע נאציִאָנאלע געריכט-קאמערן פארגרעסערט זיך פון יאָר צו יאָר, באזונדערס אין אוקראַיִנע. אין 1927 יאָר זײַנען אין אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאנד און רספסר געווען 27 יִדישע געריכט-קאמערן, איצט זײַנען אין די דרײַ רעפּובליקן פאַראן שוין 67 געריכטן. ווי גרויס עס איז דער צוטרוי פון דער יִדישער באפעלקערונג צו די נאציִאָנאלע געריכטן באווײַזט דער פאקט, אז ציווילע איניאָנים באטרעפן אין זייער פּראַקטיק אן איבערוועגנדיקע מערהײַט.

מיליציע-באַצירקן, וואָס באדינען די יִדישע באפעלקערונג אף יִדיש, עקזיסטירן דערהויפּט אף אוקראַיִנע — אין קיִעוו, כארקאָוו, אָדעס, בערדי־טשעוו, קאמענעצ-פּאָדאָלסק, מאָלעוו אא.

**ווויליײַנאָרדע-נונג פון די שטעטלעך**

אין דער ערשטער ריי האָט פון דער סאָוועטישער בויונג געוווּנען דאָס יִדישע שטעטל. דאָס אלטע פאר־כוישעכטע און שמוציקע קאבצאנסק איז פארשוווּנדן. דאָס שטעטל דארף זײַן וויל־אײַנ־געאָרדנט! אונטער אָט דעם לאָזונג קעמפן די שטעטלדיקע ראטן און די שטעטלדיקע סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקײַט פאר א ציכטיק און קולטורעל לעבן.

אלס איינער פון די פילצאָליקע בײַשפּילן קאָן דינען דאָס שטעטל דונעוועצ אין אוקראַיִנע.

„די פארעוואָליוציִאָנערע „קולטור" פון דונע־וועצ, וואָס האָט פארמאָגט א באפעלקערונג פון העכער 8 טויזנט מאן, פון איר די מערהײַט יִדן, האָט געהאט אזא פּאָנעם: קיין איין שאָסיי־וועג, קיין איין טראָטואר, קיין סימען פון א קלוב, פון א ביבליִאָטעק, פון א קינאָ, פון א טעאטער, קיין איין עלעקטריש לעמפּל, קיין קלאָזעט, קיין באָד, קיין איין יִדישע שול און בלויז א רוסיפיצירטע



אינעם קלוב פון דער ייִדישער ראיאָנער מיליציע (אָדעס)

רעליגיִעזע 4-יאָריקע שול מיט 127 שילער, אָן יאַסליעס, אָן אַ פּאַסיקן שפּיטאָל. נידעריקע אײַנגעפאַלענע הײַזלעך, וווּ עס האָט זיך געטוליעט אין שמוץ און אין קויט די אָרעמשאַפט, און אַ גענוג שמוציקן „צענטער" מיט בעסערע הײַזער און סעדער, וווּ עס האָבן געוווינט די אונטערנעמער פון די וועבער-וואַרשטאַטלעך, און די גרויסע הענדלער, פּראָצענטניקעס, באַלעגופים, — אַ צענטער, וווּהין עס איז בײַם די יאָנטויווים פאַרבאָטן געווען די אַרבעטנדיקע אַרײַנצוקומען. כוץ דעם האָט דונעוועץ פאַרמאָגט אַ דרײַ צענדליק פּאָליציִאַנטן און סטראַזשניקעס אין שפּיץ מיטן אוריאַדניק און פּריסטאַוו. דער פאַרדינסט פון אַ וועבער איז געווען אַ נישטיקער. פאַרשטייט זיך, אַז ס'האָט שוין ניט געקאָנט זײַן קיין רייד וועגן אויסשרײַבן צײַטונגען, זשורנאַלן. אַ צײַטונג האָבן געלייענט בלויז איינצלנע, „געקליבענע" מענטשן.

אַזוי האָט דונעוועץ אויסגעזען פאַר דער רעוואָליוציע.

ווי‌אַזוי זעט אויס דונעוועץ איצט?

דונעוועץ איז איצט אַ פּירנדיק שטעטל, דער ראַיאָן איז קאָלעקטיוויזירט אויף 73 פּראָצ. דאָס שטעטל פאַרמאָגט העכער 1 500 אינדוסטריִעלע אַרבעטער. דונעוועץ איז אַ ראַיאָנער צענטער — אַ קנופּ פון דער סאָציִאַליסטישער איבערבויונג.

די אַמאָליקע פילצאָליקע וועבער-וואַרשטאַטלעך און אַנדערע וואַרשטאַטלעך זײַנען איצט פאַראייניקט אין 4 סאָלידע אונטערנעמונגען: אַ מעלוכישע געוואַנט-פאַבריק מיט 2 אָפּטיילן מיט אַן אַלגעמיינער צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע ביז 1 000 מאַן, אַ געווערב-אַרטעל „טעקסטיל" פון 450 מאַן, אַ טריקאָטאַזש-פאַבריק פון דער „הילף"-געזעלשאַפט, וווּ עס אַרבעטן 70 מאַן און וואָס האַלט אויס אויף איר כעזשבן אַ הויז פאַר אַלטע לײַט און אַ קינדער-גאָרטן; אַ טשוהון-גוס-זאַוואָד מיט 150 אַרבעטער. כוץ דעם איז דאָ ניט לאַנג אויסגעבויט געוואָרן אַ מעכאַניזירטער צווישנראַיאָנישער פּוטער-זאַוואָד און אַן אינקובאַטאָר-סטאַנציע, מאַשין-טראַקטאָר-וואַרשטאַטן, אַ מאַשין-טראַקטאָרישע סטאַנציע מיט 73 טראַקטאָרס און 12 אויטאָמאַשינעס, אַ ריי געווערב-אַרטעלן, וווּ עס אַרבעטן בײַ 200 אַרטעליזירטע קוסטאַרן. פונעם 1-טן מאַרט 1934 יאָר איז געעפנט געוואָרן אַ ראַיאָנישער אוניווערמאַג, וואָס האָט שוין פאַנאַנדערגעוויקלט אַ גרויסע אַרבעט. עס איז פאַראַן אַ ייִדישע 7-יאָריקע שול מיט 13 גרופּעס, מיט 325 שילער און 16 לערער; די שול רעכנט זיך אַלס איינע פון די בעסטע אין ראַיאָן. עס איז פאַראַן אויך אַן אוקראַיִנישע 10-יאָריקע מוסטער-שול און אַ פּוילישע 7-יאָריקע שול, אַן אָוונט-אַרבפאַק, 2 פאַבזאַווּשולן, 2 ביבליאָטעקן, עס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ נײַער שפּיטאָל אויף העכער 200 בעטלעך, וועלכער איז לויט זײַן אויסשטאַטונג אָנערקענט געוואָרן דורכן ווינניצער געזונט-אָפּטייל אַלס איינער פון די בעסטע אין דער געגנט. כוץ דעם איז דאָ פאַראַן אַן אַלגעמיינע שטעטלשע קינדער-יאַסליע, אַן אַרבעטער-פּאָליקליניק, אַ קינדער-קאָנסולטאַציע, אַ גוטע אַפּטייק, אַ באָד, אויך אַ פּאָליקליניק פון דער „הילף"-געזעלשאַפט. 2 אַרבעטער-קלובן מיט אַ קינאָ-אײַנשטעלונג, אַ ראַדיאָ-טראַנסליר-סטאַנציע מיט 38 פּונקטן, 3 אַרבעטערשע בלאָז-אָרקעסטערס און איין סטרונע-אָרקעסטער, אַ „טראַם",[1] אַ ספּאָרט-פּלאַץ. דאָס שטעטל שרײַבט אויס 458 צײַטונגען און 194 זשורנאַלן. עס דערשײַנט אַ ראַיאָנע צײַטונג, און אַ פינפטעגלעכע פּילטיראַזשקע פון דער מעלוכישער געוואַנט-פאַבריק. די מערהײַט גאַסן האָבן עלעקטרישע באַלײַכטונג. איצט רעמאָנטירט מען די טראָטואַרן און

1 טעאַטער פון דער אַרבעטער-יוגנט

די שטײנברוקן. עס איז אָרגאניזירט געוואָרן א לאנדווירטשאפטלעכער קאָלווירט פון דער דעקלאסירטער ייִדישער ארבעטנדיקער אָרעמשאפט, וואָס ציילט 98 פאמיליעס און וואָס איז שוין 2 יאָר דער פאָרגעשריטנסטער אין ראַיאָן אין אלע פּראָדוציר ישע און ווירטשאפטלעך-פּאָליטישע קאמפּאניעס. כוץ דעם איז אין די נאָענטע אוקראַיִנישע קאָלווירטן אריינגעצויגן געוואָרן 20 ייִדישע פאמיליעס פון דער געוועזענער אָרעמשאפט.

אָט דאָס זײַנען די נאָך ניט פולע ציַיגערס פון די דערגרייכונגען אינעם איצטיקן שטעטל דונעווע צ. עס זײַנען פאראן נאָך ברייטערע רעאלע מעגלעכקײַטן פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג און וווּקס פונעם שטעטל. אין דער מעלוכישער געוואנטפאבריק בויט זיך א גרויסע דאמפּ-עלעקטראָסטאנציע, וואָס וועט קאָסטן א האלבן מיליאָן רובל, מיט א וואסערלייטונג, וואָס וועט ארומכאפּן אלע גאסן פונעם שטעטל. עס פארענדיקט זיך די בויונג פון א פאבריק-גאָרקיך אפּ 5000 מיטיקן א טאָג. עס איז אָרגאניזירט אן אווטאָבוס-פארקער צווישן שטעטל און דער סטאנציע אפּ א מעהאלעך פון 18 קילאָמעטער. אין שטעטל זײַנען פארפלאנצט געוואָרן העכער 700 ביימער, עס ווערן ארומגעשמירט און אויסגעווײַסט די הײַזער („דער שטערן", 9-טער מײַ 1934).

אין ראטנפארבאנד קומט אוף א נײַ ייִדיש שטעטל. עס איז געשאפן געוואָרן א ייִדישע פּראָלעטארישע באפעלקערונג אין די גרויסע שטעט. עס פארפעסטיקן זיך אלץ מער די ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען, עס ווערט געבויט די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, די ייִדישע ארבעטנדיקע צעשיידן זיך מיט זייער נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט, און ווערן ברייט אריינגעצויגן אין אלע פאָרמען פון סאָוועטישער מעלוכישער בויונג.

די ייִדישע מאסן אין ראטנפארבאנד, וואָס בויען האנט-בא-האנט מיט די איבעריקע סאָוועטישע פעלקער זייער סאָציאַליסטיש פאָטערלאנד, זײַנען איינע פון די גלענצנדיקסטע אילוסטראציעס דערצו, אז נאָר אין סאָוועטן-לאנד איז די נאציאָנאלע פראגע געלייזט ראדיקאל און ענערגישטיק.

# די קולטור-בויונג צווישן די יידישע מאסן

„א פּראָלעטארישע לויט איר אינהאלט, א נאציאָנאלע לויט דער פאָרם — אזא איז יענע אלמענטשלעכע קולטור, צו וועלכער עס גייט דער סאָציאליזם".

י. סטאלין.

## דער אָנהייב



י קולטור-בויונג צווישן די יידישע מאסן האָט די סאָוועטן-רעגירונג נאָכן זיג פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע געמוזט אָנהייבן קימאט פון סאמע אָנהייב.

דאָס צארישע רוסלאנד איז, ווי באוווּסט, געווען פון די סאמע קולטורעל-אָפּגעשטאנענע לענדער. די גרעסטע מערהייט באפעלקערונג איז דאָ ביז דער רעוואָליוציע געווען אנאלפאבעטיש. די צארישע רעגירונג האָט בעקיוון ניט צוגעלאָזט צו בילדונג די ברייטע האָרעפּאשנע מאסן. איינער פון די צארישע בילדונג־מיניסטאָרן, שישאקאָוו, האָט מיט א ציניש ער אָפנהארציקייט דערקלערט, אז „געבן בילדונג דעם גאנצן פאָלק וואָלט געבראכט מער שאָדן, איידער נוצן"... א צווייטער צארישער בילדונג־מיניסטער — טאָלסטוי — האָט געגעבן א פעסטע אייַנשטעלונג, אז קינדער פון ארבעטנדיקע — „קינדער פון קעכנ", ווי ער האָט זיך פּריציש אויסגעדריקט — זאָלן ניט צוגעלאָזט ווערן אין דער מיטלשול.

נאָך מער איז אין צארישן רוסלאנד געווען פארשווערט דער צוטריט צו בילדונג פאר די ברייטע מאסן פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן. אויך אויפן געביט פון בילדונג האָט די צארישע רעגירונג סיסטעמאטיש דורכגעפירט איר גרויסרוסיש-שאָוויניסטישע פּאָליטיק. אין דער גאנצער צארישער בילדונג־סיסטעם האָט אומבאגרענעצט געהערשט דער קריגערישער גרויסרוסישער נאציאָנאליזם, די פּאָליטיק פון געצוווּנגענער רוסיפיקאציע.

מיט א באזונדערער קאָנסעקוועצקייט און ברוטאלקייט האָט די צארישע רעגירונג אָנגעווענדט איר גרויסרוסיש-שאָוויניסטישע בילדונג־פּאָליטיק צו די יידישע מאסן. פאר זיי איז געווען איינגעשטעלט די טרויעריק בארימטע פּראָצענט־נאָרמע



א לעקציע פון פיזיק אין דער 27־טער ייִדישער זיבניאָריקער שול (מינסק)

און נאָך פיל אנדערע באגרענעצונגען. געבן די
קינדער פון די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן-ביל־
דונג אין דער מוטערשפראך, אפילע עלעמענטארע
בילדונג, איז געווען שטרענג פארבאָטן. אין דער
גאנצער צארישער אימפעריע איז ביז צום וועלט-
קריג געווען בלויז איין איינציקע אָנפאנג־
שול מיט ייִדיש אלס אונטעריכט־שפראך — אין איי־
נער פון די קיִעווער פאָרשטעט (אין דעמיִעווקע), —
און אויך זי האָט עקזיסטירט אומלעגאל. ווען די
צארישע פאָליציי אנטדעקט די דאָזיקע שול, וואָלטן
אירע אָנפירער און לערער באצאָלט מיט יאָרן טפיסע.
פירן סיסטעמאטיש אן אופקלער-ארבעט אין ייִדיש
צווישן דערוואקסענע, אָרגאניזירן אָוונט־שולן,
קורסן, פאָפולער-וויסנשאפטלעכע לעקציעס אדג.
איז אויך געווען ביז גאָר שווער. האָט די גאנצע
אאודיטאָריע געמעגט ניט פארשטיין קיין אנדער
שפראך, אויסער ייִדיש, האָט די פאָליציי פונדעסט-
וועגן בעשומויפן ניט דערלויבט צו באניצן זיך
מיט דער מוטערשפראך פון די מאסן. אין דער
צייַט פון אימפעריאַליכטישן קריג האָט די צארישע
רעגירונג אינגאנצן פארבאָטן די פרעסע און פאר־
לאג-ארבעט אין ייִדיש. אפילע אין פריוואטע בריוו
האָט מען ניט געטאָרט באניצן זיך מיט דער ייִדי־
שער שפראך.

בא אזא פאָליטיק קאָן מען זיך גרינג פאָר־
שטעלן, וואָס פאר א ירושע אפן געביט פון קול־
טור און בילדונג דער צאריזם האָט נאָך זיך איבער־
געלאָזן. און ווירקלעך, פאר די 400 טויזנט ייִדישע
קינדער פון שול-עלטער, וואָס זייַנען געווען אין
צארישן רוסלאנד, האָבן עקזיסטירט סאכאקל
429 ייִדישע שולן, וועלכע האָבן ארומגענומען בלויז
20 טויזנט קינדער, דה. 7,5 פראָצ. פון דער אל־
געמיינער צאָל.

מע דארף נאָך צוגעבן, אז מער ווי א העלפט
פון אָט-דער נישטיקער צאָל ייִדישע שולן (218
פון 429) זייַנען געווען פאָרמעל פריוואטע, און זיי
האָבן עקזיסטירט אפ נעדאָוועס און צופעליקע
געלט־זאמלונגען. די צארישע רעגירונג, וואָס האָט
באלעסטיקט די ייִדישע האָרעפאשנע מאסן מיט
פארשיידענע ספעציִעלע שטייַערן („קאראָבקע“,
ליכט-שטייַער) האָט אפ אויסהאלטן אָט־די
שולן ניט געגעבן קיין איין קאָפעקע. אָן א פעסטן
בודזשעט האָבן די דאָזיקע שולן, נאטירלעך, ניט
געקאָנט נאָרמאל פונקציאָנירן. די פאקטישע באלע-
באטים פון אָט די שולן זייַנען געווען די ייִדישע
בורזשואזע פילאנטראָפן און דאמען־פאטראָנעסעס,
וועלכע האָבן מער געזאָרגט פארן פארפעסטיקן
בא די קינדער פון די ייִדישע ארבעטנדיקע און
פון דער אָרעמשאפט די נאציאָנאליסטיש־רעליגיִעזע
טראדיציעס, איידער פאר זייער ווירקלעכער בילדונג
און אופקלערונג.

פארווירקלעכנדיק קאָנסעקווענט די לעניניש־
סטאלינישע נאציאָנאלע פאָליטיק, האָט די סאָוועטישע
רעגירונג פאנאנדערגעוויקלט אן אינטענסיווע, ברייטע
און פארצווייַגטע קולטור-בויונג צווישן די ארבע־
טנדיקע מאסן פון אלע פעלקער, וואָס באוווינען
דעם ראטנפארבאנד, דערונטער, נאטירלעך, אויך
צווישן די ייִדישע.

שוין באלד נאָכן זיג פון דער אָקטיאבער־רעוואָ־
ליוציע האָט די ראטנמאכט אריבערגעפירט די נאציאָנא־
לע שולן אפ זייער מוטערשפראך. עס איז פארעפנט־
לעכט געוואָרן א ספעציעלער רעגירונג-דעקרעט,
וואָס האָט דערקלערט אלע נאציאָנאלע שולן פאר
רעגירונג־שולן און גענומען זיי אונטער דער זאָרג
און שוץ פון די מעלוכע־אָרגאנען. בא די באזונ-
דערע נאציאָנאלע קאָמיסאריאטן, וואָס האָבן עק-
זיסטירט אין באשטאנד פון דעם פאָלקס־קאָמיסא-
ריאט פאר נאציאָנאלע איניאָנים, זייַנען געשאפן
געוואָרן ספעציעלע אָפטיילן פאר קולטור און ביל-
דונג, וועלכע האָבן געהאָלפן די בילדונג-אָרגאנען
אָרגאניזירן און אָנפירן מיט די נאציאָנאלע קול־
טור־און בילדונג-אנשטאלטן. אויך באם ייִדישן קאָ־
מיסאריאט איז געשאפן געוואָרן אזא אָפטייל, וועל־
כער האָט אנטוויקלט א ברייטע ארבעט און גע-
לייגט א פעסטן פונדאמענט פארן קולטור-אופשטייַג
פון די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן. דער קולטור־
און בילדונג-אָפטייל פון דעם ייִדישן קאָמיסאריאט
האָט אָפגעגעבן די גרעסטע אופמערקזאמקייַט דער
פאָרשול־ און שול־בילדונג, האָט זיך באמיט צו
באזאָרגן די קינדער-גערטנער און שולן מיט דער־



ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. קינדער פון איבערוואנדערער (קאָלווירט „איקזר"

ציִער און לערער, לערן-פּלענער און פּראָגראמעס, האָט ארויסגעגעבן א ספּעציִעלן פּעדאגאָגישן זשורנאל; אין דער זעלבער צײַט האָט ער אויך ניט פארגעסן די קולטור־באדערפענישן פון די דערוואקסענע ארבעטנדיקע און האָט אָנגעהויבן בויען פאר זיי א פארצווײַגטע נעץ קולטור־אופקלער־אנשטאלטן, ווי קלובן, ביבליִאָטעקן, לייענזאלן, אָוונט־קורסן. בא די שווערסטע באדינגונגען, אין רעכט ברען פון בירגערקריג, איז אָרגאניזירט געוואָרן דער ערשטער ייִדישער מעלוכע־טעאטער.

אפ די ווײַטערדיקע עטאפּן פון דער פּ־אָלעטארישער רעוואָליוציע, צוזאמען מיט דער פאנאנדערוויקלונג פון דער סאָציִאליסטישער בויונג אין לאנד, האָט זיך אויך פארברייטערט און צעבליט די קולטור-בויונג, דערונטער, נאטירלעך, אויך צווישן די ייִדישע מאסן.

**ציפערן פון וווקס**

שוין פאר די ערשטע דרײַ יאָר פרידלעכע בויונג-ארבעט נאָכן ליקווידירן דעם בירגערקריג און די אינטערווענץ פון די אויסלענדישע אימפּעריִאליסטן האָבן די ייִדישע ארבעטנדיקע פון ראטנפארבאנד דערשלאָגן זיך גאנץ היפּשע דערגרייכונגען אפ אלע הויפּט־באצירקן פון דער קולטור־בויונג. צום ערשטן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די ייִדישע קולטור־טוער אין 1924 יאָר האָבן די סאָוועטישע ייִדישע מאסן שוין פארמאָגט אזא פארצווײַגטע נעץ קולטור-און בילדונג-אנשטאלטן:

| | |
|---|---|
| קינדער־גערטנער און שפּילפּלעצער . . . | 52 |
| שולן פון דער ערשטער שטופע . . . . | 439 |
| שולן פון דער צווייטער שטופע . . . . | 56 |
| פּראָפעסיִאָנעלע און פאבריק־זאוואָדישע שולן | 44 |
| פּעדאגאָגישע טעכניקומס . . . . . . . | 4 |
| ייִדישע אָפּטיילן בא הויכשולן . . . . . | 4 |

אין די פאָרשול־אנשטאלטן און אין די אָנפאנג־שולן האָבן זיך געלערנט 72 884 קינדער (די דאָזיקע שולן זײַנען באדינט געוואָרן דורך אן ארמיי פון 1 562 לערער). אין די פּראָפעסיִאָנעלע און פאבריק-זאוואָדישע שולן האָבן זיך געלערנט 3 340 שילער און אין די טעכניקומס — 553. צוזאמען — 76 777, דה 2,5 מאָל מער, איידער פאר דער רעוואָליוציע.

אויך אפן געביט פון קולטור־אופקלער־ארבעט צווישן די דערוואקסענע ייִדישע ארבעטנדיקע האָט די ראטנמאכט פאר אָט דער קורצער צײַט שוין באוויזן אויסצובויען א היפּשע צאָל פארשיידנארטיקע אנשטאלטן, ווי צב. 20 אָוונט־קורסן, 33 לייענהײַזער, 74 קלובן, 405 ביבליִאָטעקן אא.

צו אָט דער צײַט זײַנען אין ראטנפארבאנד רעגולער דערשינען 21 צײַטונגען און זשורנאלן אין ייִדיש, און די ייִדישע סאָוועטישע פארלאגן האָבן פאר איין 1924 יאָר ארויסגעגעבן 83 ביכער מיט אן אלגעמיינעם טיראזש פון 650 320 עקז.

דיסקאָנטירנדיק אָט די אלע דערפאָלגן, האָט דער צוזאמענפאָר פון די ייִדישע קולטור־טוער געהאט דאָס פולע רעכט צו דערקלערן, אז „די גרויסע דערגרייכונגען אין אלע געביטן פון ייִדישער קולטור-ארבעט ריידן איבערצײַגנדיק דערפאר, אז בלויז בא דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריִאט, אין די ראטן־לענדער, וואָס זײַנען פרײַ פון נאציִאָנאלן יאָך, קאָן זיך דערפאָלגרײַך אנטוויקלען די קולטור פון די ייִדישע מאסן".

אין די ווײַטערדיקע פיר יאָר, אין די יאָרן, ווען עס איז פארענדיקט געוואָרן דאָס אופשטעלן די רויִנירטע פאָלקווירטשאפט פון ראטנפארבאנד, ווען ס'האָט זיך ברייט פאנאנדערגעוויקלט די סאָציִאליסטישע רעקאָנסטרוקציע און דער סאָוועטנפארבאנד האָט אָנגעהויבן צו פארווירקלעכן דעם גראנדיִעזן פּלאן פון ערשטן פינפיאָר, זײַנען די טעמפּן פון דער קולטור־בויונג אין גאנצן לאנד, און אויך צווישן די ייִדישע מאסן, נאָך מער אויסגעוואָקסן.

אין יאָר 1928, ווען עס איז זיך צונויפגעקומען דער צווייטער אלפארבאנדישער צוזאמענפאָר פון די ייִדישע קולטור-טוער, האָט די נעץ ייִדישע בילדונג- און קולטור-אנשטאלטן אויסגעזען אזוי:

די צאָל פאָרשול-אנשטאלטן איז אויסגעוואָקסן ביז 129 מיט 7 215 קינדער, די צאָל שולן פון דער ערשטער שטופע — ביז 513 מיט 40 492 שילער, פון דער צווייטער שטופע — ביז 275 מיט 80 423 שילער, קינדער-הײַזער זײַנען געווען 66, פּראָפּע-



דער לערער שמועסט מיט די שילער פון דער יידישער שול (קאָלווירט א. נ. פון כ׳ מאָלאָטאָוו, פּרײַדאָרפ)

סיאָנעלע און פאבריק־זאוואָדישע שולן — 53 מיט 5 123 שילער, פעדטעכניקומס — 8 מיט 2 313 סטודענטן, און יידישע אָפּטיילן בא הויכשולן — 9. צוזאמען האָט די בילדונג-נעץ פארמאָגט 1 053 אנשטאַלטן, וועלכע האָבן (אויסער די קינדער-הײַזער און העכערע לערן־אנשטאלטן) ארומגעכאפּט 136 670 שילער.

מיט די זעלביקע טעמפּן זײַנען אין אָט-דעם פּעריאָד אויסגעוואָקסן און האָבן זיך פארברייטערט די קולטור-אופקלער־אנשטאלטן פאר דערוואקסענע. די צאָל שולן צו ליקווידירן דעם אנאלפאבעטיזם איז אויסגעוואָקסן ביז 276, די צאָל אָוונט-קורסן — ביז 54, קלובן — ביז 226, לייענהײַזער — ביז 182, און די צאָל ביבליאָטעקן האָט באטראָפן 356.

קימאט טאָפּלט האָט זיך פארגרעסערט די צאָל יידישע צײַטונגען און זשורנאלן — צום אָנהייב 1928 איז די נעץ פּעריאָדישע אויסגאבעס אין יידיש באשטאנען פון 42 נעמען; אינדרײַען איז אויסגעוואָקסן די צאָל דערשינענע יידישע ביכער. אין יאָר 1928 האָבן די יידישע סאָוועטישע פארלאגן ארויסגעגעבן 238 יידישע ביכער מיט אן אלגעמיינעם טיראזש פון 875 000 עקזעמפּליארן. צו אָט דער צײַט האָבן די יידישע מאסן פון ראטנפארבאנד שוין פארמאָגט דרײַ רעפּובליקאנישע יידישע מעלוכע-טעאטערס — דעם מאָסקווער, דעם ווײַסרוסלענדישן און דעם אוקראינישן און א ריי געגנטלעכע יידישע טעאטערס.

דער זיגרײַכסטער עטאפּ אין הינזיכט פון פארברייטערן, פארפעסטיקן און פארטיפן די קולטור-בויונג צווישן די יידישע ארבעטנדיקע מאסן, פון פארבעסערן איר קוואליטעט, איז, נאטירלעך, געווען דער פּעריאָד פון דעם ערשטן דערפאָלגרײַכן פינפיאָר.

דערגרייכונגען פון ערשטן פינפיאר

אפ דער באזע פון די גראנדיעזע דערפאָלגן, וואָס די ארבעטער און קאָלווירטניקעס פון ראטנפארבאנד האָבן זיך דערשלאָגן פארן ערשטן פינפיאָר אפ אלע געביטן פון דער סאָציאליסטישער בויונג, איז געשטיגן דער ניוואָ פון זייער מאטעריעלן וווילשטאנד, זײַנען אומגעהייער אויסגעוואָקסן זייערע קולטורעלע באדערפענישן און פאָדערונגען, וועלכע די ראטנמאכט באמיט זיך מיט אלע מעגלעכקײַטן צו באפרידיקן אמבעסטן. דאָס האָט, נאטירלעך, געמוזט פילפאכיק פארשטארקן די טעמפּן פון דער קולטור־בויונג אפ אלע געביטן. עס איז אין גרונט ליקווידירט געוואָרן דער אנאלפאבעטיזם, עס איז פאר־



אין ערשטמײַסקער קינדער־גאָרטן (קרים)

ווירקלעכט געוואָרן די אַלגעמיינע אָנפאנג־בילדונג, און דאָס גאנצע גרויסע לאנד פון די סאָוועטן, ביז זײַנע ווײַטסטע ווינקעלעך, האָט זיך באדעקט מיט א געדיכטער און פארצווײַגטער נעץ פון בילדונג־ און קולטור־אנשטאלטן פון די פארשיידנסטע טיפּן.

אויך די ארבעטנדיקע פון די נאציאָנאלע מינדערהײַטן — די ייִדישע, פארשטייט זיך, אײַנגעשלאָסן — האָבן פארן פעריאָד פון ערשטן פינפיאָר דורכגעמאכט דעם זעלביקן וועג פון קאָלאָסאלן עקאָנאָמישן און קולטורעלן אויפשטײַג.

די פאָלגנדיקע ציפער און פאקטן וועגן דעם וווּקס און פארצווײַגונג פון דער קולטור-בויונג צווישן די ייִדישע מאסן פאר די יאָרן 1928—1932 באשטעטיקן עס פולקום.

די צאָל פאָרשול־אנשטאלטן האָט זיך פארגרעסערט פון 129 ביז 226, ד״ה. איבער צוויי מאָל, דאָס איז אכוץ די פיל הונדערטער קינדער־גערטנער און שול־פּלעצער, וואָס ווערן יעדעס יאָר געעפנט אין די ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען און אינעם ייִדישן דאָרף ביכלאל אפן גאנצן פרילינג און זומער. די צאָל שולן פון דער ערשטער שטופע איז אויסגעוואָקסן פון 523 ביז 887, פון דער צווייטער שטופע — פון 275 ביז 316, און די גאנצע נעץ — פון 927 ביז 1 469. אין אָט-

די אלע אנשטאלטן פון דער אָנפאנגלעכער שולנעץ האָבן זיך צום סאָף פון ערשטן פינפיאָר געלערנט איבער 160 טויזנט קינדער.

די צאָל טעכניקומס און ייִדישע אָפּטיילן בא די אוניווערסיטעטן און פארשיידענע ספּעציעלע הויכשולן האָט זיך פארגרעסערט ביז 25. אויסער די פּעדאגאָגישע טעכניקומס און ייִדישע אָפּטיילן בא די פּעדאגאָגישע אינסטיטוטן, זײַנען די לעצטע יאָרן אנטשטאנען א ריי טעכנישע און לאנדווירטשאפטלעכע טעכניקומס און אינסטיטוטן, וועלכע לאָזן יערלעך ארויס פיל הונדערטער אינזשעניערן און טעכניקער פון פארשיידענע ספּעציאַליטעטן, אגראָנאָמען, זאָאָטעכניקער אאוו. אין אָדעס, כארקאָוו און דניעפּראָפּעטראָווסק זײַנען פאראן ייִדישע טעכניקומס פאר מאשינבויונג, אין אָדעס — א ייִדישער לאנדווירטשאפטלעכער אינסטיטוט און א טעכניקום פאר פּינקטלעכער מעכאניק, לאנדווירטשאפטלעכע טעכניקומס עקזיסטירן אויך אין ווײַסרוסלאנד (קוראסאָווטשינע), אין אלע ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען און אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט; אין מאָסקווע עקזיסטירט א ייִדישער טעאטראלער טעכניקום, וועלכער האָט שוין געהאט צוויי ארויסלאָזן; עס איז אויך פאראן א ייִדישער אָפּטייל בא דער העכסטער



כ׳ באַרסקאַיאַ — אַ ייִדישע לערערן אַ שלאָגלערן (קרים)

לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמוניסטישער שול אין מינסק, אַ ייִדישער מעדיצינישער טעכניקום אין הייסין (אוקראַיִנע), סאָוועטיש־פּאַרטייִשע שולן אין ייִדיש; ייִדישע אָפּטיילן זײַנען פאַראַן בא די מעלוכע־אוניווערסיטעטן אין מינסק און כאַרקאָוו. בא אַלע ייִדישע אָפּטיילן פון די הויכשולן זײַנען פאַראַן ספּעציעלע אַרבעטער־פאַקולטעטן, וועלכע גרייטן צו אַרבעטער צום אַרײַנטרעטן אין די הויכשולן. באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערן דער ייִדישער סעקטער בא דעם מאָסקווער קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט פון די מײַרעוו־פעלקער. דאָס איז איינע פון די עלטסטע ייִדישע הויכשולן אין ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע לאָזט יערלעכ אַרויס צענדליקער קוואַליפיצירטע אָנפירנדיקע טוער, דעריקער פאַר די ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען און פאַר דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. בא דעם סעקטער איז פאַראַן אַן אָפּטייל, וואָס גרייט קאַדרען פאַר דער ייִדישער פּרעסע; עס איז פאַראַן אויכ אַן אַספּיראַנטור און אַ קאַבינעט פאַר וויסנשאַפטלעכ־פאָרשערישער אַרבעט.

עס דאַרפן אויכ פאַרצייכנט ווערן די צוויי גרויסע מעלוכישע ייִדישע מוזייען — דער אַלוקראַיִנישער מענדעלע־מוזיי אין אָדעס און דער ווײַסרוסלענדישער אין מינסק, ייִדישע אָפּטיילן זײַנען פאַראַן אויכ בא אַ ריי שטאָטישע מוזייען — פּאָלטאַווער, זשיטאָמירער, אומאַנער אאַ.

די צעצווײַגטע וויסנשאַפטלעכ־פאָרשערישע אַרבעט אין ייִדיש, און ספּעציעל די אַרבעט פון די אינסטיטוטן פאַר ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור בא דער אַלוקראַיִנישער און ווײַסרוסלענדישער וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיעס, איז אויספירלעכ באַשריבן פריִער (אינעם כ׳ ליבערבערגס אַרטיקל).

קעדיי דאָס בילד פון העפטיקן וווקס פון די ייִדישע שולן זאָל חערן מער באַשײַמפּערלעכ, וועלן מיר ברענגען נאָכ עטלעכע שפּעטערדיקע ציפער וועגן אוקראַיִנע.

אין אוקראַיִנע זײַנען אין 1933—1934־טן לערניאָר געווען: סטאַציאָנאַרע ייִדישע קינדער־גערטנער — 251 אין סעזאָנע שפּילפּלעצער — 505, ייִדישע אָנפאַנג־ און מיטלשולן — 467 מיט 85 489 שילער. קעדיי צו באַזאָרגן די דאָזיקע פאָרשול־אַנשטאַלטן און שולן מיט קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגישע קאַדרען, האָבן דאָ עקזיסטירט 5 פּעדאַגאָגישע טעכניקומס מיט 865 סטודענטן און 2 ייִדישע אָפּטיילן בא פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן מיט 561 סטודענטן.

דעם וווקס פון דער ייִדישער שול־נעץ אין ווײַסרוסלאַנד כאַראַקטעריזירן די פאָלגנדיקע ציפער:

| | 1923/24 | 1924/25 | 1926/27 | 1927/28 | 1929/30 | 1930/31 | 1931/32 | 1932/33 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| די צאָל ייִדישע שולן . . . . . | 98 | 140 | 184 | 190 | 209 | 262 | 334 | 339 |
| די צאָל שילער אין זיי . . . . | 12 241 | 19 085 | 24 073 | 26 020 | 28 310 | 31 340 | 33 398 | 36 501 |




א דעמאָנסטראַציע פון ייִדישע פּיאָנערן (מינסק)

אין יאָר 1921/22 האָבן די ייִדישע שולן ארומגענומען בלויז 22 פּראָצ. פון דער אלגעמיינער צאָל קינדער, וואָס זייער מוטער־שפּראַך איז ייִדיש, אין 1924/25 — 41,5 פּראָצ. אין 1926/27 — 48 פּראָצ. 1928/29 - 56 פּראָצ. און אין 1931/32 — 64 פּראָצ.

די געבראַכטע ציפער און פאקטן באַווייַזן געווּג בולעט, ווי ברייט עס איז אינעם פעריאָד פון דעם ערשטן פינפיאָר אויסגעוואַקסן די נעצ ייִדישע שולן און בילדונג־אנשטאלטן, וואָס באַדינען די ייִדישע ארבעטנדיקע יוגנטלעכע אין ראַטנפארבאַנד. אויסער אָט די אלע בילדונג- און לערן־אנשטאלטן, ווו די גאנצע ארבעט ווערט געפירט אין דער מוטער־שפּראַך פון די שילער און סטודענטן — אין ייִדיש, זייַנען פאר די ייִדישע מאסן דאָ פולקום צוטריטלעך אויך די אלגעמיינע שולן, טעכניקומס און הויכשולן. אויך אין אָט די אלגעמיינע לערן־אנשטאלטן האָט זיך אינעם פעריאָד פון דעם ערשטן פינפיאָר ביז גאָר שטארק פארגרעסערט די צאָל ייִדישע שילער און סטודענטן, ווי מע קאָן זען פון די פאָלגנדיקע ציפער:

| | 1928 | 1933 |
|---|---|---|
| פאבריק־זאוואָדישע שולן . . . | 11 589 | 40 274 |
| טעכניקומס . . . . . . . . | 21 205 | 46 226 |
| הויכשולן . . . . . . . . | 22 518 | 57 315 |
| צוזאמען . . . . . . . . . | 55 312 | 143 815 |

פאר די יאָרן 1928—1933 האָט די צאָל ייִדישע שילער און סטודענטן אין די דאָזיקע לערן־אנשטאלטן פארגרעסערט זיך מער ווי אין 2,5 מאָל!

און דאָס איז אויסער די אלגעמיינע אָנפאנג־און מיטלשולן, אין וועלכע עס לערנט זיך אויך א באַדייַטנדיקע צאָל ייִדישע קינדער.

די כאַראַקטעריסטיק פון די קאָלאָסאלע דערגרייכונגען, וואָס די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן האָבן זיך אין ערשטן פינפיאָר דערשלאָגן אפן פראָנט פון קולטור־בויונג, וואָלט, נאַטירלעך, געווען ניט פול, ווען מע זאָל ניט פארצייכענען דעם וווּקס פון די קולטור־אויפקלער־אנשטאלטן פאר די דערוואַקסענע. די צאָל לייענשטיבלעך האָט זיך אין אָט דעם קורצן צייַט־אָפּשניט פארגרעסערט פון 182 ביז 500, די צאָל קלובן — פון 226 ביז 300, ביבליאָטעקן — פון 356 ביז 400, די צאָל ייִדישע טעאַטערס איז אויסגעוואַקסן ביז 17, אין אוקראַינע און ווייַסרוסלאַנד האָבן זיך אָרגאַניזירט ייִדישע וואָקאַלע אנסאמבלען. אן עמעס קינד פון ערשטן פינפיאָר איז די געדיכטע נעצ ראַדיאָ־קנופּן, וואָס באַדינען די ייִדישע ארבעטנדיקע פון די שטעטלעך און די קאָלווירטניקעס פון די ייִדישע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען און דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, און אויך די סיסטעמאַטישע ראַדיאָ־קאָנצערטן, ליטעראַריש־קינסטלערישע אָוונטן, פאָרטראָגן, שמועסן אאַוו. אין ייִדיש, וועלכע האָבן צענדליקער און צענדליקער טויזנט שטענדיקע צוהערער צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע פון די שטעט, שטעטלעך און קאָלווירטן.

אין סימפעראָפּאָל איז ביז לעצטנס פעריאָדיש דערשינען א ראַדיאָ־צייַטונג „קרימער עמעס", וועל־



כ' וו. ליטינסקי — ארבעטער פון זאוואָד „רויטע סאָרמאָוואָ", אקטיווער ארבקאָר פון „עמעס"

כע האָט באַדינט די ייִדישע ארבעטער און קאָלווירטניקעס פון קרים; פאר די ייִדישע ארבעטנדיקע פון אוקראַיִנע האָט מען געשאפן אין כארקאָוו א ראדיאָ־צײַטונג „ראדיאָ־שטערן"; א ייִדישע צײַטונג דערשײַנט רעגולער אין קרעמענטשוק; אויך קיִעוו און אָדעס האָבן סיסטעמאטישע ראדיאָ־אָוונטן, קאָנצערטן, פאָרטראָגן אא. אין ייִדיש.

א באַזונדער ייִדישער אָפּטייל, וועלכער פירט דורך א ברייטע און פארצווײַגטע ארבעט, איז פאַראַן באַם ווײַסרוסלענדישן ראדיאָצענטער אין מינסק. דער דאָזיקער אָפּטייל, צוזאמען מיט דער רעדאקציע פון דער צײַטונג „אָקטיאבער", גיט סיסטעמאטיש איבער דורכן מיקראָפאָן ליטעראריש־מוזיקאַלישע מאָנטאזשן, דראמאטישע פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן, שמועסן, ארויסטרעטונגען פון שרײַבער, אקאדעמיקער, פּאָליטישע טוער וועגן די פארשיידנסטע אקטועלסטע פראגעס. דורך ראַדיאָ זײַנען פאר א קורצע צײַט דורכגעפירט געוואָרן אָוונטן וועגן די שרײַבער איזי כאריק, אקסעלראָד, קולבאק, קאמענעצקי, פײַוול סיטאָ, נאָטע לוריע, דאָלגאָפּאָלסקי אא. עס זײַנען געווען פאָרטראָגן וועגן זייער ליטעראַרישער שאפונג, פאָרלעזונגען פון די שרײַבער גופא, ארויסטרעטונגען פון לייענער. דער ייִדישער ראדיאָ־אָפּטייל פּראַקטיקירט אויך ארויספאָרן מיטן מיקראָפאָן צו די בעסטע ארבעטער־שלאָגלער אין זייערע וווינונגען. אין א נאַטירלעכער היימישער סוויווע, בא א גלעזל טיי, דערציילן די ארבעטער וועגן זייער שלאָגלערישער ארבעט אין פאבריק און זאוואָד, טיילן זיך מיט זייערע זיכרוינעס, זינגען אאוו. און דאָס אלץ ווערט איבערגעגעבן איבער גאנץ ווײַסרוסלאַנד. ווען אין מינסק האָט גאסטראָלירט דער מאָסקווער מעלוכישער ייִדישער טעאטער, האָט דער ייִדישער ראדיאָ־אָפּטייל אָרגאניזירט אזעלכע ארויספאָרן צו די ארבעטער־שלאָגלער אין די וווינונגען צוזאמען מיטן ארטיסטן־קאָלעקטיוו פון דעם דאָזיקן טעאטער מיטן פאָלקס־ארטיסט פון דער רעפובליק, ש. מיכאָעלס, אין שפּיץ.

די ראדיאָ־טראנסליאַציעס אין ייִדיש זײַנען שטארק פּאָפּולער און באַליבט בא די ברייטסטע מאסן ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע פון ווײַסרוסלאַנד. דער ייִדישער אָפּטייל באַקומט פון זײַנע צוהערער הונדערטער בריוו מיט באַקאָשעס צו איבערכאַזערן די אָדער יענע פּראָגראַמעס, פארשיידענע פאָרשלאָגן אאוו.

אָט זײַנען עטלעכע לעבעדיקע אילוסטראַציעס, וועלכע באַווײַזן, וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר קאָנקרעט די קולטור־און בילדונג־אַנשטאַלטן, וועלכע באַדינען די ייִדישע מאסן, אין וואָס פאר א באַדינגונגען ארבעטן זיי און ווי איז די קוואַליטעט פון זייער ארבעט.

מיט 15 יאָר צוריק — דעם 1-טן מײַ 1919 — האָט זיך אין האָמעל (ווײַסרוסלאַנד) צום ערשטן מאָל געעפנט א ייִדישער קינדער־גאָרטן. אין די 15 יאָר זײַנען דורך דעם קינדער־גאָרטן דורכגעגאנגען היפּשע הונדערטער קינדער פון ייִדישע ארבעטער, וועלכע לערנען זיך איצט שוין אין הויכשולן, ארבעטן אין פאבריקן, זאוואָדן אאוו.

איצט ווערן אין דעם קינדער־גאָרטן דערצויגן 80 קינדער, הויפּטזאַכלעך פון ארבעטער פון דער שוכפאבריק „טרוד". דער קינדער־גאָרטן פארמאָגט א גוטע געבײַדע מיט גרויסע ליכטיקע צימערן, ער איז גוט אויסגעשטאט מיט די נייטיקע שפּילצײַג און דערציִונג־מאכשירים און באַזאָרגט מיט א קוואַליפיצירטן דערציִערישן פּערסאָנאַל. אינעם קינדער־גאָרטן איז פאראן א ווינקל „לעבעדיקע נאטור", וווּ א גאנץ יאָר גרינען פארשיידענע געוויקסן. די קינדער לערנט מען זינגען, טאנצן, די עלטערע קינדער — אויך לייענען, שרײַבן, מאָלן אאוו. די קינדער פילן זיך אין גאָרטן אזוי גוט, אז ווען די על־



געבײַדע פון סמאָלענסקער ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום

טערן קומען נאָך זיי, ווילן זיי ניט גיין אַהיים... די עלטערן דערקענען ניט אָפּטמאָל זייערע קינדער. אזוי ענדערן זיי זיך דאָרט צום בעסערן.

די ייִדישע זיבניאָריקע שול אינעם קאָלווירט „לעקערט", סטאלינדאָרפער ראיאָן, איז נאָך גאָר א יונגע — מיט 6 יאָר צוריק איז זי געווען אינגאנצן אין רישטעוואניעס, ניט געהאט קיין געבײַדע, קיין אויס־שטאטונג, קיין לערן־מאכשירים. און איצט? איצט פארמאָגט די שול א גוטע געבײַדע, רײַכע פיזיש־כימישע און נאטורוויסנשאפטלעכע קאבינעטן, א ביבליאָטעק מיט 2 500 ביכער, א סטאָליער־וואר־שטאט, א פּלאץ פאר פיזקולטור, א צוזאמענוווינונג פאר די קינדער פון די ארומיקע קאָלווירטן, א גאָר־טן און א פעסטע ווירטשאפט, וועלכע באזאָרגט פולשטענדיק אלע קינדער מיט הייסע פרישטיקן. די שול איז ראדיאָפיצירט. די שול האָט זיך דער־שלאָגן א הויכע קוואליטעט פון דער לערן-אר־בעט. דאָס פארבלײַבן אפן צווייטן יאָר אין איין קלאס צוליב אָפּגעשטאנענקײַט איז ליקווידירט גע־וואָרן. אדאנק דער גוטער קוואליטעט פון דער פּעדאגאָגישער ארבעט, איז די שול זייער פּאָ־פּולער און באליבט בא אלע קאָלווירטניקעס. דער דאָרפראט און דער גאנצער קאָלווירטישער אקטיוו באזאָרגן די שול מיט אלץ, אין וואָס זי נייטיקט זיך. צוערשט איז די שול געווען א פיר־יאָריקע, דערנאָך האָט מען זי רעאָרגאניזירט אין א זיבנ־יאָריקער. אין יאָר 1933 האָט די שול שוין געהאט איר ערשטן ארויסלאָז.

די קיִעווער פאבריק־זאוואָדישע שול אפּ ראט־מאנס נאָמען גרייט פון דער ייִדישער שטעטלדיקער יוגנט קוואליפיצירטע ארבעטער פון פארשיידענע פאכן פאר די מעטאלורגישע זאוואָדן. אלע שול־ווארשטאטן זײַנען גוט באזאָרגט מיט ווערקשטעלן, אינסטרומענטן און אלע נייטיקע מאכשירים. אין דער שול זײַנען פאראן אזעלכע צעכן: א טאָקער־צעך, א צעך פאר מאָדעל־גוס, אן עלעקטרישער און שלאָסער־צעך. די אינסטרוקטערס זײַנען אלע הויך־קוואליפיצירטע. די טעאָרעטישע לימודים זײַ־נען אין דער שול אויך אוועקגעשטעלט גוט. פא־ראן א טעכנאָלאָגישער און א צייכן-קאבינעט. די שול איז פולשטענדיק באזאָרגט מיט לערנביכער און מאכשירים. די מאטעריעל-שטייגערישע לעבנס־באדינגונגען פון די שילער זײַנען גאנץ צופרידנ־שטעלנדיקע. די שול פארמאָגט א גוטע צוזאמענ-ווינונג, א גאָרטן, ווו די שילער באקומען צוויי־מאָל אין טאָג געקאָכט עסן אאוו. פאראן בא דער שול א גוטע ביבליאָטעק, א ליטעראַרישער און א דראמאטישער קרײַז און אן אָרקעסטער. די שי־לער באזוכן אָפט טעאטער און קינאָ. די שול האָט זיך פאָריקס יאָר דערשלאָגן זייער גוטע רעזולטאטן אין איר ארבעט: פאר די טעאָרעטישע לימודים האָבן די אָפּשאצונג „גוט" און „באפרידיקט" 94 פּראָצ. שילער, און פאר ארבעט — 95 פּראָצ. 80 פּראָצענט שילער זײַנען ייִדישע יוגנטלעכע פון די שטעטלעך. בא 70 שטעטלעך פון קיִעווער געגנט האָבן זייערע יוגנטלעכע אין דער שול.

דער סמאָלענסקער ייִדישער פּעדאגאָגישער טעכ־ניקום איז איינער פון די עלטסטע ייִדישע טעכני־קומס אין ראטנפארבאנד. פון 1921 ביז 1929 האָט ער זיך געפונען אין האָמעל, אין 1929 יאָר האָט מען אים אריבערגעפירט אין צענטער פון דער מײַרעוו-געגנט — אין סמאָלענסק. דאָ איז דער טעכ־ניקום זיך שטארק צעוואָקסן. ער פארמאָגט א גרוי־סע דרײַשטאָקיקע געבײַדע מיט ליכטיקע אאודי־טאָריעס און קאבינעטן. אין טעכניקום לערנען זיך בא 200 סטודענטן, מערסטנטייל ארבעטער און קאָלווירטניקעס. פארן אָנקומען אין טעכניקום זײַ־נען זיי דורכגעגאנגען א ספּעציעלן צוגרייטונג-קורס אין פארנעם פון 7 קלאסן. די מערהײַט סטודענטן (64 פּראָצענט) זײַנען פרויען. אין טעכניקום אר־



בא די לימודים אין פיזישן קאבינעט פון דניעפּראָפּעטראָווסקער ייִדישן מא־שינבוי־טעכניקום

בעטן 16 לעקטאָרן, צווישן זיי 14 מיט הויכבילדונג. אלע האָבן זיי א פּיליאָריקע פּעדאגאָגישע דערפא־רונג. די ציַיגערס פון די אקאדעמישע דערפאָלגן פון די סטודענטן זיַינען גאנץ הויכע: 96,5 פּראָצ. האָבן באקומען אן אָפּשאצונג „זייער גוט", „גוט" און „צופרידנשטעליק". אויסגעצייכנט איז אין טעכ־ניקום אוועקגעשטעלט די פּעדאגאָגישע פּראקטיק פון די סטודענטן. מוסטערהאפט איז דאָ אָרגאניזירט די מעטאָדישע און לאבאָראטאָרישע ארבעט אין די קאבינעטן. פאר די 13 יאָר, וואָס דער סמאָ־לענסקער ייִדישער פּעדטעכניקום עקזיסטירט, האָט ער ארויסגעלאָזן 500 ייִדישע לערער, וועלכע ער־בעטן איצט אין די שולן איבערן גאנצן ראטנפארבאנד.

דער כארקאָווער ייִדישער מאשינבוי־טעכניקום איז פאר זיַינ אויסגעצייכנטער ארבעט צוויי מאָל פּרעמירט געוואָרן אין די אלפארבאנדישע קאָנקורסן אפן בעסטן טעכניקום. אוןווירקלעך, פאר דער קורצער ציַיט, וואָס ער עקזיסטירט, האָט ער שוין ארויסגעלאָזן 200 טעכניקער, וועלכע ארבעטן איצט אף פאר־אנטוואָרטלעכסטע טעכנישע פּאָסטנס אין די גרעס־טע מאשינבוי-זאוואָדן פון ראטנפארבאנד: אין לו־גאנסקער לאָקאָמאָטיוון־זאוואָד, קאָלאָמנער לאָקאָמאָ־טיוון־זאוואָד, כארקאָווער טראקטאָרן־זאוואָד, אין מאגניטאָגאָרסקער גיגאנט און אנדערע. אין טעכ־ניקום לערנען זיך איצט 500 סטודענטן — ייִדישע יוגנטלעכע ארבעטנדיקע פון די שטעטלעך. דער פּע־דאגאָגישער פּערסאָנאל פון טעכניקום באשטייט פון 32 מענטשן, מערסטנס הויך־קוואליפיצירטע אינזשע־ניערן פון די וויכטיקסטע כארקאָווער זאוואָדן.

דער ייִדישער סעקטער בא דער העכסטער לאנדווירטשאפטלעכער קאָמוניסטישער שול פון וויַיס-רוסלאנד איז אָרגאניזירט געוואָרן אין 1930 יאָר. די דאָזיקע הויכשול גרייט פאראנטוואָרטלעכע טוער פאר דער קאָלווירטישער בויונג. די סטודענטן שטודירן דאָ גרינטלעך די הויפּט־פּרינציפּן פון אגראָנאָמיע, מעכאניק פון לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, פּי־צוכט, די פראגן פון סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוק־ציע פון דער לאנדווירטשאפט אא. די סטודענטן פּאָרן פּעריאָדיש ארויס אין די קאָלווירטן אף פּראָ־דוציר־פּראקטיק.

אין 1933-טן יאָר האָט דער ייִדישער סעקטער ארויסגעלאָזן 13 גוט צוגעגרייטע פאראנטוואָרטלעכע טוער אפן פראָנט פון קאָלווירטישער בויונג.

לענינגראד פארמאָגט איצט היפּשע טויזנטער ייִדישע ארבעטער אין די גרעסטע אונטערנעמונגען, ווי דער זאוואָד אף כ' קיראָווס נאָמען („קראסני פּו־טילאָוועצ"), „עלעקטראָסילא", שיפּבוי־זאוואָד, שוכ-פאבריק „סקאָראָכאָד" אא. אין לענינגראד איז פא-ראן א גרויסער ייִדישער ארבעטער־קלוב, וועלכער וויקלט דאָ פּאנאנדער א פארשיידנארטיקע קולטור־אופקלער־ארבעט. דעם לעצטן יאָר האָט דער קלוב דורכגעפירט 281 מאסן־אָוונטן, וועלכע עס האָבן



פראקטישע ארבעט אינ שלאָסער־צעכ פונ דניעפּראָפּעטראָווסקער ייִדישנ מאשינבוי־טעכניקומ

באזוכט 175 טויזנט ייִדישע ארבעטער אונ ארבעטנדיקע. די יוגנט־סעקציע באמ קלוב האָט דורכגעפירט באזונדער 121 אָוונטנ אונ 21 קינדער־פרימאָרגנס. פארנ יאָר האָט דער קלוב אָרגאניזירט בא זיכ אינ לאָקאל אונ אינ די אונטערנעמונגענ 632 שמועסנ, לעקציעס אונ פּאָרטראָגנ. דער קלוב פארמאָגט אנ אקטיוו פונ 540 מענטשנ. באמ קלוב ארבעטנ: אָוונט־קורסנ, א ליטעראַרישער קרײַז, א דראמאטישער קרײַז, א מוזיקאלער קרײַז, א קרײַז פאר פיזקולטור, א וואָקאלער אנסאמבל. אזעלכע אונ ענלעכע קרײַזנ האָט דער קלוב אָרגאניזירט אויכ בא אייניקע אונטערנעמונגענ. דער קלוב האָט דורכגעפירט 26 עקסקורסיעס אונ 21 קאָלעקטיווע באזוכנ פונ טעאטער. דער קלוב פארמאָגט א גרויסע ביבליאָטעק מיט 2 100 אבאָנעמענטנ. די אונטערנעמונגענ באדינט ער מיט 7 באוועגלעכע ביבליאָטעקנ. דער קלוב האלט שעפסטומ איבער צוויי ייִדישע קאָלווירטנ, וווּהינ ער שיקט אָפט זײַנע בריגאדעס.

*

די פראקסיק פונ דער מעכטיק צעוואקסענער קולטור-בויונג צווישנ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ אינ ראטנפארבאנד איבערצײַגט אנ איבעריק מאָל אינ דער פולקומער ריכטיקײַט פונ דער אײַנשטעלונג, אז, „דער פעריאָד פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אונ סאָציאליסטישער בויונג אינ פססר איז א פעריאָד פונ אופבלי פונ די נאציאָנאלע קולטורנ, סאָציאליסטישע לויטנ אינהאלט אונ נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ“. (סטאלינ).

# די סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקייט צוהילף דער ייִדישער איבערבוי־ארבעט

„...אינעם לאגער פון סאָציאליזם — קעגנזייטיקער צוטרוי און שאָלעם, נאציאָנאלע פרייהייט און גלייכהייט, פרידלעכער צוזאמענלעבן און ברידערלעכע צוזאמענארבעט פון פעלקער“.

פון דער דעקלאראציע וועגן דער אויסבילדונג פונעם פססר.


י פראָדוקטיוויזירונג פון די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן איז געוואָרן א מעלוכע־פראָבלעם, דאָס געזונטמאכן די סאָציאלע און עקאָנאָמישע לאגע פון דער ייִדישער באפעלקערונג — אן אופגאבע פון דער גאנצער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייט, די הילף באם ארייַנציִען ייִדישע דעקלאסירטע און יוגנטלעכע אין דער סאָציאליסטישער בויונג—א כויוו פון יעדן ערלעכן סאָוועטישן בירגער.

אין אווגוסט 1924 איז באם פרעזידיום פון נאציאָנאליטעטן־ראט פון אלפארבאנדישן צענטראלן אויספיר־קאָמיטעט געגרינדעט געוואָרן דער קאָמיטעט פאר אייַנאָרדענען ייִדישע ארבעטנדיקע אפ ערד (קאָמערד). אין פינף כאדאָשים ארום, אָנהייב 1925 — איז צונויפגערופן געוואָרן די גרינדונג-פארזאמלונג פונעם אלפארבאנדישן געזערד, וואָס איז בארופן געוואָרן צו העלפן דעם קאָמערד, דאָס הייסט, דער רעגירונג, אין דער ארבעט.

פארשיידענע עטאפן און שטופן איז דורכגעגאנגען דער געזערד פאר די 10 יאָר פון זייַן עקזיסטענץ. פון א פארהעלטניסמעסיק קליינער געזעלשאפט מיט שמאָלע אופגאבעס און אייַנשטעלונגען איז ער אויסגעוואָקסן אין א מעכטיקער מאסן־אָרגאניזאציע מיט איבער א האלבן מיליאָן מיטגלידער, מיט הונדערטער אָפטיילונגען און טויזנטער קעמערלעך אין אלע ווינקלען פונעם גרויסן ראטנלאנד.

אינטערנאַציאָנאלער באשטאנד

איינער פון די סאמע כאראקטעריסטישע שטריכן פון געזערד, אזוינס, וואָס קאָן פאָרקומען נאָר אין ראטנפארבאנד, איז דער אינטערנאציאָנאלער באשטאנד פון געזערד. קימאט 50 פראָצענט פון די געזערד־מיטגלידער געהערן צו ניט־ייִדישע נאציאָנאליטעטן. וואָס בינדט זיי צו צום געזערד? וואָס פאר אן אינטערעס קאָן האָבן דער רוסישער, אוקראַיִנישער, טאָטערשער ארבעטער און פויער צו




באריכט פונעם פּאָרזיצער פונעם קרי־מער קאָלווירט „מאָלאָטאָוו" אפּ דער ביוראָ פון געזערד־קעמערל פון וואָ־ראָנעזשער נײַי־פּאבריק

איניאָנים, וועלכע מע רעכנט געוויינלעך פאר אי־נערלעכ־ייִדישע? וואָס צווינגט דעם מאָסקווער רויט־ארמייער, דעם קאָלווירטניק פון טאטאריע, דעם לענינגראדער ארבעטער נאָכצופאָלגן מיט א טיפן אינטערעס נאָכ דעם גאנג פון דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג, פון דער ייִדישער פּראָדוקטיוויזירונג אין די קרימער און אוקראיִנער נאציִאָנאלע ייִדישע ראיאָנען, אפּ די אינדוסטריִעלע גיגאנטן, אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט? דער ענט־פער ליגט אין דעם אלגעמיינעם פארנעם און אינהאלט פון דער סאָוועטישער נאציִאָנאלער פּאָ־ליטיק, וואָס האָט גלײַכבארעכטיקט אלע פעלקער פון ראטנפארבאנד סײַ פּאָליטיש סײַ עקאָנאָמיש און זיי פארוואנדלט גלײַכצײַטיק אין אָביעקטן און סוביעקטן פון איין און דעם זעלבן שעפערישן איבערבוי־פּראָצעס.

מיט וואָס פארנעמט זיכ דער געזערד?

דער געזערד פירט א גרויסע פארצווײַגטע אר־בעט אפּ פארשיידענע געביטן. ער ווערבירט און קלײַבט אָפּ איבערוואנדערער, באדינט זיי אין וועג און אָרדנט זיי אײַן אין די אײַנוואנדערונג־ערטער. איבער 40 טויזנט איבערוואנדערישע פאמיליעס זײַ־נען פאר די צען יאָר דורכגעגאנגען דורכ די אָר־טיקע געזערד־אָרגאניזאציעס. א טייל פון די אי־בערוואנדערער האָט זיכ ניט צוגעפּאסט צו די נײַע באדינגונגען און האָט זיכ אומגעקערט צוריק. די מערהײַט אָבער האָט זיכ אײַנגעפונדעוועט און אין איינע 5 יאָר געשאפן א באדײַטנדיקן שיכט ייִדנ־ערד־ארבעטער.

**אָפּעראטיווע ארבעט**

דער געזערד פירט דורכ א פאר־שיידנארטיקע אָפּעראטיווע ארבעט אין די ייִדישע נאציִאָנאלע ראיאָנען און דערהויפּט אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט: באזאָרגט די איבערוואנדערער מיט לעבע־דיקן און טויטן אינווענטאר, בויט הײַזער, מעכא־ניזירט זייער ווירטשאפט, פירט אָן מיט דער מע־ליִאָראטיווער, טעכנישער און בויערישער ארבעט, אָרגאניזירט אגראָנאָמישע און מעדיציִנישע הילף, שאפט קולטורעל־שטייגערישע און דערציִערישע אנ־שטאלטן.

דאָס איז א ברייטע ביז גאָר וויכטיקע פּראָ־גראם פון שעפטום־ארבעט, פון מאָסמיטלען, וואָס העלפן מיט צו פארפעסטיקן די יונגע און אָפּט ניט דערפארענע איבערוואנדערישע ווירטשאפטן און קאָלווירטן.

אין 1933 יאָר אליין האָט דער צענטראלער געזערד אסיגנירט אפּ בויונג, קולטורעל־מעדיציִני־שע באדינונג, איבערוואנדערונג אדג. דרײַ מיליאָנ רובל. דער מאָסקווער געזערד—ארום א האלבן מי־ליאָן, דער לענינגראדער געזערד—א פערטל מיליאָן. באדײַטנדיקע סומעס האָבן אויכ אויסגעגעבן דער ווײַסרוסישער, טאָטערישער און אנדערע געזערדן. אינגאנצן האָט די נעץ געזערד־אָרגאניזאציעס אויס־געגעבן אין 1933 יאָר אפּ שעפטום ארום 4 מי־ליאָן רובל.

מע טאָר ניט פארגעסן, אז די דאָזיקע אסיג־נירונגען זײַנען אויסגעוואָקסן פון קליינע מיטגליד־אָפּצאָלונגען און פון די געזערדישע לאָטעריי־האכ־



דער עראָפּלאַן „בירעבידזשא־נער" (אויסגעבויט אפ די מיטלען פון געזערד) אפ א באזוך אין קאַלינינדאָרף

נאָסעס, דה. אז אין דעם האָבן אָנטיילגענומען הונדערטער אקטיוויסטן און געזערד-מיטגלידער, אז דאָס איז אן אויסדרוק פון אָנשטרענגונג און פאַרינטערעסירטקייט פון דער גאנצער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייט אין דער געזערד-ארבעט.

**בריגאדעס און ארבעטער-דעלעגאציעס**

די געזערד־אָרגאניזאציעס שיקן אין די איבערוואנדערישע ראיאָנען פארשיידענע בריגאדעס — רעמאָנט-בריגאדעס, שרײַבערישע, טעאטראלע, מעדיצינישע און אנדערע בריגאדעס, קעדיי צו העלפן די קאָלווירטניקעס דורכפירן די פרילינגדיקע און הארבסטיקע לאנדווירטשאפטלעכע קאמפאניעס.

אין דעם גייען אויך ארײַן פארשיידענע דעלעגאציעס פון ארבעטער, רויטארמייער, פּיאָנערן, וואָס באזוכן די יידישע קאָלווירטן און שטעלן אײַן א ברידערלעכן צוזאמענשלוס מיט די איבערוואנדערער. באזונדערס פּאָפּולער זײַנען געווען די דאָזיקע דעלעגאציעס אין די יאָרן 1928—1929, ווען דער געזערד האָט ערשט אָנגעהויבן ארײַנצודרינגען אין די ברייטע מאסן, אפ די פאבריקן, אונטערנעמונגען און אנשטאלטן.

די דאָזיקע דעלעגאציעס, וואָס דער גרעסטער טייל זייערער איז באשטאנען פון ניט־יידישע ארבעטער, האָט ברייט פּאָפּולאריזירט די יידישע ערד־אײַנאָרדענונג און דעם געזערד צווישן אזעלכע שיכטן, וואָס האָבן ביז דאן געהאט זייער א שוואַכע פאָרשטעלונג וועגן די לעבנבאדינגונגען פון דער יידישער ארבעטנדיקער מאסע. ניט ווייניק אנטיסעמיטישע שטימונגען, נאציאָנאליסטישע פּאָרורטיילן — רעשטלעך פון די צארישע צײַטן — איז געלונגען צו ליקווידירן אדאנק די דאָזיקע דעלעגאציעס.

„מיר האָבן זיך אויספירלעך באקאנט מיטן לעבן פון די יידישע ערד־ארבעטער, — שרײַבט אין איר בריוו די מאָסקווער דעלעגאציע פון רויטארמייער און ארבעטער, וואָס האָט באזוכט די יידישע לאנדווירטשאפטלעכע יישוווים אין ווײַסרוסלאנד, קרים און אוקראינע, — מיר זײַנען צוזאמען מיט זיי געווען אין פעלד אפ דער ארבעט, באזוכט זייערע היימען, זיך צוגעקוקט צו זייער לעבן-שטייגער, געזען, ווי זיי באארבעטן די ערד. מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אז די יידישע פויערים ארבעטן אין פעלד אזוי ווי דאָס טוען אלע אנדערע האָרעפּאשנע פויערים פון אונדזער ראטנפארבאנד. מיר האָבן געזען, אז די יידישע פויערים באניצן ניט קיין לוין-ארבעטער, נאָר פירן אויס אליין די גאנצע ארבעט. מיר האָבן געזען, אז די יידישע פויערים הערן זיך אופמערקזאם צו צו די אָנווײַזונגען פון די אגראָנאָמען. מיר זײַנען געווען אין די קאָמונעס און קאָלעקטיוון, די ארומיקע ניט־יידישע באפעלקערונג און פויערים געפינען זיך אין פרײַנטלעכע באציונגען מיט די יידישע איבערוואנדערער. די לעצטע העלפן זייערע ניט-יידישע שכיינים מיט מאשינעס, אגראָנאָמישער און מעדיצינישער הילף".

„מיר, דעלעגאטן, — שרײַבט די ארבעטער-דעלעגאציע פון דניעפּראָפּעטראָווסק, — לייקענען אָפּ

קאטעגאָריש די רעכילעס, וואָס שטאמט נאָך פונ
די צארישע צײַטנ, אז די ייִדישע מאסנ ווילנ זיך
ניט פארנעמענ מיט פראָדוקטיווער ארבעט. די ווײַ־
טע סטעפּעס, וואָס ווערנ באארבעט דורך ייִדישע
איבערוואנדערער ניט ערגער, ווי די פעלדער פונ
די ארומיקע פויערימ, וואָס פארנעמענ זיך שוינ
לאנג מיט ערד-ארבעט, זײַנענ דער בעסטער ענטפער
אלע קאָנטררעוואָליוציאָנערנ".

„ס'איז דער כויוו פונ דער גאנצער סאָוועטי־
שער געזעלשאפטלעכקײַט, — שרײַבט א דריטע אר־
בעטער־דעלעגאציע פונ קרעמענטשוק, — קומענ צו־
הילפ דער איבערוואנדערונג פונ דער ייִדישער
אָרעמשאפט. די ייִדישע ערד־אײַנאָרדענונג איז די
זאך פונ אלע פראָלעטארישע אָרגאניזאציעס אונ
פונ דער גאנצער ארבעטער־פויערישער געזעלשאפט-
לעכקײַט פונ ראטנפארבאנד".

**שעפטום איבער בירעביד־זשאנ**

די לעצטע יאָרנ, אינ צוזאמענהאנג
מיטנ באזעצנ בירעבידזשאנ, דער
איצטיקער ייִדישער אווטאָנאָמער
געגנט, האָט די שעפטום־ארבעט בא-
קומענ א באזונדערס ברייטנ פארנעמ.
אינעמ שעפטום איבער בירעבידזשאנ האָט זיך
אײַנגעשלאָסנ די ווײַסרוסלענדישע סאָוועטישע רע-
פובליק. אינ זײַנע באשלוסנ האָט דער ווײַסרוס־
לענדישער צענטראלער אויספיר-קאָמיטעט אָנגע-
מערקט א גאנצע ריי מאָסמיטלענ, וואָס עס דארפנ
דורכפירנ די ווײַסרוסלענדישע אנשטאלטנ אונ אָר־
גאניזאציעס בענוגייע בירעבידזשאנ. אינ 1933 יאָר
זײַנענ צו דעמ צוגעקומענ נאָך צוויי וויכטיקע דאָ-
קומענטנ: דער באשלוס פונ אלוקראיִנישנ ראט פונ
די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ אונ פונעמ סעקרע-
טאריִאט פונ אלוקראיִנישנ צענטראלנ אויספיר־קאָ־
מיטעט וועגנ קאָנקרעטער הילפ דער בויונג פונ דער
ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. די צוויי גרעסטע
נאציאָנאלע פארבאנדישע רעפּובליקנ האָבנ ריכטיק
אָפּגעשאצט די גרויסע באדײַטונג פונ שאפנ א
נאציאָנאלע אווטאָנאָמע געגנט פאר איינער פונ די
סאמע אונטערדריקטסטע נאציאָנאליטעטנ אינ דער
צײַט פונ צאריזמ.

א ריי בײַשפּילנ, וואָס גיבנ א באגריפ וועגנ
דער קאָנקרעטער שעפטומ-ארבעט. גלײַך נאָך דעמ,
ווי ווײַסרוסלאנד האָט גענומענ שעפטום איבער
בירעבירזשאנ, איז אהינ געשיקט געוואָרנ אנ אינ־
טערנאציאָנאלע ארבעטער-דעלעגאציע, וואָס איז
נאָכדעמ ארויסגעטראָטנ מיט באריכטנ אפ די אונ-
טערנעמונגענ פונ ווײַסרוסלאנד. אינ רעזולטאט פונ
די דאָזיקע באריכטנ האָבנ א גאנצע ריי אונטער-
נעמונגענ אונ אנשטאלטנ פונ ווײַסרוסלאנד גענומענ
אפ זיך קאָנקרעטע פארפליכטונגענ בענוגייע בירעביד־
זשאנ. דער זאוואָד „קאָמונאר", לעמאָשל, האָט געשיקט
קיינ בירעבידזשאנ א רעמאָנט־בריגאדע, וואָס האָט
פיל מ־טנעהאָלפנ דער פארזיי־קאמפאניע. די ווײַס־
רוסישע מעלוכישע קינאָ־אָרגאניזאציע האָט אוועק־
געשיקט אויסשטאטונג פאר א קינאָ. דער
פאָלקס־קאָמיסאריִאט פאר געזונט־אָפּהיטונג האָט
געשיקט מעדיצינישע טוער אונ מעדיקאמענטנ, דער
פאָלקס־קאָמיסאריִאט פאר בילדונג — לערער פאר די
בירעבידזשאנער שולנ, דער ווײַסרוסישער מעלוכע־
פארלאג — א ביבליאָטעק אאוו.

דער מאָסקווער געזערד האָט אינ 1933 יאָר
אויסגעבויט אינ בירעבידזשאנ א שפּיטאָל אונ אנ
עלעקטרישע סטאנציע אפ 450 קילאָוואט. דער לע־
נינגראדער געזערד האָט אינ 1932—1933 יאָר קאָ-
מאנדירט קיינ בירעבידזשאנ אייניקע געאָלאָגישע
עקספּעדיציעז, וואָס האָבנ דורכגעפירט א וויכטיקע
ארבעט אינ די נאָך וויניק אויסגעפאָרשטע כינ-
גאנער בערג. די געזערדנ פונ דער צענטראלער
שווארצערדישער געגנט אונ פונ גאָרקי־קאנט האָבנ
געשיקט קיינ בירעבידזשאנ צוויי טראקטערס אאוו.

**אָנטייל אינ די לאנד־ווירטשאפט-לעכע קאמ-פאניעס**

דער צווייטער צוזאמענפאָר פונ געז-
ערד אינ 1932 יאָר האָט אָנגע־
נומענ א באשלוס, אז דער געזערד,
ווי אלע איבעריקע סאָוועטישע אָר־
גאניזאציעס, דארפ זיך אײַנשליסנ
אינ די אלגעמיינע ווירטשאפטלעכע
אונ געזעלשאפטלעכע קאמפאניעס, וואָס די ראטנ־
מאכט פירט דורכ. ווי דערמאָנט, נעמענ די געז-
ערד־אָרגאניזאציעס יעדנ יאָר אנ אקטיוונ אָנטייל
אינ די לאנדווירטשאפטלעכע קאמפאניעס פונ די
ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנענ אונ פונ דער ייִדישער
אווטאָנאָמער געגנט. ס'איז גענוג נאָר אויסצורע-
כענענ, וואָס דער געזערד האָט אופגעטאָנ אפ דעמ
געביט פאראיאָרנ, אינ 1934 יאָר, קעדיי צו האָבנ
א קלאָרנ באגריפ וועגנ דעמ גרויסנ פארנעמ אונ
דער וויכטיקײַט פונ דער דאָזיקער ארבעט.

דער אוקראיִנישער רעפּובליקאנער געזערד האָט
אָרגאניזירט צוועלפ רעמאָנט-בריגאדעס, וואָס האָבנ
רעמאָנטירט דעמ לאנדווירטשאפטלעכנ אינווענ-
טאר אינ די ייִדישע קאָלווירטנ. אינ נײַ-זלאטאָ־
פּאָליער ייִדישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ איז קאָמאנ־
דירט געוואָרנ א קינסטלערישע גרופּע, קעדיי צו
באדינענ דעמ פרילינג-פארזיי. מע האָט געשיקט



אין כארקאָווער שוכ־פאבריק אפ כ׳ קאהאנאָוויטשעס נאָמען. אר־בעטער פארשרײַבן זיך אין ברי־גאדעס צו פאָרן אין די ייִדישע קאָלווירטן העלפן דורכפירן די לאנדווירטשאפטלעכע קאמפאניעס

אין די קאָלווירטן 133 אפטייקלעך. דער קיִעווער, אָדעסער און קרעמענטשוקער געזערדן האָבן געשיקט אין די קאָלווירטן 4 רעמאָנט־בריגאדעס. דער קרימער געזערד האָט קאָמאנדירט אין די ייִדישע קאָלווירטן פון יעווּפאטאָריער ראיאָן 4 בריגאדעס, צונויפגעשטעלט פון סימפעראָפאָלער און סעוואסטאָפאָלער ארבעטער. דער גרוזישער געזערד האָט פאנאנדערגעשיקט ארבעטער איבער אלע ייִדישע קאָלווירטן פון גרוזיע, האָט געבראכט אין אָרדענונג דעם אינוועגטאר, מיטגעהאָלפן צו באזאָרגן די קאָלווירטן מיט זוימען און מיט קי אאוו. א גרויסע ארבעט האָט דורכגעפירט דער מאָסקווער געזערד, ער האָט געשיקט אין די קרימער קאָלווירטן, איבער וועלכע ער האלט שעפטום, פארשיידענע אינסטרומענטן, עלעקטרישע אינסטאליאציעס, ליטעראטור, רעזערוו־טיילן, ראדיאָ־אפאראטן אאוו.

וואָס פאר א גרויסע פראקטישע און געזעל־שאפטלעכע באדײַטונג עס האָט דער אָנטייל פון געזערד אין די לאנדווירטשאפטלעכע קאמפאניעס פון די ייִדישע קאָלווירטן, וואָס פאר א גרויסן אינטערנאציאָנאל-דערציִערישן אינהאלט עס באקומט די דאָזיקע ארבעט, קאָן מען זען פונעם פאָלגנדיקן דאָקומענט-אטעסטאציע, וואָס עס האָט באַקומען איינע פון די מאָסקווער בריגאדעס פון לארינדאָרפער מאשינ־טראקטערישער סטאנציע אין קרים. די אטעסטאציע איז אדרעסירט דעם מאָסקווער געזערד.

„דער פאָליטאָפטייל, די פארטיי־אָרגאניזאציע און די דירעקציע פון לארינדאָרפער מאשינ־טראקטערישער סטאנציע דריקט אײַך אויס זייער גרויסן דאנק פאר דער הילף אין אזא אָנגעשטרענגטן מאָמענט, אין דער צײַט פון דער שניט-קאמפאניע. די הויכ־קוואליפיצירטע ארבעטער, די כאווײרים סוריקאָוו איוואן פאדייעוויטש און איוואנקאָוו אנדריי געראסימאָוויטש, האָבן פולשטענדיק בארעכטיקט דעם צוטרוי, וואָס איז זיי ארויסגעוויזן געוואָרן. ניט רעכענענדיק זיך מיט דער צײַט, האָבן די דאָזיקע כאווײרים געארבעט ביז 10—12 שאָ א טאָג, נאָר קעדיי אמשנעלסטן צוצוגרייטן גוט אָפגערעמאָנטירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס פאר די סאָציאַליסטישע פעלדער. אריבערטראָגנדיק די פראקטיק פון זייער זאוואָד אין אונדזערע ווארשטאטן, האָבן זיי געלערנט אונדזערע יונגע ארבעטער, געיועט פאר זיי א בײַשפיל, זיי אלעמען מאָביליזירט, קעדיי וואָס גיכער צו פארענדיקן דעם רעמאָנט. די כאווײרים סוריקאָוו און איוואנקאָוו האָבן ניט נאָר געגעבן אונדז זייער פיזישע מי, נאָר אויך אָנטיילגענומען אין דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, אין די פראָדוציר־בעראטונגען, סאָציאַליסטישן פארמעסט אאוו.״.

פּראָפּא־גאנדע

די דאָזיקע ברידערלעכע הילף, דער דאָזיקער מיטגעפיל, וואָס די ייִדישע איבערבוי-ארבעט געפינט צווישן די ברייטע ניט-ייִדישע ארבעטער-מאסן, אזוינע סוריקאָווס און איוואנקאָווס זײַנען פאראַ הונדער-



א זיצונג פון א ייִדישן דאָרפראט (קרים)

טער און טויזנטער אין אַלע עקן פון ראטנפאר־באנד, — דער דאָזיקער צוזאמענשלוס צווישן א פריִער אונטערדריקטער און א פריִער גרויס־הערשנדיקער נאציאָנאליטעט — זייַנען די וויכטיק־סטע מאָמענטן, די גרעסטע דערגרייכונגען פונעם אלפארבאנדישן געזערד. א פארשיידנארטיקע פאר־צווייַגטע אַגיטאטערישע מאסן־ארבעט, אינטערנא־ציאָנאלע אָוונטן, שמועסן וועגן דער לעגינשער נאציאָנאלער פּאָליטיק אפ אונטערנעמונגען און אין קאָלווירטן, ראדיאָ־פאָרטראָגן אאוו. — דאָס זייַנען די הויפּט־פאָרמען פון דער געזערדישער דערציִערישער ארבעט. ס'איז גענוג אָנצווייַזן, אז פארן 1933 יאָר האָט אזא באשיידענע אָרגאניזאציע, ווי די גאָר־קער (געוועזענע ניזשני־נאָווגאָראָד) דורכגעפירט 42 שמועסן, 38 ראדיאָ־פאָרטראָגן, 16 מיטינגען און 8 אינטערנאציאָנאלע אָוונטן.

אפ דעם גרויסן מעטאלורגישן זאוואָד אפּן נאָמען פון כ' מאָלאָטאָוו (אוראל) מיט א קימאט דורכויסיקער ניט־ייִדישער ארבעטערשאפט עקזי־סטירן 33 געזערד־קעמערלעך מיט 955 מיטגלידער. אין 1933-טן יאָר איז אפּן זאוואָד פאָרגעקומען א פאל פון אנטיסעמיטיזם. די ארבעטער האָבן אפ דעם דאָזיקן שענדלעכן ארויסטריט געענטפערט מיט א מאסעווון ארייַנטרעטן אין געזערד און מיט א 100-פּראָצענטיקער רעאליזירונג פון די געזער־דישע לאָטעריי־בילעטן.

ניט ווייניק האָבן מיטגעווירקט דער אינטער־נאציאָנאלער פארברידערונג, ווי אויך דער פּאָפּו־ליאריזירונג פון בירעבידזשאן, די דעלעגאציע פון די בעסטע בירעבידזשאנער שלאָגלער, וואָס האָט אין הארבסט 1933 באזוכט רספסר, ווייַסרוסלאנד און אוקראַינע. זי איז ארויסגעטראָטן אפ די גרע־סטע אונטערנעמונגען און האָט פארשטארקט די שעפּטום־ארבעט אין א ריי געזערד־אָרגאניזאציעס און קעמערלעך. דעם זעלביקן ציל האָט אויך גע־דינט דער רייס פון אעראָפּלאן „בירעבידזשאנער“— ארויסגעבויט אפ די מיטלען פון געזערד, וואָס האָט אין אָקטיאבער און נאָיאבער 1933 באזוכט א ריי גרויסע שטעט אין אוקראַינע און קרים און אויך די אוקראַינער און קרימער ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען.

**„יונגע גע־זערד־פריַינט“**

דער שטאָלץ פון געזערד איז די באוועגונג פון די „יונגע געזערד־פריַינט“. בא שולן און פּיִאָנערישע אָטריאדן ווערן געשאפן קעמערלעך געזערד־פריַינט, וואָס שטעלן זיך פאר א ציל פּראקטיש צו העלפן דעם „דערוואקסענעם“ געזערד, פירן אן אינטערנאציאָנאלע דערציִערישע ארבעט, „זייַן שטענדיק גרייט“ צו קעמפן פארן לעגינישן אינטערנאציאָנאליזם, פאר דער נאציאָנאלער פּאָלי־טיק פון דער ראטנמאכט, פאר דער באפרייַונג פון די ארבעטנדיקע פון אלע לענדער.

אלס מוסטער פון דער יונגער געזערד־בא־וועגונג קאָן דינען וואָראָנעזש, דער צענטער פון דער שווארצערדישער געגנט. צוועלף טויזנט יונגע געזערד־פריַינט האָט געציילט וואָראָנעזש אין 1934. אין סאָציאַליסטישן פארמעסט, וואָס איז פאנאנ־



„יונגע געזערד־פרײַנט“ אפ א דע־מאָנסטראַציע (טיפליס)

דערגעוויקלט געוואָרנ צווישנ די שולנ, זײַנענ די יונגע געזערד־פרײַנט ארויס אפנ ערשטנ אָרט מיט די בעסטע צײַגערס אינ לערנענ, דיסציפלינ אונ געזעלשאפטלעכער ארבעט. די יונגע געזערד־פרײַנט האָבנ אײַנגעשטעלט א שריפטלעכנ קאָנטאקט מיט די בירעבידזשאנער פּיאָנערנ, זיי פארשפרייטנ די געזערד־לאָטעריי, וואָס אירע מיטלענ זײַנענ דערהויפּט באשטימט פאר דער סאָציאַליסטישער בויונג פונ בירעבידזשאנ, פארשפרייטנ די געזערד-אויסגאבנ, פירנ אנ אופקלערערישע ארבעט צווישנ דעמ עלטערנ דאָר.

די פּיאָנערנ פונ ווײַסרוסלאנד האָבנ, לויט דער איניציאַטיוו פונ די צײַטונגענ „יונגער לענינעצ“ אונ „פּיאָנער פונ ווײַסרוסלאנד“, אויסגעריכט אונ אָפּגעשיקט קיינ בירעבידזשאנ 2 וואגאָנעס מיט מאכשירימ פאר די פּאָליטעכנישע קאבינעטנ פונ די בירעבידזשאנער שולנ. ארומ דעמ איז פאנאנדערגעוויקלט געוואָרנ א ברייטע אינטערנאציאָנאלע ארבעט אינ די ווײַסרוסישע, פוילישע אונ ייִדישע שולנ. זומער 1933 האָט ווײַסרוסלאנד באזוכט אנ אינטערנאציאָנאלע פּיאָנערישע דעלעגאציע פונ בירעבידזשאנ. די דעלעגאציע איז באשטאנענ פונ 8 ייִדישע, רוסישע אונ קאָרייִשע קינדער. די דעלעגאציע האָט זיכ פארבונדנ מיט די ווײַסרוסישע פּיאָנערישע אָרגאניזאציעס. זי איז אופגענומענ געוואָרנ פונעמ פארזיצער פונ ווײַסרוסלענדישנ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט כ׳ טשערוויאקאָוו. מיט איר אָנטייל איז אינ מינסק פּאָרגעקומענ אנ אלשטאָטישער פּיאָנערישער „שײַטער“. דאָס איז געווענ א וואונדערלעכע דעמאָנסטראציע פונ אינטערנאציאָנאלנ צוזאמענשלוס צווישנ קינדער פונ 5 ברידערלעכע סאָוועטישע פעלקער.

**ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט**

באזונדערס ענטוזיאַסטיש האָבנ זיכ די יונגע געזערד-פרײַנט אָפּגערופנ אפ דער באשטימונג פונ דער רעגירונג וועגנ פארוואנדלענ בירעבידזשאנ אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

דעמ 1-טנ יונ 1934 איז אינ מינסק פּאָרגעקומענ א קינדערשער ראַדיאָ־מיטינג, געווידמעט דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. באמ מיקראָפאָנ זײַנענ ארויסגעטראָטנ די בעסטע פּיאָנערנ—שלאָגלער פונ שפּעטומ איבער בירעבידזשאנ, פאָרשטייער פונ דער מינסקער פּיאָנערנ־אָרגאניזא-



וואָראָנעזשער „יונגע געזערד־פרײַנט“ לייענען א בריוו צו זיי פון דער קינדער־קאָמונע אינעם קאָלווירט „סטאלינ“ (קרים)

ציע באם זאוואָד „וואָראָשילאָוו“, „זוועזדא“, פונ די באָברויסקער פּיאָנערן, די פּיאָנערקע סידיראנסקאיא, וואָס האָט באזוכט בירעבידזשאנ. די כעוורע האָבנ דערציילט וועגנ דעם, ווי זייערע רינגענ אונ גרופּעס זײַנענ צונויפגעבונדנ מיט די פּיאָנערנ פונ בירעבידזשאנ, וועגנ די מאטאָנעס, וואָס זיי האָבנ אָפּגעשיקט פאר די בירעבידזשאנער פּיאָנערן, וועגנ זייערע פּלענער אפ ווײַטער.

ניט נאָר די יונגע געזערד־פרײַנט האָבנ אופגענומענ די באשטימונג וועגנ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט מיט דער גרעסטער אנערקענונג אונ באפרידיקונג. צענדליקער מיטינגענ, הונדערטער באגריסונגענ, פילצאָליקע שפּעטום־פארפליכטונגענ — דאָס איז געווענ דער ענטפער פונ דער סאָוועטישער אינטערנאציאָנאלער געזעלשאפטלעכקײַט אפ דער היסטאָרישער באשטימונג וועגנ בירעבידזשאנ.

„די באשטימונג פונ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט — שרײַבנ די אָנפירנדיקע אָרגאניזאציעס פונ איינעם פונ די גיגאנטישע סאָוועטישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ, פונעם מאָסקווער זאוואָד אפנ נאָמענ פונ כ׳ ל. מ. קאהאנאָוויטש — איז א ווײַטערדיקער מאָסמיטל, וואָס דארפ הייבנ די עקאָנאָמישע אונ קולטורעלע אנטוויקלונג פונ די יידישע ארבעטנדיקע מאסנ“.

די אָנפירונג פונ מאָסקווער מעטאלורגישנ זאוואָד „סערפּ אונ האמער“ דריקט אויס איר זיכערקײַט, „אז די ארבעטנדיקע יידנ וועלנ פארוואנדלענ בירעבידזשאנ אינ א פאָרגעשריטענער געגנט, אז מיט א נאָכ ביז איצט ניט געזעענעם אופשווונג אונ שעפערישער ענערגיע וועלנ זיי זיכערנ די דערפאָלגנ פונ דער בירעבידזשאנער סאָציאליסטישער בויונג“.

„איכ וויל באצייכענענ דעם באשלוס פונ דער רעגירונג, — שרײַבט דער מאָסקווער ארבעטער כ׳ ראָשטשינ, — מיט א גוט אוועקגעשטעלטער געזערד־ארבעט אינ מײַנ צעכ“.

„איכ נעמ זיכ אונטער, — רופט זיכ איבער מיטנ כ׳ ראָשטשינ דער ארבעטער כ׳ נאזאראָוו, — פאנאנדערצוּוויקלענ בא זיכ אפנ זאוואָד א ברייטע געזערד־ארבעט, וואָס דארפ העלפנ דער ראטנמאכט אויסצוּוואָרצלענ אלע קאפּיטאליסטישע רעשטלעכ“.

אויכ אינ אוקראינע אונ ווײַסרוסלאנד איז דער

באשלוס וועגנ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אָנגענומענ געוואָרנ דורכ די טויזנטער ארבעטער אונ ארבעטנדיקע מיט דער גרעסטער באגײַסטערונג.

אלס ענטפער אפ דעמ באשלוס האָבנ א ריי אונטערנעמונגענ אינ מינסק זיכ פארפליכטעט אינ אָרדענונג פונ שעפטומ אויסצוארבעטנ פאר בירעבידזשאנ א ריי זאכנ אונ מאכשירימ. די ניי־פאבריק „אָקסיאבער", דער זאוואָד „אודארניק", דער זאוואָד „וואָראָשילאָוו", דער פלייש-קאָמבינאט, דער האָלצ־באארבעטונג־זאוואָד „מאָלאָטאָוו", פארשיידענע קוסט-געווערב-ארטעלנ שטײַגנ אריבער איינע די אנדערע מיט באשלוסנ וועגנ שעפטומ, וועגנ שיקנ מאטאָנעס די בירעבידזשאנער איבערוואנדערער, וועגנ טעכנישער באזאָרגונג פונ די בירעבידזשאנער אונטערנעמונגענ.

צווישנ די געווערב-סיסטעמענ פונ כארקאָווער געגנט אונ ווײַסרוסלאנד איז געשלאָסנ געוואָרנ א סאָצגעוועט אפ בעסער אָרגאניזירנ דאָס שעפטומ איבער דער בירעבידזשאנער געווערב־קאָאָפעראציע אונ פארשטארקנ די געזערד-ארבעט אפ די אונטערנעמונגענ פונ דער געווערב־קאָאָפעראציע. קאָנקרעט האָבנ די געווערב-סיסטעמענ פונ כארקאָווער געגנט אונ ווײַסרוסלאנד זיכ פארפליכטעט צונויפזאמלענ א באדײַטנדיקע סומע אפ דער בויונג פונ א קולטור־הויז אינ בירעבידזשאנ.

דער אוקראיִנישער רויטער קרייצ האָט צוזאמענ מיטנ געזערד קאָמאנדירט קיינ בירעבידזשאנ א גרופע מעדיצינישע טוער, צווישנ זיי 3 מעדיקער, 3 בארעמהארציקע שוועסטער אונ איינ דעזינפעקטאָר. די גרופע האָט אוועקגעפירט א פולנ קאָמפלעקט מאכשירימ אונ מעדיקאמענטנ פאר א שפיטאָל אפ 25 בעטנ.

נאָכ פריִער, סאָפ 1933, ווענ עס איז פארעפנטלעכט געוואָרנ דער באשלוס וועגנ די להאָטעס פאר דער באפעלקערונג פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט, האָט זיכ די ברידערלעכע מיטארבעט פונ די בירעבידזשאנער פעלקער ארויסגעוויזנ גענוג דײַטלעכ. אלס ענטפער אפ דער באשטימונג וועגנ פארוואנדלענ בירעבידזשאנ אינ א ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט האָט דער רוסישער קאָלווירט „זאריא" אפנ אמור געבעטנ ארײַנשיקנ אימ 25 איבערוואנדערישע ייִדישע פאמיליעס. דער קאָלווירט האָט זיכ פארפליכטעט צו באזאָרגנ די איבערוואנדערער מיט אלדאָס נייטיקע פאר דער לאנדווירטשאפט, פישפאנג אונ יעגערײַ. דער פאָרגעשריטענער קאָרייִשער קאָלווירט „פאמיר" האָט צוגעשיקט אלס מאטאָנע די בירעבידזשאנער ארבעטער־שלאָגלער 300 קילאָגראמ פלייש, האָניק אונ מעל. די ייִדישע ארבעטער פונ זייער זײַט האָבנ געהאָלפנ דעמ רוסישנ קאָלווירט „טרעוואָגא" צו ליקווידירנ דעמ דורכרײַס אונ אראָפנעמענ די טוויע פונ פעלד.

די גאנצע בירעבידזשאנער באפעלקערונג האָט הייס באגריסט די באשטימונג פונ דער רעגירונג וועגנ דער אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

„מיר, — שרײַבנ די קאָלווירטניקעס פונ רוסישנ קאָלווירט „פוט לענינא",— פארפליכטנ זיכ אינ צוזאמענהאנג מיט דער באשטימונג פונ צענטראלנ אויספיר־קאָמיטעט מיט נאָכ מער ענטוזיאזמ צו פארענדיקנ דעמ פארזיי. מיר וועלנ אויכ אפ ווײַטער זיכ שלאָגנ פארנ ערשטנ אָרט אינ אונדזער געגנט אונ קאנט".

די פארזאמלונג פונ דער סאָוועטישער גרענעצ-וואכ האָט ארײַנגעשיקט דעמ בירעבידזשאנער פארטיי-קאָמיטעט אונ רײַויספירקאָמ א פײַערלעכע באגריסונג: „מיר פארזיכערנ אײַכ, אז די גרענעצנ פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, די גרענעצנ פונעמ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט וועלנ אויכ אפ ווײַטער שטיינ אײַזנפעסט. מיר וועלנ זיכ נאָכ ענגער צונויפשליסנ מיט די ארבעטנדיקע פונ בירעבידזשאנ אינעמ קאמפ פאר סאָציאליזמ". מיט ניט וויניקער באגײַסטערונג אונ זיכערקײַט זײַנענ דורכגעדרונגענ די איבעריקע ווענדונגענ, באגריסונגענ אונ באשלוסנ.

סאָפ 1934 י. האָט דער צענטראלער געזערד דורכגעפירט א ברייטע שעפ-קאמפאניע לעקאָוועד דעמ VII אלפארבאנדישנ ראטנ-צוזאמענפאָר אונ דעמ I ראטנצוזאמענפאָר פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אדאנק דער פאנאנדערגעוויקלטער מאסנ־ארבעט האָט די קאמפאניע ארומגעכאפט די ברייטסטע שיכטנ ארבעטער; א ריי אונטערנעמונגענ, אויספיר-קאָמיטעטנ, פראָפעסיאָנעלע פאריינענ, קאָאָפעראטיווע אָרגאניזאציעס אדג. האָבנ אפ זיכ גענומענ קאָנקרעטע שעפישע היסכײַוועסנ.

פארנ געזערד האָט זיכ געעפנט א ברייט פעלד פונ נײַע אויפגאבנ אונ נײַע מעגלעכקײַטנ. מיטנ פראָקלאמירנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט ווערט נאָכ מער פארשטארקט די ארבעט פונ באהערשנ אירע רײַכטימער. דער נאָענטסטער געהילפ פונ דער ראטנמאכט אפנ דאָזיקנ געביט איז דער אלפארבאנדישער געזערד, די סאָוועטישע אינטערנאציאָנאלע געזעלשאפטלעכקײַט.

# די ייִדישע ארבעטנדיקע אין אויסלאנד העלפן בויען די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט

די קאָלאָסאלע ענדערונגען, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די נאציאָנאלע פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט האָבן אריינגעבראכט אין ייִדישן לעבן, די הונדערטער טויזנטער נייע ייִדישע ארבעטער און פויערים, די ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען, דער אופבלי פון דער ייִדישער סאָציאליסטישער קולטור, דער קאָלאָסאלער פארנעם פון דער ארבעט אין בירעבידזשאן, אין דער איצטיקער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, האָבן געפונען דעם ברייטסטן אָפּקלאנג און ארויסגערופן די שטארקסטע סימפּאטיעס בא די ייִדישע מאסן אויסער די גרענעצן פון ראטנפארבאנד.

די ייִדישע שטעטלדיקע אָרעמשאפט, וואָס איז אזוי מערדערלעך פארפאָלגט געוואָרן באם צאריזם און האָט מיט יאָרן צוריק פארלאָזן די „אלטע היים“ און מאסנווייז אויסגעוואנדערט קיין צאָפן־אמעריקע, ארגענטינע, אפריקע און אנדערע לענדער, האָט איצט מיט א באזונדער פרייד אופגענומען דאָס נייע, וואָס קומט פאָר אין פססר, אין דעם סאָציאליסטישן פאָטערלאנד פון אלע ארבעטנדיקע. די ייִדישע מאסן אין די עמיגראציע־לענדער און מיט זיי דער בעסטער און אופריכטיקסטער טייל פון דער אָרטיק־געבירטיקער ייִדישער און טיילווייז אויך ניט־ייִדישער באפעלקערונג האָבן זיך ענטוזיאסטיש אָפּגערופן און איינגעשלאָסן אין דער ארבעט, וואָס די ראטנמאכט פירט דורך צווישן דער ייִדישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג אין פססר.

אין צאָפן־ און דאָרעם־אמעריקע, אפריקע און מיטל־אייראָפּע איז אופגעקומען א ריי מאסן־אָרגאניזאציעס, וואָס האָבן זיך פארבונדן מיטן אלפארבאנדישן געזערד און פאנאנדערגעוויקלט א פארצווייגטע און דערפאָלגרייכע טעטיקייט צוהילף דער ייִדישער ערד־איינאָרדענונג אין ראטנלאנד.

אונטערן דרוק פון די ברייטע ייִדישע מאסן

האָבנ די ייִדישע בירגערלעכע עלעמענטנ אינ אייניקע לענדער אויכ געפונענ פאר נייטיק אָנטיילצונעמענ אינ דער דאָזיקער הילפ-אקציע. אזוי זײַנענ אנטשטאַנענ די פאָרשטייערשאפטנ פונ „אגראָדזשוינט“, „יעקאָ“ און „אָרט“ אינ פססר, וואָס ארבעטנ אינ די אוקראַינער און קרימער ייִדישע נאַציאָנאלע און איבערוואנדערישע ראַיאָנענ אפנ סמאכ פונ ספּעציעלע אָפּמאכנ, וואָס זיי האָבנ געשלאָסנ מיטנ קאָמערד.

אינ די פאָלגנדיקע לענדער זײַנענ פאראנ אָרגאניזאציעס, וואָס שטייענ אינ פארבינדונג מיטנ אלפארבאנדישנ געזערד און העלפנ אים אינ זײַנ ארבעט:

אמעריקאנער פארייניקטע שטאטנ, קאנאדע, ארגענטינע, אורוגוויי, בראזיליע, דאָרעמ־אפריקע, פאלעסטינע, אװסטראליע, פוילנ, ענגלאנד, דענעמארק, שוועדנ, לעטלאנד, דאנציק, עסטרײַכ, פראנקרײַכ און בעלגיע. עס עקזיסטירנ אויכ גרופּעס געזערד-סימפּאטיקער אינ כינע, טשעכאָסלאָוואקיע, שפּאניע, בולגאריע און עסטלאנד.

אינ די אלע לענדער זײַנענ טויזנטער ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע פארייניקט אינ די רייענ פונ די געזערדישע הילפ־אָרגאניזאציעס, אינ ענגסטנ קאָנטאקט מיט די איבעריקע פּראָסאָוועטישע פארייניקונגענ פירנ די דאָזיקע אָרגאניזאציעס א ברייטע אופקלער־ארבעט פארנ ראטנפארבאנד, פאר זײַנ סאָציאליסטישער בויונג, פאר דער לעניניש־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק.

די אויסלענדישע געזערד-אָרגאניזאציעס שטייענ אינ די פאָדערשטע קאמפּ־רייענ קעגנ פאשיזמ און קעגנ דער אינטערווענצ-געפאר, וואָס דראָעט דעמ ראטנפארבאנד.

**געזערדישע צײַטשריפטנ**

א זייער צאָלרײַכע פעריאָדישע און ניט-פעריאָדישע ליטעראטור מאכט פּאָפּולער דעמ נאָמענ „געזערד“ אינ די ווײַטסטע ערד־ווינקלענ. אינ א ריי לענדער דערשײַנענ ספּעציעלע צײַטשריפטנ, געווידמעט דער געזערד-באוועגונג: „איקאָר“ אינ צאָפנ־אמעריקע, „איקאָר“ אינ קאנאדע, „נײַערד“ אינ ארגענטינע, „בראזקאָר-ביולעטענ“ אינ בראזיליע, „געזערד־וואָרט“ אינ דאָרעמ־אפריקע. עס דארפ אויכ דערמאָנט ווערנ דער זשורנאל „די ווענדע“ פונ דײַטשישנ געזערד, וואָס איז אונטערגעגאנגענ צוזאמענ מיט דער גאנצער אָרגאניזאציע אונטערנ דרוק פונ ברוטאלנ היטלער־רעזשימ. אינ 1934 י. איז אויכ פארמאכט געוואָרנ דער לעטלענדישער זשורנאל „נײַערד“.

ניט נאָר מיטנ געדרוקטנ און עפנטלעכנ וואָרט זײַנענ די אויסלענדישע אָרגאניזאציעס געקומענ צוהילפ דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג אינ ראטנפארבאנד. זייער הילפ איז געווענ אויכ א מאטעריעלע. פארשיידענע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, טראקטערס, ווארשטאטנ און טעכנישע אײַנריכטונגענ זײַנענ אינ א באדײַטנדיקער צאָל איבערגעשיקט געוואָרנ פונ אויסלאנד אינ די ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנענ און בירעבידזשאנ.

א באזונדערס גרויסנ פארנעמ האָט אָנגענומענ די טעטיקײַט פונ די געזערדישע הילפּ־אָרגאניזאציעס אינ צוזאמעהאנג מיט דער סאָציאליסטישער בויונג אינ בירעבידזשאנ. די פּערספּעקטיוו פונ דער צוקינפטיקער, איצט שוינ פארווירקלעכטער, ייִדישער נאציאָנאלער געגנט האָט נאָכ מער פארשטארקט די ליבע פונ די ברייטע ייִדישע הארעפּאשנע מאסנ אינ אלע לענדער צומ סאָוועטנפארבאנד, צו דעמ איינציקנ לאנד, וואָס האָט אזוי קאָנסעקווענט, „מיט א פולער האנט“ געלייזט די „אייביקע ייִדנ־פּראגע“ און פארוואנדלט די ייִדישע אונטערדריקטע מאסע אינ א סאָציאל-און נאציאָנאל-געזונטער קערפּערשאפט, אינ א פולבארעכטיקטער און פולבלוטיקער נאציע.

**דער „איקאָר“ אינ די פארייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע**

די עלטסטע און אָרגאניזאציאָנעל שטארקסטע פונ די אויסלענדישע געזערד-אָרגאניזאציעס איז די אמעריקאנישע — דער „איקאָר“. דער „איקאָר“ איז געגרינדעט געוואָרנ אינ 1925 יאָר אלס א פּראָלעטארישע מאסנ-אָרגאניזאציע צו העלפנ דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג אינ ראטנפארבאנד.

דער „איקאָר“ פארמאָגט איצט איבער 10 טויזנט מיטגלידער און אכציק אָפּטיילונגענ אינ די פארייניקטע שטאטנ און אינ קאנאדע. די מיטגלידערשאפט באשטייט פונ א פארשיידנארטיקנ עלעמענט: אהער גייענ ארײַנ קלאסנ־באוווסטזיניקע ארבעטער, ארבעטער, וואָס באלאנגענ נאָכ צו די אָרגאניזאציעס פונ דעמ רעפאָרמיסטישנ לאגער, קליינבירגער, וואָס סימפּאטיזירנ מיט די קעמפנדיקע ארבעטער מאסו. די אלע עלעמענטנ פארייניקט זייער טרײַשאפט צומ ראטנפארבאנד.

ווענ די סאָוועטישע רעגירונג האָט פּראָקלאמירט בירעבידזשאנ אלס אָרט פאר קאָנצענטרירטער קאָלאָניזאציע פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע, האָט דער „איקאָר“ אהינ אריבערגע־

פירט זײַנע גאַנצע הילפֿ־טעטיקײַט. אין משך פֿון די לעצטע זעקס יאָר האָט דער „איקאָר“ איבערגעשיקט קיין בירעבידזשאַן אַף איבער אַ פֿערטל מיליאָן דאָלער מאַשינעס און אינסטרומענטן. צוגלײַך מיט די ריזיקע סומען, וואָס די ראַטן־רעגירונג האָט אַסיגנירט פֿאַר בירעבידזשאַן, דאַרפֿן דערמאָנט ווערן אויך די דאָזיקע בײַטראָגן פֿון „איקאָר“, וועלכע האָבן געגעבן אַ מעגלעכקײַט צו מעכאַניזירן אַ רײ ווירטשאַפֿט־צווײַגן פֿון ראַיאָן. די טראַקטאָרס, די אווטאָמאָבילן, מאָטאָציקלען, עקסקאַוואַטאָרס, האָלץ-באַאַרבעט־מאַשינעס, אויסשטאַטונג פֿאַר מאַשין-און בלעך-פֿאַבריקן. די גרויסע צאָל קלענערע מאַשינעס און מאַכשירים, וואָס דער „איקאָר“ האָט אַרײַנגעפֿירט אין בירעבידזשאַן, האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע אין זײַן אויפֿבוי.

אין 1929 יאָר האָט דער „איקאָר“ אָרגאַנאַנירט אַן עקספּעדיציע פֿון אַמעריקאַנער געלערנטע און ספּעציאַליסטן אונטערן פֿאָרזיץ פֿונעם פּראָפֿעסער העריס, וועלכע האָט דורכגעפֿירט אַ גרינטלעכע אויספֿאָרשונג פֿון בירעבידזשאַן.

אין איר באַריכט דריקט אויס די קאָמיסיע „איר גלויבן אין די מעגלעכקײַטן פֿון בירעבידזשאַן... עס איז אַ ריזיק לאַנד, — דערקלערט די קאָמיסיע, — וואָס האַלט זיך אין בויען. עס פֿאַרמאָגט פֿיל נאַטור־אויצרעס, וואָס קענען פּראָדוצירן אַ סאַך אַגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע רײַכטימער, קעדיי צו דערנערן גרויסע מאַסן מענטשן. עס איז ניטאָ קיין שום סיבע, פֿאַרוואָס די געגנט זאָל זיך ניט אַנטוויקלען אין אַ געדיכט באַווינטן אָרט און די קאָלאָניסטן — אין גוט באַזאָרגטע מענטשן... די קאָמיסיע פֿילט זיך באַרעכטיקט צו באַהויפּטן, אַז זי האָט ניט געפֿונען אין בירעבידזשאַן קיין שום שוועריקײַטן, וועלכע מע זאָל ניט קענען בײַקומען דורך פֿלײַסיקער אַרבעט און דורך אָנווענדונג פֿון מאָדערנע טעכנישע אָרגאַניזאַציאָנעלע מעטאָדן.

נעמענדיק דאָס לאַנד ווי עס איז און טראָץ די שוועריקײַטן פֿון פּיאָנערנטום, בײַ אַ געהעריקער אָנפֿירונג און מיט דער נייטיקער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג קאָן מען דערוואַרטן, אַז די צוקינפֿטיקע ייִדישע איבערוואַנדערער וועלן פֿאַרוואַנדלען בירעבידזשאַן אין אַ גוט-אַנטוויקלט בליִענדיק לאַנד“...

דער „איקאָר“ פֿירט אַ פֿאַרצווײַגטע שריפֿטלעכע און מינדלעכע אויפֿקלערונג־אַרבעט. עס ווערן אָפּגעהאַלטן יערלעך הונדערטער לעקציעס, מאַסן־מיטינגען, דיסקוסיעס א"ד. דער „איקאָר“ פֿירט



די אויסלענדישע גרופּע פֿון דער עקסקורסיע פֿון בירעבידזשאַנער שלאָגלער איבער פסס

אַן אַנטשלאָסענעם און ענערגישן קאַמף קעגן די סאָציאַל־פֿאַשיסטן, קעגן די ציִעניסטן און אַלע אַנדערע סאָנים פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד.

לעצטנס האָט דער „איקאָר“ אַנטוויקלט אַ ברייטע אַנטיפֿאַשיסטישע קאַמפּאַניע. דער קאַמף קעגן פֿאַשיזם איז אַ קאַרדינאַלע אויפֿגאַבע, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט פֿאַר זיך געשטעלט.

אַז די ראַטן-רעגירונג האָט אויסגעטיילט בירעבידזשאַן אַלס דעם צוקינפֿטיקן נאַציאָנאַלן איינס, האָבן זיך טייקעף אַ שאָט געטאָן די מיִסטע ליגנס און אַטאַקעס קעגן דעם נײַעם איבערוואַנדער־ראַיאָן. אָבער דער „איקאָר“ איז שטענדיק געשטאַנען אַף דער וואַך, האָט אָפּגעשלאָגן די אַטאַקעס און דעמאַסקירט די רעכילעס־טרײַבער.

אין פֿעוורואַל 1935 י. איז אין ניו־יאָרק פֿאָרגעקומען דער 10־יאָריקער יובילײ-צוזאַמענפֿאָר פֿון „איקאָר“. אין דעם צוזאַמענפֿאָר האָבן זיך באַטייליקט 559 דעלעגאַטן פֿון 309 פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס און איקאָר־אָפּטיילונגען. דער צוזאַמענפֿאָר, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן פֿײַערלעכקײַט און ענטוזיאַזם, האָט געשיקט אַ פֿלאַמיקע באַגריסונג דער ראַטן-רעגירונג פֿאַר שאַפֿן די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט.

**ארגענטינער און אורוג־וויַער „פּראָקאָר“**

דער אַרגענטינער און אורוגווײַער „פּראָקאָר“ איז צוגלײַך מיטן „איקאָר“ איינע פֿון די עלטסטע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער אַרבעט פֿונעם אַלפֿאַרבאַנדישן געזערד. לעצטנס האָט דער „פּראָקאָר“ שטאַרק געליטן פֿון פּאָליטישן רעזשים אין לאַנד און איז אַפֿילע געווען געצוווּנגען צײַטווײַליק אָפּצושטעלן זײַן טעטיקײַט.

אין 1929 יאָר האָט דער „פּראָקאָר“ געשיקט קיין פסס"ר אַ דעלעגאַציע, וואָס האָט פֿאַרגע-

שטעלט מיט זיך אַלע קלאַסן און שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין אַרגענטינע. די דעלעגאַטן האָבן זיך באַקאַנט מיט דער אַרבעט און לעבן-באַדינגונגען פֿון די ייִדישע איבערוואַנדערער אין קרים, אוקראַיִנע און בירעבידזשאַן. אין איר באַריכט שטעלט פֿעסט די דעלעגאַציע, אַזוי ווי די פֿריִער דערמאָנטע „איקאָר"־עקספּעדיציע, אַז „בירעבידזשאַן איז אַ צוגעפּאַסטע טעריטאָריע פֿאַר אַ קאָנצענטרירטער ייִדישער מאַסן־קאָלאָניזאַציע. איר באָדן איז אַ פֿרוכטבאַרער און אַ גוטער, דער קלימאַט — אַ געזונטער. אַלע אייגנשאַפֿטן פֿון דער ערד און אירע געוויקסן זײַנען אַ פֿעסטע גאַראַנטיע פֿאַר דער גלענצנדיקער צוקונפֿט פֿון בירעבידזשאַן. מיר האָבן געזען, — ווערט ווײַטער געזאָגט אין באַריכט, — ווי אין אײנעם קאָלאָסאַלן פּראָצעס פֿון דער סאָציאַליסטישער אויפֿבויונג פֿונעם לאַנד נעמען אָנטייל די אַרבעטער- און פּויערים־מאַסן פֿון אַלע פֿעלקער אָן אונטערשייד און אַז דער פּראָדוקטיוויזיר־פּראָצעס פֿון די ייִדישע מאַסן איז אויך אַ טייל פֿון דער אַלגעמײנער בויונג, אַז נאָר אַזוי וועט די ראַטן-מעלוכע אינגאַנצן אַ סאָף מאַכן צו די רעשטלעך פֿון אַנטיסעמיטיזם, שאָוויניזם און נאַציאָנאַליזם".

אין 1934 י. איז דער „פּראָקאָר" רעאָרגאַניזירט געוואָרן. ער איז איצט ניט בלויז די אייציקע מאַסן-אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע, וואָס אַרבעט פֿאַר בירעבידזשאַן, נאָר איז אויך אַ פֿאַקטאָר פֿון דעם אַרגענטינער מאַסן־לעבן, אַ פּראָגרעסיווער קויעך, וואָס פֿירט אַ וויכטיקע אויפֿקלערערישע פּראָסאָוועטישע אַרבעט צווישן דער אַרגענטינער ייִדישער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג.

באַזונדערס דאַרף פֿאַרצייכנט ווערן די אַרבעט פֿון „פּראָקאָר" צווישן די אַרגענטינער ייִדישע קאָלאָניסטן. די ייִדישע ערד־אײַנאָרדענונג אין ראַטנפֿאַרבאַנד האָט געוווּנען די שטאַרקסטע סימפּאַטיעס אין דער ווײַטער, פֿאַרוואָרפֿענער „פּאַמפּאַ", אין די אַלטע, פֿון „יעקאָ" געגרינדעטע, קאָלאָניעס.

**בראַזיליאַנער בראַזקאָר"**

די דריטע געזערד־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, אַ סאַך אַ ייִנגערע און קלענערע לויט איר פֿאַרנעם, איז דער בראַזיליאַנער „בראַזקאָר".

דער „בראַזקאָר" איז שטענדיק דער טאָנגעבער אין אײנעם קאַמף, וואָס די ייִדישע אַרבעטנדיקע אין בראַזיליע פֿירן קעגן די רעאַקציאָנערע קויכעס אין דער ייִדישער סוויווע. ער האָט אויסגעבויט און קאָנטראָלירט אַ רײ עפֿנטלעכע, קולטורעלע רעוואָלוציאָנערע אינסטיטוציעס אין ריאָ־דע-זשאַנייראָ, סאַן־פּאַולאָ אאַ. שטעט און איז אַף אַזאַ אויפֿן ענג פֿאַרבונדן מיט די ברייטסטע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

דער „בראַזקאָר" האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַנטי־מילכאָמע-קאַמפּאַניע, אין די יאָר-פֿײַערונגען פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. בײַ יעדער געלעגנהײַט אינפֿאָרמירט ער די ייִדישע אַרבעטנדיקע אין בראַזיליע וועגן דער עמעסער לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן אין ראַטנפֿאַרבאַנד, וועגן זייער לעבן און זייערע דערגרייכונגען.

**אַפֿריקאַנער „געזערד"**

אין סענטיאַבער 1933 האָט געפֿײַערט זײַן צוויייאָריקן יובילײ דער „אַפֿריקאַנער געזערד". אַזוי ווי די אײבעריקע אויסלענדישע געזערד־אָרגאַניזאַציעס קומט אויס אויך דעם אַפֿריקאַנער געזערד צו אַרבעטן אין אַן אומגעבונג, וואָס איז באַהערשט פֿון נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן, צו פֿאַרטיידיקן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד אין אַ געזעלשאַפֿטלעכער אַטמאָספֿער, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט ציִעניסטישע און קלעריקאַלע שטימונגען. די טעטיקײַט פֿון אַפֿריקאַנער געזערד באַזירט זיך הויפּטזאַכלעך אַף אַ-מאַסן־אויפֿקלערערישער אַרבעט, וואָס ווערט דורכגעפֿירט פֿון אָרטיקע רעפֿערענטן און אויך פֿון ספּעציעל אײַנגעלאַדענע פֿון אויסלאַנד. דער געזערד נעמט אויך אָנטייל אין די געמײנזאַמע אַקציעס, וועלכע עס פֿירן דורך די „פֿרײַנט פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד".

די אָרגאַניזאַציע פֿאַרמאָגט 14 אָפּטיילונגען אין יאָהאַנעסבורג, קייפּטאָן, באַקסבורג, מייפֿער, דאָרפֿונטין, בירעקפּאַן אאַ.

אין 1934 יאָר האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „אַפֿריקאַנער געזערד" אָנטיילגענומען אין דער אָרגאַניזירונג פֿון דער אַפֿריקאַנער ליגע צו באַקעמפֿן דעם פֿאַשיזם — אין קאָמיטעט פֿון דער ליגע איז אויך אַרײַן אַ פֿאָרשטייער פֿון געזערד.

**אויסטראַליער „געזערד"**

אין 1930 יאָר האָט אַ קליינע פּראָסאָוועטיש־געשטימטע גרופּע געגרינדעט דעם אויסטאַליער געזערד מיט אָפּטיילונגען אין מעלבורן, סידניי און נײַ־זעלאַנד. די אָרגאַניזאַציע שטעלט זיך פֿאַר דעם ציל „צו העלפֿן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד אין איבערבויען דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס, צו דערציִען אירע מיטגלידער אין גײַסט פֿון סאָציאַליזם, אַנטוויקלען די ייִדישע פּראָלעטאַ־




געזערדישע אויסגאַבעס אין אויסלאַנד

רישע קולטור, שטיינ אינ פריינטלעכע באציִונגענ מיט די איבעריקע פּראָסאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס".

דער אויסטראַליער געזערד אָרדנט איינ פאָרטראָגנ אונ דיסקוסיעס איבער פארשיידענע געזעלשאַפטלעכע אונ געזערדישע פראַגנ. אינ 1932 יאָר זיינענ אינ מעלבורנ דערשינענ אייניקע נומערנ פונ דער צייטשריפט „געזערד־טריבונע".

**פאלעסטינער „געזערד"**

א גרויסע פּאָפּוליאַריטעט האָט דער געזערד דערוואָרבנ אויכ אינ פּאַלעסטינע. שוינ אינ 1926 יאָר האָט זיכ דאָרטנ געשאַפנ אנ אָרגאַניזאַציע „אגרוז", וואָס איז געשטאַנענ אינ פארבינדונג מיטנ אַלפארבאַנדישנ געזערד. צוזאַמענ מיט דער פאַלעסטינער אָרגאַניזאַציע „היימקערער קיינ ראַטנפארבאַנד" איז „אגרוז" געווענ פונ די ערשטע, וואָס האָט אינ דער נאַציִאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישער פאלעסטינע אויפגעהויבנ דעמ קאַמפּ פארנ ראַטנפארבאַנד, אינפאָרמירט די פאלעסטינער געזעלשאַפטלעכקייט וועגנ דעמ לעבנ פונ די ייִדישע לאַנדווירטשאַפטלעכע יִישוּוים אינ קרים אונ אוקראַיִנע.

אינ 1932 יאָר איז דער געזערד אינ פאלעסטינע באנייט געוואָרנ אונ האָט דערפירט די צאָל פונ זיינע אָנהענגער ביז 300.

**דער פוילישער „אגראָ־ייִד"**

אינ פעווראַל 1935 האָט די פוילישע מאַכט פארבאָטנ דעמ „אגראָ־ייִד" — די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשטאַנענ בעראָש פונ די בירעבידזשאַנ־פריינט אינ פוילנ. כאָטש איר איז אויסגעקומענ צו ארבעטנ אינ זייער שווערע באַדינגונגענ האָט די פוילישע אָרגאַניזאַציע געלאָזנ טיפע וואָרצלענ צווישנ דער ייִדישער באַפעלקערונג. די באַוועגונג איז אויסגעוואָקסנ קימאַט סטיכיש. ווי א פּראָדוקט פונעמ קאָלאָסאַלנ אינטערעס פונ די ארבעטנדיקע מאַסנ צומ ראַטנפארבאַנד, פונ זייער איבערצייגונג, אז נאָר די ראַטנמאַכט האָט ריכטיק געלייגט די פּראָבלעמ פונ סאָציִאַלער אונ נאַציִאָנאַלער באַפרייונג.

דער כוידעש־זשורנאַל „איבערבוי", וואָס דערשיינט שוינ דאָס צווייטע יאָר אינ פוילנ, כאַראַקטעריזירט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער די צילנ אונ דערגרייכונגענ פונ דער, איצט שוינ אָפּגעשטעלטער, „אגראָ־ייִד־טעטיקייט אינ פוילנ: „עס איז אויפגעהויבנ געוואָרנ אינ מעשעכ פונ דער צייט א גרויסע באַוועגונג פונ איבערגעגעבענע, באַוווסטזיניקע קעמפער פאַר דער פּראָדוקטיוויזירונג אונ פארנ איבערבוי פונעמ לעבנשטייגער פונ די דעקלאַסירטע אונ אָרעמע ייִדישע מאַסנ. די דאָזיקע באַוועגונג אנטוויקלט זיכ אינ גאַנצנ לאַנד, ווי שטאַרקער, ווי שוואַכער, אָבער אומעטומ האָט זי איינעמ אונ דעמ זעלבנ ציל: קעמפנ קעגנ דעמ פארפירערישנ ציִעניזמ, קעמפנ קעגנ אנטיסעמיטיזמ אונ רעאַקציע, קעמפנ קעגנ די סאָנימ פונ דער ייִדישער פּראָדוקטיוויזאַציע אינ ראַטנפארבאַנד אונ פארטיידיקנ די דערגרייכונגענ דאָרטנ, קעמפנ פארנ שאַפנ די באַדינגונגענ פונ פּראָדוקטיוויזירנ אונ איבערבויענ די ווירטשאַפטלעכע יעסוידעס פונ די דעקלאַסירטע אונ פּאַופּעריזירטע ייִדישע מאַסנ, שטודירנ אונ פארנעמענ זיכ מיט די טאָג־נויטנ פונ דער ייִדישער אָרעמקייט".

די פוילישע געזערדישע הילפ־אָרגאַניזאַציע איז אנטשטאַנענ אינ 1932 יאָר אינ לאָדז. אינ 1933 יאָר זיינענ געשאַפנ געוואָרנ גרופּעס אינ א ריי שטעט אונ שטעטלעכ פונ דער פוילישער פּראָווינצ. סאָפ 1933 יאָר האָט זיכ אָרגאַניזירט דער וואַרשעווער קאָמיטעט, וועלכער האָט, אלס צענטראַלער, פאראייניקט די פריִער צעוואָרפענע אונ סעפּאַראַטע פּראָווינצ־אָפּטיילונגענ.

אינ וואַרשע אַליינ איז די מיטגלידערשאַפט פונ „אגראָ־ייִד" אויסגעוואָקסנ אינ מעשעכ פונ 6 כאָדאָשימ פונ 40 ביז 3 000. די וואַרשעווער צענטראַלע אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנענ אינ קאָנטאַקט מיט א ריי ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אונ גרופּעס פונ „פריינט פונ בירעבידזשאַנ" אינ 230 שטעט אינ דער פּראָווינצ. אינ אַלגעמיינ האָט דער „אגראָ־ייִד" געציילט ארומ 20 000 מיטגלידער.

**דײַטשישער „געזערד"**

אײנע פון די שטאַרקסטע געזערד־אָרגאַניזאַציעס איז געווען די דײַטשישע. א פארצווײַגטע נעץ אָפּטײלונגען איבערן גאנצן לאנד, א רעגולערער ברײט פארשפרײטער כוידעש־זשורנאל „די ווענדע", א באַדײַטנדיקער אײַנפלוס אפ דער לינקער דײַטשישער יִדישער ארבעטערשאפט און אינטעליגענץ — דאָס אלץ איז מיט היטלערס קומען צעשטערט געוואָרן.

ס'איז צעשמעטערט געוואָרן דער דײַטשישער געזערד אלס אָרגאַניזאַציע, אָבער ס'זײַנען געבליבן די סימפּאַטיעס פון די טעראָריזירטע מאסן צום געזערד און צום ראטנפארבאנד — דעם הײמלאנד פון אלע אונטערדריקטע און פארפאָלגטע.

אין א בריוו, וואָס איז מיט אן אומוועג דערגאנגען קײן מאָסקווע, ווערט דערצײלט וועגן דער העראָישער אונטערערדישער ארבעט, וואָס עס פירט אײנע פון די דײַטשישע געזערד־גרופּעס, בא דער גרויסער געפאר, וואָס דראָעט איר.

אין בריוו ווערט דערצײלט: „באזונדערס שווער האָט די פּאָליטישע סיטואציע געווירקט אפ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון דער יִדישער גאס. דער גרעסטער טײל אקטיווע כאווײרים האָבן אויסצושטײן דעם טעראָר פון דער פּאָליצײ. הויז־זוכונגען און ארעסטן זײַנען א טאָגטעגלעכע דערשײַנונג. אין איצטיקן מאָמענט באשטײט בא אונדז דער געזערד פון צוויי גרופּעס. מיר האָבן דורכגעפירט א זאמל-אקציע לעטויוועס בירעבידזשאן. די דאָזיקע אקציע האָט, עמעס, מאטעריעל ניט געבראכט דעם געווונטשענעם רעזולטאט, דערפאר איז אָבער דער מאָראלישער דערפאָלג געווען זײער א צופרידנשטעליקער. די דאָזיקע אקציע האָט אופגעמונטערט די כאווײרים, האָט געגעבן צו וויסן דער יִדישער גאס, אז דער געזערד לעבט און איז טעטיק. מיר האָבן געפונען א שטארקע סימפּאַטיע בא די האָרעפּאשנע מאסן. מיר האָפן, אז מיר וועלן אונדזער ציל דערגרײכן".

**עסטרײַכישער „געזערד"**

דער עסטרײַכישער געזערד זעצט פאָר טײלווײַז די ארבעט פון דײַטשישן געזערד. אים איז געלונגען ארײַנצודרינגען אין די ברײטע שיכטן פון דער דײַטשיש-רײדנדיקער יִדישער אינטעליגענץ און געווינען זי פארן געזערד. עס דארף אויך פארצײכנט ווערן דער אָנטײל פונעם עסטרײַכישן געזערד אין דער אנטיפאשיסטישער באוועגונג. דער זשורנאל „געזערד", וואָס דערשײַנט אפ דער דײַטשישער שפּראך אין ווין, איז א וויכטיקער פּאָליטישער פאקטאָר, וואָס העלפט מיט צו פארײניקן ארום דער אָרגאַניזאַציע אלע פּראָסאָוועטישע, פּראָגרעסיווע עלעמענטן.

**לעטלענדישער „אָסעק"**

אין מײַ 1934 יאָר איז אין לעטלאנד פארווערט געוואָרן דער זשורנאל „נײַערד". אזוי האָבן זיך די פאשיסטישע מאכטהאָבער נויקעם געווען אין דער ערשטער ריי אָן דער יִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע. אין ענגסטן קאָנטאקט מיט דער לעטלענדישער אָרגאַניזאַציע „אָסעק" האָט דער זשורנאל דרײַ יאָר אגיטירט פאר דער פּראָדוקטיוויזירונג פון די יִדישע מאסן אין ראטנפארבאנד, פּאָפּוליאריזירט די סאָציאַליסטישע בויונג אין בירעבידזשאן, מיט צאָלרײַכע ארטיקלען באלויכטן די קאטאסטראָפאלע לאגע פון דער יִדישער באפעלקערונג אין די מײַרעוו-לענדער.

**סקאנדינאַווער „איקאָר"**

אין 1926 יאָר, קימאט גלײַכצײַטיק מיט דער גרינדונג פונעם אמעריקאנער „איקאָר", איז אונטערן זעלבן נאָמען געשאפן געוואָרן א געזערד-אָרגאַניזאַציע אין דענעמארק. אין א קורצער צײַט ארום — אן „איקאָר"־אָרגאַניזאַציע אין שוועדן. דער „איקאָר" נעמט אן אקטיוון אָנטײל אין אלע פּראָסאָוועטישע קאמפּאַניעס, אין די אנטיפאשיסטישע אקציעס אאוו.

פאר די 7 יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט דער „איקאָר" איבערגעשיקט קײן קרים און בירעבידזשאן א ריי ווערטפולע אײַנריכטונגען: מעכאַניזירטע מילך־ווירטשאפטן, וואש־מאשינעס, קיך־מאַשינען אדג.

באזונדערס אקטיוו ארבעט די איקאָרישע פרויען־גרופּע. די גרופּע האָט דורכגעפירט א וויכטיקע פּראקטישע ארבעט, האָט אָרגאַניזירט פּלאנמעסיקע פּאָרטראָגן און אנדערע אונטערנעמונגען.

„דער דערפאָלג פון דער לענינשער נאציאָנאלער פּאָליטיק, — שרײַבט דער דענישער „איקאָר" אין זײַן באריכט דעם אלפארבאנדישן געזערד, — מונטערט און פּאָדערט אונדז אוף צו פארשטארקן די ארבעט קעגן אלע פארשטעלטע און אָפענע פרײַנט פון ראטנפארבאנד, פאר דער יִדישער ערד־אײַנאָרדענונג, פאר דעם לאנד, וואָס האָט באפרײַט די אונטערדריקטע פעלקער און געמאכט זײ פאר גלײַכבארעכטיקטע בויער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט".



די עלעקטרישע סטאנציע, וואָס „איקאָר" האָט געשיקט קיינ בירעבידזשאנ

**לאָנדאָנער „איקאָס"**

די לאָנדאָנער אָרגאניזאציע „איקאָס" איז אנטשטאנענ אינ 1933 יאָר אונ האָט פאר דער צייט באוויזנ צו אנט־וויקלענ א באדייטנדיקע טעטיקייט.

**בעלגישער „געזערד"**

דער בעלגישער „געזערד" איז אָר־גאניזירט געוואָרנ סאָפ 1931 יאָר. אינ משך פונ א קורצער צייט איז דער געזערד אויסגעוואָקסנ אינ א גרויסער פארצווייגטער אָרגאניזאציע מיט אָפּטיי־לונגענ אינ אנטווערפּנ, בריסעל, ליעזש, גענט, שאר־לאָרזא אונ ליוקסעמבורג.

אינ מיי 1932 איז אינ אנטווערפּנ פאָרגעקומענ דער ערשטער קאָנגרעס פונ בעלגישנ געזערד, אינ אים האָבנ אָנטיילגענומענ 36 דעלעגאטנ, וואָס האָבנ רעפּרעזענטירט קנאפּע 1 000 מיטגלידער. די 9 נו־מערנ פונ זשורנאל „געזערד", וואָס זיינענ דער־שינענ אינ די יאָרנ 1932 — 1933, זיינענ געווענ א וויכטיקער צושטייער צו דער אויפקלערונג-ארבעט, וואָס די אָרגאניזאציע האָט געפירט. די פּאָליציייִשע רעפּרעסיעס, איבערפאלנ, רעוויזיעס, ארויסשיקונגענ, וואָס האָבנ קיינמאָל ניט אָפּגעלאָזט דעמ בעלגישנ געזערד, האָבנ זיכ באזונדערס פארשטארקט אינ 1933 יאָר אונ האָבנ זיכ ווי א כוואליע א גאָס געטאָנ אפּ די געזערד־גרופּעס אונ זייערע מיט־גלידער. דאָכ האָט דער געזערד די גאנצע צייט געפירט אנ אקטיווע ארבעט. באזונדערס אָנזעעוו־דיק איז געווענ דער אָנטייל פונ געזערד אינ דער אנטיפאשיסטישער אקציע. אפנ אנטיפא־שיסטישנ קאָנגרעס, וואָס איז אינ 1933 יאָר פאָר־געקומענ אינ בעלגיע, איז דער געזערד געווענ פארטראָטנ מיט אנ אייגענעמ דעלעגאט.

**פראנצויזי־שער געזערד**

דער פראנצויזישער „געזערד" איז אנטשטאנענ אלס זעלבשטענדיקע אָר־גאניזאציע אינ פרילינג 1934. ביז דאנ האָט זיכ מיט דער געזערד־ארבעט אינ פראנק־רייכ פארנומענ די ייִדישע סעקציע בא דער געזעל־שאפט „פריינט פונ פסםר".

א באזונדערע אויפלעבונג האָט אריינגעטראָגנ אינ דער טעטיקייט פונ די אויסלענדישע געזערד־אָרגאניזאציעס די איבערוואנדערונג פונ די קאפּי־טאליסטישע לענדער קיינ בירעבידזשאנ. איבער 1 000 איבערוואנדערער זיינענ אינ די יאָרנ 1931 — 1932 אָנגעקומענ קיינ בירעבידזשאנ פונ ליטע, פוילנ, לעט־לאנד, דייטשלאנד, בעלגיע, פראנקרייכ, פּאלעסטינע, ארגענטינע, אורוגווייַ, בראזיליע אונ צאָפנ־אמערי־קע. די רעגיסטראציע פונ די איבערוואנדערער, די צוגרייטונג פונ זייער רייזע, זייער אָפּפאָרנ, זיינענ אומעטומ פארוואנדלט געוואָרנ אינ ענטוזיִאסטישע דעמאָנסטראציעס פארנ ראטנפארבאנד, פאר בירע־בידזשאנ, פארנ געזערד.

„מיט פרייד אונ ענטוזיִאזמ, — ווערט געזאָגט אינ לייט־ארטיקל פונ בעלגישנ „געזערד־ביולעטענ" (סענטיאבער 1932), — באגלייטנ די ייִדישע ארבעטער אונ האָרעפּאשניקעס די ערשטע פּיִאָנערנ פונ בעלגיע, וואָס פאָרנ קיינ בירעבידזשאנ מיט די אייגענע הענט אָנטיילנעמענ אינעמ בוי פונ דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט אונ פארטיידיקנ זי קעגנ אלע סאָנים. מיט באגייסטערונג אונ צופרידנקייט פאר־צייכנט די ייִדישע ארבעטערשאפט אינ בעלגיע די דאָזיקע היסטאָרישע געשעעניש, די דאָזיקע פרוכטנ פונ סאָציִאליסטישנ אויפבוי אינ ראטנפארבאנד.

טויזנטער, טויזנטער ארבעט-לייט שיקנ איבער זייערע ווארעמסטע גרוסנ די בויער פונ סאָציִאליזמ אינ ראטנפארבאנד, טויזנטער ארבעט־לייט וואָלטנ שוינ געוואָלט דערלעבנ דעמ מאָמענט אליינ צו זיינ, ווי די אָפּפאָרנדיקע, צווישנ די בויער אונ פארטיי־דיקער פונ ראטנפארבאנד".

ניט אלע אויסלענדישע איבערוואנדערער האָבנ זיכ צוגעפּאסט צו די אָפּט נאָכ שווערע, פּיִאָנערי־שע באדינגונגענ פונ בירעבידזשאנ. א טייל האָט פארלאָזנ דעמ ראיאָנ, געבליבנ זיינענ די שטאר־קערע אונ מוטיקערע. געבליבנ זיינענ די באוווסט־זיניקערע, וואָס האָבנ האנט-בא-האנט מיט די איבעריקע איבערוואנדערער אונ מיט דער אָרטיקער באפעלקערונג געפעסטיקט די סאָציִאליסטישע ווירט־שאפט פונ ראיאָנ אונ זיינענ איצט פארעכנט פאר די בעסטע שלאָגלער פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

**בירעביד־זשאנער שלאָגלער**

אינ 1933 יאָר האָט די צענטראלע געגנטנ פונ רספסר, אוקראיִנע אונ ווייסרוסלאנד באזוכט א דעלעגאציע פונ די בירעבידזשאנער שלאָגלער.

די אָנפירנדיקע אונ אָנגעזעענסטע גרופּע אינ בא-

שטאַנד פון דער דעלעגאַציע זײַנען געווען די אויסלענדישע איבערוואַנדערער.

דער „ביראָבידזשאַנער שטערן" (אָקטיאַבער 1933) כאַראַקטעריזירט אַפֿן פֿאָלגנדיקן אופֿן איינניקע פון די שלאָגלער:

ש. זינגער: געקומען פון בעלגיע קיין ביראָבידזשאַן קימאַט ווי אָן אַ קוואַליפֿיקאַציע — אַ שטיקל שוסטער, קוים-קוים אַ זעצער...

אַן אַקטיווער געזעלשאַפֿטלעכער, פֿירט ער אין 1932 יאָר די בעלגישע גרופּע איבערוואַנדערער קיין ביראָבידזשאַן. ער קומט אָן אַרבעטן אין דרוקערײַ און נעמט זיך דאָ ערנסט לערנען די קוואַליפֿיקאַציע. עס געדויערט ניט לאַנג און די דרוקערײַ געטרויט אים צו ווערן אַ מײַסטער פון גאַנצן ייִדישן דרוקער־צעך. האָט דען אַ יונגער אַרבעטער פון קאַפּיטאַליסטישן אויסלאַנד אַזעלכע מעגלעכקײַטן פון וווּקס?

זינגער ווייסט, אַז די צײַטונג איז דאָס שאַרפֿסטע געווער, און ער קעמפֿט, אַז די צײַטונג זאָל דערשײַנען צו דער צײַט, זײַן צעך אַרבעט לויט אַ פֿעסטן פּלאַן, לויטן מעטאָד פון שלאָגלערײַ און סאָצגעוועט. און זינגער אַליין רעכנט זיך ניט מיט קיין צײַט, ער איז אַמאָל ביז 12 באַנאַכט אין דרוקערײַ. ער איז איצט אין דער ערשטער ריי ענטוזיאַסטן פֿאַר אַ טעגלעכן „ביראָבידזשאַנער שטערן".

פון שטענדיק האָט ער געטרוימט צו לערנען זיך. אין די פֿינצטערע קעלערס אין אויסלאַנד איז עס ניט מעגלעך געווען. איצט איז ער ווי אַ שטאַרק דאָרשטיקער צוגעפֿאַלן צום קוואַל פון וויסן.

זינגער לייענט אַ סאַך, שרײַבט אַ סאַך, שמירט פון זיך אַ באַוווּסטזיניקן אַרבעטער.

ער איז אַן אַקטיווער, קעמפֿערישער אַרבקאָר, ער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט פון דרוקערײַ און פון דער גאַנצער שטאָט.

לעווינע: אין אַ קליינעם פֿאַרוואָרפֿענעם שטעטל, ערגעץ אונטער ווילנע, איז זי געבוירן, געוואַקסן און געאַרבעט. דער פֿאָטער אַן אָרעמאַן, אַן אביון-מאַכער, האָט קוים מיטן בלוטיקן שווייס פון טאָג צו טאָג אַ שטיקל ברויט געצויגן. צו 8 יאָר איז ריווע שוין אַוועק אַרבעטן, געמאַכט פּאַפּיראָסן. און צו 16 יאָר איז זי שוין אַן אַרבעטערין אין דער ווילנער גרויסער טאַבאַק־פֿאַבריק.

פון יאָר 1920 ביזן 1925 יאָר שטייט זי אין שפּיץ פון דער פּראָפֿבאַוועגונג פון 1 200 אַרבעטער פון דער אונטערנעמונג. סאָפּקאָלסאָפּ צעצאָלן זיך מיט איר די אונטערנעמער און שלײַדערן זי אַרויס פון פֿאַבריק. לעווינע ווערט אַרבעטלאָז, מוז צוריק קומען אין שטעטל, און איר גורל איז — אונטערגיין, צאַנקען פון טאָג צו טאָג, ווי ס'צאַנקען טויזנטער, ווי ס'צאַנקען די פּויליש שטעטלעך...

ביראָבידזשאַן האָט אופֿגעבליצט פֿאַר לעווינען, ווי אַ לײַכט-טורעם. דאָ איז זי פונעם ערשטן טאָג אָן געוואָרן פֿאַרוואַלטערין מיטן רויטן ווינקל באַם איבערוואַנדערונג-פּונקט.

דוכט זיך, אַ קליינער באַציר, אָבער אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער. דאָ דאַרף דער איבערוואַנדערער קריגן זײַן ערשטע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם לאַנד. לעווינע האָט דאָס באַנומען און מיט לײַב און לעבן אָפּגעגעבן זיך דעם ווינקל. דאָרטן איז היימלעך, דאָרטן וועט איר אַ צײַטונג קריגן, אַ נייטיקע דערקלערונג.

לעווינע נעמט אויך אַ גאַנץ גוטן אָנטייל אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פון שטאָט, זי איז אַ דעפּוטאַט אין שטאָטראַט, אַרבעט אין מאָפּר. און די אַרבעטער פון פּונקט האָבן איינשטימיק אויסגעטיילט זי אָנטיילנעמען אין דער עקסקורסיע איבערן ראַטנפֿאַרבאַנד.

ליטעווסקי: קיין ביראָבידזשאַן איז ער געקומען מיט דער ערשטער גרופּע אַרגענטינער איבערוואַנדערער אין 1931 יאָר. געבראַכט האָט מען זיי אויף אַ שיפֿל מיט דער טונגוסקע צום דאָרף דאַנילאָווקע, געוויזן מיט האַנט אויף דער סאָפּקע אַנטקעגן אַפֿן גאַנצן ווילדן אַרום און געזאָגט: אָט דאָס אַלץ איז אײַערס... נעמט עס — וועט עס זײַן אײַערס...

הערשל ליטעווסקי און נאָך אַ פּאָר צענדליק דרייסטע האָבן מיט אַ האַק אין האַנט זיך דורכגעלייגט אַ וועג אַהין, וווּ איצט שטייט דער „איקאָר".

הערשל ליטעווסקי האָט מיט לײַב און לעבן ליב באַקומען זײַן טײַגישע היים. ער האָט דורכגעמאַכט באַנאַנד מיט זײַנע כאַווירים דעם גאַנצן שווערן וועג פון אַ פּיאָנער, דערנאָך ווען די בויונג האָט עס שטאַרק געפֿאָדערט, איז ער געווען אַ שטוקאַטור. און איצט איז ער גאָר אַ פֿישער.

אייגנטלעך, וואָס איז ליטעווסקי? אַ העלד? יאָ, אַ העלד אין העלדישן באַטאַליאָן, וואָס באַהערשט די סטיכישע קרעפֿטן פון דער נאַטור, די טײַגע. אָבער איז ער דען איינער אין „איקאָר"? נו, און בלעכערמאַן, פֿרידמאַן, פֿינזור, דאָווידקע מינקין, באַלאַק פֿאַניע, קאָוואַל, בלומינע און נאָך און נאָך?

און פונעם גאַנצן קאָלווירט וועט הערשל ליטעווס־

קי זיך באַטייליקן אין דער עקסקורסיע איבערן ראַטנפאַרבאַנד, ווי איינער פון צענדליקער גלײַכע, ווי איינער פון אַ שלאַג־בריגאַדע, וואָס קומט ראַפּאָרטירן, אַז דער קאַמף דויערט, אַז דעם זיג דעראָבערט מען!

**אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס באַגריסן די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט**

דער באַשלוס פונעם אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט וועגן פאַרוואַנדלען בירעבידזשאַן אין אַ ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט און שפּעטער דער ערשטער ראַטן־צוזאַמענפאָר פון דער געגנט זײַנען אויפגענומען געוואָרן מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם בײַ אַלע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס. דער אַמעריקאַנער „איקאָר“, דער אויסטראַליער געזערד, אַרגענטינער פּראָקאָר, אַפריקאַנער געזערד אאַוו. — אַלע, ווי איינער, האָבן געשיקט זייערע פלאַמיקע גערוסן דעם אויטאָנאָמען בירעבידזשאַן און זײַן ראַטנצוזאַמענפאָר.

קאָן דען זײַן אַ בוילטערע, שאַרפערע קעגנשטעלונג? די מײַרעוו־לענדער — און ראַטנפאַרבאַנד, פאַשיסטישער טעראָר — און סאָציאַליסטישע בויונג, אַנטיסעמיטיזם — און פולע גלײַכבאַרעכטיקונג, אַרבעטלאָזיקייט, בויקאָט — און צענדליקער טויזנטער ייִדישע אַרבעטער אין אַלע פירנדיקע אינדוסטריע־צווײַגן, נאַציאָנאַלע איזאָליאַציע, אַריער־פּאַראַגראַף — און ייִדישע אויטאָנאָמיע, ראַטנצוזאַמענפאָר פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

די בירעבידזשאַן־פײַערונגען, וואָס דער אַמעריקאַנער איקאָר און די איבעריקע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן לעצטנס דורכגעפירט, זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעכטיקע דעמאָנסטראַציעס פאַרן ראַטנפאַרבאַנד, קעגן פאַשיזם און קעגן אַלע פײַנט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

דעם 14 מײַ 1934 איז אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ לעקאָוועד דער באַשטימונג פון דער ראַטן־רעגירונג: ס'זײַנען בײַגעווען פאָרשטייער פון 101 ניו־יאָרקער ייִדישע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס און קולטורעלע קערפּערשאַפטן. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ פײַערלעכע דעקלאַראַציע וועגן דער באַדײַטונג פון דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש. די דעלעגאַטן האָבן אויפגענומען די דעקלאַראַציע מיט אויפשטיין פון זייערע ערטער און מיט זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“.

די דעקלאַראַציע פאַרענדיקט זיך מיט די פאָלגנדיקע פונקטן:

מיר באַגריסן פײַערלעך דעם היסטאָרישן באַשלוס פון ראַטנפאַרבאַנד צו פאַרוואַנדלען בירעבידזשאַן אין אַ ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

מיר רופן די ברייטסטע ייִדישע מאַסן צו באַטייליקן זיך אין ריזיקע פײַערונגען לעקאָוועד אָט דעם גרויסן אַקט פון דער ראַטן־מעלוכע. מיר רופן די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן צו שטיין, ווי אַן אײַזערנע וואַנט, צו באַשיצן דעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט באַפרײַט אַלע זײַנע פעלקער.

מיר שיקן אונדזער פלאַמיקן, פּראָלעטאַרישן גרוס דעם „קאָמערד“, דער ראַטן־מעלוכישער אָרגאַניזאַציע אַפּ צו באַזעצן ייִדן אַפּ ערד, און דעם געזערד, דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, וואָס טוט אויך די אַרבעט צו העלפן פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד.

אונדזער פלאַמיקן פּראָלעטאַרישן גרוס די ייִדישע פּיאָנערן, וואָס בויען דעם סאָציאַליסטישן בירעבידזשאַן. אונדזער פלאַמיקן גרוס די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד. אונדזער פלאַמיקן גרוס דער פילמיליאָניקער מישפּאָכע פון אַלע באַפרײַטע און פאַרברידערטע פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד. אונדזער פלאַמיקן גרוס דעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט אָפּגעשאַפן קנעכטשאַפט, עקספּלואַטאַציע און נאַציאָנאַלע פאַרפאָלגונג.

מיר באַגריסן דעם „איקאָר“, וואָס טוט אַזוי פיל אַפּ דעם געביט פון אויפקלערן די ייִדישע מאַסן אין אַמעריקע וועגן דעם ראַטנפאַרבאַנד אין אַלגעמיין, און ספּעציעל וועגן זײַן אויפן צו לייזן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם. מיר פאַרפליכטן זיך מיט אַלע קויכעס צו העלפן דעם „איקאָר“ אין אַלע זײַנע אַרבעטן.

**לאַנג לעבן זאָל דער ראַטנפאַרבאַנד!**

**לאַנג לעבן זאָל די לעניניסטישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דעם ראַטנפאַרבאַנד!**

# אינהאלט

זײַט

זײַט



דרוקעריי „עמעס“, מאָסקווע, פּאָקראָווקע, 9

